איזם און דאָס אידישע פאָלק דאַרף זיך אומקערן אין זיין לאַנד, ניט נאָר אַנטרינען פון הונגער און נויט, נאָר כדי צו לייגן דאָרט אַ פעסטן יסוד פאַר אַ ניי לעבן און מוסטער־געזעלשאַפט, ווי ס׳איז געווען די אַלטע געזעלשאַפט פון אמאָליקן אידנטום״. און ער וואַרפט אַרויף אויף דער יוגנט, נאָך איידער ס׳איז באַשאַפן געוואָרן די אידייע פון „חלוציזם״ — דעם לאָזונג: „זיך קערן צום מזרח, זיין דאָרט אַן אַוואַנגאַרד פון דער אידישער אויפלעבונג״ און „אַז איר גייט אַהין זאָלט איר ניט קומען אַלס „פיינט״, נאָר מיט אַן אינערלעכער ליבע און ווי איבערגעגעבענע קינדער, אים אויפצולעבן און ניט, חלילה, אים אונטערברענגען״.

ס׳איז צו באַוואונדערן ווי אזוי דער יונג־פאַרטרוימטער דיכטער, אין עלטער פון 22—23 יאָר, האָט אזוי פאָרויס איבערגעכאַפּט זיין דור און געגעבן אזא שארפן, זאַכלעכן אויסדרוק צו די אויפוואַכנדיקע יוגנט־קרעפטן אין פאָלק און געזונגען מיט אזא קראַפט פאַר דער דערוועקונג פון חלוציזם און גבורה אין ישראל. ווי ער האָט פאַרנומען, נאָך פריער מיט פיפציק יאָר, די פראָבלעמען וואָס מיר האָבן זיי נאָך ביז איצט ניט באַשיידט. זיין רוף געפינט נאָך ביי אונז אויך איצט דעם הויכן אָפּקלאַנג. זיין קליין ביכל איז נאָך היינט דער „ספר הדור״, אין וועלכן מיר נויטיקן זיך צו פאַרטיפן.

די ווירקונג פון פייערבערגן און זיין חבורה אין די לעצטע יאָרן איז געווען גרויס, ווייל זיי האָבן זיך באַמיט צו דערוועקן ויכוחים מיט זייערע קעגנער און ווירקן אויף די יונגע קרייזן. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן וועגן זיי און זייערע מלחמות פאַרשיידענע לעגענדעס. ניט איינמאָל האָט מען זיי ארויסגעטריבן פון זייערע בתי־מדרשים וואו זיי האָבן געהאַלטן זייערע „טריף־פסולן״ און געפירט זייער אַגיטאַציע און מ׳האָט פאַרברענט זייערע ביכער. די מלחמה האָט זיי געדריקט נאָר ניט פאַרקלענערט זייער מוט. זי האָט אָבער פאַרשאַרפט די קראַנקהייט פונעם יונגן פייערבערג, וואָס איז ניט געווען קיין גרויסער פיזישער גיבור און פאַרקירצט זיין לעבן. איך געדענק נאָך איצט די דערציילונג, וואָס האָט אויף מיר אין דער פריער קינדהייט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, פון זיין לויה ביי א רעגן־טריבער האַרבסט־נאַכט, אין וועלכער ס׳האָבן גענומען אָנטייל מאַסן יוגנט און אינטעליגענץ. זי איז געווען די ערשטע ברויזנדיקע מאַניפעסטאַציע אין שטאָט, דער אָנזאָג פון די שפּעטערדיקע גרעסערע רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציעס, וועלכע האָבן זיך שפּעטער באַנייט אין שטאָט.

אין זיינע לעצטע יאָרן איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערע פאַרבינדונג פון אים און זיין חבורה מיט דעם ליטעראַרישן צענטער אין אָדעס, באַזונדערס מיט אחד־העמ׳ען. אין דער חבורה האָבן זיך דעמאָלט געפונען: ש. צ. זעצער, י. י. וואהל, א. טשעסקעס, עזרא בראָכמאַן, יהושע איידלמאַן, ש. פינקל, א. אַרבעטמאַן, ז. בערול און יצחק ביבער.

באַלד נאָך זיין טויט האָט זיך אָנגעהויבן די ציוניסטישע דערוועקונג און די לעבהאַפטע אַרבעט נאָך דער צווייטער אַל־רוסישער קאָנפערענץ אין מינסק, וואָס אייניקע פון די דערמאָנטע האָבן אין איר אָנטייל גענומען. אין יענער צייט איז דורך דער חבורה, אָן דער שפּיץ פון ש. פינקל, וועלכער איז אויך געווען דער פאָרשטייער פון דער חברה „מפיצי השכלה״, געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק און שיינער לייען־זאַל. אין לאָקאַל פון ביבליאָטעק פלעגן זיך פאַרזאַמלען פאַרשיידענע גרופּן פון אַלע שאַטירונגען, וועלכע האָבן געקעמפט פאַר איר באַהערשונג. אירע יערלעכע פאַרזאמלונגען זענען געווען שטורעמדיקע און פלעגן זיך ציען אָפט עטלעכע אָוונטן. אין דער צייט איז געגרינדעט געוואָרן דורך י. י. וואהל און די אַקטיווע ציוניסטישע טוער א. ארבעטמאַן און י. גילבערג, דער ערשטער בית־הספר המתוקן, וואו אלע לימודים האָבן זיך געפירט אויף העברעאיש. די גרינדונג פון בית־

הספר האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אָפּענסיווע פון די אָרטאָדאָקסישע קרייזן און צוליב דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צו באַהערשן די אויפזיכט אויף דער אָרטיקער תלמוד־תורה, וועלכע איז געווען אין רשות פון די חרדים אָן יעדער פעדאַגאָגישער אויפזיכט.

די דערמאָנטע חבורה האָט דעמאָלט אַראָפּגעבראַכט קיין זוויהיל דעם באַוואוסטן פעדאַגאָג ד״ר נ. טוראָוו, וועלכער האָט דאַן באַזוכט די שולן פון דער חברה „מפיצי השכלה״. ד״ר טוראָוו איז געווען איינער פון די באַוואוסטע ארץ־ישראלער פעדאַגאָגן, איינער פון די רעדאַקטאָרן פון זשורנאַל „החינוך״. דאָס דערשיינען פון אזא עלעגאַנטע פערזענלעכקייט, האָט געמאַכט אַ גרויסע סענסאַציע אין שטאָט. איך געדענק נאָך די אינטימע פאַרזאַמלונגען, וועלכע זענען געווען איינגעאָרדנט אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קרייזן און זיין דערשיינען אויף דער עפנטלעכער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז איינגעאָרדנט געוואָרן דורך דער ביבליאָטעק, וואו ער האָט רעפערירט וועגן דעם קולטור־צושטאַנד און די דערציערישע אויפגאַבן פון דור, און אויך איבערגעגעבן פון נייעם לעבן אין ארץ־ישראל.

אין יענע צייטן פלעגן אויך אָפט באַזוכן די שטאָט די ציוניסטישע פאָלקס־מטיפים, וועלכע פלעגן אָפט באַצויבערן מיט זייערע מליצות, ניגונים דעם אַרומיקן עולם. איך געדענק נאָך פון מיין קינדהייט דעם שטאַרקן איינדרוק, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט דער באַזוך פון מטיף (זיין נאָמען געדענק איך ליידער ניט), וועלכער האָט גערעדט עטלעכע נעכט נאָכאַנאַנד אין גרויסן בית־המדרש און אין טשערנאָבילער שול. גרויסע מאַסן, אין די טויזנטער, פלעגן זיך ציען אַהין צו הערן אים און פאַרשפּרייטן נאָכדעם, מיט גרויס התלהבות, זיינע רייד און ניגונים.

## די ערשטע רוסישע רעוואָלוציע

די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג האָט זיך געשטאַרקט מיט די ערשטע טריט פון דער רעוואָלוציע צום סוף פון דער יאַפּאַנער מלחמה. אין אָנהויב 1904 האָט געטראָפן אַ טויט־צופאַל מיט אַן אַרבעטער אין אַ זעלצער־ווערקשטאַט ביי אַן אויפרייס פון אַ גאז באַלאָן. דער צופאל האָט אויפגעשטורעמט א סך ארבעטער, וועלכע האָבן זיך קאָנצעטרירט ארום „בונד״. אין דער לויה האָבן אָנטייל גענומען א פאָר טויזנט ארבעטער. זי איז דורכגעגאַנגען אָן שום עקסצעסן, ווייל די פּאָליציי־לייט האָבן נאָך ניט געוואוסט ווי אזוי צו רעאַגירן אויף אזא פאל. דעמאָלט האָבן אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן די „פּאָליטישע־בירזשעס״, וועלכע האָבן צוגעצויגן מאַסן ארבעטער און יוגנט, ניט האָבנדיק קיין אנדער אָרט זיך צו באַגעגענען. די פּאָליציי האָט זיי אין אָנהויב ניט געקענט שטערן. די בירזשעס פון עטלעכע פּאַרטייען זענען געווען פריער אין די אַלייען פון שטאָט־גאָרטן, נאָר שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן די בונדישע בירזשע אויף אָנהויב זשיטאָמירער גאַס ביים לאָקאַל פון דער שטאָט־ביבליאָטעק און די ס״ר״ישע בירזשע אויף גוטינסקער, ביי דער טשערנאָבילער שול. די ציוניסטישע קרייזן האָבן נאָך דעמאָלט ניט פאַרמאָגט קיין נייע יוגנט און פון די עלטערע חברים זענען נאָר געווען אייניקע, וועלכע האָבן געוואַגט זיך צו באַגעגענען מיט די אָפּאָנענטן אויף די בירזשעס. איינער פון זיי איז געווען דער גייסטרייכער און שטענדיק־געטרייער חבר א. ארבעטמאַן. ער האָט געהאַט א קליינע פּאַפּיר־ווערקשטאַט. האָט אַליין שטענדיק געארבעט גאַנץ שווער אויף אויסצואַרבעטן די חיונה פאר זיין גרויסער פאַמיליע. ער איז געווען א גייסטרייכער איד מיט א טיפער ערודיציע אין דער אלטער און יונגער ליטעראַטור.

דעמאָלט איז געווען די ערשטע דערשיינונג פון „בונד״ צווישן די ארבעטער אין די

קליינע וואַרשטאַטן. צום ערשטן האָט דער „בונד" אַנגעהויבן אַריינדרינגען אין די נאָענטע פאַבריק־שטעטלעך: קאַמענעבראָד, פּאָלאָנע און האָראָדניצע, וואו ס'זענען געווען זוסמאַנס גרעסערע פּאָרצעליי־פאַבריקן, ביי וועלכע ס'האָבן געאַרבעט הונדערטער אידן. שפּעטער, ביי דער אַנטוויקלונג פון דער רעוואָלוציע איז דער „בונד" אַריינגעדרונגען צו אונז אונטער דער אָנפירונג פון יוסף און לאה טשעסקיס, פ. כ"ץ, יצחק גאָלדמאַן, מנשה סעגאַל און די בענקל־מאַכערס אברהמ'טשיק און אַנשיל און זיין שוועסטער. באַזונדערס האָבן געווירקט די אָנפירער פון זוויהיל: יהושע איידלמאַן, עזרא בראַכמאַן און יצחק שלאַין. ס'פלעגן זיי אָפט באַזוכן אויך אויסערגעקומענע אראטארן פון די גרעסערע שטעט, צווישן זיי משה אָלגין־נאָוואַמייסקי — זיך ערצויגן אין נאָענטן שטעטל ראַטשעוו, וואָס האָט ניט לאַנג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין ציוניסטישן בגד אלס גרויסער אָנהענגער פון עברית און איז אריבער צום „בונד". צו זיי איז נאָך דעם צוגעשטאַנען ד"ר טאַרגאָוועץ. וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גוטסקייט אלס טרייער פאָלקס־דאָקטאָר. זיין הויז איז געווען שטענדיק אָפן פאַר יעדן פאַרביטערטן, באַעוולטן מענטשן, און איז געווען באַליבט ביי אלע וואָס האָבן אים געקענט. ער איז געווען א איבערגעגעבענער ציוניסטישער טוער און האָט זיך אומגעביטן אין אָנהויב פון דער רעוואָלוציע, און אויך ד"ר אָסטראָווסקי, וואָס איז געווען אַן אלגעמיינער ס"ד און אַ קאָנסעקווענטער אַסימילאַטאָר, דאָך אַן איבערגעגעבענער טרייער טוער אויף פאַרשיידענע סאָציאַלע און קולטור־געביטן.

די ס"ר'ישע קרייזן זענען געווען מער פאָלקסטימלעכער און אינטעלעקטועלער און זענען געווען נאָענטער צו אונזער יונגן ציוניסטישן קרייז. פון די ס"ר'ישע אָנפירער איז געווען: נוסיע קאַפּלאַן — א זון פון א אינטעליגענטער, פאַרמעגלעכער פאַמיליע: דער פאָטער איז געווען א שטאַרק פרומער איד וואָס האָט זיך ניט פאַרנומען מיט עולם־הזה עניינים, האָט פאַרבראַכט אלע זיינע טעג ביי די טשערנאָבילער חסידים, זיך פאַרנומען מיט צדקה־טיילן, מתן־בסתר; און זיין פרוי, די מאַמע, איז געווען א פרייע — משכילה, גערעדט איבערהויפּט רוסיש און זיך געהאַלטן אַריסטאָקראַטיש. מ'פלעגט זי רופן — „שפּרינצע די דאַמע". איר האַלטן זיך האָט יעדן גערייצט און זי האָט בעיקר געווירקט אויף אלע גענג אין איר שטוב אין וועלכער ס'פלעגן זיך טרעפן אלע יונגע קרייזן — חברים פון אירע קינדער און אייניקלעך. זייער הויז איז געווען אין א גרויסן הויף אין צענטער שטאָט וועלכן עס האָט אַרומגערינגלט א גאָר גרויסער גאָרטן. די יוגנט האָט דעמאָלט געלערנט אין פאַרשיידענע הויכשולן, א טייל אין קיעווער אוניווערזיטעט, אין כאַרקאָווער פּאָליטעכניקום און פלעגן זיך פאַרזאַמלען ביי די עלטערן. דער עלטערער זון נוסיע איז געווען פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון די ס"ר. אים האָט מיטגעהאָלפן בוזי טשעסקעס, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע פילזייטיקע בילדונג און האָט יעדן באַצויבערט מיט זיין ברייטן פאַרנעם און רייכן גייסט און אויך לעבהאַפטע חברשע פאַרבינדונג.

דער „בונד" האָט אין שטאָט געהאַט א גרויסע השפעה. ער האָט אנטוויקלט א גרויסע טעטיקייט צווישן די ארבעטער־קרייזן אויפן פראָפעסיאָנעלן געביט און דורכגעפירט א סך גרויסע און קלענערע שטרייקן. ער האָט אויפגעהויבן ביי זיי דעם פערזענלעכן ווערט, פאַרברייטערט זייערע האָריזאָנטן פון לעבן און זיי געמאַכט קראַפט־פעאיק צו קעמפן פאַר דער פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע. על־פי־רוב האָבן זיך די שטרייקן געענדיקט מיט א פשרה. פשוט, ס'איז ניט געווען ווערט צו קעמפן קעגן ארבעטגעבער, וואָס האָט אַליין שווער און ביטער געאַרבעט אויף זיין שטיקל ברויט. דאָך איז די לאַגע געוואָרן א סך בע־

סער אַ דאַנק דער טעטיקייט פון „בונד". זיין השפעה איז געוואַקסן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן שוואונג, וועלכער האָט אַלעמען דערוועקט. איך געדענק נאָך די גרויסע מיטינגען, וועלכע זענען פאַרגעקומען אין די שולן, און וועלכע ס'האָבן אַנטייל גענומען די בונדישע אַנפירער און אין זיי האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער מאַסן. ניט אַלע האָבן זיך גוט געענדיקט, אָבער אויך יענע פאַלן האָבן געשטאַרקט דעם קעמפערישן גייסט. א גרויסער מיטינג וועלכער איז געווען אין מיטן טאָג אין בית־המדרש אין די באַוואוסטע אָקטאָבער־טעג, האָט זיך געענדיקט מיט א גרויסן פּאָליציי־אָנפאַל און אַלע זענען זיך צעלאָפן, אַריינכאַפּנדיק דערביי גוטע קלעפּ. ס'זענען אויך געווען פאַרוואונדעטע. דער צופאַל האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק אין שטאָט.

נאָכן רעוואָלוציאָנערן נצחון זענען געקומען די כוואַליעס פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע מיט די שרעקלעכע פּאָגראָמען. אין אַפּריל 1905 איז אין נאָענטן זשיטאָמיר איינגעאָרדנט געוואָרן א גרויסער פּאָגראָם, וועלכער האָט זיך געצויגן דריי טעג. אין אים האָבן אויך אָנטייל גענומען פּאָליציי־לייט און עס זענען געווען ביי צוואַנציק הרוגים און מער פון הונדערט פאַרוואונדעטע. צוליב אים זענען אויך געהרגעט געוואָרן אין שטעטל טרויאַנאָוו פופצן יונגעלייט פון טשודנאָוו, וועלכע האָבן זיך געאיילט צו העלפן די זשיטאָמירער אידן.

די פּאָגראָם־כוואַליע האָט זיך געשטאַרקט. ס'זענען געווען פּאָגראָמען אין הונדערטער שטעט און שטעטלעך. און גרויס איז געווען די אַנטוישונג פון רעוואָלוציאָנערן נצחון. די ווינציק־גליקלעכע מינוטן פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטראַל זענען גיך אָפּגעמעקט געוואָרן און ס'האָט א פלייץ געטאָן א גרויסע כוואַליע אידיש־בלוט און שענדלעכע פאַרשוועכונגען פון אידישן כבוד, און ס'האָט זיך ווידער דערוועקט דער אינערלעכער געוויסן און די חרטה־געפילן אויף דער אומזיסטער פרייד. די רעוואָלוציאָנערע ווירקונג אין שטאָט איז געפאַלן און ס'האָט ווידער אָנגעהויבן זיך קאָנצענטרירן דער יונגער ציוניסטישער קרייז.

### די ישיבה „אור תורה"

אין די יאָרן איז אריבער קיין זוהיל די ישיבה „אור תורה", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין תרנ"ז (1897) אין שטעטל בערעזניץ. נאָך איר אַריבערגיין האָט זי זיך אַנטוויקלט און איז געוואָרן די צענטראַלע ישיבה אין גאַנץ וואָלין. ס'האָבן זיך צו איר גענאַמלט פיל תלמידים, אויך פון די ווייטע ליטווישע און ווייס־רוסישע געגנטן. ס'זענען געווען יאָרן וואָס אין זיי האָבן געלערנט ביי 300 תלמידים. דער ראש־הישיבה, איר גרינדער, ר' יואל שאַרין (באַוואוסט אונטערן נאָמען „פּאָלטאַווער עילוי"), האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין תורה און מידות. האָט געווירקט אין וואָלין ביי 30 יאָר (תרנ"ו—תרפ"ו) און אין זוהיל פון תרס"א—תר"פ (1901—1920). זיינע ביאָגראַפישע פּרטים ווערן איבערגעגעבן באַזונדערס אין בוך.

אין דער ערשטער צייט האָט ער פיל געליטן ביי אונז, ווייל ניט אלע חסידישע קרייזן האָבן ליב געהאַט די ליטווישע מתנגדים, אָבער ער האָט זיך מיט דער צייט באַליבט ביי אַ סך קרייזן, וועלכע האָבן געשאַצט זיינע אויסטערלישע מידות און האָבן אים געהאָלפן אויסהאַלטן די ישיבה, אפילו ניט מיט גרויס רחבות.

די ישיבה איז געווען פריער אין דעם נידער־קוואַרטאַל פון שטאָט וואו ס'האָבן געוואוינט די אָרימע האָרעפּאַשנע ארבעטער, וועלכע האָבן ליב געהאַט די ישיבה־לייט. די ישיבה איז דערנאָך אַריבער אויף גוטינסקי־גאַס, אין שכנות פון מיינע עלטערן. און נאָכער, ארום עטלעכע יאָר איז זי אריבער אין איר אייגן הויז אויף קאריצער גאַס.

די צייט האָב איך דערקענט דעם דערהויבענעם גייסט פון דער ישיבה און פון ראש־הישיבה. איך געדענק נאָך די „אשמרות" (וואַך־נעכט), וועלכע מיר, לערנער, פלעגן מאַכן יעדע וואָך מיטן אָנטייל פון צענדליקער תלמידים, צווישן זיי אויך גרויסע מתמידים. אין דער סיפער האַלבער נאכט פלעגט ער זיך באַווייזן אין מיטן צימער, וועלכער איז געווען אָנגע־פילט מיט שוועבנדיקע שאָטנס און ארומיקע פינצטערניש און זיך צוהערן צו די טרויעריקע גמרא־ניגונים.

די טיפע דעמערונג־שטימונג פון יענע נעכט און די צייט וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין ישיבה, זענען איינגעקריצט געוואָרן אין האַרצן און כ׳געדענק זיי נאָך איצט. ער פלעגט זאָגן, אַז ער איז זיכער אין זיינע תלמידים, וואָס האָבן מיט איבערגעגעבנהייט פאַרבראַכט אין דער ישיבה, אַז זיי וועלן בלייבן גוטע אידן און וועלן ביישטיין אַלע נסיונות וואָס דאָס שפּעטערדיקע לעבן וועט פאַר זיי שטעלן, ווען זיי וועלן אַפילו אַוועקגיין, דורך פאַרשידענע סיבות, אין אנדערע וועלטן. און ער איז געווען גערעכט.

איך ווייס ניט פונוואַנען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב אָנגעהויבן אריינקוקן אין די „טריף־פסול׳ן" און האָט אנגעהויבן מיט מיר שמועסן וועגן אַלגעמיינע ליטעראַרישע ענינים און אַנטפּלעקן פאַר מיר עטוואָס פון זיין לירישער רייכער נשמה, די לידער וואָס ער האָט געשריבן און זיין ברייטן קוק וועגן דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און די טעגלעכע פּראָבלעמען, וועלכע זענען דעמאָלס אויפגעוועקט געוואָרן פון די אזוי־גערופענע „צעירים", די חבריה פון בערדיטשעווסקי־אָרנפּרייז אין דער אויפברויזנדיקער העבראעאישער ליטע־ראטור. ער האָט מיר דעמאָלס דערציילט, אַז נאָך זייענדיק אין וואָלאָזשין איז ער געווען נאָענט צום ענגן קרייז פון הרב קוק ז״ל, וואָס האָט אינאיינעם מיט אים געלערנט אין דער ישיבה און ארויסגעגעבן אינערלעכע פלוג־בלעטער וועגן חיבת־ציון. ער האָט זייער געשעצט די פּערזענלעכקייט פון הרב קוק ז״ל און געזוכט וויסן פון זיינע מעשים. ער, דער „עילוי", איז געווען אַ מענטש מיט אַ רייכער ברויזנדיקער נשמה און טיפע געדאַנקען, פלעגט אַ סך רייזן אין די אינטערעסן פון דער ישיבה און איז געווען אַ אָפטער גאַסט ביי הרב מזאה אין מאָסקווע און הרב אייזנשטאַט אין פעטראַגראַד און איז געווען אַלזייטיק באהאַוונט אין די טעגלעכע לעבנס־פּראָבלעמען. אָבער איינזייטיק מיט דעם האָט ער געציטערט פון דער הפקרות, וועלכע איז געוואַקסן ארום און פלעגט שטענדיק קעמפן געגען איר. אָפטמאָל פלעגט ער מיט זיינע רייד פון טיפן האַרצן ווירקן אויף אַ סך און זיי אומקערן צום גוטן. איך געדענק עטלעכע פון זיינע דרשיינונגען אויף דער געזעלשאַפטלעכער בימה אין שטאָט ביי פאַרשיידענע קרייזן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה און געווירקט. פיל קרייזן האָבן אים זייער געשעצט, נאָך מער האָבן אים ליב געהאט זיינע תלמידים, וועלכע האָבן אים פאַרשטאַנען און געווען פאַרכאַפּט פון זיינע געדאַנקען און שטורמישער נשמה.

שפּעטער, ווען די ישיבה האָט זיך איבערגעצויגן אויף עק קאַריצער גאַס אין אַ אייגן הויז, זענען געקומען פאַרשיידענע סיבות, וועלכע האָבן מיר דערווייטערט פון זיין סביבה. איך האָב פאַררייזט פון שטאָט אין ווייטע גרעסערע ערטער און דערנאָך קיין ארץ־ישראל. דורכגעמאכט אַ סך, נאָר אויך ביז איצט, נאָך 40 יאָר, בין איך פאַרבונדן מיט אַ סך אינטימע פעדעם מיט זיין פּערזענלעכקייט.

ס׳איז ווערט צו דערמאָנען אויף די גייסטיקע חבריה־תלמידים פון דער ישיבה, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין שטאָט און געווירקט אויף פאַרשיידענע קרייזן. פון דער ישיבה

זענען ארויס געוויסע תלמידי־חכמים, רבנים, ליטעראטן און כלל־טוער. אייניקע פון זיי
זענען נאָכדעם געוואָרן באוואוסטע צענטראַלע ציוניסטישע און רעוואָלוציאָנערע טוער.
צווישן זיי איז אויך געווען דער גרינדער פון קבוצת „דגניה" — די ערשטע אינטימע
קאָמונע אין ארץ־ישראל — יוסף בוסעל, וועלכער האָט געלערנט אַ צייט אין דער ישיבה
און איז געווען פאַרכאפּט פון דער גרויסקייט פון „עילוי", וועלכן ער פלעגט ציטעריק
דערמאָנען — זייענדיק שוין אין ארץ־ישראל. די ישיבה און איר ווירקונג האָט פיל
צוגעגעבן צום אלגעמיין־חסידישן פאַרנעם אין שטאָט. דער קול פון תורה האָט געקלונ־
גען אין די שולן און בתי־מדרשים, אויך נאָכדעם ווען די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס,
פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט פאַרכאַפּט די שטאָט און האָבן זיי נאכהער אינ־
גאנצן צעריסן אין דעם ראַטן־איבערקער וועלכער האָט רואינירט אונזער לעבנס־יסוד
אין דעם לאַנד.

## דער עקאָנאָמישער צושטאַנד און די געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן

די אידן זענען געווען די הויפּט־בויער פון דער שטאָט און זיי האָבן מיט זייער
ענערגיע און איניציאַטיוו אַנטוויקלט איר האַנדל און קליין־אינדוסטריע. אַ וויכטיקער
פאַקטאָר צו איר אַנטוויקלונג איז געווען איר גוטע געאָגראַפישע לאַגע און דער צענטראַלער
שאָסיי קיעוו־בריסק און זי איז געווען דער נאַטירלעכער צענטער צו אַלע שטעטלעך און
דערפער אַרום איר. אַ גרויסע צאָל ארבעטער האָבן זיך באַשעפטיקט מיט גארבעריי־
ווערקשטאַטן, וועלכע זענען געווען קאָנצענטרירט אין אַבאַזונדער אָרט אונטער דער שטאָט.
ס'זיינען אויך געווען אַ סך ווערקשטאַטן פון קליידער, היטל־מאַכעריי, שיך און מעבל,
וועלכע האָבן באַנוגט דעם שטאָטישן און ארומיקער סביבה געברויך. אַ באַזונדערער קוואַר־
טאַל אין דער נידער, ביים סלוטש, איז געווען באַזעצט מיט „עמך", וועלכע האָבן אויס־
געאַרבעט פארשיידענע מעטאַל־ארבעטן: שמידעריי, בלעכער, אלערליי פאַכן פון בוי־
ארבעט. דער אויסזען פון דער שטאָט און אירע מענטשן האָבן באוויזן, אז איר מערהייט
פאַרנעמט זיך מיט ארבעט, גאַנץ שווערע. אין שטאָט זיינען אויך געווען באַנקן, גרויסע
קאָנסום־געשעפטן פון תבואה־האַנדל און מאנופאקטור, פעל און פוטער־האַנדל, וועלכע
פלעגן טראַנספּאָרטירט ווערן אין ווייטן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. ביים סוף פון דער
ערשטער וועלט־מלחמה איז געבויט געוואָרן די באַן־ליניע קאָרעסטין־שעפעטאָווקע, וועלכע
האָט באַהעפט די פאראייניקטע פאָליעסער־ליניע מיט דער דרום־מערב'דיקער פונעם
רוסישן באַן. די בויאונג פון דער ליניע נאָך דער מלחמה האָט געבראכט אַ גרויסן שוואונג
פארן שטאָטישן האַנדל, אָבער זי האָט אויך דערנענטערט איר גרויסן חורבן, זי האָט
געפירט צו דער קאָנצענטרירונג פון פעטליורעס מיליטער און פארשיידענע רוצח'שע
באַנדעס. ס'זיינען ביי איר אויך געפירט געוואָרן די צענטראַלע שטרייטן מיטן ראַטן־
מיליטער, ביז איר ענדלעכן איינשלוס אין ראַטן־פאַרבאַנד אלס גרעניץ־שטאָט.

אין די יאָרן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געווען אין שטאָט גאַנץ גוטע
איינגעאָרדנטע צדקה און וואויל־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך געפירט דורך איבערגע־
געבענע גבאים און כלל־טוערס, ס'איז געווען אַ גוט איינגעאָרדענטער בית־חולים,
חברת לינת צדק, די גרויסע ישיבה און תלמוד תורה, בית הכנסת־אורחים און
שטאָטישער מרחץ. די בנינים פאַר די אַנשטאַלטן זענען געבויט געוואָרן דורך פאר־
שידענע נדבנים אָדער דורכן קהל. ס'זענען אויך געווען גרויסע בענק „וואַזימנע (גע־
גענזייטיקע) קרעדיט" און „ליי־און־שפּאָרקאַסע". וועלכע האָבן ארומגענומען פיל קרייזן,

סוחרים, בעלי־מלאכות און קרעמער; געשאַפן פאַרשיידענע קרעדיטן און פאַרברייטערט דעם האַנדל און אויך דאָס בויען פון דער שטאָט. מיר האָבן שוין פריער דערציילט וועגן דער געזעלשאַפטלעכער מלחמה וואָס האָט זיך געפירט אַרום דער תלמוד־תורה און ביב־ליאָטעק. אויך די אַרבעט אין די באַנקן האָבן דערוועקט פאַרשיידענע ריכטונגען און די אַלגעמיינע יערלעכע פאַרזאַמלונגען, וואָס אין זיי זענען דערוויילט געוואָרן זייערע לייטונגען — זענען געווען גאַנץ שטורמישע, וואו ס'האָט זיך געפירט אַ מלחמה צו פאַרברייטערן זייער יסוד און מצב.

## די וואַלן פאַרן קאַזיאָנעם רב

אַ גרויסע אויפרעגונג האָבן דערוועקט די וואַלן פאַרן אַרטיקן קאַזיאָנעם רב. ביז דעמאָלט איז געווען רב ה' י. פרידמאַן, וואָס האָט געענדיקט דעם ראַבינער־סעמינאַר אין זשיטאָמיר און איז געווען אַ גאַנץ באַשיידענער מענטש מיט אַ מעסיקער מילדער באַנע־מונג צו אַלע וואָס פלעגן זיך ווענדן צו אים. פאַר די וואַלן האָט זיך דערוועקט, אונטער דער אָנפירונג פון דער גבירטע חיה־שרה ראָזענשיין, אַ אשת־חיל מיט גרויסע אַמבי־ציעס צו מאַכן איר איידעם, ה' אופנהנדין, אַלס רב. איך געדענק נאָך די קריגערייען, וועלכע זענען דעמאָלס פאָרגעקומען. די שטאָט האָט זיך צעטיילט אויף צוויי מחנות, באַזונדערס האָט זיך געטומלט צווישן „עמך", בעלי־מלאכות און קליינע הענדלער, וואָס האָבן געקויפט ביי דער גבירטע. ס'זענען איינגעאָרדנט געוואָרן סעודות מיט פאַרשיי־דענע פאַכלייט און ס'פלעגט אָפט קומען צו געשלעגערייען. איך געדענק נאָך די לידלעך, שיינע ווערטלעך, וועלכע זענען דאַמאָלס פאַרשפּרייט געוואָרן. ס'איז געווען פריילעך. אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן און אַלס ראַבינער איז דאָך געבליבן דער אַלטער פרידמאַן.

ווען ס'האָט זיך געענדיקט די מלחמה האָט זיך ביי די ציוניסטישע טוער דערוועקט דער ווילן צו זוכן אַ פאַסנדיקן באַוואוסטן ציוניסטישן טוער וואָס זאָל זיך באַזעצן אין שטאָט אַלס ראַבינער. מ'האָט זיך געווענדט צום ציוניסטישן מרכז אין ווילנע און צו חשובע עסקנים, ווי מ. שיינקין און ד"ר ב. צ. מוסינזון, וועלכע האָבן דאַן געררייזט אין דער ווייטער צענטראַלער רוסלאַנד, וועגן דער גימנאַסיע „הרצליה" אין יפו, נאָר זיי האָבן ניט געוואָלט בלייבן און זיך באַזעצן ביי אונז. די פאַרשיידענע זוכענישן האָבן, צום באַדויערן, ניט געבראַכט צו ממשות'דיקע רעזולטאַטן.

## די חזנים־קריגערייי

אַביסל שפּעטער האָט אויסגעבראָכן אַ שטאַרקער קריג, וועלכער האָט פאַרכאַפּט גרויסע מאַסן און זיך געצויגן עטלעכע יאָר צווישן דעם חזן פון דער גרויסער שול ה' באַגאַמאַלניק, וואָס איז געווען אַ גרויסער עם־הארץ און ווייט פון פאַרשטיין דעם גייסט פון אַלטן נוסח פון די תפילות, נאָר האָט געהאַט אַ גוטע שטימע און שיינעם אויסזעען — און דעם נייעם חזן ה' שאַפּיראָ וואָס האָט ניט פאַרמאָגט קיין הויך קול, אָבער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אָריגינעלע אידישע מעלאָדיעס אין זיין שיינעם כאָר, האָט אויך געזונגען די נוסחאות פון די בעוואוסטע חזנים ניסן בעלזער, קליינער ירוחם, זיידל ראָווונער און אויך לעוואַנדאָווסקי און ראַזומני. אין זיין כאָר זיינען געווען עטלעכע, באַזונדערס יונגוואַרג, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט טייערע פרישע שטימען און שיינעם געזאַנג. איך געדענק נאָך די גרויסע מאַסן, אין די טויזנטער, וועלכע האָבן זיך געצויגן אים צו הערן אין יעדער שול, אין וועלכער ער האָט מתפלל געווען.

זיינע תפילות אין די שבתים זיינען געווען איידעלע איבערלעבונגען פאַר אַלע צוהע־רערס, דערוואַרימט די הערצער וועלכע האָבן געבענקט נאָך אידישן פאָלקס־געזאַנג. זיינע ניגונים פלעגן באַלד נאָכדעם געזונגען ווערן אין די ווערקשטאַטן, הייזער, האָבן אָנגעפילט די שטאָט. די מלחמה צווישן די צדדים האָט זיך פאַרגרעסערט ווי ס׳האָט זיך פון לאַנגע צייטן געפירט אין אַ סך אידישע קהילות, און דערגרייכט צו שלעגערייען. ביז די גאַנצע זאַך איז נמאס געוואָרן דעם חזן שאַפּיראָ, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן אין אַ אַנדער שטאָט, און אין דער גרויסער שול איז געבליבן ה׳ באַגאַמאַלניק.

## דער יונגער ציוניסטישער קרייז

נאָך דער אַנטוישונג וואָס איז געקומען מיטן דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און די גרויסע כוואַליע פון פּאָגראָמען — איז געקומען אַ רעאַקציע אין אַלע לעבנס־קוואַלן. ס׳האָט אויפגעהערט צו דערשיינען די טעגלעכע העברעאישע פּרעסע, דער חשוב׳ער זשורנאַל „השלח״ און נאָר איינצלנע „יחידי־סגולה״ פלעגן נאָך באַקומען די דינע העפטלעך פון ברענער׳ס „המעורר״ אין לאָנדאָן, וועלכע האָבן מיט זייערע וויי־געשרייען געווירקט ביסלעכווייז, אָבער ניט געקענט אויסבידלען אַ שאַפנדיקן כוח און ברענגען צו ממשות׳דיקע מעשים.

די אַלטע עסקנים זענען ווי פאַרשוויגן געוואָרן, זיך געקערט צו זייערע פּריוואַטע עסקים. און די יוגנט ? — די איינציקע, איינזאַמע, וועלכע זענען געבליבן ביי זייער יונגען גייסט און ניט פאַרשמאַגלט געוואָרן אין די זוכעניש נאָך אַ קאַריערע, אָדער „פריי־ליבע״ אַלאַ אַרציבאַשעוו׳ס „סאַנין״ — האָבן זיך געוואָרפן אין די דעמערונג־שטימונגען פון דער רוסישער דעקאַדענץ, וועלכע האָבן דאַן באַהערשט די רוסישע און אויך אידישע ליטעראַטורן. ס׳זיינען געקומען „קליינע טעג״, אָן שום שאַפונגס־גייסט. די אַרומיקע סביבה איז געווען פול מיט פחד פאַר די פּאָגראָמען, וועלכע מ׳האָט דערוואַרטעט און ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ס׳איז פאַרטונקלט געוואָרן אינגאַנצן דער פאַקל, וועלכער איז אָנגעצינדן געוואָרן דורכן דיכטער פייערבערג און זיין חבורה.

אין יענע טעג האָט זיך ווייטער צונויפגעקליבן אַ קליינער ענגער קרייז פון עטלעכע צעירים, וואָס האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן די שטילקייט, וואָס האָט באַהערשט די סביבה, און זיי האָבן געזוכט אַ אויסוועג פון דער שטיקעניש וועלכע האָט דאַן, אין די טעג פאַר בייליס׳עס פּראָצעס, באַהערשט אַלעמען, און זיי האָבן געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט די חוגים פון „הפועל הצעיר״ אין ארץ־ישראל. דער דאָזיקער ענגער קרייז האָט אָנגעהויבן איינאָרדענען גרעסערע יוגנט־קרייזן אויף צו לערנען אידישע און ציוניסטישע געשיכטע, העברעאישע ליטעראַטור און זי פאַרשפּרייטן צווישן ברייטערע קרייזן. זיי זיינען אויך אָפט דערשינען אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען אין די שולן. איינער פון די אָנפירער פון קרייז איז געווען שמואל שלאין, וועלכער האָט דאַן געלערנט אין אָדעס און פלעגט אָפט קומען אין וואַקאַציע־צייט און אָנטייל נעמען אין אונזער אַרבעט. אינעם קרייז האָט אויך אָנטייל גענומען דער טרייער חבר יהושע חיזין, לויטן פאַך אַ זייגערמאַכער, וועלכער איז געווען עלטער פון אונז, אָבער שטענדיק יונג אין גייסט און גרייט שטענדיק צו דערפילן יעדע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט. ער איז צום אומגליק, פאַרבליבן אין זוהיל און נעלם געוואָרן מיט זיין פאַמיליע ; שמואל אינגאַל, וואָס איז נאָכער אריבער קיין אַמעריקע און דער שרייבער פון די צײלן (דאָן מאַליאַר). זיי האָבן מיט זייער איניציאַטיוו געבילדעט

דעם קליינעם קרייז, ארום וועלכן ס׳האָט זיך קאָנצענטרירט די יונג־ציוניסטישע געזעל־שאפטלעכקייט.

אין תרע״א (1911) איז דער חבר שלאין אַוועק, דער ערשטער פון אונז, קיין ארץ־ישראל און האָט מיט זיין אָפּפאָר געשטאַרקט ביי אונז דעם ווילן אים נאָכצופאָלגן, אבער דערווייל ניט אָפּלאָזן אונזער פראָפּאָגאַנדיסטישע ארבעט.

אין פרילינג תרע״ב (19912) האָט דער ציוניסטישער מרכז אין ווילנע איינגעאָרדנט אַ וואָלינער אומלעגאלע קאָנפערענץ אין פּאָלאָנעע. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דער פאָרשטאָט ניט ווייט פון וואָקזאַל, וואו מ׳האָט געקענט ניט ווערן פארדעכטיקט ביי דער פּאָליציי, אין הויז פון עסקן דוד גרינפעלד. ער אליין איז געווען אן עלטערער איד, מיט אַ ברייטער אַלגעמיינער און אידישער ערודיציע און וואוילע מידות. אין דער קאָנ־פערענץ האָט אַ אָנטייל גענומען אין נאָמען פון מרכז דער ליטעראַט א. מ. באָראָכאָוו און אַ סך דעלעגאַטן, מערסטנטייל יוגנטלעכע קרייזן. צווישן זיי האָט זיך אויסגעצייכנט דער דעלעגאַט פון קרעמניץ, אַ סטודענט פון בערן, שווייץ, לאַנדסבערג, וועלכער האָט אלעמען באַצויבערט מיט זיין שארפזיניקן יוגנטלעכן גייסט. ער איז נאָכער געווען די צענטראַלע פיגור אין קרעמעניץ. די קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנאכט און ווען זי האָט זיך געענדיקט פרימאָרגן האָבן זיך אלע פאָטאָגראפירט. באלד נאָך דער קאָנפערענץ האָט די פּאָליציי זיך דערוואוסט און זי האָט אָנגעהויבן זוכן צו אַנטפלעקן אירע אָנטיילנעמער און האָט דערגרייכט מיט אירע אָביסקן צום צענטראַל־קאָמיטעט אין ווילנע, וואָס האָט דאַן געארבעט כמעט האַלב־לעגאַל, צוליב דער השפעה פון די ברידער גאָלדבערג. נאָר די אַנטפלעקונג האט געקענט רואינירן אויך זיין לעגאַלע ארבעט און מיר האָבן באַקומען אַ געהיימע אינסטרוקציע אַרויסצונעמען ביים פּאָטאָגראַף, אויף וועלכן ס׳איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער איז אין פאַרבינדונג מיט דער געהיים־פּאָליציי, דעם נעגאַטיוו פונעם בילד און אים צעשטערן. מיט גרויסע שוועריקייטן האָט זיך איינגעגעבן צו דערפילן די אינסטרוק־ציע, אָבער ס׳האט זיך ארויסגעוויזן, אַז אַ טייל פון די אָנטיילנעמער אין דער קאָנפערענץ זענען שוין באַוואוסט דער פּאָליציי און עטלעכע זענען ארעסטירט געווארן, און אויך, אויב איך האָב ניט קיין טעות, געמאַכט אין דער נאָענטער שעפּעטאָווקע אַ פראָצעס קעגן עטלעכע אַרעסטירטע אָבער נאָכער זיי בעפרייט. פון דאַן אָן האָט די פּאָליציי אָנגע־הויבן שטאַרק נאָכקוקן אויף די אַקטיווע ציוניסטישע טוער און מיר האָבן געמוזט ווערן אומלעגאַל און זיך אָפּהיטן פון עפענטלעכע ארויסטרעטונגען. אין תרע״ב (1912), האָבן מיר אָנטייל גענומען אין די וואַלן צום עלפטן ציוניסטישן קאָנגרעס און אויסגעוויילט אַלס דעלעגאַט דעם חבר צבי יהודה פון „הפועל הצעיר״; באַלד נאָכן קאָנגרעס האָט ער אונז באַזוכט. זיין קומען האָט דערוועקט אַ חשד ביי דער פּאָליציי, וועלכע האָט געקענט אלע שטאָטישע איינוואוינער. מיר האָבן דעמאָלס איינגעאָרדנט אַ געהיימע פאַרזאַמלונג פון אונזערע חברים אין אַ פּריוואַטער הויז אין דער נידער. די פאַרזאַמלונג איז דורכ־געגאַנגען שטיל און ער האָט אויף מאָרגן פאַרלאָזט די שטאָט. באַלד נאָך זיין אָפּפאָרן האָט די פּאָליציי דורכגעפירט אונטערזוכונגען און אַרעסטירט עטלעכע חברים, נאָר זיי באפרייט אין עטלעכע טעג ארום.

## די פעברואר רעוואָלוציע

מיטן אויסברוך פון דער קערענסקי־רעוואָלוציע אין פרילינג 1917, האָט זיך אָנגע־

הויבן פילן אין שטאָט גאָר אַ נייער גייסט. אַ גרופּע פון נייע ציוניסטישע טוער, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט ביים בויען די נייע באַן־ליניע קאָרעסטין־שעפּעטאָווקע, האָבן געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. דער קבלן פון דער בוי־אַרבעט איז געווען אליעזר מעלופּ — פון אַ באַוואוסטער פאַמיליע אין ווילנע, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע באַגאַבטע ציוניסטישע און אויך סאָציאַליסטישע טוער. אין משרד פון אליעזר מעלופּ האָבן געאַרבעט עטלעכע ציוניסטן, צווישן זיי דער משורר יהודה קרני. ס'האָט זיך דאָן אויך געפונען אין שטאָט ה' פּינעס פון מינסק, אַן איבערגעגעבענער, דינאַמישער טוער, און אַ דאַנק זייער אַרבעט האָט זיך דערוועקט אַ געוויסער אינטערעס און ווילן צו אידישער פאָלקס־אַרבעט ביי אַ סך קרייזן, וועלכע זענען ביז איצט געשטאַנען ווייט פון דעם ציוניסטישן געדאַנק.

ס'איז געווען באַלד נאָך דעם אַל־רוסישן ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין פּעטראָגראַד, און די פרילינג־חדשים פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. ס'האָבן זיך אַנטפּלעקט נייע לעבנס־קוואַלן, וועלכע זענען געווען ביז איצט אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. נייע כוחות, פון וועלכע מיר האָבן פון זיי אפילו ניט געדאַכט אין דער צאַרישער רעאַקציע, האָבן אויפגעוואַכט, און אויך פאַרכאַפּט דעם פאָלקסטימלעכן וואַלין און אונזער שטאָט, וואו דער ציוניסטישער געדאַנק האָט געהאַט טיפע וואָרצלען. דאַן האָבן זיך אויפדאָסניי אָרגאַניזירט די יונגע קרייזן פון „צעירי־ציון". ס'זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן פאַר אַרבעטער און יוגנט און עס איז אָנגעפירט געוואָרן אַ קאַמף פאַר העברעאישן לערן־וועזן אין די שולן. ס'איז ווידער געגרינדעט געוואָרן דער בית־הספר המתוקן, וואו אַלע לימודים האָבן זיך געפירט אויף העברעאיש. ס'האָט זיך דעמאָלס אויך געפירט דער שטרייט ביי די וואַלן צו דער דעמאָקראַטישער קהילה און אידישן צוזאַמענפאָר און אויך צו דער אַל־רוסישער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, וואָס איז באַלד צעשטערט געוואָרן דורך דעם באָלשעוויסטישן אָנגריף.

אין דעם פּעריאָד איז כדאי צו באַצייכענען דריי פאַרזאַמלונגען, וועלכע האָבן נאָך זיך איבערגעלאָזט אַ גרויסן רושם.

**א.** דער ציוניסטישער געגנט־צוזאַמענפאָר אין כ'—כ"ב חשון תרע"ח (1918) אין זוועהיל. אין זיין אָרגאַניזירונג האָט אָנטיילגענומען אונזער יונגער קרייז און די מיט־אַרבעטער ביי מעלופּ'ס קאַנטאָר, ווי אויך דער פאָרשטייער פון מרכז, מ. הינדעס. אין צוזאַמענפאָר האָבן זיך באַטייליקט דעלעגאַטן פון אַלע ערטער אין געגנט, וועלכע האָבן פאָרגעשטעלט צוויי ריכטונגען: א. אַרבעטס־פאָלקטימלעכע און אַ מער לינקערע מיט אַ אידישיסטישער ווענדונג. די קאָנפערענץ האָט זיך געצויגן צוויי טעג און ס'זענען אָנגענומען געוואָרן פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע רעזאָלוציעס. אין איר האָבן זיך באַטייליקט: א. מעלופּ, י. פּינעס און די דיכטער י. קרני און יצחק למדן, וועלכער איז דאַן געווען אַ זעלנער און געהערט צו די צעירי־ציון.

**ב.** די הכנות צו דער בוי־אַרבעט אין ארץ־ישראל. באַלד נאָכן צוזאַמענפאָר האָט ה' מעלופּ צונויפגערופן די אָנפירער פון אַלע געזעלשאַפטלעכע. אויך סאָציאַליסטישע און אַסימיליאַטאָרישע קרייזן אין שטאָט און געגענט. אין דעם צוזאַמענטרעף האָט אָנטייל גענומען דער פאָרשטייער פון מרכז און מיטגליד פון רעדאַקציע „ראַזסוויעט" ה' יעקב קלעבאַנאָוו, וועלכער האָט רעפערירט וועגן דער קומענדיקער אויפבויאונגס־אַרבעט אין ארץ־ישראל. דער גרינדלעכער אַל־זייטיקער רעפעראַט האָט אַנטשעקט נייע האָריזאָנטן

פון דער פאַרשטייענדיקער ארבעט וואָס איז ביז איצט נאָך ניט באַוואוסט געווען די אַלע אָנטיילנעמער, און האָט זיי אלעמען באַגייסטערט. אינעם וויכוח, וועלכער האָט זיך געפירט נאָכן רעפעראַט, איז אויך געקומען צו אַ געלונגענעם אויסדרוק דער פאַרשטייער פון דעם „צעירי־ציון”־קרייז. אַ סך האָבן דעמאָלס אָנערקענט דעם ציוניזם אַלס ערשט־קלאַסיקער כוח, וועלכער בויט די אידישע צוקונפט.

ג. און צו לעצטנס, דער באַזוך פון אליעזר קאַפלאַן — שפּעטערדיקער פינאַנץ־מיניסטער אין דער ערשטער ישראל־רעגירונג. ער האָט דאַן אָנטיילגענומען אין פאַרזאַמלונגען פון פאַרשיידענע קרייזן און אויף אַ גרויסן מיטינג אין דער גרויסער שול וואוהין עס זענען געקומען גרויסע מאַסן, וועלכע האָבן אָנגעפילט די שול און די ארומיקע געסלעך. ס'האָט זיך דאַן געפירט די וואַל־קאַמפּאַניע צום אידישן צוזאַמענפאָר ביי אַ שטאַרקן קאַמף מיטן „בונד” און אַסימילירנדיקע קרייזן פון דער „פאָלקס־גרופּע”, וועלכע האָבן אַראָפּ־געבראַכט ל. מ. גאָלדשטין פון פעטראָגראַד. פון די ציוניסטישע טוער האָט דעמאָלס באַזוכט די שטאָט יוליוס בראָצקוס אויך פון פעטראָגראַד. דער גרויסער מיטינג האָט זיך געענדיקט מיט אַ ספּאָנטאַנער מאַניפעסטאַציע און שטורמדיקער זינגעריי פון אלע פארזאמלטע. דאָס איז געווען די לעצטע אידישע מאַנפעסטאַציע פאַר די אָקטאָבער־טעג און בירגער־קריג, וואָס האָבן באַלד געבראַכט דעם גרויסן „תוהו ובוהו”.

דער ערשטער פּאָגראָם אין שטאָט וועלכער האָט באַלד נאָכדעם אויסגעבראָכן, האט זיך אנגעהויבן פרייטיק בייטאג אין אלטן מארק, מיט ראבירן די שטעלן און קלייטן. די איבערראשונג פון פּאָגראָם־אויסברוך איז געווען אַ גרויסער און געבראכט אַ געדריקטע שטימונג אויף אלעמען. די זעלבסטשוץ איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט און נאָר איינצעלנע האָבן זיך איינגעשטעלט ארויסצוגיין אויף דער גאס און העלפן די גערייבירטע. אַ גאַנצן שבת האָבן געווילדעוועט די פויערים פון דער ארומיקע סביבה. אין דער פרי, ווען מיר האָבן געזען, אז פון דער קליינער זעלבסטשוץ וועלן מיר ניט קענעןביישטיין קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע זענען נאָך געווען באשיצט דורך דער פּאָליציי, האָט מען אויף מיר ארויפגעלייגט זיך צו פארבינדן מיט דער לייטונג פון דער זשיטאָמירער זעלבסטשוץ און איך האָב זייענדיק אָנגעטאָן אין מיליטער־קליידער, זיך ארויסגעכאַפּט אין נאָענטן זשיטאָמיר און באַוועגט די אָרטיקע זעלבסטשוץ, וועלכע האָט אויך געהאַט פריערדיקע ידיעות פונעם פּאָגראָם. און האָבן באַלד אָרגאַניזירט א באַוואָפנטן אטריאד אָן דער שפּיץ פון סטודענט טורקאַנאָווסקי. דער אטריאד איז אריין אין שטאָט שבת צונאַכט מיט צוויי לאַסט־אויטאָס, דורכגעפאָרן עטלעכע געסלעך מיט לופט־שיסערייען און האָבן אָנגעוואָרפן א שרעק אויף די פּאָגראַמשציקעס, וועלכע האָבן נאָך ראַבירט. די פּאָליציי האָט אויך דאַן פאַרלאָזט די שמירה אויף זיי און זיי זענען זיך צעלאָפן. אין סך־הכל זענען פאַרברענט געוואָרן דאַן אַלע שטעלן, קלייטן אויף סאָבאָר־נע־גאַס און אויך אַ טייל אויף פאַזאַרנע ביז דער קצבים־שול. ס'איז ניט געווען קיין קרבנות. אין דער זעלבסטשוץ האָבן דעמאָלט גענומען אַ אַקטיוון אָנטייל טולע מארמער, מיכאל גובין, פ. כ״ץ און אויך דער רב קארף, וועלכע האָבן מיט מסירות נפש דערלאנגט הילף די פּאָגראָמירטע.

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָבן די דייטשן פאַרנומען וואָלין און נאָכהער גאַנץ אוק־ראינע און איינגעפירט דעם רעזשים פון סקאראפּאדסקי. אין משך פון דער דייטשער העטמאַן־אָקופּאַציע האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין גאנץ אוקראינע. עס זענען געגרינדעט געוואָרן און האָבן זיך באַפעסטיקט פיל עקאָנאָמישע

און קאאפעראטיווע אנשטאלטן, אין וועלכע ס׳האבן געווירקט הויפטזאכלעך ציוניסטן. ס׳האט זיך אנגעהויבן א פארצווייגטע ארבעט פון די „צעירי־ציון", די „תרבות"־באוועגונג, וועלכע האט געגרינדעט א סך קולטורעלע אנשטאלטן, פאלקס־ און מיטל־שולן, אוונט־קורסן און סעמינארן פאר לערער. אוקראינע האט אין דער צייט אויסגעזען ווי א שטילער אינזל צווישן די ברוטאלע כוואליעס פון דעם בירגער־קריג וואס האט געשטורעמט אין אלע עקן רוסלאנד, אין דער אפענסיווע פון דער רויטער ארמיי קעגן די כוחות פון קאלטשאק, קורנילאוו און דעניקין.

אבער די אויבערפלעכלעכע שטילקייט איז גיך אריבער מיט דעם רעוואלוציאנערן אויסברוך אין דייטשלאנד און פאלן פון דער דייטשער מאכט אין אוקראינע. ס׳האט זיך אנגעהויבן א נייע כוואליע פון גרויזאמע פאגראמען אין דעם רוב אלטגעזעסענע אידישע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זענען איבערגעגאנגען אין די קעמפן פון רויטן־מיליטער מיט פעטליורעס באנדעס, פון האנט־צו־האנט.

אין יענע טעג האבן אויסגעבראכן א רייע פאגראמען אין אונזער זוויהיל דורך פעטל־יורע־באנדעס, מיט דער אקטיווער הילף פון די ארטיקע אוקראינער און פאליאקן, וועלכע האבן גוט געקענט די אלע געסלעך און די אידן פון דער שטאט און ס- בה. זיי האבן געטאן זייער שחיטה־מעשים מיט א בעסטיאלער פרייד און גוט אויסגעארבעטן פלאן. זיי האבן פארטריבן דאס רויטע מיליטער (יוני 1919) אויף דער צווייטער זייט סלוטש, צונויפגע־זאמלט פון די הייזער פיל מענער — אויף דער געהויפט־וואכטע ביי דער פראוואסלאווונער קירכע און זיי געפירט אונטערן בריק אויף זשיטאמירער גאס, און דארטן זיי אויסגעהרגעט. די שחיטה האט זיך געצויגן 10 טעג.

די באלשעוויקעס וואס זענען געשטאנען ביי דער אנדערער זייט פון סלוטש האבן דאן באמערקט דאס אנקומען פון נייעם פעטליורע־מיליטער און זעענדיק, אז די אידן וואס האבן ניט געהאט קיין אנדער ברירה, האבן זיי באגעגנט, האבן זיי באשאסן די שטאט מיט אנצינדנדיקע באמבעס, וועלכע זענען געפאלן אין די צענטראלע געסער און זיי פארברענט. דאס ביסל אידן, וואס זענען נאך געווען אין שטאט, זעענדיק ווי די גאנצע שטאט פלאקערט אין א העליש פייער, זענען געלאפן אויפן וועג קיין קארעץ צום זייט פון שטעטל יארון. אין דער צייט האבן זיך באוויזן העלדישע מעשים פון מסירות נפש צו ראטע־ווען די ספרי־תורות ביי דער דערבייאיקער ברענענדער טשערנאבילער שול. אויספירלעכע פרטים וועגן דער תקופה ווערן איבערגעגעבן באזונדער אין דעם בוך.

ווען די שריפה האט זיך געענדיקט, האט זיך נאכמער געשטארקט די סאדיסטישע רציחה ביי די פאגראמטשיקעס, וועלכע האבן ארומגעזוכט קרבנות פון די פארבאהאלטענע אידן. אין די פאגראמען זענען אומגעקומען ביי 1,200 אידן אין שטאט און נאך 600 אין דער נאענטער סביבה. אין חשון תר"פ (סעפטעמבער 1919) האבן די פאליאקן פארנומען די שטאט און ס׳האט זיך אנגעהויבן א גרויסע טיפוס־מגיפה, וועלכע האט פארניכטעט ביי 1,000 נפשות. די געשטארבענע פלעגט מען צונויפוואַרפן אויף די וועגענער, אפט אין קליינע טאטשקעס, און זיי באהאלטן אן תכריכים אין ברידער־קברים אן א מצבה.

איך בין אין דער צייט געווען אין קיעוו וואו ס׳האט זיך געצויגן אפארמאנענטער פאגראם דורך די דעניקינשע באנדעס און האב זיך אומגעקערט ענדע זומער 1920 א צו־בראכענער בלב ונפש אין מיין אלטער היים, קיין זוויהיל. איך האב זי געפונען א פארברענטע, ראבירטע מיט א קליינעם טייל געבליבענע יידן. פארלאזענע, קינדער־יתומים אין בית־

היתומים. ביי די איבערגעבליבענע האָט געהערשט א יאוש שטימונג, אָן איניציאַטיוו צו נעמען זיך בויען ווייטער און אויפשטעלן א ניי לעבן. אָבער ווי געוויינלעך האָט זיך דאָס לעבן געשטאַרקט און יעדער האָט געמוזט זוכן ביי וואָס זיך אָנצוהאַלטן.

מיטן באַפעסטיקן זיך פון דער פוילישער מאַכט האָט באַלד דערגרייכט הילף פון וואַר־שאַווער הילפס־קאָמיטעט און באלד נאכער אין א פיל גרעסערער מאָס פון דזש׳וינט: שפּייז־פּראָדוקטן, קליידונג און גרעסערע סומען געלט. נאָך דער איניציאַטיוו פון די אָרטיגע עסקנים און דזש׳וינט טוער האָט זיך געגרינדעט עטלעכע פאָלקס־קיכן, 3 יתומים־האָט אויסגעפירט אלע הילפס־ארבעטן: געגרינדעט עטלעכע פאָלקס־קיכן, 3 יתומים־הייזער, אַ שפּיטאָל און קאָנסום־קלייטן וואו מ׳האָט פאַרטיילט די שפּייז פּראָדוקטן און קליידונג וועלכע מ׳האָט באַקומען פון דזשוינט. די דרינגענדיקע הילף האָט ממש מציל געווען דאָס לעבן פון די רואינירטע איבערגעבליבענע. באַזונדערס אין די חדשים פון דער טיפוס־מגפה וועלכע האָט פארכאַפּט אלע עקן שטאָט און פארניכטעט הונדערטער נפשות וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די רואינירטע הייזער און אויף די גאַסן. די געשטאָרבענע, צווישן זיי געשוואָלענע פון הונגער און נויט, פלעגט מען צונויפקלייבן אין די צענדלי־קער און אויפוואַלגערן אויף די האַנד־טאַטשקעס און זיי שלעפּן נאַקעטערהייט אין בית־הקברות און זיי באהאלטן אין ברידער קברים.

אין דעם הילפס־קאָמיטעט האָט זיך כסדר געפירט א האַסטיגער שטרייט צווישן די אַלטע פילאַנטראָפּישע טוער ייעלכע האָבן זיך באַנוגנט מיט טיילווייזע רחמים־הילף אויף צודערהאַלטן דאָס חיות, און אַ קאָנסטרוקטיווער טייל וועלכער האָט געשטרעבט צו ווידער־קאָנסטרואירן די געליטענע און זיי העלפן זיך צו באַשעפטיגן אויף זייער אייגע־נער ארבעט אין פארשיידענע פאַכן.

ביי מיין אומקערן האָב איך זיך אָנגעכאַפּט ביי דאָס בית היתומים וואָס איז אויפגע־האַלטן געוואָרן דורך דעם ציוניסטיש־העברעאישן קרייז, האָט זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון אונזערע יונגע חברים.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט ביי דעם בית־יתומים, וועלכער איז נאָך דאַן ניט עוואַקואירט געוואָרן — מיט אַ שטאַרקן ווילן זיי צו העלפן זיך ארויסרייסן פון דאַנען און זיי ברענגען קיין ארץ־ישראל. דערווייל האָט מען גענדאַרפט זאָרגן פאר די טעגלעכע באַדערפענישן. ניט־האבנדיק קיין פינאַנציעלע שטיצע פון וועלכן עס איז עקאָנאָמישן אנשטאַלט. מיר פלעגן אַמאָל באַקומען פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג אַ קליינע שטיצע אין דער פאָרם פון שפּייז־פּראָדוקטן, אָבער דאָס איז בכלל ניט געווען גענוג, און דער עיקר, ס׳איז ניט געווען די זיכערהייט אויף מאָרגנדיקן טאָג. נאָך אַ באַראַטונג מיט די חברים האָבן מיר באַשלאָסן אָנצונעמען אלע מיטלען זיך צו פאַרבינדן מיט די אַנשטאַלטן, וואָס געפינען זיך פון יענער זייט גרענעץ.

אין יענער צייט האָבן זיך געפירט פאַרהאַנדלונגען צווישן די שטבן פון פּילסודסקיס מיליטער און דער רויטער ארמיי וועגן אַ וואָפן־שטילשטאַנד, און דער גורל פון דער שטאָט, אַלס גרענעץ־זאָנע, איז געווען אפהענגיק פון די האַנדלונגען. מ׳האָט איבערגעגעבן, אז זוהיל וועט ווערן איבערגעגעבן דער ראַטן־מאַכט און די גרענעץ וועט זיין ניט־ווייט פון דער שטאָט. דערווייל איז קיין גרענעץ ניט געווען און די באַנדעס האָבן געהערשט אַרום. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַז כ׳זאָל פּרוּוון זיך אַדורכרייסן קיין ראָוונע, וואו ס׳איז געווען אַ פעסטע רעגירונג און וואו ס׳האָבן אויך געווירקט די פאַרשטייער פון דזשאינט. און ס׳האָט זיך מיר איינגעגעבן דערגרייכן ראָוונע און זיך פאַר־

בינדן מיט ה׳ גאם, וועלכער איז געשטאַנען בראש פון דזשאָינט. ס׳איז וויכטיק דאָ צו באַצייכענען דעם באַשיידענעם פאָלקסטימלעכן עסקן, וועלכער איז אויך געווען דאַן דער פאָרזיצער פון דער ראָוונער קהילה. ער איז אויך געווען אַ איבערגעגעבענער ציוניסט. ס׳האָט מיר באַזונדערס גערירט זיין האַנדלונג ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיט אים. כאָטש ער האָט מיר דאַן כלל ניט געקענט און זיין באַלדיקע החלטה, ווען ער האָט געהערט מיין בקשה איז געווען איר באַלד צו דערפילן, כדי ניט צו פאַרשפעטיקן, ביי דער אומקלאָרער צייט, די מעגלעכקייט פון עוואַקואַציע פונעם אַנשטאַלט, און ער האָט מיר אויך געשטאַרקט מיט זיינע גוטע עצות.

איך בין געקומען צומאָרגנס בשלום קיין זוויהיל און פאַרזאַמלט באַלד אונזערע חברים און קרובים פון די יתומים און איבערגעגעבן, אַז מיר קענען און מוזן באַלד זיך עוואַקואירן מיט אַלע קינדער. אין דעם טאָג האָבן מיר אויך באַקומען אַ ידיעה, אַז ס׳איז שוין באַשטימט געוואָרן די רוסיש־פוילישע גרענעץ און אַז אונזער שטאָט וועט זיין אין דער סאָוועטישער זאָנע. מיר האָבן באַשלאָסן באַלד אָפּפאָרן.

דער מצב האָט דערוועקט אין אונז פיל ענערגיע זיך צו שטאַרקן אויף אַלע שטערונגען, צו באַקומען וועגענער פון די ארומיקע פויערים פאַר איבערפירן אונז ביז דער גרענעץ און באַצאָלט זיי וויפל זיי האָבן געוואָלט. אַ טאָג פאַר אונזער אָפּפאָרן האָט דאָס פוילישע מיליטער פאַרלאָזט די שטאָט. צומאָרגנס ביינאַכט האָבן מיר אָפּגערייזט. די קינדער (ביי 35) האָבן מיר אויפגעזעצט אויף די וועגענער, וועלכע זענען געווען אָנגעפילט מיט קליינעם אינווענטאַר און אַלטע מלבושים, וועלכע מיר האָבן ניט געוואָלט לאָזן, ווייסנדיק, אַז קיין אַנדערע וועלן מיר אזוי גיך ניט קריגן. ס׳איז געגאַנגען אַ געדיכטער טריבער רעגן, וועלכער האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט. ס׳האָבן אונז באַגלייט דער געווייין פון די קרובים פון די קינדער און אונזער חלוצים־חבורה, וועלכע האָבן אָפּגערייזט מיט אונז קיין ארץ־ישראל (ביי 20 חברים), און זיינען געגאַנגען האַרט ביי די וועגענער צופוס. און דאָ האָבן די פויערים, אָפּפאָרנדיק עטלעכע ווערסט, זיך אָפּגעשטעלט און געפאָדערט אַ גרעסערן אָפּצאָל און מיר האָבן, באין ברירה, געמוזט זיי געבן אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט, אבי צודערגרייכן דעם גרענעץ. ס׳איז געוואָרן טאָג ווען מיר האָבן דערגרייכט די פוילישע וואַך. דער רעגן וואָס איז געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט האָט אויפגעהערט, נאָר אַ קאַלטע ציטערניש האָט אונז ארומגענומען. מיר האָבן נאָך מער געציטערט פאַר די קליינע פיצלעך קינדער. די פאַרהאַנדלונגען מיט די פּאָליאַקן האָט געדויערט עטלעכע שעה ביז זיי האָבן איינגעשטימט צו נעמען אַ גוטע סומע און עפענען דעם איבערגאַנג. מיר האָבן דערגרייכט קיין קאָרעץ — דאָס ערשטע שטעטל, אין וועלכן ס׳האָט געוועלטיקט די פוילישע מאַכט. אין איר איז נאָך דאַן ניט געווען קיין פאָרשטייער פון דזשאָינט און מיר האָבן זיך אַ סך געמיט ביז מיר האָבן געקראָגן אַ צייטווייליקע וואוינונג פאר אונז אַלע. אין קאָרעץ האָבן אונז אַ סך געהאָלפן די ציוניסטישע טוער, נאָר די בעסטע שטיצע האָבן מיר באַקומען אין דער אייגענער חלוצים־חבורה וועלכע האָבן זיך באַלד איינגעשפאַנט און אָרגאַניזירט אַ קאָמונאַלן אַרטעל און האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אַלע פיזישע אַרבעט ווי האַקן האָלץ, טראָגן משאות און מיט די פאַרדינסטן אויסגעהאַלטן די ערשטע וואָכן דעם בית־יתומים. דער ארבעטס־גייסט און די פיזישע ארבעט האָט אונז געשטאַרקט, אָנגעפילט מיט פרייד, מיר האָבן זיך דאָרט באַגעגנט מיט די זוויהילער, וועלכע זענען פריער געקומען. צווישן זיי איז אויך געווען דער „עילוי״,

וועלכער איז געווען זייער דערשלאָגן און האָט געוואָרט אויף זיינע קינדער, וועלכע זענען געקומען שפּעטער מיט אַ טאָג פון אונז.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן מיר זיך פאַרבונדן אין ראָוונע מיט ה׳ גאם און אַ דאַנק זיין הילף, מיט דער שטיצע פון די איבריקע עסקנים, האָט דער דזשאָינט מסכים געווען ארייננעמען די קינדער אין שטאַטישן בית־יתומים פון דזשאָינט אין ראָוונע. אין קאָרעץ האָבן מיר געזאַמט נאָר עטלעכע וואָכן, ביז מיר האָבן איבערגעפירט און איינגעאָרדנט די קינדער אין אנשטאלט, עטלעכע טעג פאר די חנוכה־חגיגות.

עטלעכע טעג נאָך אונזער אפּפאָרן פון זוהיל האָט איבערגענומען די מאַכט אין שטאָט אַ ראַטן־מיליטער־אָפּטיילונג און איר אפּגעריסן אינגאַנצן פון אונז. מיר זענען דאַן אלע איבערגעפאָרן קיין ראָוונע, כדי צו זיין נאָענט צו די קינדער. דאָרטן איז אויך געווען גרינגער צו דערגרייכן סערטיפיקאַטן קיין ארץ־ישראל. מיר אלע האָבן ווייטער געארבעט ביי די דערמאָנטע פיזישע ארבעטן.

אין אָנהויב פון 1920 ווען די שטאָט איז אריבער אין שטח פון ראַטנפארבאנד זענען מיר אָפּגעריסן געוואָרן אין גאַנצן פון די איבערגעבלעבענע דאָרט יידן און האָבן מיט זיי, די גאַנצע צייט, ניט געהאָט קיין שום פארקער. פון די ידיעות וואָס ווערן איצט איבערגעגעבן איז אונז באוואוסט, אַז נאָך אין אָנהויב פון נאַצישן־אנגריף אויף ראַטנ־פארבאנד און די ברייטע שטחים פון וואָלין האָבן פיל יידן געפּרוווט לויפן מאַסנווייז אויפן וועג קיין זשיטאָמיר־קיעוו מיטן ווילן דערגרייכן די גרויסע שטחים פון ווייס רוסלאַנד, נאָר די נאַצישע באַנדעס האָבן זיי אויפגעכאַפּט און מיט גוואלט אומגעקערט אין זוהיל און זיי מאַסענווייז פארניכטעט, באַגראָבן זיי לעבעדיקערהייט אין פון זיי אליין צוגעגרייטע קברים.

ווילדע חיות האָבן זיי דערגרייכט בלאָנזענדיק אין די וועלדער, וואלדטיפּנישן און געריסן פון זיי שטיקער לעבעדיקערהייט און צעשפּרייט זייערעביינער, אברים אברים, אין די טמא׳דיקע פעלדער.

ווי אזוי זענט איר אומגעקומען — איר איידעלע גייסטער און פארווייטיקטע גופים?! ווי שרעקלעך האָבן זיי פארטיליקט די שיינהייט פון אייער פיל־ארטיקע מעשים וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען פון רייכן נשמה־גייסט!! אייער הייליקער גייסט וועט תמיד באַלייכטן ביי אונז אייער אָנדענק!! ד׳ י נ ק ו ם א ת ד מ כ ם!!

***

ס׳איז אויך וויכטיק דאָ צו באצייכענען די ווייטערע ארבעט פון אונזער חלוצים־חבורה אויף פארשיידענע חלוצישע געביטן.

מיר האָבן זיך דערוויל ווי איינגעבירגערט אין ראָוונע און האָבן זיך באמיט צו באַקומען די סערטיפיקאַטן און פארשנעלערן דאָס איבערפירן די יתומים קיין ארץ־ישראל. און פון ארץ־ישראל־אַמט האָבן מיר באַקומען די גאַנצע צייט נעגאַטיווע תשובות. פון ארץ־ישראל זענען דאַן, אין די טעג פון תל־חי, געקומען אַלץ ערגערע ידיעות און זיי האָבן נאָך מער געשטאַרקט אונזער רייץ פאַר ארץ־ישראל און מיר האָבן באַשטימט איבער־צופאָרן קיין וואַרשע, כדי צו פאַרשטאַרקן אונזער דרוק אויפן ארץ־ישראל־אַמט צו פאַר־גיכערן אונזער עליה.

אין מיטן ווינטער תרפ״א (1921) איז אַ טייל פון אונזערע חברים אָפּגעפאָרן קיין



קבוצת החלוצים הראשונה עם מר ז. כ״ץ, שליח היא״ס בדטרויט — רובנה, 1920

די ערשטע גרופּע חלוצים מיט ה׳ ז. כ״ץ, שליח פון היא״ס, ראָוונע, 1920

וואַרשע און דאָרט ווידער געאַרבעט ווי פריער. צוויי האָבן געאַרבעט אין ארץ־ישראל־אַמט און באַקומענדיק, אַנהויב פרילינג, די סערטיפיקאַטן, זענען אויך די איבעריקע חברים געקומען קיין וואַרשע. מיר האָבן אויך באַקומען פון דער צענטראַלע פון דזשאָינט אַ צוזאָג, אַז זיי וועלן ביי דער ערשטער מעגלעכקייט איבערפירן אונזערע קינדער קיין ארץ־ישראל. זיי זענען דערווייל געבליבן אין בית־יתומים אין ראָוונע, ווייל מיר האָבן ניט געוואָלט ריזיקירן זיי ארויס צונעמען פון אַנשטאַלט אין וועלכן זיי האָבן באַקומען אַלע באַדערפענישן און זיך דאָרט גוט געפילט.

אַנהויב ניסן תרפ״א (אַפּריל 1921) האָבן מיר פאַרלאָזט וואַרשע קיין טריעסט. געקומען קיין יפו. א טייל פון אונז עטליכע טעג פאַר פסח און א טייל ערב פסח. אין עט־לעכע טעג ארום, אסרו־חג (1־טן מאי) איז אויסגעבראָכן דער פּאָגראָם אין יפו, אין וועלכן ס׳זענען געהרגעט געוואָרן אַ צענדליק עולים (צווישן זיי עטליכע פון אונזערע שיפס־חברים) און י. ח. ברענער. אונזער שיף איז געווען די לעצטע פאַרן פאַרמאַכן די עליה. די קומענדיקע שיף, וועלכע איז אַרויס נאָך אונז, איז שוין פאַרהאַלטן געוואָרן נאָך דער אינסטרוקציע פון נציב סמואל — „סטאָפּ־עמיגריישן״.

אונזער חבורה האָט זיך צעשפּרייט אין פערשיידענע ערטער. די מערהייט איז אריין אין „גדוד העבודה״ ביי זיין אַנהויב עליה אויף דעם באָדן אין עין־חרוד און זיין אָפּטיילונג אין ירושלים. זיי זענען געווען צווישן די וועלכע האָבן געלייגט דעם יסוד פון דער גרויסער קבוצה־זידלונג באַלד נאָך דער ערשטער מלחמה. פון די ערשטע שטיינהאַקער אין ירושלים. דורך דעם סולל בונה. עטלעכע פון אונז זענען אריין אין לערער־סעמינאַר אין ירושלים, אונטער דער אַנפירונג פון דוד יעלין און געוואָרן די שאַפער פון דעם פאָלקס־חינוך אין ישראל. ס׳איז ניט געווען קיין איין חלוצישע אונטערנעמונג אין לאַנד, אין וועלכער אונזער חבורה האָט ניט גענומען קיין אַקטיוון אַנטייל.

ווען מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישראל איז געווען אַ אַנגעשטרענגטע שטימונג. אין אַלע עקן לאַנד האָבן דאַן אויסגעבראָכן פּאָגראָמען. דער ישוב איז דאַן געווען קליין און צעשפּרייט. ס׳איז געווען אַ געדריקטע שטימונג נאָכן אָפּשטעלן די עליה. ס׳האָט זיך פאַר־אויסגעזען אויך אַ שווערער עקאָנאָמישער קריזיס. אָבער ערשט דאַן האָבן מיר זיך דערקונדיקט דעם טיפן אונטערשייד פון דער געדריקטער שטימונג דא — ביז די געוויינ־לעכע שרעק פאַר פּאָגראָמען אין גלות. אַלע זענען דאָ געווען גרייט זיך אַנקעגנשטעלן די אָנפאַלער. קיינער האָט זיך ניט באַהאַלטן. אַלע האָבן שטאָלץ געקעמפט אין דער „הגנה״ און צווישן זיי אויך אונזערע חברים. זיי האָבן זיך באַלד איינגעשלאָסן צווישן אַנדערע אויף אַלע מסוכנע ערטער.

אין אַ קליינער צייט אַרום, בלויז אַ פּאָר יאָר, זענען אויך אונזערע קינדער געבראַכט געוואָרן דורך דעם אַלטן טרוימער פון די גרינדער פון „ביל״ו״, ה׳ חנקין, קיין ארץ־ישראל און זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אין דער מוסטערשולע אין גבעת המורה. די צענטראַלע פון דזשאָינט האָט מקיים געווען זייער הבטחה. און אונזער צווייטער חלום איז אויך מקוים געוואָרן.

ד״ר יעקב לוי

# זוויהל און איר נאָענטע סביבה

אנדענק דער לויטערער קלאָרע נשמה פון
שרה בת ר׳ יואל שדה־לבן וועלכע איז איינ־
זאַם אוועק פון אונז אין דער פערמד.

ברענגסטו אויף דיינע זכרונות פון דער גרויסער קהילה אין זוויהל — מוזסטו זיך דערמאָנען אין אירע פולע אַרומיקע צווייגן, קליינע קהילות און אויך אין די איינצעלנע איינזאַמע אידישע הייזער צעשפּרייט איבער די דערפער און איינגעזונקענע אין גרויסן גויאישן ים, וועלכער איז אויף דעם אויסערן אויבערפלאַך שטיל און רואיק אָבער אין דער טיפעניש, פול מיט אייביקער פיינדשאַפט — די שנאה פון עשו צו יעקב׳ן.

אָט דער ים, וואָס פון אים האָט געצויגן חיונה די גאַנצע אידישע קהילה, גלייך און אומדירעקט, דורך פאַרשיידענע רערן: תבואה־ און פּרוכט־הענדלער, וועלכע וואַרטן אַ גאַנץ יאָר אויף דעם הערבסט־סעזאָן. דאַן קומען זיי און קאָנקורירן צווישן זיך, פאַרן פויער, דעם „בעל־גוף״, וואָס פאַרמאָגט די פעלדער. הענדלער פון קליינע און גרויסע קי — פאַר פלייש און מילך; אַגענטן פון זינגער־מאַשינעס, וועלכע וואַנדערן איבער די דערפער און זייער אויג פאַרשט דורך יעדער שיין הויז: פון דעם גלח, שליאַכטיטש, רייכן פויער, אידיש פאַרמעגלעכן — זיי צו פאַרקויפן אַ ניי־מאַשין מיט ראַטן־אויסצאָ־לונגען; אָדער וואַנדערנדיקע פעדלער, וועלכע האָבן באַזוכט די דערפער, צופוס, אָדער מיט אַ קליין וועגעלע איינגעשפּאַנט מיט אַ אַלטן דאַרן פערדל, און האָבן געבראַכט פון שטאָט וואָלוועלע גאַלאַנטעריי־סחורות און באַקומען פאַר זיי שפּייז־פּראָדוקטן: אייער, חזיר־האָר, הינער, קאַרטאָפל א. ד. ג.

פיל דאָרפסלייט האָבן אַליין געבראַכט אין שטאָט אַריין פון די פעלדער פּרוכט, מיט דער האָפענונג זיי דאָרט בעסער צו פאַרקויפן און קויפן פאַר זיך וואָס מען דאַרף. יעדן פרימאָרגן, מיט זון־אויפגאַנג פלעגן אין שטאָט־אַריינגאַנג זיי באַגעגענען אידן, מענער און פרויען, און אָנפאַלן אויף יעדע גויאישער פור — ווילנדיק פאַרכאַפּן קויפן עפּעס, איידער די פור וועט דערגרייכן קומען אין שטאָט אַריין.

אָבער די וויכטיקע פאַרמיטלער, וואָס דורך זיי פלעגט זיך פירן דער עיקר האַנדל צווישן דאָרף און שטאָט — זענען געווען די אידישע ישוב׳ניקעס, וועלכע האָבן געוואוינט אין די דערפער. זיי זענען געווען די וויכטיקסטע פאַרמיטלער צווישן די גויים און אידן, זיי האָבן געוואוסט מער פון די שטאָטישע אידן דעם שטייגער פון גוי, זיך געקענט מיט אים בעסער צונויפרעדן אין זייער שפּראַך. זיי זענען אויך געווען מער באַגלייבט ביי די פּויערים ווי די שטעטישע אידן. ביים אידן אין דאָרף איז געווען אַ קליינע קלייט וואו ס׳האָט זיך געפונען אַלץ פאַרן פויערשן באַדאַרף: מעל, צוקער, צוקערקעס, ביז מאַנופאַקטורישע סחורות (וואָלוועלע געוואַנטן און קאָפּ־טוכן), פאַרשיידענע קוך־געשיר און שטוב־זאַכן (בוימל, זייף, נאַפט, פעדים, נאָדלען), בוי־מאַטעריאַלן אין פאַרשיידענע פאַרבן, צוועקעס, שטריק און אפילו פּשוטע הייל־מעדיקאַמענטן א. ד. ג. און אַלס אין צימער, אין קאַסטנס און זעק, גלעזער אָן אַ צאָל, וועלכע זענען געווען אָנגעוואָרפן איינס אויפן צווייטן. דאָרט זענען געווען אָנגעוואָרפן, הויפנווייז, די אַלע זאַכן, וואָס די קויפער האָבן געבראַכט פאַר געלט.

איינמאָל אין וואָך שטייט דער איד און צעטיילט דאָס אַלץ אין די קאַסטנס, פעסער, זעק, און נעמט אויך מיט זיך ליידיקע כלים און פאָרט אין „שטאָט אַריין״ (דאָס הייסט קיין זוויהיל), וועלכע איז געווען זייער צענטראַלע שטאָט, און זייער גאַנץ לעבן איז געווען אָפּהענגיק פון איר ניט פון מאַטעריעלן צושטאַנד, נאָר אויך אַזוי ווי אַ פּיצל קינד איז אָפּהענגיק אין זיין מוטער, וואָס באַקומט פון איר און ציט פון איר זיין גאַנץ לעבענס־באַדאַרף.

אַ באַזונדער תענוג איז געווען דאָס פאָרן אין שטאָט אַריין פאַר דער גאַנצער משפחה אין דאָרף — גרויסע ווי קליינע. מ׳איז געפאָרן, געוויינטלעך, ברענגען „סחורות״, אָבער אין דער אמת׳ן „כדי זיך צו זען מיט מענטשן״, ארויסרייסן זיך אויף איין טאָג פון דער „חזיר׳שע סביבה״ (דער געוויינטלעכער צונאָמען פאַר די ערלים), און פאַרזוכן אויף עטלעכע שעה אַ ריינע אידישע לופט. די נסיעה אַליין איז ניט געווען גאָר קיין גרינגע. מ׳איז געפאָרן אין דער בלאָטע, אין די ווינטערדיקע טעג, און צווישן רודעס שטויביקן וועג, אין די זומער־טעג. אויך דאָס וואַקלען זיך אין פּשוטן וואָגן אויף די קעסטלעך און פעסער, איז ניט געווען קיין גרויסע הנאה. אָבער ווער האָט געטראַכט פון דעם בעת יעדער דריי פון וואָגן האָט דיר דערנעענטערט צו דער שטאָט. עס זענען אויך געווען קורצע קליינע סטאַנציעס אויפן וועג, וואָס יעדע האָט פאַרשאַפט הנאה, ווייל מ׳איז דורך זיי געקומען אין באַריר מיט אַ אידישן ישוב, און מ׳האָט געפילט אַ קליינעם אויפברויז פון דער שטאָט. די ערשטע סטאַנציע איז געווען דאָס דאָרף ק ר אַ פּ י ו ו נ ע, א קאַצאַפּיש דאָרף, אין וועלכן יעדער באַריר מיט זיי איז געווען אַ שלעכטער און דער דורכפאָר דורך זיי האָט דערוועקט שטענדיק אַ שרעק. אָבער ס׳איז געווען אָנגענעם זיך צו פאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע פאַרן אידישן הויז, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברייטן שאָסיי, נאָענט צו דער רעגירונגס־שקאָלניע. ער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער, בכבודיקער איד, פאַרמאָגט פיל קינדער, און ווען דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט — פלעגן אַלע אַרויסגיין מקבל־

פנים זיין, געפרייט זיך צו זען איינער דעם צווייטן. דער שמועס האָט ניט געדויערט, דער עיקר, אַז מ׳איז אַלע געזונט און פּרנסה „ברוך־השם״, און מ׳פאָרט ווייטער. ניט ווייט פון דאָרף, הויבט זיך אָן דער אויסבראַקירטער שאָסיי, די רייזע ווערט גרינגער און גיכער. די פערד דערוועגן זיך צו לויפן, ווי ס׳ווייזט, ווילן זיי אויך קומען וואָס גיכער אין „שטאָט״ אַריין.

די צווייטע סטאַנציע איז אין דעם קליינעם ישוב ביי דער שטאָט ז י ל אַ נ אַ י אַ ג אָ ר ק אַ (גרין בערגל). אויף דעם היכן בערגל שטייט אַ שיין הויז און אין איר וואוינט אַ פאַרצווייגטע אידישע משפחה. כדי צוקומען צום הויף פון הויז, דאַרף מען אַראָפּגיין פון שאָסיי און זיך ווענדן אַהין באַזונדערס. מיר האָבן ניט קיין געשעפטס־ענינים מיט די איינוואוינער פון הויז, אָבער ווי פאָרט מען פאַרביי אַ אידיש הויז און מען זאָגט ניט קיין שלום? כמעט אַלע באַזיצער פון הויז, אויך דער לערער מיט זיינע תלמידים, גייען אַרויס און רינגלען אַרום דעם וואָגן. מ׳פרעגט זיך אויס וועגן געזונט און פּרנסה. „ברוך־השם״, די פּרנסה איז באמת ניט לעילא ולעילא, אָבער וואָס זיך צו קלאָגן — דער עיקר, אַז מ׳לעבט און מ׳איז געזונט. און נאָך אַזעלכע רייד, אויסגעמישטע מיט אַ סך לשון־קודש־ווערטער און פון חז״ל, מדרשים און אידישע פאָלקסווערטלעך — ווערט גרינגער אויפן האַרצן און מ׳געזעגנט זיך האַרציק און מ׳איילט זיך אין שטאָט אַריין, ס׳איז דאָך נאָך דאָ אַזויפיל אַרבעט, און דער טאָג שטייט ניט.

און נאָך אַ סטאַנציע, די לעצטע, ממש ביים אַריינפאָר אין שטאָט, בסך־הכל 3—2 הייזער, וואָס מ׳רופט זיי „ פּ אַ ר י ז ״ דווקא, און דער איד, וואָס זיצט דאָרט „יונה פאַריזער״ אונזער אַ משפחה־קרוב, האָט ניט, פאַר אייך געדאַכט, קיין קינדער, און מ׳קען דערום ניט דורכפאָרן זיין הויז און ניט זאָגן שלום, און איבערכאַפּן אַ פּאָר ווערטער.

דער וואָגן פאָרט אַריין מיט אַ גרויס געטויש אופן לאַנגן בריק איבערן סלוטש, און מ׳קומט סוף־סוף אין שטאָט אריין. אָט איז די רעשיקע שטאָט, א פולע אידישע וועלט. מ׳גייט פריער אַראָפּ אין דער אַזוי־גערופענער פּוטער־פאַבריק, אַראָפּוואַרפן פון וואָגן דאָס פעסל פּוטער וואָס מ׳האָט צונויפגעזאַמלט איבער דער וואָך. דער ריח פון פאַבריק הערט זיך פון דערווייטנס. דאָרטן קלייבט מען צונויף די פּוטער, וואָס מ׳האָט געבראַכט פון די דערפער. מ׳פאַרזאַלצט זי מיט אַ סך זאַלץ און מ׳לייגט זי אין נייע פעסער — אויף עקספּאָרטירן קיין אויסלאַנד. אין גרויסן זאַל שטייען אידן אין אַ וואַרגנדיקער לופט און הייסער היץ און קנעטן מיט זייערע האַריקע הענט די ווייכע פּוטער. און ס׳טוט באַנק צו זען די שטיקער פּוטער, וועלכע זענען נאָך איינגעלייגט מיט פערגאַמענט־פּאַפּיר, אָדער אין ווייסע קלאָרע זעקעלעך — ווי זיי פאַרלירן איצט זייער שיינע צורה. אמת, די פּוטער איז ניט קיין כשר׳ע, אָבער זי איז דאָך קלאָר און לויטער, ווייס אָדער געלבלעך. באַזונדערס די, וועלכע קומט פון די דייטשע קאָלאָניעס זענען אויסגעפּאַרמירט אין פאַרשיידענע פאָרמען און באַצייכנט שיין. די אַלע שיינע פּעקלעך ווערן פרעך אַריינגעוואָרפן אין דעם גרויסן בויט, פאַרלירן באַלד זייער צורה, פאַרב, און האַריקע הענט קנעטן זיי צונויף און מאַכן פון זיי איין גרויסע שטיק. רבונו־של־עולם, ווי קענען זיי דאָרטן, ווייט אין אויסלאַנד, עסן אַזאַ פּוטער?

סוף־סוף ענדיקט דער טאַטע זיינע חשבונות מיטן אייגנטימער פון פאַבריק, און גייענדיק צום וואָגן דערציילט ער אַ קאָמישע מעשה. דער אייגנטימער באַגלייט אים און

קען זיך ניט איינהאַלטן פון אַ קניפּ טאָן דעם דאָרפישן בחור׳ל און פרעגט אים: נו, שייגעץ, ווייסטו וואָס פאר א פרשה גייט היינטיקע וואָך? — ער באַקומט ניט קיין תשובה. ער וואַרט גאָר אויף איר ניט, אָבער דער טאַטע ווערט אַ ביסל פאַרשעמט און זאָגט: וואָס פרעגסטו אים די פרשה פון וואָך, ער לערנט שוין ברוך־השם דאָס צווייטע יאָר גמרא!

און מען רירט זיך סוף־סוף פון דאָרט און מען דערווייטערט זיך פון דעם שטיקיקן אָרט. ס׳איז ניט זייער אָנגענעם צו זיצן אויבן אויפן וואָגן, אויף די פולע זעק און אויך ליידיקע קאַסטנס — אַזוי ווי אַ האָן — און פאָרן פון קלייט־צו־קלייט, אַראָפּוואַרפן די סחורה און אָנלאָדן אנדערע. ס׳האָט אַ ביסל מיך פארשעמט די דאָזיקע „ישיבה של מעלה״, וואו מ׳האָט מיר אַוועקגעזעצט. באַזונדערס האָבן געררייצט די אָפטע סטאַנציעס אויף יעדן אָרט און די רופערייען צום טאַטן: ר׳ משה נעסעלינער, וואַרט נאָך אַביסל...

הונדערטער מענטשן קענען דעם טאַטן, אַלע שטאָטלייט זענען זיינע פריינט און ווילן כאַפּן מיט אים אַ שמועס. און דער טאַטע קען יעדן זאָגן עפּעס, ניט נאָר „עפּעס״, נאָר אַ גאַנצע דערציילונג דערציילן, אַ משל, אָדער אַ ווערטל. דער טאַטע דערציילט און אַלע האָבן הנאה פון זיין דערציילן. אָבער זיצן אויבן אויפן וואָגן, אויף די זעק און קאַסטנס און וואַרטן ביזן סוף פון דער דערציילונג -– איז ניטאָ קיין גרויסער חשק. — טאַטע, אפשר וועלן מיר פאָרן ווייטער? — יאָ, מיין זין, תיכף, תיכף. נאָר אָט דערמאָנט ער זיך אין נאָך אַ נייער מעשה און יענער וויל זי דווקא אויסהערן. און ס׳ציט זיך אזוי ווייטער.

מיר פאָרן אין דער לענג פון די גאַסן, אויף די צעשלאָגענע בריקן, וועלכע צעטרייס־לען דעם וואָגן און ביינער, אַז די ציינער פאַלן אַזש אַרויס פון מויל, אָבער ווער קוקט אויף דעם? — פאַר דיר איז נאָך דאָ אַ גאַנצער טאָג מיט אַזויפיל איבערלעבונגען. אַ באַזונדערער טאָג איז עס, ווי ס׳ווייזט זיך אויס, דאַכט זיך „חול־המועד״, אָדער אינגאַנצן יום־טוב׳דיקע טעג.

מיט וואָס האָט די שטאָט אַזוי באַצויבערט דאָס דאָרפישע קינד? — געוויס, מ׳קויפט אים דאָרט אַלע מאָל נייע זאַכן, אַ נייע קאַשקעטל, אָדער מ׳באַשטעלט ביים שניידער אַ נייעם בגד. אָבער דאָס טרעפט נאָר איינמאָל אין יאָר, ערב יום־טוב. ניין! דאָ איז געווען בעיקר די ריינע רוחניות׳דיקע הנאה, פון די שיינע זעאונגען און פרישן געדאַנקען־גאַנג. דאָס אידישע קינד האָט, ווי דער עלטערער, אויך פיינט געהאַט דאָס גויאישע דאָרף, אויס זיין איינזאַמקייט צווישן די גויאישע יונגען, וועלכע ער האָט געקענט, אָבער מיט זיי זיך ניט געחברט. אַלע אין זיין היים האָבן זיך באַמיט אים צו דערווייטערן פון זיי. אים אַליין האָט אויך ניט געצויגן צו זיי. די שווערסטע שימף־ווערטער פאַר אים זענען געווען, ווען מ׳האָט אים געזאָגט; ווערסט זיין ווי די „שקצים״, אַ חזיר׳שער פאַסטוך א.ד.ג.,און ווער האָט דען געוואָלט זיין גלייך מיט זיי? — זיין אידעאל האָט ער געזען אין אידישן שטאָטישן קינד, אין זיין אַרט לעבן, רעדן, גאַנג און קליידונג, וואָס האָט זיך מיט עפּעס גייסטיקעס אונטערשיידט פון אים, דעם דאָרפישן. און ער זיצט אזוי אויפן וואָגן און קוקט זיך איין אין די קינדערלעך, וועלכע שפּאַצירן פריי איבער די גאַסן. קלענערע פון זיי אין חדר און גרעסערע אין דער „ישיבה״. ער דערקענט שוין זיי פונאַנדער־צוטיילן און אין זיין האַרץ אַ פארנעפּלטע תפילה: הלואי וואָלט איך שוין געווען צווישן זיי.

דער טאַטע האָט מיר נאָר זעלטן מיטגענומען אין שטאָט אַריין, כדי מיר ניט צו ברענגען צו ביטול־תורה. אָבער פונדעסטוועגן פלעג איך אַלע חודש מיטפאָרן מיט דער מאַמען, צו זיין איר „שומר״ — פלעגן שמייכלענדיק זאָגן טאַטע־מאַמע. איך האָב גאָר

ניט אַזוי גוט פֿאַרשטאַנען דעם מיין פֿון דעם וואָרט, און איך האָב אים אָנגענומען פּשוט: ווייל דער קוטשער פֿון די פֿערד איז געווען אַ געדונגענער גוי און ער איז חשוד געווען אַלס גנב, וועלכן מ׳באַדאַרף היטן, כּדי ער זאָל עפּעס ניט אַראָפּלאָזן פֿון דער סחורה צו זיך אין טאַש אַריין.

די מאַמע פֿלעגט ניט קיין סך האַנדלען אין שטאָט און מיר האָבן ניט געמוזט זיך טראָגן שטאַרק איבער די קלייטן — ווי ס׳איז געווײַנטלעך ביי די רייזעס מיטן טאַטן. נאָר אַמאָל פֿלעגט זיך הערן אונטער אונז אַ רוף: ר׳ משה נעסעלינער׳ס פֿרוי פֿאָרט — ווייזט זיך אַרויס, אַז איינער פֿון די סוחרים אָדער פֿון די קרעמערס וויל עפּעס איבערגעבן אָדער פֿאַרלייגן פֿאַרן טאַטן און די מאַמע פּטר׳ט זיי אָפּ מיט עטלעכע ווער־טער און מיר פֿאָרן ווייטער. און נאָך אַ זאַך: איך האָב פֿאַר דער מאַמען ניט אַזוי מורא — און דערלויב זיך אַרומצושפּאַצירן פֿריי איבער די גאַסן. נאָר איין זאַך האָב איך ניט ליב ביי די נסיעות מיט איר: אָט זאָגט זי מיר בלייבן היטן ביים וואָגן, איך דאַרף אויף אַ ווילע צוגיין אין אַ אָרט — און זי רוקט זיך אַוועק און ווערט פֿאַרהוילן פֿון מיר און איך וואַרט אויף איר אַ גאַנצע אייביקייט און אַז זי קערט זיך אום, איז איר פּנים פֿאַרפֿלאַמט און פֿאַרשוויצט.

— וואו ביזסטו געווען די גאַנצע צייט, און וואָס שוויצסטו אַזוי?

— איך בין געווען אויף אַן אָרט, וואָס אַרט עס דיר? — און איילט זיך פֿאָרן אַהיים. די צייט איז שוין שפּעט.

איינמאָל זע איך איר ווי זי האָט זיך אַרויסגערוקט פֿון מיר און איילט זיך גיין אין דער „נידער" און איך פֿאַרשטיי ניט: צו וואָס? — דאָרטן זענען דאָך ניטאָ קיין קלייטן איז געשעפֿטן. צום סוף האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זי לויפֿט אין „באָד" אַריין. און איך פֿאַרשטיי ווייטער ניט צו וואָס באַהאַלט זי דאָס? — און אויף וואָס דאַרף מען צוליב דעם פֿאָרן אין שטאָט אַריין; קען מען דען זיך ניט גוט אַרומוואַשן אין דער היים. וואו מיר טוען דאָס אַלע?

מיין מוטער איז אַ קראַנקע פֿרוי, קראַנק אויף אַסטמאַ און אַז זי דאַרף אַראָפּגיין פֿון דער „נידער" אָטעמט זיך איר שווער, איר פּנים פֿלאַמט און זי איילט זיך און באַהאַלט זיך אויס צו באַגעגענען מיט באַקאַנטע, גלייך ווי זיי אַלע קוקן אויף איר מיט נייגעריקייט און פֿאַרשטייען צוליב וואָס זי איז געקומען אין שטאָט. מער האָט איר ניט דערצאָרנט ווי אַ פּלוצלעכער רוף אונטער איר: זייט מוחל — וואַרט נאָר אויף איין מינוט!

איצט נאָך אַזוי פֿיל יאָרן, זע איך אַביסל צוריק די זאַך — און אַ גרויסע ליבע ווי אויך רעספּעקט דערוועקט זיך אין מיר צו דער ריינער לויטערער פּשטות פֿון דער כּשר׳ער אידענע, וועלכע האָט זיך געטרייסלט אַזאַ שווערן וועג, זומער אוןווינטער אין היץ און קעלט, ניט צוליב קויפֿן צירונג, אָדער קליידער, צוליב האַנדל אָדער פֿאַרברענגען — נאָר כּדי צו מקיים זיין די „הלכות נשים". איך בין דאַן אַ קינד געווען און דאָס ניט פֿאַר־שטאַנען און האָב געצאָרנט אויף איר איילעניש צו פֿאָרן אַהיים. און מיר כאַפּט איצט אַרום אַן אינערלעכער טרויער אַזוי ווי מ׳גייט איבער פֿון יום־טוב׳דיקער שטימונג צו דער וואָכיקייט.

ווירקלעך, אַלס אַ איד איז יעדער פֿון אונז געווען פֿאַרבונדן מיט זוויהל, פֿון גע־בוירן אַן ביזן לעצטן טאָג. און צווישן די צוויי עקסטרעמען זענען פֿאַרהאַן אין לעבן פֿאַרשיידענע מיטעלע סטאַנציעס, וואָס אין אַלע דערפֿילט זוויהל וויכטיקע אויפֿגאַבעס:

קינדער־דערציאונג, פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן, יום־טוב ענינים א. ד. ג.; ווער קען זיי אַלע אויסרעכענען?

אַט וואַקסן, ברוך־השם, זין און מ׳באַדאַרף זיי מאַכן פאַר כשרע אידן. מ׳קען זיי דאָך ניט איבערלאָזן, אַז זיי זאָלן ניט לערנען און בלייבן „גויים״ — דאַרף מען אין שטאָט פאָרן זוכן אַ לערער. צוויי מאָל אין יאָר, „זמנים־צייט״, נאָך פסח און סוכות — פאָרט מען אין שטאָט אַריין — אויב דער פריערדיקער לערער איז ניט געבליבן אויף נאָך אַ זמן — צו באַזאָרגן אַ נייעם לערער.

די שול־גאַס אין זוהיל רעשט מיט מענטשן. אַ סך „בחורים׳לעך״, יונגע און אַלטע, פאַרהייראַטע און אומפאַרהייראַטע, קלייבן זיך אַרום דעם גרויסן בית־המדרש. אַלע זוכן זיך אַ קאַנדיציע אין איינעם פון די דערפער. אַהין קומען אויך די דאָרפישע אידן צו באַ־קומען פאַר זייערע קינדער אַ גוטען „מחנך״. דאָרט דרייען זיך אַרום אויך מעקלער, שדכנים, וועלכע באַמיען זיך פאַרבינדן ביידע צדדים.

מ׳אַמפּערט זיך וועגן די תנאים, מ׳שטייט אויפן מקח, און אַמאָל ציט זיך לאַנג דער מקח, ווי ס׳פירט זיך ביי אידן־סוחרים. דער קאַנדידאַט אויף א לערער וויל דייטליך וויסן: די טבע פונעם דאָרפישן אידן, אין וועלכן הויז ער וועט דאַרפן זיצן אַ האַלב יאָר. אַ סתם דאָרפישער איד רעכנט זיך פאַר אַ גראָבן־מענטשן, אַן עם־הארץ, און מ׳דאַרף אים פריער גוט באַקלערן — און אויך דער דאָרפס־איד וויל, פאַרשטענדלעך, אויך וויסן: צי דער בחור איז אַ וואוילער, אַ בן־טובים, אַ גוט־לערנער, און דער עיקר אויב ער וועט קענען געוועלטיקן אויף די ווילדע קינדער, וועלכע ס׳גלוסט זיך ניט אַזוי שטאַרק לערנען, און ער וויל אויך, דער דאָרפישער איד, זיך דערקונדיקן וועגן דעם בחור און אַמאָל דער־גייט עס צו אַ מין פעדאַגאָגישער־פּריוו. מ׳געפינט אַ קליין קינד און מ׳פאַררעדט אים מיט אַ צוקערקע, ער זאָל זיך זעצן ביים טיש לערנען אין סדור — און דער לערער קאַנדי־דאַט גיט פאַר אים אַ מין „שעור לדוגמא״.

איך דערמאָן זיך, ווי ביי מיר זעלבסט האָט עס געטראָפן. איך בין שוין געווען באַלד בר־מצוה און האָב שוין געלערנט אין דער ישיבה ביי צוווייטן טיש, האָב שוין געלערנט גמרא מיט תוספות, אמת מיט אַ חבר — ווי ס׳האָט זיך דעמאָלט געפירט. אין דער צייט פון „בין־הזמנים״ האָב איך ליב געהאַט שפּאַצירן אין דעם רעש וואָס האָט געהערשט אין בית־המדרש און אַרום אים. אין דער צייט האָט איינער געזוכט אַ קליין אינגל אויף מאַכן אַ פּרווו דעם לערער, און ווייל איך בין געווען קליין און אויסגעזען יונג — האָט מען מיך פאַרנומען און איינגערעדט, אז איך זאָל מסכים זיין זיך פאַרשטעלן אַלס קינד, וואָס לערנט ערשט „עברי״. האָב איך איינגעשטימט, נאָך דעמאָלט ניט פאַרשטאַ־נעו, אַז איך דאַרף דערפילן די אויפגאַבע פון אַ קינד וואָס וויל אַליין ניט לערנען און יעדע זאַך פאַרוקט זיין געדאַנק פון לערנען און לויפט אַמאָל אַוועק אונטערן טיש און אַז ער לייענט שוין יאָ איז מיט שווערקייטן. אַזאַ „אויפגאַבע״ האָב איך געדאַרפט דערפילן כדי צו דערמעגלעכן דעם לערער צו פאַרריכטן און גוט לערנען. איך האָב זיי געוויזן, פאַרקערט מיין גרויס לומדות אין „עברי״. איך האָב אָנגעהויבן לויפן איבער די שורות, אַז דער לערער האָט מיך ניט געקענט דערגרייכן מיט זיין טייטל. פריער האָט מען מיר געלאָזט לייענען אין סידור אָדער מחזור, נאָר דערנאָך האָט מען מיר געפּריווט אין תרגום אונקולוס — און אַן נוצן פאַרן לערער. דער „דרדק״ איז געשפּרונגען איבער די „שורות״ אָן שום אָפּהאַלט און מ׳קען אים ניט פאַרהאַלטן. ביז מ׳האָט אויפגעהערט דעם

נסיון. און איך זאָרג, וואָס — ווי ס'דאַכט זיך מיר — צוליב מיר איז דער בחור געשטראָכלט געוואָרן און ניט באַקומען די קאַנדיציע אין דעם דאָרף.

גרויס איז געווען די צוגרייטעניש פון דאָרף אין שטאָט פאַר יעדן יום־טוב. אין יענע טעג האָב איך באַזונדערט געפילט די אינערלעכע פעדים וואָס האָבן פארבונדן יעדן איד אין די פאַרוואָפנסטע אידישע ווינקעלעך מיט דער גייסטיקער רעזידענץ זיינער. אין יענע טעג האָט יעדער איד געפילט באַזונדערס זיין „אידישקייט" און ס'האָט זיך אויך גע־שטאַרקט די לוסט צו באַהעפטן מיט „כלל־ישראל". אָט דערנענטערן זיך די פסח־דיקע טעג און מ'דאַרף ברענגען מעל אויף מצות, ווין אויף ארבע כוסות, הגדות און חרוסת א. ד. ג. אין די לעצטע טעג פאַר פסח דאַרף מען פאָרן צום רב צו פאַרקויפן דעם חמץ, און ווי גרויס איז די ציטערניש, אז די פסח'דיקע זאַכן זאָלן זיך ניט דערנעענטערן צו די אנ־דערע זאַכן, וואָס ווערן געפירט אין דעם וואָגן — פאַר זייער גויאישער פסחא, וואָס זענען אינגאַנצן „חמץ".

און אַז מען ברענגט שוין די זאַכן אין שטוב אַריין — ווערט רואיקער אין האַרצן. אַלץ אין שטוב איז שוין פסח'דיק, און איצט דערפילט מען נאָר מיט אויסערלעכע זאַכן וואָס מ'ברענגט פון דער שטאָט וואָס אַלץ זאָגט „ריינלעכע אידישקייט".

ס'איז שוין סוף זומער. די פרוכט פון די גערטנער און תבואות פון די פעלדער זענען שוין צונויפגעזאַמלט. די טעג ווערן קירצער און די נעכט לענגער און אַ טרויער פאַר־קלעמט דאָס האַרץ. ס'וועלן אינגיכן קומען די רעגנס, די וועגן וועלן זיך צעשעדיקן, די שטוב־באַדערפענישן אין דער שטאַרקער קעלט וועלן גרעסער ווערן און מ'דאַרף שוין טראַכטן וועגן האָלץ אויף הייצן, וואַרימע ווינטערדיקע קליידער און אריינשטעלן די דאָפּלטע פענצטער, פאַרריכטן דעם דאַך און בכלל די שטוב. די פרנסה וועט אין ווינטער פאַרקלענערט ווערן.

נאָר אויף די אַלע דאגות שטאַרקט זיך איצט די ספּעציפישע ימים־נוראים'דיקע שטימונג. אַ קלייניקייט: ראש־השנה און יום כיפור. אין יענע טעג ווילט זיך נאָך שטאַר־קער זיין צווישן אידן און שרייען צום הימל אינאיינעם מיט זיי, בעטן און פאַרגיסן טרערן אויף אַלע אידישע נויטן: פרנסה, געזונט און דערציאונג פון די קינדער צו תורה, חופה און מעשים טובים, און דער עיקר צו דער אויסלייזונג פונעם יאָך פון „גלות", צו וועלכן מ'איז שוין געוואוינט אַלע שעה אין טאָג — נאָר איצט פילט זיך שטאַרק, אַז דער גלות איז אין דעם אַרומיקן גוי, דעם גנב, רשע און רוצח; אָט־דער גוי, וואָס איז גרייט דיר — דעם אידן — טאָן יעדע שלעכטס, וואָס דו הענגסט אָפּ פון אים. און פילסט דאָס באַדערפעניש זיך צו באַהעפטן מיט דער אידישער ערד אין שטאָט, זיצן מיט איר לפּחות עטלעכע טעג. אָבער ניט יעדער איד קען עס טאָן. מ'קען דאָך ניט מפקיר זיין די ווירטשאַפט און שטוב און אַוועקפאָרן. ס'איז שוין בעסער אַריינצוברענגען אַהיים עפּעס פון דער „אי־דישקייט" אין שטאָט און פון איר שעפּן אַ טרייסט אַ גאַנץ יאָר.

קלייבן זיך אַרום די אידן אין די 3—2 דערפער און שטעלן צונויף אַ בשותפות'דיקן מנין. דאַמאָלס ווערן פאַרגעסן די געוויינלעכע רייבונגען צווישן זיך, וואָס פאַר אַ ווערט זענען די „קלייניקייטן" פאַרן נאָענטן „יום־הדין". מ'באַדאַרף פאָרן אין שטאָט — אַריינ־ברענגען אַ ספר־תורה, סידורים, סליחות און מחזורים און מ'באַדאַרף זאָרגן פאַר אַ גוטן חזן מיט אַ זיס קול, וועלכער זאָל זיין אויך אַ בעל־תוקע און אַ בעל־קורא. דער פריער־דיקער בעל־תפילה האָט שוין מער ניט געהאַט קיין גוט קול, אָבער ער איז געווען אַ גרוי־

סער „בעל־בכי״, וועלכער האָט געבראַכט דעם קליינעם דאָרפישן ציבור עפּעס פון דער „אידישקייט״ אין שטאָט, וועלכער האָט דערוועקט און מקרב געווען די הערצער.

מיר האָבן ניט באַדאַרפט אויסהערן דעם בעל־תפילה, ווייל מיין פאָטער האָט געהאַט אַ זיס קול און איז געווען אַליין אַ בעל־מוסף. און מיין זיידע, מיין מוטערס טאַטע — ר׳ יוסף באַרמאַק ז״ל, האָט געדאַוונט „שחרית״. מיר האָבן אויך געהאַט אַן אייגענעם בעל־קורא און אפילו אַ בעל־תוקע, וועלכער פלעגט אַלע טעג אין אלול זיך ספּעציאַליזירן אין זיין מלאכה, ביז ער איז ממש געוואָרן אַ ווירטואָז. די קולות פון זיין שופר זענען געווען אַזוי לויטער און אָנגענעם צו הערן. אָבער אויף להכעיס פלעגט דער שטן מקטרג זיין בשעת די „תקיעות״, זיך אריינמישן און אים שטראָכלען.

אָט דערנענטערט זיך די חשובע שעה. דער עולם זאָגט מיט פיל געפיל דעם „למנצח לבני קורח מזמור״. דער בעל־תוקע, וועלכער איז באַדעקט מיטן טלית, זאָגט מיט ציטער־ניש די תפילות פאַר די תקיעות, רופט צו הילף די גרויסע מלאכים: מטטרון, טרטיאל און אַנדערע — ס׳קומט די גורלדיקע מינוט. ער זאָגט מיט ציטערניש די ברכות, נעמט דעם שופר אין מויל און דער חזן רופט אויס: ת—ק—י—ע—ה— -- אַלע וואַרטן אָנגעשטרענגט, פאַרכאַפּט דעם אָטעם — און אין דער מינוט איז ווי אַ באַהאַלטענער קאָרק וואָלט פאַר־שטאָפּט דעם שופט — און ס׳הערט זיך ניט קיין קול. דער בעל־תוקע שטרענגט אָן אַלע זיינע כוחות און בלאָזט אריין אין שופר, ס׳דוכט זיך, אַז אָט וועט אַלץ צעשמעטערט ווערן — נאָר ס׳הערט זיך פון אים אַ כריפּ און אַ פייפערייַ, וואָס גרילצט דעם אויער און פילט אָן יעדן פון די דאַוונער מיט אינערלעכע שווערע יסורים, און נאָך מער דעם בעל־תוקע אַליין, וואָס פאַרענדיקט פונדעסטוועגן נאָך פיל אָנשטרענגונגען די תקיעות. דער גאַנצער ציבור פילט זיך פאַרשעמט און כאַפּט גיכער אָפּ אַן התלהבות די אַלע פסוקים מיט די נעמען פון די מלאכים, וועלכע האָבן ניט אַרויסגעהאָלפן אין דער נויט. און אַז דער בעל־תוקע נעמט אַראָפּ דעם טלית פון קאָפּ, זעט מען זיין בלאַסן פנים און שטראָ־מען שווייס רינען פון אים.

נאָר אָט הערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אויפן טיש, און אין דער אַלגעמיינער גע־דריקטער שטימונג הערט זיך די ליבע שטימע פון מיין טאַטן „אשרי העם יודעי תרועה״... דער יום־טוב׳דיקער זיסער ניגון באַרואיקט די הערצער און די ערוועקונג באַהערשט ווידער די הערצער. נאָר דער בעל־תוקע איז פאַרטרויערט ווי פריער און זאָגט זיין תפילה מיט אַ צעבראָכן האַרץ.

נאָך דער תפילה רינגלען די מתפללים אים אַרום און יעדער באַמיט זיך אים צו שטאַרקן, טרייסטן. פון יעדער זייט דערלאַנגט מען אים די הענט און מ׳בענטשט מיט אַ לשנה טובה און ער פאַרענטפערט זיך: איך פאַרשטיי אַליין ניט ווי ס׳האָט זיך מיט אים געטראָפן... —

— נו, וואָס קען מען טאָן, ענטפערט מען אים: דער שטן ימח שמו האָט זיך אַריינגע־מישט, איר זענט ניט שולדיק.

און איינער אַ שאַרפזיניקער באַמיט זיך אים צו צעשטרויען און דערציילט אַן אַלטע ווערטל, ווי ס׳האָט געטראָפן מיט אַ באַוואוסטן בעל־תוקע, וואָס דער שטן האָט אים גע־שטערט אין די תקיעות. וואָס האָט ער געטאָן, דער שטאָלצער בעל־תוקע? — ער האָט אַריינגעזאָגט דעם „סמיך־מים״ אין שופר אַריין: „אויב דו גייסט ניט אַוועק תיכף וועל איך זיך אַריינבלאָזן דורך דער ברייטער זייט פון שופר און וועל דיר פון דאָרט אַרויס־

שטופּן״. האָט ער זיך דערשראָקן און אַליין אָנטרונען געוואָרן. דאָס ווערטל האָט מען שוין געהערט ניט איין מאָל, אָבער אַלע באַמיִען זיך אים צו פאַרגרינגערן און לאַכן מיט.

איינער פרואווט אים טרייסטן: מילא, ס׳טרעפט זיך אַמאָל אַזעלכעס אפילו אין דער גרויסער זוויהיל — ניטאָ קיין עצה קעגן שטן. פאַראַיאָרן, ווי איך געדענק, האָבן אייערע תקיעות זייער געלונגען און זענען געווען וואונדערלעך שיין. — איך מיט מיין קינדערשען זכרון געדענק, אַז אַזעלכעס איז אויך דעמאָלט געווען, און ס׳איז מיר קלאָר, אַז אַזעלכעס וועט זיך מיט אים טרעפן אויך אין די קומענדיקע יאָרן. שטענדיק וועט דער שטן מקטרג זיין און וועט ניט דערלאָזן, אַז די תקיעות זאָלן קלאָר און לויטער דערגרייכן דעם כסא־הכבוד.

איך היפער איבער יום־כיפור, ווייל ער איז ניט אַזוי שטאַרק באַליבט ביי די קינדער. זייער אַ לאַנגער טאָג מיט אָן אַ שיעור תפילות. עלטערע אידן שטייען אָן אויפהער און דאַוונען מיט געוויינען און פון דעם צווייטן חדר קלאָגן־מיט די פרויען — אַז די מענער מוזן זיי אָפט פארשווייגן. אביסל אַנדערש איז נאָר אויף דער נאכט צו יום־כיפור, דאָס געדיכטע שמעקנדיקע היי, וואָס איז פאַנאַנדערגעלייגט אין תפילה־צימער, רופט זיך וואַלגערן אויף דעם. נאָר קען מען דען אַ ביסל פאַרברענגען, באַלד שרייט אַ עלטערער אָן, און אַמאָל כאַפּט אויך אַ קינד אַ הילכיקן פאַטש אין פנים. און אין דער שטילקייט פון מנין הערט זיך דאָס קלאָגעריי פון חזן ביי דער תפילה זכה.

אַביסל גרינגער אויפן האַרצן איז געוואָרן נאָך יום־כיפור מיטן צוגרייטן זיך אויף סוכות. אויפשטעלן די סוכה אין דאָרף איז ניט געווען שווער און דאָ האָט מען געדאַרפט פאָרן קיין זוויהיל איינהאַנדלען אַנ׳אתרוג און לולב און מיין פאָטער האָט זיך שטענדיק געאיילט ברענגען פון די בעסטע אתרוגים, און איז געווען גרייט צו באַצאָלן פאַר אים מערער. און דער רב האָט שוין געוואוסט אָפּצולייגן פון אָנהויב פאַר אים אַ שענערן אתרוג אָן אַ פגם, און מיר פלעגן זיך אומקערן מיט פרייד אַהיים. איך פלעג האַלטן אין דער הויך דעם לולב און אָפּגעהיט זיין שפּיץ זאָל ניט אָנגערירט און געשפּאָלטן ווערן. אויף מיין קני איז געלעגן אַ גרינגע קליינע בוקסע און אין איר איז איינגעוויקלט אין ווייכן זיידענעם פלאַקס דער שמעקנדיקער, לוסטיקער אתרוג וואָס דער טאַטע האָט אים אויסגעקליבן. פון אתרוג און לולב האָבן הנאה געהאַט, ווי געוויינטלעך, אַלע דאָרפישע אידן אַ גאַנצן סוכות. אַלע טעג פלעגן זיי קומען בענטשן אתרוג און זיך אָפּגעהיט ניט אָנצורירן מיט זייער שאָקלען דעם סכך פון דער סוכה. איך פלעג זיך שוין אין מיין פאַנטאַזיע גרייטן צו די הושענא׳ס־קלאַפּן אין הושענא־רבא און די פריילעכע טענץ ביי די הקפות אין דער נאַכט פון שמחת תורה און די עליות אונטערן טאַטנס טלית אויף מאָרגן צו קריאת התורה, ווען מען פלעגט הילכיק אויסרופן: „יעמוד החתן פלוני בן פלוני״...

פאר דער דערמאָנטער תקופה פלעגן די מענער גיין אַלע שבת דאַוונען אין נאָענטן דאָרף ט אַ ס נ א ו ו ק ע. דער מרחק אַהין איז געווען ניט קיין קליינער, און ס׳קוים גענוג געווען דער עירוב־תחומים אויף צו טראָגן אין אים. אָבער ס׳איז געווען אָנגענעם צו גיין אַהין, באַזונדערס זומער גאַנץ פרי, ווען די ראָסע האָט נאָך געשפּרינגלט אויף די פעלדער און די פיס פלעגן זיך טונקען אין די ווייכע פייכטע גראָזן. שווער איז נאָר געווען גיין צוריק אין דער ברענענדיקער היץ. אָבער דער טאַטע האָט שטענדיק פאַרגרינגערט דעם גאַנג מיט זיינע וויצן און דערציילונגען. אַ קינסטלער איז געווען מיין פאָטער מיט זיינע דערציילונגען און זיין שמועס פלעגט אונז באַגייסטערן, באַזונדערס

מיך, ווייל איך האָב דאַן געהאַט די זעלטענע מעגלעכקייט זיך צו באַהעפטן אין שמועסן מיט אים, ווען ער האָט שטענדיק קיין צייט ניט געהאַט אויף צו שמועסן מיט די קינדער. בכלל, וועלכער פאָטער האָט געשמועסט באַזונדערס מיט זיינע קינדער? — אַ טאַטע האָט אָנגעשריען אויף די קינדער, געזאָגט זיי מוסר, אַמאָל אויך געשטראָפט — ווען ער האָט געדאַרפט. דאָס איז געווען זיין חוב, אָבער אַזוי גלאַט ריידן, שמועסן מיט זיי — איז גאָר אויפן געדאַנק ניט געקומען. נאָר אין די שבת'דיקע פרימאָרגנס, גייענדיק צום מנין, קיין טאַסנאַוווקע, ביידע צוזאַמען אַזאַ לאַנגן וועג (דער אלטער זיידע פלעגט נאָר זעלטן מיטגיין מיט אונז), פלעגט זיך במילא פאַרקניפּן אַ שמועס מיטן טאַטן. ביי דעם פלעגט דער טאַטע ריידן און איך פלעג נאָר פרעגן, פון צייט־צו־צייט, פאַרשיידענע שאלות; אָבער וועלכע שיינע לעגענדעס האָב איך פון אים געהערט, באַזונדערס חסידישע אגדות. אַ וואונדערלעכן אוצר האָט ער פאַרמאָגט און ווי גוט ער האָט זיי דערציילט! אַלץ איז ווי לעבעדיק געשטאַנען פאַר דיר און אַ וואונדערלעכע הנאה האָט מיך באַהערשט.

דער מנין אליין אין טאַסנאַוווקע איז ניט געווען שטאַרק באליבט ביי מיר. די דאָרפֿ־לייט זענען געווען פון איין גרויסער משפחה, אַ פאָטער מיט 6 גרויסע זין און אַן איידעם פון זיין איינציקער טאָכטער. זיי און זייערע פיל קינדער, וועלכע זענען געווען עלטער פאַר מיר, שוין נאָך די בר־מצווה יאָרן. דער טאַטע מיט די קינדער, הויך געוואוקסיקע, זענען געווען גוטע אידן, אָבער זייער פשוטע, קוים געקענט דאַוונען און זייערע תפילות זענען געווען פול מיט גרייזן, וואָס האָבן גע'שמט אַלס וויצן אין דער אַרומיקער סביבה. יעדער פון די קינדער האָט געלעבט באַזונדער אין גרויס דחקות. דער עלטערער זון — דער בכור, האָט געהאַט אַ קליין באַקאַליי־קלייטל. ער איז שוין געווען דער נגיד צווישן זיי. פון די איבעריקע האָט יעדער געהאט אַ באַזונדער באַשעפטיקונג. דער זעקסטער, וועמען דער פאָטער האָט גערופן „מיין מיזיניק" — איז געווען ממש אַ טיטאַן און זיך ניט לאנג אמגעקערט פון מיליטער־דינסט, פון פוילן — וואו ער האָט פארבראכט 4 יאָר אָן קיין באַזוך ביי די עלטערן. ער האָט געבראַכט אַ שטאַטישע פרוי, פון לאָדזש, אַ פּאַר־פוצטע. אמת ניט קיין איבעריק שיינע, נאָר זי האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף די אַלע איבעריקע פרויען אין דער דאָרפישער סביבה מיט איר קליידונג און מאַניערן, און זיי האָבן באַרעדט איר פאַרגאַנגענהייט. כאָטש זיי האָבן פון דעם גאָרניט געוואוסט, גלאַט אַזוי גערעדט רכילות.

אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי זיך כמעט ניט באַגעגנט. יעדער פון זיי איז געווען פאַרנומען אין זיינע געשעפטן און האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו קריגן צווישן זיך, אויסער שבת, ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט ביים דאַוונען, האָט יעדער קלייניקייט זיי גע־בראַכט צו אַ צוזאַמענשטויס און אַלגעמיינע קריג. עס זענען אַרויסגעשוואומען אַלטע, שוין לאַנג־פאַרגעסענע טענות, משפחה־פאַרלעגנהייטן נאָך פון קינדהייט, פון דער תקופה, ווען זיי האָבן בשותפות געהונגערט אין טאַטנס שטוב.

פון די אַלע קולות האָט זיך באַזונדערס געהערט דאָס קול פון צווייטן זון, דער טאָפּן־מאכער, וועלכער האָט מער פון אלע אָנגעגרייפט, ווייל ער איז געווען דער אָרימסטער צווישן זיי, א גרויסער מטופל מיט קליינע קינדער און צרות. ער איז געווען מער פאַר־ביטערט פון זיי און ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז אלע האָבן אים בא'עוולט, און ווען ער פלעגט אריין אין קריג איז די לאגע געוואָרן מסוכנער און דער טאטע האָט זיך געמוזט אריינמישן און אויסשרייען: „הלל, בארואיק זיך און זיץ אַליין!" — אָבער

דיווענדונג האָט נאָך מער זיי אויפגערייצט און הלל פלעגט אויפשפּרינגען און מיט חוצפּה שרייען: „טאַטע, שוויג שוין בעסער!"

— וואָס? — פלעגט דער טאַטע אויפזידן — אַ טאַטן ענטפערט מען אַזוי — און אַ קלינגענדיקער פליאַסק פלעגט זיך אָראָפּלאָזן אויף הלל׳ס פּנים.

— טאַטע, — פלעגט הלל דערנאָך שרייען ווי אַ גזלן, — הייב ניט אויף די האַנט אויף מיר...

דער פּלוצלינגער פּאַטש פון טאַטן דעם זון, וואָס איז שוין אַליין געווען אַ פאָטער צו עלטערע גרויסע קינדער, האָט מיט אַמאָל בארויקט דעם אַלטן און ער פלעגט זיך צוריק־ציען פון דער מלחמה. אָבער דער קריג האָט זיך ערשט צעפלאַקערט און ס׳האָבן שוין אין אים אָנטייל גענומען די קינדער און אייניקלעך — אַ גרויסער מיש־מאַש. נאָר דער יונגערער זון, דער „בן־זקונים", וואָס האָט שוין געלעבט 4 יאָר אויסער דער משפּחה און האָט געהאַט אַ לאָדזשער פרוי מיט מאָדערנע פאַרנעמונגען — איז זיך געזעסן ביי דער זייט און פרעמד געקוקט אויף די קריגער און זיך ניט געמישט. צום סוף פלעגט איינער אויסשרייען: „אָט איז דאָ ר׳ משה נעסעלינער, זאָל ער אונז אויסהערן און משפּטן!"

— אדרבא, אדרבא, — פלעגט זיך הערן פון אַלע זייטן, — לאָז נאָר ר׳ משה אַליין זאָגן, וועמ ס׳איז גערעכט. און אַלע פלעגן אָנפאַלן אויפן טאַטן, וועלכער איז אויסגע־קליבן געוואָרן, קעגן זיין ווילן. אַלס שופט אויף זיי. יעדער האָט אויסגעשריען זיינע טענות און מ׳האָט צוליב דעם אַלגעמיינעם רעש ניט געקענט אויסשיידן קיין קלאָרע זאַך. אָבער מיט דעם האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטוואָפּענונג און דער סוף פון קריג.

אין אָנהויב האָט זיך דער טאַטע באַמיט פאַנאַנדערטיילן די קריגערייען, אָבער קיינער האָט אים ניט געהערט. איצט זענען זיי שוין ניט געווען מסוגל זיך צוהערן צו דעם וואָס ער רעדט, ווייל יעדער האָט זיך באַמיט איבערשרייען זיינע ברידער. אָבער מיין קלוגער טאַטע האָט שוין געוואוסט, אַז די היץ איז שוין פאַריבער און מ׳באַדאַרף זיי לאָזן אויסרעדן זייער כעס, איז געזעסן צווישן זיי און כלומרשט אויסגעהערט זייערע טענות, און אַז זיי זענען שוין מיד געוואָרן, פלעגט ער זיך צו זיי ווענדן: „נו, אידן, מ׳באַדאַרף ענדיקן די תּפילה, היינט איז שבת, אין דער היים וואַרטן ווייב און קינדער און מען באַדאַרף נאָך גיין אַזאַ שטרעקע", — און פלעגט זיך שטעלן ביים קליינעם טישל, וואָס האָט גענוצט פאַר אַ באַלעמער און מיטן שבתדיקן ניגון אויסרופן: „יקום פּורקן מן שמיה"... און אַלע פלעגן אים אָפּענטפערן רואיק, גלייך ווי ס׳האָט גאָרניט געטראָפן — און מ׳פלעגט רואיק פאַרענדיקן די תּפילה און גיין אהיים עסן דעם שבתדיקן מיטאָג און איינדרימלען רואיק, גלייך ווי ס׳האָט גאָרניט פּאַסירט.

אָט די בילדער פלעגן זיך אָפּט ווידערהאָלן ביז ס׳איז דעם טאַטן נמאס געוואָרן און ער האָט באַשלאָסן זיך זוכן אַ מנין אין אַן אַנדער אָרט, און דאָס איז ניט געווען אַזוי לייכט צו געפינען אין אַ פּאַסיק נאָענטן דאָרף גענוג אידן, וועלכע זאָלן וועלן קומען אַלע שבת צו דערגענצן דעם „מנין". נאָך פאַרשיידענע פּריוון, וועלכע האָבן ניט באַגליקט, האָט זיך דעם טאַטן איינגעגעבן צו ווירקן אויף די עטלעכע אידן פון דאָרף טעפּליץ, זיי זאָלן קומען צו אונז צום „מנין" און ער האָט אויף זיך גענומען איינצוריכטן אים.

צו דערגענצן דעם מנין האָט אונז געפעלט נאָר אַ ספר־תּורה, וואָס מיר האָבן געקענט באַקומען נאָר אין זוהיל. דער טאַטע איז אַליין געפאָרן ברענגען די ספר־תּורה. ער איז געווען אַ מאַקאַרעווער חסיד און ס׳איז אים ניט געווען שווער צו באַקומען פון מאַקאַרע־

ווער קלויז אַ ספר־תורה. איך געדענק נאָך איצט ווי גליקלעך איך האָב זיך געפילט זיצנדיק אויפן אויסגעבעטן וואָגן און האַלטן די ספר־תורה וואָס איז געווען גענוג שווער און גרויס, כמעט ווי איך, אָבער איך האָב זי געהאַלטן מיט מיין גאַנצן כוח, זי זאָל זיך, חלילה, ניט אַרויסרוקן פון מיינע הענט. פון צייט־צו־צייט פרעגט דער טאַטע, צי בין איך שוין מיד פון האַלטן די ספר־תורה, און לייגט מיר פאָר זיך צו בייטן מיט אים.

טרייבן די פערד איז געווען ביי מיר זייער באַליבט, אָבער פאַר קיין שום גוטס וואָלט איך ניט געשענקט דאָס האַלטן די ספר־תורה.

— ניין, ענטפער איך אים, — עס איז מיר ניט שווער. — און איך האַלט שטאַרקער דעם ספר און מיר פאָרן ווייטער. קומענדיק אַהיים בין איך געווען זייער צעבראָכן, אָבער אויך גייציק ביי זיך, וואָס איך האָב אויסגעהאַלטן קוראַזש ביזן סוף וועג.

אין אַ ווינקל אין גרויסן גאַסט־צימער האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ „ארון־קודש״ און די גאַנצע שטוב איז ווי געוואָרן פול מיט קדושה. אַלע אין דער משפחה האָבן זיך געפילט ווי היטער פון אַ טייערן אוצר, וועלכער היט אונז אויס פון יעדער צרה, און ס׳ווייזט זיך אויס, אַז אַלע אידן־שכנים זענען אונז מקנא פאַרן כבוד און גליק וואָס איז אונז אויסגעפאַלן.

פון איצט אָן האָבן מיר שוין געהאַט אַן אייגענעם „מנין״. אונזער הויז איז געוואָרן ווי אַ קליינער גייסטיקער צענטער פאַרן ביסל אידן ביי אונז און פאַרן אַרומיקן דאָרף טעפּליק. דער „זאַל״, דער איינציקער ברייטער צימער אין אונזער הויז, איז געוואָרן ווי „געהייליקט״ און איז געווען אַ גאַנצע וואָך געשלאָסן, און מיר האָבן זיך באַנוגנט מיט דעם אַריינגאַנג־צימער, וועלכער איז געווען באַהעפט צו דער קיך. דאָרטן האָבן מיר געגעסן, איינגעלאַדן געסט און דאָרט זענען געשלאָפן אַלע קינדער. אין דעם „זאַל״, וואו ס׳איז געשטאַנען דער „ארון־קודש״ זענען מיר נאָר זעלטן אַריינגעגאַנגען.

איך דערמאָן זיך איין פאַל, וועלכער האָט מיר אין דער קינדהייט דערציטערט. איינמאָל האָט זיך אויף אַ ווילע אָפּגעשטעלט ביי אונז דער אוריאַדניק אין דער באַגלייטונג פון צוויי סטראַזשניקעס. דאָס איז געווען זיין ערשטער באַזוך ביי אונז. ער לאָזט זיך גיין גלייך אין „זאַל״. מיר האָבן ניט געהאַט קיין ברירה און געעפנט פאַר אים די טיר און זיי זענען גלייך אַריין אַהין. איך בין זיי באַלד פאַרלאָפן דעם וועג און אַריין היטן דעם „ארון־קודש״, ניט ווויסנדיק ווי אַזוי איך וועל דאָס טאָן. זיי האָבן אַרויסגענומען פון זייער רענצל אַ פלעשל בראָנפן און ווורשט און זיך געזעצט ביים טיש, מיט גרויס רחבות, צו עסן. זיי האָבן זיך גוט אָנגעפרעסן און האָבן זיך אַפילו ניט אומגעקערט צום ווינקל, וואו ס׳איז געשטאַנען דער „ארון־קודש״ מיטן זיידענעם פרוכת. אָבער נאָכדעם, ווען זיי האָבן געענדיקט און אָנגעהויבן שפּאַצירן איבערן צימער, האָט איינער פון זיי באַמערקט אויפן ארון דעם שופר, וועלכן מ׳האָט נאָך „נעילה״ אין יום־כיפור פאַרגעסן צו באַהאַלטן. — איך האָב אַ שפּרונג געטאָן מיט אַ געשריי «Нельзя»!. מ׳טאָר ניט!״ — האָט זיך דער סטראַזשניק שטאַרק פאַרוואונדערט אויף מיין פלוצלעכער העזה און געשריי «Нельзя»! פאַר אים, דער פאַרשטייער פון דער „מאַכט״.

— פאַרוואָס טאָר מען ניט? — האָט ער זיך פאַרוואונדערט.

— און וואָס טוט מען דען מיט דעם? — האָט ער ווייטער געפרעגט און ניט אַרויסגעלאָזט דעם שופר,

— מ׳בלאָזט אַריין אין אים און ס׳הערט זיך אַ קול — האָב איך געענטפערט.

— שפילט מען, הייסט עס, מיט דעם — און ער האָט זיך נאָך מער פאַראינטערעסירט.
— ניין, אפשר יאָ, מ׳שפילט מיט דעם...
— און דו קענסט מיט דעם שפילן? —
— ניין, ניט איך און ניט דער טאַטע קענען דאָס, מ׳דאַרף זיך פריער אויסלערנען דאָס צו טאָן. גיי גיב צו פאַרשטיין דעם „גוי" דעם ענין פון „שופר", וועט ער דאָס פאַרשטיין? — און דער סטראַזשניק דרייט דעם שופר אַרום און נעמט אים אַריין צווישן זיינע אומריינע חזיר־ליפּן און באַמיט זיך אַריינבלאָזן אין אים און ס׳גייט ניט אַרויס קיין קול. און איך האָב איילנדיק אַ שפרונג געטאָן, אַרויסגעכאַפּט פון זיינע הענט דעם שופר און אַנטלאָפן פון שטוב זיך צו באַהאַלטן.

די אַנגעגעסענע, זאַטע סטראַזשניקעס האָבן אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער. איך האָב אָבער דאָס ניט געקענט פאַרגעסן. פאַר מיר איז שוין דער „שופר" געווען פסול, ווייל ער איז געווען אין די טריפה׳נע חזיר־ליפּן. פאַרנאַכט האָט מיר דער טאַטע באַרויאיקט און גע׳עצה׳ט אויס׳טובל׳ען דעם שופר אין געמישטער וואַסער מיט עסיק — און נאָכער אים גוט אויסוואַשן מיט ריינע וואַסער — וועט ער ווערן ווייטער כשר. איך האָב דאָס געטאָן און זיך בארואיקט. — — —

**

ווי אַ גייסטיקער צענטער, נאָכמער ווי אַ צענטראַל־לעבעדיקער נערווען־קנופּ איז געווען זוהיל פאַר אַלע אידן אין דער גאַנצער געגנט, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געצויגן אינטימע פעדים, וואָס האָבן באַוואויגן אַלע אברים אין ווייטסטן פאַרוואָפנסטן אידישן ישוב פון דער געגנט. די אידן האָבן אָבער ניט נאָר גענומען פון צענטראַלן זוהיל, נאָר אויך אים עפּעס געגעבן, באַשאַנקען אים מיט גוטן ווילן און ברייטער האַנט.

צווישן די טויזנטער פעדים, וועלכע האָבן פאַרקניפּט די דאָרפישע אידן מיט דער זוהילער קהילה איז כדאי צו דערמאָנען זייערע תרומות אויף די פאַרשיידענע משולחים און גבאים פון דער ישיבה, ביקור חולים, רביים א.ד.ג.. די משולחים פלעגן אָפט קומען און זיי זענען אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד, שטענדיק געפונען ניט נאָר אַ גרייטן טיש און נאַכטלעגער, נאָר אויך אַן אָפן האַרץ און ברייטע האַנט.

זוהיל איז געווען פאר די דאָרפישע אידן אַ לעבנס־צענטער אויך אין אלע משפחה־ענינים. אין יעדער פרייד און, חס־וחלילה, טרויעריקע פאַמיליע־אַנגעלעגנהייטן פלעגט מען זיך ווענדן קיין זוהיל. איז אויסגעוואַקסן אַ טאָכטער און האָט געפונען איר בן־זוג האָט מען געשריבן, געוויינלעך, תנאים, און מ׳האָט זיך באַנוגנט מיטן נאָענטן סאָקאָלאָווער רב, אָבער ס׳איז געקומען די צייט פון דער חתונה, אום „שבת־נחמו", „שבת־בראשית", אָדער „שבת־שובה", האָט מען באַדאַרפט פאָרן קיין זוהיל. דאָרטן האָט מען געזוכט אַלץ וואָס מ׳האָט באַדאַרפט פאַר דער כלה, פאַר די מחותנים. מ׳האָט פון דאָרטן געבראַכט דעם „סאַרווער". וועלכער האָט אַלץ איינגעאָרדנט צו דער חופה און סעודה און אויך, להבדיל, דעם רב און די כלי־זמר. אויף אַ געוויינלעכער חתונה האָט מען זיך באַנוגנט מיט אַ קליינער קאַפּעליע פון 6—5 שפּילער, אָבער יעדע כלה פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע האָט געחלומט צו ברענגען צו דער חתונה דעם באַוואוסטן פידל־שפּילער און אָנפירער פון אַ גרויסער קאַפּעליע — זעליג דעם כלי־זמר אַליין, בכבודו ובעצמו. זעליג איז געווען אונזער „סטעמפעניו", וואָס זאָג איך, ניין, ער איז געווען אונזער „פּאַגאַניני" — דעם נאָמען זאָג איך נאָר איצטער, ביי אונז האָט מען דעמאָלט ניט געוואוסט פון אַזאַ

נאָמען. אָבער אַזוי האָבן אַלע געפּילט. נאָר די חתונה, אויף וועלכער זעליג האָט געשפּילט, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ שיינער חתונה. ווען ער האָט אָנגעהויבן אַליין שפּילן און די גאַנצע קאַפּעליע איז אַנטשוויגן געוואָרן, און האָט זיך צעלאָזט אויף אַ וואָליכל, — זענען אַלע פאַרשטילט געוואָרן און פאַרגאַפט צוגעהערט צו די כשוף־דיקע קלאַנגען, יעדער פאַר־זונקען אין זיינע געדאַנקען, פאַנטאַזיעס. די אויערן פאַרנומען צו דעם איידעלן ברום פון די סטרונעס און דאָס האַרץ איז פאַרציטערט געוואָרן פון די קלאָג־טרעלן פון דעם אומגליקלעכן פאַסטוך, וועלכער האָט פאַרלאָזן זיינע שעפסן, וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט אין געדיכטן וואַלד און ער געפינט זיי ניט. יעדעס האַרץ וויינט, באַהאַלטערנערהייט, מיט אים מיט אויפן פאַרלאָרענעם גליק, אויף דער איבערגייענדיקע יוגנט, וואָס האָט גאָר ניט גע־בראַכט מיט זיך, קינדער וועלכע זענען אין זייער יוגנט אומגעקומען, אויף דער פרנסה וועלכע איז ניטאָ, אויף די אַלגעמיינע גלות־יסורים, צרות פעלן דאָך ניט און ס׳איז טרויע־ריק און יאָמערלעך אויפן האַרצן... און אָט האָבן פלוצים אויסגעבראָכן אַנדערע גייסטרייכע קלאַנגען פול מיט פרייד — האָט דער פאַסטוך דערזען פון ווייטנס זיינע שעפלעך און איילט זיך מיט אַ שטורמיקער פרייד זיי צו באַגעגענען — און אַ נייער געמיט דערוועקט זיך, די „מרה־שחורה״ פאַרגייט, און ווען די אויגן זענען נאָך פייכט — קלאַפּט שוין דאָס האַרץ מיט א פאַרשטאַרקטער האָפנונג, גלויבן אין דער צוקונפט...



ר׳ זעליג געכטמאַן
(זעליג דער כליזמר)

אין דעם איז געווען דער גרויסער כוח פון ניט־פאַרגעסענעם זעליג דער כלי־זמר, וועלכער האָט באַצויבערט די צוהערער, זיי געוואָקלט מיט זיינע פידל־טענער אין אַלע עקיגע געפילן און אויך אָנגעפילט מיט פרייד. אַזוי איז געווען בשעת „באַזעצן די כלה״, ווען שטראָמען טרערן האָבן זיך נאָך זיין שפּילן געגאָסן פון אַלע פרויען און אויך בשעת דער „גאָלדענער־יויך״ — ביזן סוף. ווירקלעך, אָן זעליג דעם כלי־זמר האָט קיין רעכטע חתונה ניט געקאָנט זיין.

אַ סך טעג נאָך דער חתונה האָט נאָך געקלונגען אין די אויערן און באַהערשט די

הערצער די געפּילן וועלכע ער האָט דערוועקט. אויך אין יאָרן אַרום, ווען מ׳האָט זיך דערמאָנט אין פריערדיקע מעשים, קליינע און גרויסע איבערלעבונגען — דערמאָנט זיך אויך דאָס וואונדערלעכע שפּילן אויף די חתונות און שמחות פון זעליג דער כלי־זמר.

אויך אין יעדער צרה, וואָס פלעגט, חלילה, טרעפן אין דער משפּחה, פלעגן די דאָרפישע אידן פאָרן קיין זוויהל. איז פאַרשטערט געוואָרן, רחמנא ליצלן, דער שלום־בית אין דער פאַמיליע, די געבאָרענע קינדער האָבן זיך ניט איינגעהאַלטן, אָדער ס׳זענען אַריבער עטלעכע יאָר נאָך דער חתונה און די פרוי איז געווען אַן „עקרה" — ניט געבוירן קיין קינדער — וואו האָט מען זיך געקערט, אויב ניט צום רבי׳ן? אין זוויהל זענען געווען חסידים פון פאַרשיידענע רביים און יעדער האָט געהאַט זיין רבי׳ן, צו וועלכן ער פלעגט פאָרן. אָבער דער הויף פון רבי׳ן איז ווייט און ניט אַלע אין דאָרף האָבן פאַרמאָגט אויף הוצאות צו פאָרן צו אים בשעת צרה — פלעגט דער דאָרפישער איד ניט מקפּיד זיין און פאָרן צום זוויהלער רבי׳ן, ר׳ שלמה׳לע, וואָס איז אויך געווען אַ הייליקער איד, און האָט בכוח געהאַט צו העלפן די וועלכע האָבן זיך געווענדעט צו אים און אים שטאַרקן און צוזאָגן רחמים און גאָטס־הילף. און זיי פלעגן אויך נאָך דעם פדיון־געבן און זיינע, דעם רבי׳נס הבטחות — אומקערן זיך בערואיקט און געשטאַרקט אַהיים מיטן גלויבן אין גאָטס־הילף. און ווען ס׳פלעגט אַמאָל ווירקלעך קומען די הילף — פלעגט זיך פאַרשטאַרקן דער גלויבן אין רבי׳נס זכות — און מ׳פלעגט זיך איילן ברענגען אַ מתנה דעם רבי׳ן: אַ זאַק קאַרטאָפל, אַ פּאָר הינער און אויך אַביסל מזומנים...

די דאָרפישע אידן פלעגן אויך זוכן זייער מעדיצינישע הילף אין זוויהל. צווישן דער פיל טויזנטיקער גרויסע דאָרפישע באַפעלקערונג איז דאַן ניט געווען קיין מעדיצינישע הילף. און ס׳פלעגן אַפט אויסברעכן עפּידעמישע קראַנקהייטן. די ערשטע קרבנות זענען, געוויינטלעך, געווען די קינדער, וועלכע מ׳האָט ניט געקענט איינהיטן. פּלוצים האָט אַ קינד אָנגעהויבן זיך קלאָגן אויף אַ קאָפּ אָדער בויך־ווייטיק, מסתמא האָט ער עפּעס געכאַפּט און געגעסן — גיט מען אים באַלד ריצינאייל, אָדער מ׳רופט דער אַלטער חנה וועלכע שפּרעכט אָפּ אַ „גיטייג". קייקלט אַן איין אויפן וואַרימען שטערן און שעפּטשעט שטילערהייט, ווער ווייסט אויף וועלכן לשון, און נאַכהער צעברעכט זי דאָס איי און גיסט עס אַריין אין אַ גלאָז וואַסער. דאָס ווייסכל שוועבט אַרויף און מאַכט פאַרשיידענע צורות און די חנה דערקענט אין איינער די צורה פון דער כישוף־מאַכער׳ן, ימח שמה, און זי שפּרעכט זיי אָפּ.

דער טאַטע גלויבט בכלל ניט אין די אַלע שפּרעכונגען און אויך אין דער „עין־הרע". וואָס־זשע איז דעם קינד? — און ס׳גייען אַריבער עטלעכע טעג און די שלאָפקייט ווערט ניט גרינגער, נאָר נאָך ערגער. מוז מען, באין־ברירה, צופאָרן אין שטאָט אַריין, קיין זוויהל. און אַז מ׳קען שוין דעם חולה ניט פירן אויף דעם שווערן וועג, באַזונדערס ווינטער־צייט, און דער דאָקטאָר איז ניט מסכים צו פאָרן, ביז מ׳וועט אים ניט באַצאָלן אַ פינף־און־צוואַנציקער, דער פאַיעטאָן פאָדערט אויך 5—6 רובל, אויסער די הוצאות אויף רפואות — און ניט יעדער פאַרמאָגט עס — ברענגט מען דעם פעלדשער — אַן עלטערער פעלדשער מיט פיל פּראַקטיק נאָך אין צאַרישן מיליטער. ער צייכנט אויך, ווי אַ דאָקטאָר, רעצעפּטן, אָבער ניט יעדעס מאָל פלעגט ער העלפן, אַלענפאַלס ביי אונז האָט ער קיינמאָל ניט געהאָלפן. אַלע מיינע 4 ברידער זענען אין דער קינדהייט אומגעקומען. מיין אומגליקלעכע מאַמע פלעגט ברעכן די הענט און מיט אירע קלאָגערייען באַשרייען אַלעמען ביז זי

איז אינגאַנצן איינגעפאַלן. דער טאַטע פלעגט דאַן ניט וויינען, נאָר זיין פאַרשטיינערטער פּנים און פאַרפרוירענע אויגן פלעגן איבערגעבן זיינע יסורים. זיין שטומער אויסדרוק פלעגט דאָס האַרץ מער ברעכן ווי דער מאַמעס טרערן. דער טאַטע פלעגט דאַן איינשפּאַנען די פערד, נעמען אין זיינע הענט דעם קליינעם גוף, וועלכער האָט זיך אויסגעצויגן און אים פירן אין שטאָט מקבר צו זיין.

אַזאַ איז געווען דער לעצטער וועג פון יעדן דאָרפישן אידן אין דער מוטער־שטאָט זוהיל, קומען צו קבר־ישראל און זיך מיט דעם אויסגעלייזט פון אַלע שטענדיקע יסורים, זייענדיק צווישן די גויים.

***

וואו זענט איר, דאָרפישע, פשוטע נאַאיווע אידן, ביי וועמען ס'האָט תמיד געקלאַפּט אַ גוט אידיש האַרץ, וואו זענט איר איצט אַהינגעקומען ניט זוכה'דיק צו זיין אפילו צו קומען צו קבר־ישראל? ווילדע מענטשן־חיות האָבן אייך דערגרייכט צווישן די וועלדער און פעלדער און געמאַכט אַ סוף צו אייער לעבן, צעשפּרייט אייערע ביינער אין אַלע טמא'דיקע ערטער און ניט איבערגעלאָזט פון אייך קיין זכר.

פאַרהיילנדיקע אלמונים זענט איר געוואָרן אין אייער לעבן און אַזעלכע געבליבן ביי אייער טויט.

זאָל געבענטשט זיין אייער זכר, — דער זכר פון די טויזנדער קרבנות פון דער הייליקער ריינער מוטער־היים — ז ו ו ה י ל.

(איבערגעזעצט ע. א.)

**ש. צ. זעצער** (ניו־יאָרק)

# געדאנקען און בילדער

פיל, פיל טייכן אידיש בלוט זענען שוין ווייט, ווייט פאַרלאָפן זינט ס'האָט מיר דער מזל מיינער פון יענעם באָדן אַרויסגעריסן. און דאָך לעבט נאָך אַלץ, וואָס איך האָב מיט זיך פון דאָרטן מיטגעבראַכט אַזוי שאַרף און פריש אין מיין זכרון.

אַלץ, אַלץ אָבער, וואָס איך האָב דאָרטן אין מיינע יאָרן דורכגעלעבט און אויפגענומען איז פאַרזייט געוואָרן אין מיין האַרצן און לעבן געבליבן. אָפטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז נאָר זיי זענען דאָס איינציקע לעבן וואָס איך פאַרמאָג.

ווי אַ כישוף פאַרשווינדט פון מיר אַמאָל דער גאַנצער טומל פון מיין איצטיק לעבן און איך דערפיל זיך דאַן אין אָט־יענעם געבענטשטן און רואיקן ווינקל פון מיינע קינדערישע יאָרן.

דאָס גאַנצע לעבן מיינס, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט פון זינט איך בין פון יענעם באָדן אַרויסגעריסן געוואָרן, דערשיינט פאַר מיר דאַן ווי א לאנגער, שווערער און בייזער חלום, וואָס איך האָב אין מיינע פאַרשיידענע גלגולים דורכגעמאַכט. זיי האָבן מיין אמת'ן „איך" פאַרטויבט און שטום געמאַכט, און איך האָב זיך איצט פון זיי ענדלעך דערוואַכט און זיך

באַפּרייט. און איך דערפיל זיך ווי איינער פון זיי, פון יענע עלטערע אידן, פון וועלכע איך האָב זיך אין מיינע יונגע יאָרן אָפּגעריסן, און אַלץ וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט, האָט זיך אין מיר דערוועקט.

## ר׳ פּסח׳ל פּיני מרדכי׳לעס

פיל יאָרן זענען שוין אַריבער זינט איך בין פון מיין אומגליקלעך שטעטל אַרויסגעריסן געוואָרן, דאָך האָבן זיך אין מיין זכרון איינגעהאַלטן אַזוי שאַרף און לעבנספול די אַלע הייליקע און ליכטיקע געשטאַלטן, וואָס זענען ד באַגלייטנדיקע שאַטנס פון מיין לעבן געבליבן.

און מער ווי אַלע אַנדערע האָט זיך אין מיר איינגעקריצט דאָס ליכטיקע געשטאַלט פון שטילן, באַשיידענעם פּסח קוטמאַן. אויב ס׳האָט נאָך אונזער דור געהאַט גרויסע זכיה, אַז צדיקים זאָלן זיך אין אים געפינען, איז ער איינער פון די גרעסטע צווישן זיי געווען.

פיל יאָרן זענען שוין פון דאַן פאַרשוואונדן און דאָך לעבט ער נאָך אַזוי שאַרף אין מיין זכרון. אַ ליכטנדיקן און שטראַלנדיקן זע איך אים נאָך איצט פאַר מיינע אויגן.

מיר גיבן דעם טיטול פון „גאונות״ נאָר די וואָס צייכענען זיך אויס מיט גרויסע קאָפּ־חריפות אָדער טאַלאַנט. ס׳איז אָבער אַ טעות. פּונקט ווי ס׳זענען פאַראַן קאָפּ־גאונים, אַזוי זענען אויך פאַראַן „הארץ־גאונים״. מענטשן וואָס פאַרמאָגן ניט נאָר קיין געניאַלע קעפּ, געניאַלן טאַלאַנט, נאָר אויך געניאַלע הערצער.

אַן אומענדלעכער קוואַל פון חסד און רחמים שלאָגט אין זייערע הערצער און מיט גרויס רחבות און וותרנות טיילן זיי פאַנאַנדער זייערע אוצרות.

איינער פון זיי איז געווען ר׳ פּסח׳ל קוטמאַן. ער האָט א הארץ פון א בעל־שם געהאַט.

אַ ליכטיקן און שטראַלנדיקן זע איך אים נאָך איצט פאַר מיינע אויגן. ער איז געווען א שיינע פּערל אין דער קרוין פון אונזער טאַלנער קיבוץ. ער איז זיכער איינער פון די גרעסטע אידן צווישן זיי געווען, טראָץ דעם וואָס ער איז ניט געווען פון די ערשטע פון די בעלי־תורה און חכמה. אין אונזער טאַלנער קלייזל זענען געווען פיל גרויסע און געניטע שווימער אין דעם ים פון תלמוד און פּוסקים און ער האָט ניט באַלאַנגט צו זיי. מער ווי צו אַ פּרק משניות און אַ פּרשה „מאור השמש״ איז ער ניט דערגאַנגען. ער איז אָבער א שיינע פּערל אין דער קרוין פון אונזערע אבות געווען, מיט זיין גרויס אידיש האַרץ. ער איז איינער פון די גרעסטע צווישן זיי געווען מיט זיינע מדות און מעשים טובים.

איך זע אים נאָך איצט פאַר מיינע אויגן, די גוטסקייט פון גאָר דער וועלט האָט פון זיין געזיכט אַראָפּגעקוקט. זיינע אויגן זענען צוויי קוואַלן געווען, פון וואַנען ס׳האָבן אום־אויפהערלעך ליכט און וואַרעמקייט געשטראַמט. ער האָט אויסגעזען ווי א זוכנדיקער שטענדיק. אפשר געפינט זיך אַרום אים אַזעלכער — וועלכן מ׳באַדאַרף טרייסט און הילף געבן.

ער האָט אַ פרייע, אָפענע האַנט פאַרמאָגט. און נאָך מער, וואָס ער האָט געטיילט אָפּן — איז געווען זיין „מתן בסתר״. ער האָט שוין געוואוסט, קומענדיק דאָנערשטאָג אין קלויז, ווער פון זיינע אידן האָט נאָך ניט אויף שבת. פלעגט ער זיך אונטערגנבענען שטילערהייט צו זיי און אַריינוואַרפן אין זייערע קעשענעס עטלעכע רובל. און פלעגט קומען אַן אָרימען קראַנק מבקר חולים זיין, האָט מען שוין נאָך זיין אַוועקגיין אונטער דער קישן פון קראַנקן עטלעכע רובל געפונען.

און אז איינער פון די „אנשי־שלומנו" האָט באדארפט אויף „הכנסות כלה", פלעגט ער אויך אַמאָל דעם גאַנצן נדן געבן. און אז ס'איז דער מאָמענט געקומען האָט ער מיט דער גרעסטער אָפּפערוויליקייט אויך זיין לעבן פאַר פרעמדע געגעבן.

אַ שטראַלנדיקן זע איך אים פאַר מיינע אויגן אויך אין יענעם מאָמענט, ווען ער איז געשטאַנען ביים טויער פון זיין הויז און געשריען צו די אידן וואָס זענען פאַרבייגעלאָפן די גאַס, זוכנדיק רעטונג פון די מערדערישע באַנדעס, וואָס האָבן זיך אין שטאָט אַריינגעריסן: „אידן, קומט צו מיר אין קעלער זיך באַהאַלטן, איך האָב אַ גרויסן קעלער!" — און די אידן זענען געקומען און האָבן זיך אין זיין קעלער באַהאַלטן.

און ער איז שטיין געבליבן ביים טויער און איבער „זיינע" אידן וואַך געהאַלטן. און אַז די מערדערישע באנדעס זענען צו זיין הויז צוגעקומען און האָבן געפאָדערט פון אים, ער זאָל זיי ווייזן, וואו ס'געפינען זיך אידן, האָט ער זיי געענטפערט: „פסח קוטמאַן וועט זיך לאָזן הרגענען און זיינע אידן ניט אַרויסגעבן". און זיי האָבן אים נאָך גרויסע יסורים געהרגעט. שטייענדיק אויף דער וואַך צו פארהיטן דאָס לעבן פון „זיינע" אידן האָט ער זיין אייגן לעבן פאַרלאָרן.



שיינע קוטמאַן
ר' פייסי פיניע מרדכילעס פרוי
אשת ר' פסח קוטמאַן ז"ל

עטליכע טעג און נעכט האָט זיך דער הרוג געוואָלגערט צוזאַמען מיט די איבע־ריקע הרוגים. און ערשט אויפן דריטן טאָג איז זיין פרוי, אַ הייליקע און ריינע נשמה ווי ער, צוריקגעקומען פון דערבייאיקן שטעטל, וואוהין זי איז צוריק מיט עטלעכע טעג אַנט־לאָפן צוזאַמען מיט אַנדערע מענער און פרויען — געשלעפט זייערע נאָענטע צום בית־עולם. אָפּגעשלעפּט עטלעכע טריט און שטיין געבליבן, אָפּצורוען זיך אַביסל. אָפּגערוט זיך און ווייטער געשלעפט. ווי א פגירה האָט מען דעם גרויסן צדיק צו זיין קבורה געשלעפּט.

**ר' זוסיה ראַדזווילער**

איך געדענק אים נאָך זייער גוט. ער איז געווען א הויכלעכער און אַ שטאַטנער — נאָר גאָר דער אויבערשטער טייל פון דער פלייצע אביסל איינגעבויגן — מיט אַ פיינעם הדרת

פנים, און גרוי־ווייס ווי א טויב אינגאַנצן. דאָס געזיכט לענגלעך, מיט א שמאָל און שפּיציק בערדל, וואָס האָט זיך פון קין אַראָפּ־צו געצויגן. ער האָט שטענדיק אויסגעזעען א ריינער און א ציכטיקער, אָנגעטאָן אין א שוואַרצן סורדוט און די הויזן, כמנהג החסידים אין אונזער געגנט, אין אויסגעפּוצטע, שטענדיק גלאַנציקע שטיוועלעך.

קיין גרויסער למדן, ווייס איך ניט צי ער איז געווען. דאַכט זיך אַז ניט. ער איז אָבער געווען, אַלנפאַלס, א בן תורה. דערפאַר אָבער האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט דעם אופן זאָגן תהילים. זיין תהילים־זאָגן האָט א שם געהאַט אין שטאָט. איך האָב נאָך די זכיה געהאַט צו הערן אים אַמאָל זאָגן תהילים. מ׳האט געקענט אויסגיין ממש פון דער מתיקות, מיט וועלכער ער האט די טעגלעכע קאַפּיטלעך תהילים געזאָגט. עס איז זיך גאָר שווער פאַרצושטעלן, עס זאָל קענען ווער נאָך מער הארץ און נשמה בענקעניש, מער מתיקות און געפיל אַריינלייגן אין זיין תהילים־זאָגן. איך האָב אים נאָר איינמאָל אין מיין לעבן געהאָרכט תהילים־זאָגן. דאָס איז געווען אין א פרייטאָג פאַרטאָג אין בית־המדרש. איך האָב זיך אַהין אַריינגעכאַפּט פון אונזער טאַלנער קלייזל, וואו איך בין אויפגעוואַקסן, ווי דער שטייגער אונזערער, א גאַנצע נאַכט. אונזער קלייזל איז, כמעט, אַ טיר לעבן אַ טיר מיט דעם בית המדרש געווען, פלעג איך זיך אָפּט אַהין אַריינכאַפּן. אין יענעם פרייטאג פאַרטאָג איז מיר אויסגעקומען צו הערן זיין תהילים־זאָגן. און ביז איצט איז נאָך פריש אין מיין זכרון דער פרכישופדיקער איינ־דרוק, וואָס דאָס דעמאָלטדיקע תהילים־זאָגן האט געמאכט אויף מיר.

זוסיע ראַדזווילער האט זוכה געווען צו א געוואלדיקן אריכות ימים, איז אלט געווען הונדערט און זיבן יאָר ווען ער איז געשטאָרבן.

וועגן דעם, ווי אזוי ער האט צו אזא אריכות ימים זוכה געווען, ווערט דערציילט: אין די יונגע יאָרן איז ער א מלמד געווען ביים שטאָט־צדיק ר׳ משה׳לע זוויהילער. האָט זיך געמאכט איינמאָל, ווען ער איז אין צדיק׳ס הויז געווען, האָט דער צדיק אָנגעהויבן זיך קריגן מיט דער רביצין. מורא האָבנדיק, אַז ס׳זאָל ניט פאַרקומען נאָך א שאַרפערע קריגעריי, האָט זיך די רביצין געלאָזט אַוועקגיין פון רבי׳ן. האָט ר׳ משה׳לע געכאַפּט א „קאָטשעלקע״, ווי מ׳זאָגט ביי אונז, און זיך געלאָזט איר נאָכלויפן. זוסיע ראדזווילער איז אָבער אים פאַר־לאָפן דעם וועג און האָט ביי אים די „קאָטשעלקע״ אַרויסגעכאַפּט, האט אים דער צדיק דאן געבענטשט, אז ער זאָל צו אריכות־ימים זוכה זיין דערפאר, וואָס ער האט אים אָפּגעהאלטן פון באגיין די גרויסע זינד פון שלאָגן די רביצין.

ר׳ זוסיע ראדזווילער ע״ה איז געשטאָרבן מיט א יאָר 60 צוריק, אזוי אז ס׳איז שוין ארום הונדערט זיבן און זעכציק יאָר זינט ער איז געבוירן געוואָרן. דאָס מיינט, אז ער האָט נאָך פיל יאָרן געלעבט אין איין צייט מיט אלע, כמעט, צדיקי הדור, וואָס זענען באלד אדער מיט א פאָר צענדליק יאָר שפּעטער נאָך דער הסתלקות פון בעל־שם געקומען. אז ער איז כמעט ווי א צייט־גענאָסע פון בערדיטשעווער רב, פון בראַסלאווער, שפּאָלער זיידן און פיל אנדערע צדיקים.

אין מיינע קינדערישע יאָרן האָב איך אויך א סך געהערט וועגן דער „חבריה״ — דאָס איז געווען דער אלגעמיינער נאָמען פאר די צדיקים, וואָס האָבן זיך אין איין צייט מיט ר׳ משה׳לען ביי אונז אין שטאָט געפונען.

מ׳פלעגט דערציילן, אז יעדן פרייטאָג־צו־נאַכטס נאָכן עסן פלעגן זיי זיך צונויפקו־מען אלע אין בית המדרש זאָגן שיר השירים בציבור — און אויסער זיי האָט מען קיינעם ניט צוגעלאָזט אַהין. און דער גאנצער עולם איז באַצויבערט געשטאַנען אויסערן בית־

המדרש און פארגאַפט געהערט דאָס געזאַנג פון דאָרט, וואָס איז געווען ווי א רמז אויף דער גרויסער ליבשאַפט און מורא פאַר גאָט, וואָס ברענט אין די הערצער פון די, וועלכע האָבן זיך דאַן דאָרט פאַרזאַמלט.

## פחדנות

„אשרי אדם מפחד תמיד״.

אַמענטש דאַרף אין זיך די מדה פון פחדנות פאַרמאָגן. ער באַדאַרף באַזאָרגט זיין שטענדיק, אַז אַלץ וואָס ער טוט זאָל ווי געהעריק געטאָן ווערן; ער זאָל קיין פאַלשן טריט אין לעבן ניט מאַכן. ווי אַלע אַנדערע גוטע מדות, אָבער, באַדאַרף אויך די דאָזיקע מדה ניט אויף אַן איבער־געטריבענעם אופן פון אונז פראַקטיצירט ווערן; באַדאַרף מען אויך בנוגע איר די מאָס ניט איבערכאַפּן.

עס זיינען אָבער פאַראַן מענטשן, וואָס ווייסן שוין טאַקע גאָר פון קיין מאָס ניט בנוגע דער דאָזיקער מדה. זיי זיינען שוין צופיל פאַרקאָכט אין איר. זייער געפיל פון פחדנות איבערגעוועלטיגט ביי זיי זייערע אַלע אַנדערע געפילן. זייער פחדנות־געפיל, זייער מורא פאַר די שטיינער־שטרויכלונגען אין לעבן ברענגט זיי ניט צו דעם, זיי זאָלן פאַרזיכטיקע טריט מאַכן, זיי זאָלן אַלע זייערע האַנדלונגען באַקלערן ווי געהעריק, נאָר צו דעם, אַז עס זאָל גאָר אינגאַנצן זייער אַקטיוויטעט פאַראַליזירט ווערן. זיי זאָלן אַנגעשראָקענע, פאַראומ־ערטע, פארוויינטע שטענדיק אין לעבן אַרומגיין. אין אַ מאַניאַק פאַרוואַנדלט דאָס דאָזיקע פחדנות־געפיל דעם מענטשן.

און אָט אַזאַ מין פחדן —אַ פחדן אין עבודת השם — האָט זיך מיר אינגעקריצט אין מיין זכרון פון מיין קינדהייט נאָך.

עס שטייט נאָך ביז צום היינטיקן טאָג לעבעדיק פאַר מיינע אויגן דאָס געשטאַלט פון רבי מרדכי, וואָס האָט זיך ביי אונז אין בית־המדרש אַ פאַר מאָנאַטן אויפגעהאַלטן.

רבי מרדכי איז אַ וואַנדערער געווען.

מסתמא גלות אָפּגעריכט.

פלעגט ער אין יעדער שטאָט, וואו ער פלעגט קומען, אין בית מדרש זיך אויפהאַלטן. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט אַ גלגול פון א גרוגרת דרבי צדוק געווען. דער גאַנצער גוף זיינער איז אַ בינטל פון איינגעדאַרטע ביינער געווען. ער פלעגט פאַסטן הפסקות שטענדיק. און ווען ער פלעגט שוין יאָ עפּעס עסן איז דאָס געווען אַשטיקל דאַר ברויט מיט אַ ביסל וואַסער.

און גאַנצענע טעג און נעכט פלעגט ער נאָר אין תורה און עבודה פאַרברענגען.

אַן אמת׳ער צדיק. ממש אַ קדוש.

און דאָך אַשרעק וויפיל דער דאָזיקער מענטש פלעגט עס טרערן פאַרגיסן אַ טאָג. וויפיל ער פלעגט עס אויסקרעכצן און אויסזיפצן א טאָג. זיינע אויגן זיינען ממש אַן אומדערשעפ־לעכער קוואַל פון טרערן געווען.

---

און איך בין נאָך דאַן אין מיינע קינדערשע יאָרן געווען, אַ נאַריש יינגל, פון לעבן נאָך ניט פאַרהאַרטעווט, וואָס יענעמס טרערן האָבן פון זיינע אויגן טרערן אַרויסגערופן, פלעג איך דעם צער זיינעם ניט קענען צוקוקן. יעדעס מאָל ווען איך האָב אים וויינען געזען, פלעגט זיך באַלד מיין יונג געזיכט פאַרקרימען, גרייט מיטצווויינען מיט אים.

יעדעס מאָל, וואָס עס האָט זיך פון זיין האַרצן אַ שווערער זיפץ אַרויסגעריסן, האָט זיך דאַן מיין קינדיש האַרץ אין שווערע אַנגסטן אָנגעהויבן צו צאַפּלען.

און איין מאָל, געדענק איך, ווען ער האָט זיך גאָר שטאַרק צעוויינט, בין איך אויף אים קוקנדיק אויך אַליין אַ וויינענדיקער צוגעגאַנגען צו אים און מיט אַ וויינענדיק קול זיך אָנגערופן צו אים:

— רבי מרדכי, רבי מרדכי, פאַר וואָס וויינט איר? — און רבי מרדכי האָט מיר געענטפערט:

— קינד מיינס, קינד מיינס, ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען, אַז איך טראָג אויף זיך די שווערע משא פון די גרויסע זינד, וואָס איך באַגיי? ווי אזוי זאָל איך ניט קרעכצן, אַז איך פיל אַזוי שטאַרק דעם דרוק פון די אייזערנע קייטן, אין וועלכע דער שטן האָט מיך געפּענטעט?

---

און נאָך איינעם געדענק איך פון אונזער שטאָט: שוין אַ תושב, ניט קיין גר.

אויך ער איז אַ גרויסער פּחדן געווען. זיין פּחדנות אָבער איז שוין ניט אין עבודת השם געווען.

זיין פּחדנות האָט זיך אויף אַ שטיקל „סופּיט" קאָנצענטרירט.

ער האָט אַ מאָדנעם פּחד אַרויסגעוויזן פאַר אַ שטיקל סופּיט אין טשערנאָבילער קלויז; די קלויז, וואו ער האָט געדאַוונט.

ביי זיך אין הויז און אויך אין אַלע אַנדערע הייזער און בנינים, האָט ער דווקא קיין מורא ניט געהאַט. געפינענדיק זיך דאָרטן, איז ער געווען זיכער, אַז דער סופּיט וועט אים ניט פאַרראַטן; אַז ער האָט נאָך לאַנגע יאָרן צו לעבן.

דער פּחד פאַר דעם סופּיט איז אים באַפאַלן נאָר דאַן, ווען ער פלעגט קומען אין קלויז דאַוונען אָדער לערנען.

און אויך דאָ האָט, ווי שוין געזאָגט, ניט דער גאַנצער סופּיט אויף אים אַן אימה ארויפגעוואָרפן, נאָר איין שטיקל פון דעם סופּיט.

און דאָס דאָזיקע שטיקל סופּיט. וואָס האָט אים אין שטענדיקער שרעק געהאַלטן, האָט דערצו ביים אריינגאַנג פון דער טיר זיך געפונען. די אומנדלעכע צרות האָט אים נאָר דאָס דאָזיקע קליין שטיקל סופּיט פאַרשאַפט. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס דאָזיקע שטיקל סופּיט וועט „כרת יאָרן" האָבן. אַז היינט־מאָרגן וועט דער פון אים דערוואַרטעטער קראַך געשען מיט דעם גאַנצן איבעריקן סופּיט איז ער גראָדע זיכער געווען. דאָרטן האָט ער קיינע קאַטאַסטראָפן ניט דערוואַרט.

פלעגט ער דעריבער שטענדיק זיין פון די „מקדימים לבוא ומאחרים לצאת". ער פלעגט פריער פאַר אַלעמען קומען אין שול און שפּעטער פאַר אַלעמען פאַלאָזן זי, כדי ער זאָל קענען מיט די פענצטער, אָנשטאָט מיט דער טיר, זיך באַנוצן ביים אַריינקומען אין שול און ביים פאַרלאָזן זי. ער האָט די אַלע נויטיקע פאַרזיכטיקייטן גענומען, כדי ער זאָל די לויערנדע אויף אים סכנה אויסמיידן.

טאָמער אָבער האָט ער געמוזט ווי אַלע אַנדערע מיט דער טיר גיין, ווייל ער איז צו שפּעט געקומען אָדער ער האָט געמוזט צו פרי אַוועקגיין, האָט זיך אים דאָס לעבן געעקט, און ער פלעגט שיעור ניט אויסגיין פון פּחד.

ב. מלמד (לאָס־אַנדזשעלעס)

# די זוועהילער יוגנט און איר אנטייל
# אין דער קולטור־באַוועגונג

זוועהילער, וועלכע געהערן צו די דורות פון סוף נײַנצנטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן באַזונדערע סענטימענטן צו שרייבן זכרונות וועגן זוועהיל. זיי זענען עס די, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט דעם שטורם־ און דראַנג־פּעריאָד פון אידישן לעבן אין יענער צייט, אָנהויבנדיק מיטן קאַמף קעגן רעליגיעזן פאַנאַטיזם, וועלכער האָט דעמאָלט באַהערשט די אידישע גאַס, דורכגעמאַכט די רעוואָלוציע פון 1905, גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער אידישיסטישער באַוועגונג, אין דער „קולטור־ליגע" — ביז דעם אָנפאַנג פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און סאָציאַלער רעוואָלוציע.

אין דעם קאַמף איז זוועהיל געווען פאַרטראָטן דורך אַן אָנגעזעענער גרופּע יונגע־לייט וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם באַגאַבטן, יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער מ. ז. פייערבערג; אָדער ווי מ'האָט אים גערופן מאָטל שמעון דעם שוחטס זון. פון דער גרופּע האָבן זיך אויסער פייערבערגן, אויסגעצייכנט: הערשל זעצער — שריפטשטעלער און לאַנג־יאָריקער מיטאַרבייטער פון „מאָרגן־זשורנאַל", און י. י. וואָהל — ליטעראַטור־קריטיקער.

ניט נאָר קעגן רעליגיעזן פאַנאַטיזם האָט זיך די זוועהילער יוגנט אויסגעצייכנט. דער דראַנג צו לערנען און וויסן איז געווען בײַ זיי גרויס. ס'זענען געווען יוגנט־קרייזן, וואו מ'האָט געלייענט און דיסקוטירט ווערק פון אָנגעזעענע שריפטשטעלער און אויך גענומען אָנטייל אין געהיימע קרייזן, אין וועלכע מ'האָט געשטודירט די סאָציאַליסטישע לערע. די יוגנט האָט גענומען אָנטייל אין אַלע צווייגן פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן פון יענער צייט. זוועהיל האָט פאַרמאָגט א גרויסע צאָל בעלי־מלאכות, שניידער, שיס־טער, מוליאַרעס און אויך א צאָל גאַרבערייען. די אַלע האָבן פאַשעפטיקט אַ סך אַרבע־טער. אַ גאַנץ באַדייטנדיקע צאָל אַרבעטער איז געווען אין די שטעטלעך אַרום זוועהיל, קאַמענעבראָד, האָראָדניצע, באַראַנאָווקע, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די פאַיאַנס פאַב־ריקן פון יענע שטעטלעך. די אַרבעטער זענען געווען אָרגאַניזירט אין „בונד", אונטער דער פירערשאַפט פון אָנגעזעענעם טוער ד"ר טאַרגאָווער אין זוועהיל, און מ. אַלגין פון ראָטשעיו. דער „בונד" האָט דאַן פאַרנומען אַ אָנגעזעענעם אָרט אין פּאָליטישן לעבן אין 1905. אין זוועהיל זענען דעמאָלט פאָרגעקומען גרויסע דעמאָנסטראַציעס פון אַר־בעטער־כוחות. אין איינער פון זיי איז ד"ר טאַרגאָווער ברוטאַל צעשלאָגן געוואָרן פון דער פּאָליציי.

אַ באַדייטנדיקע צאָל יוגנט איז אויך געווען פאַרטראָטן אין פאַרשיידענע צווייגן פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, ווי פּועלי־ציון, צעירי־ציון און אַלגעמיינע ציוניסטישע קרייזן. אַ קליינע צאָל האָט אויך באַלאַנגט צו דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער פּאַרטיי.

אַ טונקלן שאָטן אויף דער אידישיסטישער יוגנט פון זוועהיל האָט געוואָרפן אַ קליינע גרופּע אַוואַנטוריסטן, וועלכע האָבן זיך באַוויזן נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג. די דאָזיקע זענען געקומען צו דער באַוועגונג ניט דורך איבערצײַגונגען,

באַוואוסטזיין, נאָר זענען אַריינגעצויגן געוואָרן, ריכטיקער אַריינגעשווינקט געוואָרן, אינעם שטראָם, ווי אין אַ פֿאַרפֿלייצונג שווינקט אַריין אַלערליי אָפּפֿאַל. די מיטגלידער פֿון דער גרופּע, וועלכע האָבן זיך גערופֿן „סאַניניסטן" — נאָכפֿאָלגער פֿון אַרציבאַשעוו׳ס ראָמאַן „סאַנין", האָט זיך פֿרנומען אויפֿן וועג אויסצופּרעסן געלט פֿאַר זעלבסטזיכטיקע צוועקן דורך דראָאונג־בריוו, אָדער דורך געווער. זיי האָבן אויך געפּרע־דיקט „פֿרייע ליבע". די גרופּע איז, ווי געזאָגט, געווען אַן אומבאַדייטנדיקע, האָט ניט געהאַט קיין איינפֿלוס און איז שנעל פֿאַרשוואונדען געוואָרן.

די איבערוועגנדיקע מערהייט פֿון אַרבעטער און אינטעליגענץ איז נאָכן דורכפֿאַל פֿון דער רעוואָלוציע, ניט אַריינגעפֿאַלן אין יאוש. פֿאַרקערט. די דעמאָנסטראַציעס קעגן צאַ־רישן רעזשים, און באַזונדערס דער אַלגעמיינער שטרייק פֿון אַל־רוסישן פּראָלעטאַריאַט — האָט געשטאַרקט דעם גייסט פֿון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און האָט זיי געגעבן דעם גלויבן אין דער מעגלעכקייט ניט נאָר צו שטירצן די מאַכט פֿון צאַר, נאָר אויך אויפֿ־צוהויבן די פּאַן. פֿון קאַמף פֿאַר דער נייער סאָציאַלער סיסטעם. אין יענער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַרמירן אונטערערדישע גרופּן, וועלכע האָבן זיך געגרייט און געוואַרט אויף אַ שעת־הכושר צו באַטייליקן זיך אין ווייטערדיקן קאַמף.

ביז וואָס ווען האָט אַ היפּשע צאָל פֿון דער זוההילער יוגנט געפֿונען אַ באַגייסטערונג אין דער אידישיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער גרינדונג פֿון דער „קולטור־ליגע" אין קיעוו. די לעצטע האָט פֿאַר זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו פֿאַרשפּרייטן אידישע קולטור צווישן די מאַסן. אין אַ סך שטעט אויף אוקראַינע זענען געגרינדעט געוואָרן אָפּטיילונגען. אַזאַ אָפּטיילונג איז אויך געגרינדעט געוואָרן אין זוהיל. דער פּאַרזיצער איז געווען ד״ר אַסטראָווסקי — אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, און אין אַ געוויסער מאָס אַ אַסימילאַנט, אָבער ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אידישע קולטור־ענינים. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ קינדער־שול, אָוונט־קורסן פֿאַר אַרבעטער, וואו לערער האָבן אָפּגעגעבן זייער צייט אומזיסט. ס׳האָט זיך אויך פֿאָרמירט אַ דראַמאַטישער קרייז, וועלכער האָט גאַנץ אָפֿט געגעבן פֿאָרשטעלונגען פֿון בעסערע אידישע דראַמאַטורגן.

פֿון די אָנגעזעענסטע אין יענער צייט איז כדאי צו דערמאָנען די פֿאָלגענדיקע: אברהם טשעסקיס, עזרא בראָכמאַן און יהושע איידלמאַן — פֿריערדיקע חברים פֿון פֿייערבערגן. זיי האָבן אויך זייערע פֿעאיקייטן און וויסן געשטעלט אין דינסט פֿון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט זיך סטאַביליזירט, האָבן זיי פֿאַרנומען פֿאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן אינעם רעגירונגס־אַפּאַראַט. אברהם טשעסקיס איז געווען פּראָפֿעסאָר אין מאָסקווער או־ניווערסיטעט און אין דער זעלבער צייט פֿאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין מיניסטעריום פֿון פֿאָלקס־בילדונג.

דאָס איז אין קורצן, אַ איבערבליק איבער דער זווהילער יוגנט, ווי זי האָט געלעבט. געקעמפֿט אונטער אַלע אומשטענדן און האָט ניט אויפֿגעגעבן איר שטרעבונג צו וויסן, ניט פֿאַרלאָזן איר קאַמף־לוסט, און ווען די זון פֿון פֿרייהייט האָט אַ שיין געטון, האָט זי זיך מיט לייב און לעבן, מיט מסירות נפֿש, אַריינגעוואָרפֿן אין קאַמף פֿאַר אַ בעסערער און יושר׳דיקער וועלט.

.1954

# אַרומיקע שטעטלעך

הירש ראָזענפעלד

## ראַטשעוו

באַרג אַראָפּ אויפן מערב בערג פונעם טייך סלוטש צווישן זוויהיל און באַראַנאָווקע איז געלעגען אונזער שטעטל ראַטשעוו, אַרומגערינגלט מיט ברייטע קאַרן, ווייץ און הרעטשקע פעלדער. אויף יענער זייט טייך האָט זיך געצויגן דער וואונדערלעכער סאָסנע־וואַלד ביז קאַמענעבראָד. אויף מערב זייט פעלדער ביים סאַמע האָריזאָנט, האָבן זיך געצויגן קליינע בושן און דער "כאַליאַוועץ" — אַ פּריצישע דעליאַנקע מיט אַלעריי הויכע אַלטע ביימער און מיט אַ קליינער אָזערע אינמיטן.

די הויפּט גאַס האָט זיך געצויגן פון דרום אויף צפון און געהאַט צוויי נעמען: אויף דרום אין דער ריכטונג קיין זוויהיל, האָט מען גערופן זוויהילער גאַס, אויף צפון צו באַראַנאָווקע — האָט שוין געהייסן „באַראַנאָווקער גאַס". פּאַראַלעל צו דער הויפּטגאַס, אויף מזרח, האָט זיך געצויגן דאָס הינטער־געסל. אויף מערב פון שטעטל זענען געווען נאָך צוויי קליינע געסלעך פּערפּענדיקוליאַר צו דער הויפּטגאַס — די סמאַלדראָווער און די נייע גאַס. אינמיטן שטעטל האָט זיך רחבות'דיק צעלייגט דער מאַרק מיט אַ רינג קראָמען און קרעמלעך — אַרום צוואַנציק וואָס זענען געווען איינגעבויט אין די פראָנט־טיילן פון עטלעכע וואוינונגען.

ניט ווייט פון מאַרק, אויף באַראַנאָווקער גאַס, איז געשטאַנען דער בית המדרש — אַן אַלטע שטיינערנע געביידע מיט דיקע ווענט און שווערע געקאָוועטע טירן. ווען איך בין געווען אַ אינגעל פון אַ יאָר זיבן—אַכט (מיט איבער 60 יאָר צוריק) האָט מען אויף באַראַנאָווקער גאַס אויסגעבויט די מאַקאַראָווער קלויז מיט צוויי בלויע לייבן איבער דעם אַריינגאַנג. אַביסל שפּעטער איז צוגעקומען דאָס טריסקער קלייזל אין אַ ווינקל פון מאַרק.

אין דער געביידע פונעם בית המדרש איז געווען אָפּגעטיילט אַ שולכל וואו ס'האָבן געדאַוונט בעלי־מלאכות בלויז שבת און יום טוב.

דער בית־עולם איז געווען אויף זוויהילער גאַס, כמעט ווי אין שטעטל. אָבער אין ראַטשעוו איז אַמאָל געווען אַן אַלטער בית־עולם אין סאַמע מיטן שטעטל. ניט ווייט פון בראָווער (ביר־ברויז). ווען איך בין געווען אַ קינד איז שוין פונעם בראָווער געבליבן בלויז אַן אַלטע חורבה און ס'איז געווען אַ סכנה אַהין אַריינצוגיין: אַ באַלקן האָט געקענט אַראָפּפאַלן, אָדער אַ וואַנט איינפאַלן. אַ פּאָר טריט פון דער חורבה איז געלעגן אַרומגעצאַמט מיט אַ הויכן פּאַרקן דער אַלטער בית־עולם. די ברעטער פונעם פּאַרקן זענען שוין געווען שוואַרץ פון אַלטקייט און ערטערווייז צעפוילט, די מצבות — איינגעפאַלן, צעבראָכן און אָפּגעריבן. איך האָב קיינמאָל ניט געקענט דערגיין ווי אַלט איז אָט דער אַלטער בית־

עולם. מיט דער צייט איז דער צעפוילטער פּארקן אינגאנצן איינגעפאלן און קיין נייעם האָט מען ניט געמאַכט. דעם אלטן בראוּוער האָט מען צענומען. אויף זיין פּלאַץ האָט מען אויפגעבויט אַ גרויס הויז, דער פּלאַץ, וואו ס׳איז געווען דער בית־עולם, איז פארוואקסן געוואָרן מיט קליינע ביימלעך און הויכע קראָפּיווע און אנדערע קרייטער.

ניט ווייט פון בית המדרש איז געשטאַנען די באד. דאָס איז געווען אַ וויכטיקע אינסטיטוציע אין שטעטל און אַ קוואל פון פרנסה פאר דעם אלטן יענקל, דער שמש פונעם בית המדרש. פרומע אידן פלעגן אלע פארטאָג גיין אין „וואַסער", ד.ה. אין „מקוה". אבער נאָר פרייטאָג האָט מען געהייצט די באד. פרייטאג נאָך מיטאָג פלעגן כמעט אלע אידן גיין אין באָד זיך ריינמאכן לכבוד שבת. די גויים פון שטעטל האָבן זיך אויך באנוצט מיט דער באד, נאר זיי פלעגן גיין פרייטאָג ביינאכט.

**ווי פיל אידן זענען געווען אין ראטשעוו און פון וואָס האָבן זיי געלעבט ?**

אין ראטשעוו זענען געווען איבער הונדערט אידישע הייזער, באוואוינט פון ארוּם 120 פאמאליעס. איך בין זיך משער, אז ס׳האָבן ביי אונז געלעבט ארום פיר־פינף הונדערט נפשות. ארום 20 פאמיליעס האבן געצויגן זייער חיונה פון קראמען און קרעמלעך. געווען אויך א צענדליק מלמדים, א רב, דריי שוחטים וועלכע זענען געווען אויך חזנים, 3 שמשים, עטלעכע קצבים, אַ בעל טאקסע, א לעכטציער. ווייטער זענען געווען עטלעכע שניידער, שוסטערס, מוליארעס, סטאָליארעס, טשעסלערס, גלעזערס און אַן ארכיטעקט, אַן אלטער הויכער איד, א דארער מיט א רויט אפגעברענט פנים פון שטענדיק זיין אויף דער זון. געווען אויך א בלעכער, א קאָטליאר, א קאוואל, עטלעכע וועבער, גארבער, אַ שערער, אַ רופא און אן אפטייקער. אין שטעטל זענען געווען 2 קליינע גארבארניעס און א דראטשקע שפּעטער אויך אַ פאראווע מיל. איין איד האָט געהאַלטן אַ ציגעלניע וואו ס׳האָט געארבייט א גויאיש פארפאָלק. די איבעריקע אידן האָבן געארבעט אין פאפירענע (פאפיראָס פאבריק) און אין דער קאמענעבראדער פאיאנס פאַבריק.

קאמענעבראד איז געלעגן 8 ווערסט פון ראטשעוו און די פאפירנע 2 ווערסט פון שטעטל. אין דער פאפירנע האבן געארבעט ארום 40 אידישע מיידלעך. די מענער זענען געגאנגען קיין קאמענעבראד. אין דער פאפירנע זענען געווען 2 אפטיילונגען : די אָפּטיילונג פון שמאטעס, וואו מ׳האט אויף טאמפע קאָסעס אויסגעריבן די בלאָטע פון די שמאטעס. דאָרט איז שטענדיק געווען אַ געדיכטער שטויב אז מ׳האָט אים געקענט שניידן מיט אַ מעסער. די מיידלעך וואָס האָבן געארבעט, פלעגן טראָגן פאטשיילקעס אויף די קעפּ כדי דער שטויב זאָל זיך ניט אריינפרעסן אין די האָר. זיי פלעגן ארומבינדען טיכלעך ארום די מיילער כדי ניט אריינצואָטעמען דעם שטויב. קיין פענצטער זענען דאָרט ניט געווען, זיי זענען געווען פארקלאפּט מיט ברעטער.

די צווייטע אפטיילונג איז געווען די „פאקאָווניע". דאָרט האָט מען צעשניטן די לאנגע און ברייטע בויגנס פאפיראָס־פּאפיר אויף קליינע בויגעלעך, און זיי געפאקט אין פּעק. אָט די אָפּטיילונג איז געווען אין אַ צווייטער געביידע אויפן 2־טן שטאָק מיט פענסטער אין אלע זייטן. דאָרט איז געווען ווארעם און ליכטיק. ווי שלעכט ס׳איז ניט געווען צו ארבעטן אין דעם שמאטע־מאגאזין, זענען די פארדינסטן געווען נאָך ערגער. די מיידלעך פון דער פאקאָווניע האָבן מער פארדינט.

אלע מיידלעך האָבן געמוזט זיין ביי דער ארבעט פונקט 6 אזייגער אינדערפרי. זיי האָבן געאַרבעט ביז 6 אין אָוונט און געקראָגן אַ האַלבע שעה צייט צועסן וואַרמעס.

זומער און ווינטער, אין שניי און אין רעגן, אין די ערגסטע זאַווערוכעס האָבן די מיידלעך זיך געשלעפּט צוויי ווערסט אַלע טאָג צו דער אַרבעט און אַזוי צוריק. פאַרדינט האָבן זיי אין יענע צייטן 8 גילדן (אַ רובל מיט צוואַנציק קאָפּיקעס) אַ וואָך, וואָס איז דאַמאָלט געווען אַ סך געלט.

די אידן וואָס האָבן געאַרבעט אין קאָמענעבראַד זענען ניט געווען פיל גליקלעכער פון די מיידלעך וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פּאַפּירניע. יעדן זונטאָג פאַרטאָג פלעגן ראַטשעווער אידן זיך אַרויסלאָזן גרופּעסווייז מיט קלומעקלעך „כאַרטש" (עסנוואַרג) אויף די פּלייצעס און גיין קיין קאָמענעבראַד אַרבעטן. פרייטאָג נאָכמיטאָג פלעגן זיי וואַנדערן צוריק אַ היים אויף שבת. צווישן די דערוואַקסענע אַרבעטער זענען געווען אינגלעך פון 10—12 יאָר. די דערוואַקסענע ווי די אינגלעך פלעגן זיך באַזאָרגן מיט נאַכטלעגער אויף דער וואָך אין די היימען פון די קאָמענעבראַדער אַרבעטער.

די קלייטן פון קאָנטאַר זענען געווען אַ טייל פון די קוואַלן פון די אידישע פּרנסות אין ראַטשעוו. אָבער ס'איז ניט געווען גענוג פאַר אַלעמען. בלויז אַ קליינע צאָל האָבן געלעבט אין רחבות. פון די גבירים, די וואַלאַוויניקעס, איז שוין אָפּגערעדט. זיי האָבן געלעבט ווי די פּריצים, גוט האָבן געלעבט עטלעכע קרעמער, בעלי־מלאכות. אַלע איבעריקע האָבן געלעבט פון האַנט אין מויל. ס'זענען געווען אידן, אמת אין אַ קליינער צאָל וואָס האָבן געהאַט אַזוי ווינציג פּרנסה, אַז ווען מען העלפט זיי ניט אַרויס פון צייט צו צייט שטילערהייט, וואָלטן זיי אויסגעגאַנגען פון הונגער.

ס'איז דערפאַר ניט געווען קיין חידוש וואָס יונגע קינדער פון 10—12 יאָר האָבן געמוזט גיין אַרבעטן קיין קאָמענעבראַד, אָדער צו אַ בעל מלאכה, כדי אַרויסצוהעלפן אין דער פּרנסה. אָט די קינדער האָבן קוים געקענט זאָגן עברי. אָבער אויך אין יענע יאָרן זענען געווען ביי אונז יונגע בחורים'לעך וואָס פלעגן אַפּפאָרן פון דער היים אין ווייטע שטעט צו זוכן אַרבעט און בילדונג. אייניקע האָבן זיך טאַקע סוף־סוף דערשלאָגן צו בילדונג, אַנדערע האָבן זיך אויסגעלערנט אַ גוטע מלאכה.

## ראַטשעווער אידן און זייערע פירונגען

אין מיינע יונגע יאָרן איז ראַטשעוו געווען אַ פרום שטעטל. אָבער ס'זענען שוין געווען אידן וואָס האָבן געשמ'ט פאַר משכילים און האָבן געקענט גוט העברעאיש. זיי האָבן שוין געלערנט דעם „מורה נבוכים", „כוזרי" און אַנדערע האַלב־פילאָזאָפישע העברעאישע ווערק. זיי האָבן שוין אויך געלייענט דעם „כנסת" און „השחר". אַפילו משה לייב לילענבלומס „חטאות נעורים" און דעם „הדת והחיים" — ברוידעסעס. אין דעם שטעטל האָט עמיצער געהאַט דעם „זכרונות לבית דוד" און דעם „מסתרי פאַריז" וואָס אַלע האָבן זיי געלייענט.

אָט דער גאַנצער עולם האָט זיך גערעכנט פאַר „חובבי ציון". זיי פלעגן אָפט, צווישן זיך רעדן העברעאיש. די יונגע האָבן זיך אויסגעלערנט עטלעכע העברעאישע לידער ווי „אויה כי עוטיה אני", „שושנה" א. אנד. און פלעגן זיי אָפט זינגען מיט אַזוי פיל האַרץ, אַז אַפילו די עלטערע האָבן זיך צוגעהערט און שטילערהייט זיי אונטערגעברומט. פאַרשטייט זיך, אַז די עלטערע, די משכילים, פלעגן גיין דאַוונען און אַמאָל נאָך אַריינכאַפּן אַ בלאַט גמרא.

נאָך זיי, אָט די גרופּע אידן, קומען די בחורים און די עלטערע אידן, וואָס פלעגן זיצן און לערנען אין בית המדרש. צווישן זיי פלעגן אויך אַריינקומען שמואל לייב־מענדל

דעם שוחטס זין און זיין שוואָגער שמואל לאַנגער.ביידע זענען געווען די גרעסטע לערנער אין שטעטל. שמואל לייב, זיין פאמיליע איז געווען אסטראוווסקי (זיין זון ברוך אסטראָווסקי איז דער מאיאָר פון דער קאַלאָניע רעננה, אין ישראל) האָט געשמט אין דער גאַנצער סביבה מיט זיין גרויס בקיאות און שארפן מח. דערצו נאָך האָט ער געקאנט מאלן און קאָמבינירן די קאָלירן פון די טינטן וואָס ער פלעגט אליין צוגרייטן פאר זיך. אין ראטשעוו האָט ער די פעאיגקייטן זיינע אויסגענוצט אויף מאלן אַ מזרח. זיין ליניע איז געווען איידל, די צייכענונגען לעבעדיקע און די פארבן — שטילע, גלעטנדיקע. אבער אַ חוץ אלע קענטענישן איז ער געווען אַ מענטש מיט גוטע מדות.

צווישן די עלטערע אידן, וואָס פלעגן קומען לערנען אין בית המדרש זענען געווען מאיר נשיא׳ס און איצי דער אלטער. אויף דעם אלטן איצין האָט מען געזאָגט אז ער האָט שוין אפגעלערנט גאנץ ש״ס צען מאָל. צום אלטן פלעגן בית־מדרש בחורים אמאָל צוגיין פרעגן אַ שטיקל גמרא. מאיר נשיא׳ס פלעגט קומען אין בית המדרש בלויז פארטאָג. ער האָט געהאט זיין ווינקעלע אין מזרח־וואנט, טאקע אויף זיין אייגענער שטאט. ווען ער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, וואָס יענקל דער שמש האָט פאר אים געלאָזן אין אָוונט. איידער ער איז געגאנגען אַ היים, איז ער צוגעגאנגען צו דער גרויסער שאפע מיט ספרים, ארויסגענומען זיין גמרא און זי צוגעטראָגן צום סטענדער. געעפנט זי האָט ער ארויס־גענומען זיין פּושקע מיט טאבאק, צעריסן אויף העלפט א בויגעלע פּאפּיראָס־פּאפּיר, געמאכט א ציגאַר און פאַררויכערט. די ערשטע פּאָר צי זענען געווען גרויסע און ער האָט ארויסגעלאָזן אַ סך רויך דורך די דיקע וואנסן און האָט גענומען שטיל אונטערברומען דעם גמרא ניגון. קיינער האָט ניט געוואגט צוגיין צו אים עפּעס פרעגן. ער איז געווען אַ בייזער איד. אבער ער האָט זיך גראָד צוגעהערט צו אלץ. און ער האָט געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך אין בית המדרש, ווער עס לערנט ערנסט און ווער ס׳פארבלענדט די אויגן, ווער ס׳קען און ווער ס׳נארט זיך אָפּ.

אָט דער אַלטער בייזער איד האָט אויף מיר גענומען קוקן בייז, ווען איך בין אַראָפּ פון דרך הישר און אָנגעהויבן לערנען רוסיש. פארשטייט זיך אז ער האָט מיך אויסגעמיטן. און איך האָב דאָס אויך געטון. איך האָב פשוט ניט געוואָלט אים מצער זיין. ווייזט זיך אבער ארויס, אז ער האָט געוואוסט וועגן אלץ וואָס איך טו. דערפון האָב איך זיך דערוואוסט שפּעטער ווען מ׳האָט מיך ארעסטירט אין בית המדרש. ס׳איז געווען שמחת תורה נאכן לייענען אין 1904. דער פריסטאוו מיט אזשאנדארם איז צוגעפארן צום בית המדרש, אריינ־געשיקט צוויי „סאטניקעס" וואָס האָבן מיך ארויסגעפירט. דער פריסטאָוו האָט מיך געפרעגט צי איך וויל גיין צופוס אהיים מחמת יום־טוב אָדער צופאָרן מיט אים איך האָב אויסגעקליבן דאָס לעצטע. איך האָב ניט געוואָלט גיין צווישן די סאטניקעס. דערווייל איז געוואָרן אַ בהלה אין בית המדרש. אַ האלבער בית מדרש איז ארויסגעקומען אָנקוקן וואָס ס׳וועט זיין מיט מיר. אבער די סומאטאכע איז שנעל אריבער. איך האָב זיך אריינגעזעצט אין דער בריטשקע מיטן פריסטאוו און זשאנדארם און אוועקגעפאָרן. נאָכדעם ווי מ׳האָט אבערגעאקערט אונזער שטוב און גארניט ניט געפונען האָט מען מיך אָפּגעלאָזט. שפּעטער האָט מיר מיין טאטע דערציילט, וואָס ס׳האָט זיך אפגעטון אין בית המדרש ווען מ׳האָט מיך פון דאָרט אוועקגעפירט. די מערסטע אידן האָבן, פארשטייט זיך, באדויערט וואָס מ׳האָט מיך ארעסטירט. אלע האָבן שוין געמיינט, אז מ׳שיקט מיך אויף אייביקער קאטארגע, אָדער מ׳וועט מיך אַראָפּלאָזן אין דנעפּער דורך א רער פון דער טורמע ווי מ׳טוט מיט בונטאוושטשיקעס. בלויז איינער, חיים לייבישעס, איז אריין אין בית המדרש

און אויפגעהויבן די הענט צו גאָט און ארויסגעזאָגט אויף אַ קול: — דאַנקען גאָט, וואָס מיר זענען פטור געוואָרן פון אָט־דעם „אפיקורס״.

אויף די ווערטער איז גראַד דורכגעגאַנגען דער אלטער מאיר נשיא׳ס און ער איז אין כעס געוואָרן, אזש בלייך געוואָרן און געשריען: דו עוכר ישראל איינער! ווי וואגסטו אזוי צו ריידן פון הערשן! ער האָט דאָך מקריב געווען זיין לעבן, כדי די קאמענעבראַדער אידן זאָלן האָבן א גרעסער שטיקל ברויט און ניט דארפן האָרעווען אזוי שווער... וואָס האסטו געטון אין דיין לעבן??...

חיים לייבישעס האָט זיך קוים ארויסגעדרייט פון דעם אלטען מאיר נשיא׳ס. און איך האָב שטענדיק געמיינט, אז מאיר נשיא׳ס האסט מיך.

ווי אָרעם ראטשעוו איז געווען האָט מען פונדעסטוועגן געגעבן צדקה אי צו היימישע אָרעמעלייט, אי צו דורכגייער. געווען עטלעכע אידן, וואָס האָבן אויף זיך גענומען ארומ־צוגיין אלע ערב שבת איבערן שטאָט און זאמלען געלט פאר מענטשן וואָס האָבן זיך געניטיקט, אבער אליין ארומגיין האָבן זיי ניט געקענט צוליב קראנקהייט אדער זיך געשעמט.

מיר האבן געהאט א חברה תהילים. די מערסטע פון דער חברה זיינען געווען בעלי מלאכות. יעדן שבת פאַרטאָג פלעגן זיי קומען אין שולכל צו זאָגן תהילים. איינער פון זיי: לייב ברוכ׳ס, א מוליער, וואָס האָט געהאט א וואונדערלעכע טענאָר שטימע פלעגט וועקן צו תהילים. אין די גרעסטע פרעסט, אין שנייען און רעגן פלעגט לייבע ברוכ׳ס ארומגיין שבת פארטאָג איבערן גאנצן שטעטל און אויסזינגען:

ישראל, עם קדו — ו — ו — שים
שטייט אויף, שטייט או — ו — ו— ף
לעבו — דת הבו — ו — רא,
כי לכך נו — ו — ו — צרת.

אלעמען האָט לייבע ברוכ׳ס טאקע געדארפט אויפוועקן פון שלאָף, אבער ניט מאטעס דער שניידער. מאטעס דער שניידער איז אייגנטלעך געווען א לאָטוטניק. ער פלעגט פאריכטן צעריסענע פעלצן פאר די פויערים פון די ארומיקע דערפער. זונטאג אין־דערפרי פלעגט ער אוועקגיין ערגעץ אין א דאָרף זוכן ארבעט, אַ היים פלעגט ער קומען ערשט פרייטאָג האלבן טאָג. ער איז געווען זייער א פרומער. פלעגט ער אפקומען די גאנצע וואָך מיט קארזשיקעס וואָס די גויעס האבן פאר אים געבאקן, מיט געבראָטענע קאַרטאָפל און זויערמילך. אזוי — וואָך איין, וואָך אויס.

אז איר האָט אַ קוק געטאָן אויף מאטעס דעם שניידער, איז פאר אייך געשטאנען א קורץ־געוויקסיקער איד מיט ברייטע פלייצעס, נאָר זייער מאָגער און אויסגעדארט. איר וואלט געקענט מיינען, אז מיט איין בלאָז ווארפט איר אים אום און קוים וואָס ער האלט זיך אויף די פיס. אָבער אָט דער איד איז געווען א זעלטענער גיבור. אַזייער שטילער מענטש, האָט ער פונדעסטוועגן פון צייט צו צייט ארויסגעוויזן זיין גרויסע גבורה ניט אין געשלעגן, חלילה, נאָר אין דער שטיל. אזוי פלעגט ער אמאָל נאָך הבדלה, כדי אפצויאָגן דעם וואָכיקן טרויער, וואָס האָט זיך אנגערוקט אין דער טונקל באלויכטענער שטוב, נעמען די טריפה־מולטער, אריינזעצן צוויי, זיבן־אכט יאריגע קינדער, און אויפהויבן די מולטער מיט איין האנט אדער מיט די ציין און ארומטראָגן די קינדער אין דער מולטער איבער דער

שטוב. די שכנים פלעגן זיך צוזאמענלויפן אנצוקוקן ווי מאטעס ווייזט ארויס זיין גבורה. זיי פלעגן שטיין און גאפן פון די קונצן וואָס ער פלעגט ארויסווייזן. אבער קיינמאָל האָט ניט געטראָפן, אז מאטעס זאָל אויף עמיצן אויפהויבן אַ האנט, אפילו ווען יענער האָט זיך מיט אים פארמאסטן, ער האָט מורא געהאט מיט איין קלאַפּ צו דערשלאָגן יענעם אויף טויט.

שבת פארטאָג, נאָך איידער לייבע ברוכ׳ס פלעגט וועקן לעבודת הבורא פלעגט מאטעס אויפשטיין און זיך אוועקזעצן זאָגן תהילים מיט אזא זיס־טרויעריקן ניגון, וואָס פלעגט זיך צעגיין אין יעדן אבר, אזוי זומער און ווינטער.

צווישן די יונגע בעלי מלאכות זענען די מערסטע שוין געווען גילוחים. זעליגל דער שוסטער, שמערל זיידלס און זיין ברודער לייזערל, מיכל אהרניקס און זייערע חברים פלעגן זיך אלע גאלן די בערד און ניט לאָזן קיין סימן פון פיאות, כאטש זייערע טאטעס זענען געווען פרומע אידן. איינער פון די חברה־לייט, אין וועמעס ד׳ אמות איך האָב, צוליב פרומקייט, ניט געוואָלט שטיין, איז געווען לוי סאסיס, א סטאָליאר־איינגל פון א יאָר 19—20. ער פלעגט קומען אין בית מדרש דאווענען מיט זיין טאַטן און קלענערע ברידערלעך. די באקן זענען ביי אים געווען אלע פרייטאג־צו־נאכט אזש בלוי, ווייל ער פלעגט זיך „לכבוד שבת״ גאלןביים שערער. פארשטייט זיך. אז איך האב אויף אים ניט געקענט קוקן.

מאכט זיך איינמאָל גראָד אום שמחת תורה, אז קיין ראטשעוו קומט אן אַ פארטיע סיסלער גויים, וועלכע האָבן געפירט פאַק־פאפיר קיין פאלאנע צום באַן. סיסלער גויים, פלעגן זייער אָפט דורכפאָרן דורך ראטשעוו מיט משאות קיין פאלאנעע און ווען זיי פלעגן צופאָרן פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן אין מיטן מאַרק לעבן דער קרעטשמע, געבן עסן די פערד און כאפן אליין אַ טרונק בראַנפן און עפּעס צובייסן. אבער ס׳איז דאָך געווען יום־טוב, איז אין מאַרק ניט געווען קיינער פון די בעקערנס וואָס פלעגן פארקויפן ברויט און בולקעס און די קרעטשמע איז געווען צוגעמאַכט. די גויים האבן אנגעקלאַפּט אין א פּאָר הייזער, אבער קיינער האָט ניט געוואָלט אדער ניט געהאט וואָס זיי צו פארקויפן. האָבן זיי אָפּגעשטעלט אַ פּאָר אידן אין גאס און זיך גענומען מיט זיי קריגן. אַ וואָרט פאר אַ וואָרט — און ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ געשלעג. די סיסלער גויים האָבן גענומען ברעכן פענצטער און שלאָגן יעדן אידן, וואָס זיי האָבן געכאפּט.

ס׳האָט זיך באַלד פארשפרייט א געוואָלד, אז סיסלער גויים ברעכן פענצטער און שלאָגן אידן. האָט מען זיך א לאָז געטון לויפן אין מארק. איך בין אויך געלאָפן. ווי איך בין צוגעלאָפן צום מאַרק, האָב איך דערזען א קנויל מענטשן זיך שלאָגן און דערהערט שרעקלעכע געוואלדן. אייניקע גויים האָבן געריסן די שלעסער פון קלייטן, אנדערע האָבן געבראָכן שויבן אין די הייזער. און אידן זענען געווען ווינציק אין מארק אויף זיך קעגנשטעלן. פלוצלינג האָט זיך פון א ווינקל פון מאַרק אַ לאָז געטון לוי סאַסיס צום קנויל גויים. ער איז געלאָפן. אין האנט האט ער געהאַלטן א פיסל פון א טישל. ער איז צוגעלאָפן צום געזעמל און גענומען האקן אויף רעכטס און לינקס. די גויים האָבן דערזען אויף זיך בלוט און דערשראָקן און צעטומולט געוואָרן. זיי האָבן גענומען לויפן צו די וועגענער. אבער לוי סאַסיס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. די וואָס זיינען געבליבן אביסל הינטערשטעליק האָבן פון אים געכאַפּט די אמתע קלעפּ. און אַ פּאָר מינוט זיינען אלע גויים זיך צעלאָפן...

פון דעמאָלט האָב איך לוי סאסיס אזוי ליב באקומען, אז וואו נאָר ער איז געשטאנען, בין איך אויסגעוואקסן און געקוקט אויף אים מיט גרויס ליבשאפט. איך האָב שוין זיין געגאלטע באָרד ניט באמערקט. ער איז ביי מיר געווען דער גרויסער העלד, שמשון הגיבור, וואָס האָט געראטעוועט דאָס שטעטל פון אַ שחיטה. איך קען אים נאָך איצט דאָס ניט פארגעסן.

**ד״ר דוד מאסייעוויטש טארגאוועץ**

אין די 90־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט זיך אין ראטשעוו באזעצט אַ יונגער אידישער דאָקטאָר דאוויד מאסייעוויטש טארגאוועץ — אַ הויכער, ברייטפּלייציקער יונגער־מאַן, מיט א קאָפּ בלאָנדע, ווייכע, עטוואס געקרייזלטע האָר, בלויע אויגן, קורץ־געשוירן בלאָנד בערדל און אַ אָפן פריינטלעך פּנים. ער איז געקומען מיט זיין פרוי סאָפיע קאָנס־טאנטינאָוונא, און דריי קליינע קינדערלעך — א אינגעל און צוויי שיינע בלאָנדע מיידעלעך. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און אלע פון שטעטל האָבן אים שוין געקענט פאר אַ גוטן דאָקטאָר און פאר א מענטש אָן א גאל, גרייט צו העלפן יעדן וואָס האָט געדאַרפט זיין הילף. מ׳האָט געזאָגט, אז ניט נאָר ער נעמט ניט קיין געלט ביי אָרעמע חולים, נאָר ער לאָזט נאָך איבער אַ פּאָר גילדן אויף א רעצעפּט.



ד״ר דוד מסייעוויטש טארגאוועץ

אָבער דערמיט אליין, דאָס הייסט מיט טון א טובה אָן אָרעמאַן, האָט ד״ר טארגאוועץ זיך ניט באַנוגנט. צוזאמען מיט היילן חולים האָט דער יונגער דאָקטאָר זיך אויך גענומען אויפצוועקן ביי דער יוגענט א פאַרלאַנג צו בילדונג, צו וועלטלעכער בילדונג און אויך צו די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון אידישן פאָלק, דעם פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט דער מאָדערנער אידישער און וועלטלעכער ליטעראַטור. ער האָט צוערשט צו זיך צוגעצויגן די בעסערע מלמדים, וועלכע האָבן געקענט תנ״ך און דקדוק. איינעם, טאַקע מיין טאַטן, האָט ער גענומען פאר זיין אינגל. מיט די דאָזיקע מלמדים האָט ער אויסגעפּלאַנעוועט צו גרינדן א מאָדערנעם חדר — א תלמוד תורה, וואו מ׳זאָל לערנען העברעאיש, ווי אין די גרויסע שטעט, און אויך רוסיש.

די תלמוד תורה איז גלייך אוועק אויף אַ לאַד. מ׳האָט געדונגען א גרויסע שיינע דירה, זי אויסגעשטעלט מיט קליינע בענקלעך און טישלעך, אויפגעהאָנגען אויף א וואַנט א גרויסן שוואַרצן טאוול, איינגעקויפט טעקסט־ביכלעך, אידישע און רוסישע, חומשים און

תנ״כ׳לעך און מ״האָט געדונגען צוויי מלמדים פון די „העברייער״, און א 30—40 קינדער האָבן אנגעהויבן לערנען אויף א מאדערנעם שטייגער, עברית בעברית.

טארגאווועץ איז געוואָרן דער בעל הבית. ער פלעגט קריגן געלט צודעקן דעם דעפיציט. קינדער פון פארמעגלעכע עלטערן האָבן אויך געלערנט אין אָט דער תלמוד תורה, פאר זיי פלעגן די עלטערן צאָלן שכר לימוד און פאר די אָרימע קינדער האָט שוין טארגאווועץ געזאָרגט צו קריגן גענוג געלט. פארשטי ט זיך, אז פאראלעל מיט דער תלמוד תורה האבן פונקציאנירט די חדרים. אבער אייניקע חדרים האבן שוין אויס קאנקורענץ, געמוזט אפטיילן א שעה. צו צוויי, אויף לערנען רוסיש, ניט אליין נאָר דורך אַ געדונגענעם לערער.

און לערער האבן זיך אין ראטשעוו גענומען מערן טאקע א דאנק דעם זעלביקן ד״ר טארגאווועץ. ס׳איז געווען אזוי: ער האָט געקענט יעדן בחור וואָס האָט געלערנט אין בית המדרש און געוואָרט ביז ער וועט ווערן אן איידעם אויף קעסט. אייניקע פון זיי פלעגן פאָרן אין די דערבייאיקע דערפער אויף קאָנדיציעס. אזעלכע בחורים האָט דאָקטאָר טארגאווועץ צוגעצויגן צו זיך און זיי אויסגעע׳עצה׳ט זיך צונעמען ערנסט לערנען, כדי צו אנקומען אין אוניווערזיטעט.

אזוי האָט ער איבערגערעדט נאָוואמייסקין, וועלכער איז שפעטער באַקאַנט געוואָרן אין דער אידישער פרעסע אונטער דעם נאָמען מ. אלגין. נאוואמייסקי האָט דעמאָלט געהאט געקנעלט אויף א קאָנדיציע אין דערבייאיקן דאָרף סמאָלדאראוו. ד״ר טארגאווועץ האָט זיך באקענט מיט אים ווען מ׳האָט משה׳ן געבראכט אַ קראַנקן פון דער קאָנדיציע און ער איז געקומען אים היילן.

די פאמיליע נאוואמייסקי איז געווען ביי אונז אין ראטשעוו א אנגעפארענע. זי איז געקומען פון בוקי, קיעווער גובערניע. זיין פאָטער האָט געארבעט אין א וואַלד (ווי א בוכהאַלטער, דאכט זיך) וואָס א פרעמדער אידישער וואַלד סוחר האָט געהאט אָפּגעקויפט ביים ראטשעווער פריץ. געווען דאָרט אין שטוב נאָך אַ ברודער, אינגער פון משה׳ן און עטלעכע שוועסטערלעך. דער פאָטער איז מסתם ניט געווען קיין גרויסער פארדינער און משה האָט געמוזט עפעס אָנהויבן צו פארדינען. דערפאר איז ער געפאָרן אויף א קאָנדיציע.

היילנדיק משה׳ן האָט ד״ר טראגאווועץ אים איבערגערעדט צו פאַרבלייבן אין דער היים און זיך נעמען ערנסט צו שטודירן. און אזוי איז געווען. ווען ער איז געזונט געווארן האָט ער אפגעדונגען אַ אלקירל ביי פערל־נחמה די אלמנה און זיך גענומען צום לערנען. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָרגאניזירט אַ קלאַס פון עטלעכע בחורים, אינגערע פון אים. אין קלאס מיט די תלמידים האָט ער פארבראכט בלויז 2/3 שעה א טאָג. און די גאנצע פרייע צייט האָט ער געלערנט אליין. איבעריק צו זאָגן, אז טארגאווועץ האָט אים א סך ארויסגעהאָלפן אין זיין לערנען. ער האָט אים געוויזן וואָס צו לערנען, וועלכע טעקסט־ביכער זיך צו פארשאפן און אמאָל טאַקע האָט ער אים אויסגעהאָלפן לייזן אפּראָבלעם אָדער קאָרעגירט זיינע אַ „סאטשענעניע״.

ד״ר טארגאווועץ האָט געהאַט א שוואָגער, הירש גוכשטיין, וועלכער האָט שטודירט אויף מאטורע. האָט טארגאווועץ צוזאמענגעפאָרט זיי ביידן. אויך הירש האָט געקראגן פריוואטע לעקציעס. אזוי האט זיך אין ראטשעוו ביסלעכווייז אויסגעפארמירט א שטארקער דראַנג צו לערנען די „גויאישע תורה״. די תלמידים פון די צוויי יונגעלייט זענען אליין גאָר אינגיכן געוואָרן לערער. און אפילו זייערע תלמידים וועלכע האָבן נאר וואָס געענדיקט אַ טעקסט ביכל פון דער רוסישער גראמאטיק, האָבן שוין אויך אנגעהויבן לערנען אנדערע. מיטאַמאָל האָט ראטשעוו געקראָגן א גרויסן נאָמען אין דער גאַנצער סביבה. יונגעלייט

פון באַראַנאַוויקע, פּאָלאָנע און אַרומיקע דערפער זענען געקומען קיין ראַטשעוו זיך לערנען. אייניקע האָבן געקראָגן פּריוואַטע לעקציעס, אַנדערע האָבן אַ ביסל צוגעהונגערט און געשמאַק געלערנט. אפילו בחורים׳לעך וואָס פּלעגן גיין קיין קאַמענעבראָד אַרבעטן און מיידלעך פון דער „פּאַפּיערנע״ האָבן אָנגעהויבן זיך לערנען רוסיש.

אין יענער צייט האָט ד״ר טאַרגאַוועץ, וועלכער האָט פאַרמאָגט אַ סך ביכער געגרינדעט אַ ביבליאָטעק. יעדער איינער האָט געקענט קומען צו אים אין הויז און באָרגן ביכער און חברה האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט. ביים דאָקטאָר האָט מען אויך געקאָנט קריגן צייטונגען און זשורנאַלן. ס׳איז פּלוצלונג געוואָרן ליכטיק אין ראַטשעוו. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אונטערשיידן די קאַפּאָטעס, אָפּשערן די פיאות, רעדן רוסיש און זינגען רוסישע און אוקראַיִנישע לידער אפילו אין מיטן גאַס. אייניקע האָבן אפילו גענומען רויכערן פּאַפּיראָסן אום שבת...

אַ האַלב שטעטל איז געוואָרן אַביסל אויפגעקלערט — די יוגנט האָט זיך געלערנט און געלייענט ביכער. ס׳האָבן זיך באַוויזן אידישע ביכער: י. ל. פּרצ׳ס יום־טוב בלעטלעך, מנדלי מוכר ספרים — „די קליאַטשע״, שלום עליכמ׳ס ווערק פון וועלכע מ׳האָט שטאַרק הנאה געהאַט. פונדעסטוועגן האָט טאַרגאַוועץ זיך דערמיט ניט באַנוגנט. ס׳זענען נאָך אין ראַטשעוו געווען אַ היפּשע צאָל אַרבעטער וואָס האָבן ניט געקענט לייענען אפילו קיין אידיש. און טאַרגאַוועץ האָט באַשלאָסן אַרויסהעלפן אויך די אַרבעטער. און ער האָט זיך ניט באַרואיקט ביז ער האָט ניט איינגעשטעלט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, אַרבעטער, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין געלעגנהייט צו לערנען אין דער יוגנט.

איצט איז אין ראַטשעוו באמת געוואָרן דער צענטער פון בילדונג פאַרן גאַנצן געגענט. פיל שטעטלעך האָבן נאָכגעטון ראַטשעוו. איינס פון זיי איז געווען קאַמאַנעבראָד. אַ פּאָר פון די ראַטשעווער בחורים וועלכע האָבן געלערנט ביי נאַוואַמייסקיס תלמידים האָבן אין קאַמענעבראָד דערזען אַ געלעגנהייט צו קריגן לעקציעס און זיין נאָענט צו ראַטשעוו. זענען זיי אַהין אַראָפּגעפאָרן און דאָרטן טאַקע געקראָגן לעקציעס צווישן די יונגע אַרבעטער. אָט די באַקאַנטשאַפט האָט שפּעטער אַ סך אַרויסגעהאָלפן, ווען ס׳איז אויפגעקומען דער „בונד״.

---

אין 1897 האָט ד״ר טאַרגאַוועץ באַשלאָסן צו פאָרן קיין אויסלאַנד צו נעמען אַ קורס אין אַ געוויסן צווייג פון דער מעדיצינישער וויסנשאַפט. ווען ער איז געווען אין אויסלאַנד איז אין באַזל פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס. און היות ער איז געווען נאַציאָנאַליסטיש געשטימט אין יענער צייט, זיך גע׳חברט מיט די חובבי ציון, איז ער געקומען צום קאָנגרעס ווי אַ גאַסט. איך געדענק שוין ניט אַקוראַט די געשעעניש. ס׳קען זיין, אַז ער האָט אומיסטן אויסגעפּלאָנעוועט צו נעמען אַזאַ קורס, כדי ער זאָל קענען זיין אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס און פאַרטרעטן אונזער געגענט. סיי ווי האָט מען די רוסישע ציוניסטן אפיציעל ניט פאַררעכנט ווי דעלעגאַטן אויס מורא פאַר דער רעגירונג. טאַרגאַוועץ איז דערפאַר דאָרט געוויס ערגעץ פאַרצייכנט געוואָרן ווי אַ גאַסט. — ווען ער איז צוריק־געקומען, איז ער געווען שטאַרק באַגייסטערט פאַר דער אַרבעט פון קאָנגרעס. זיין באַגייסטערונג האָט ער איבערגעגעבן צו די עטלעכע חובבי ציון וואָס זענען שוין איצט געוואָרן ציוניסטן.

איבעריק צוזאָגן, אַז טאַרגאַוועץ און די עטלעכע משכילים־ציוניסטן האָבן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן אידעאַל. אַזוי געדענק איך,

ווי איינמאָל האָט דער דאָקטאָר צוזאמען מיט דער גרופּע איינגעאָרדנט אין דער מקאראווער שול א ספּעציעלע פאַרזאַמלונג וועגן ציוניזם. ביי דער פאַרזאַמלונג זענען ארויסגעטרעטן צוויי רעדנער מיין טאַטע און ד״ר טאַרגאָוועץ. מיין טאַטנס רעדע געדענק איך שוין ניט. נאָר טאַרגעוועץ האָט זיין רעדע אָנגעהויבן אזוי:

מיין פאָלק! מיין אָרעם אומגליקלעך פאָלק!

שטיי אויף!

שטיי אויף און וואַרף אראָפּ פון זיך די קייט!....

מיר איז איבערגעגאנגען א ציטער איבערן לייב פון אָט די ווערטער און פון דעם אופן ווי טארגעוועץ האָט זיי אקצענטירט. איך בין דעמאָלט געווען אַ יונג אינגל. מער געדענק איך ניט פון די רעדעס.

אבער ניט לאנג האָט טארגאוועץ אוועקגעגעבן זיין צייט צום ציוניזם. אַ שטארקערע באוועגונג האָט זיך אין יענע יאָרן צעפלאקערט אין די שטעט און שטעטלעך פון וואלין. איך מיין די ארבעטער באוועגונג, אנגעפירט פון אידישען ארבעטער „בונד״ אין ליטע, פוילין און רוסלאנד. געקומען צו אונז איז די דאָזיקע באוועגונג פריער דורך א צופאל און שפּעטער — דירעקט פון „בונד״.

די ערשטע ידיעות וועגן בונד האט צו אונז געבראכט דער סטודענט פון קיעווער אוניווערזיטעט אַנשעלעס. ער איז געווען דער איידעם פון אונזער גביר יענקעלע וואלאווניק, דער אייגנטימער פון דער פּאפּיראָס פאַבריק. פלעגט ער קומען קיין ראטשעוו צוגאַסט.

פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך באַקאַנט מיט טארגעוועצ׳ן און מיט נאַוואָמייסקין און אויך מיט אייניגע פון זיינע תלמידים. און אנשעלעס פלעגט זייער אפט, ווען ער איז געווען אין שטעטל קומען צו טארגעוועצן אין הויז, וואו מ׳פלעגט דיסקוסירן ביז אַ האַלבע נאכט וועגן סאָציאליזם, ציוניזם, מארקסיזם און רעוואָלוציע. דאָס האָט ער אנשעלעס ראַיינגעפירט שפּעטער נאָוואָמייסקין אין בונד ווען ער איז אָנגעקומען קיין קיעוו אין אוניווערזיטעט.

דעמאָלט האָט ראטשעוו, איך מיין די אינטעליגענץ פון שטעטל מיט ד״ר טארגאוועצן בראש אנגעהויבן צולייגן אַן אויער אויך צו דער אומלעגאלער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. אָבער דאָס איז געווען נאָר רייד. ממשות׳דיקע ארבייט פארן בונד האָט ערשט אנגעהויבן גרשון רברבי. ער איז געווען אַ פאלאנער בית מדרש בחור, וואָס האָט פארבראכט עטלעכע יאָר אין זשיטאמיר אלס עקסטערן. ווען ער איז שוין געווען גרייט זיך צו עקזאמענירן אויף מאטורע, האָט ער זיך אריינגעוואָרפן אין דער באוועגונג. ער איז געווען א מיטגליד פון דער זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע פון בונד. און מער ניט געוואָלט שטודירן. ווען נאַוואָמייסקי איז אַוועק קיין קיעוו, איז רברבי געקומען קיין ראטשעוו אַלס לערער אויף זיין פּלאַץ. נאָכדעם ווי ער האָט זיך איינגעאָרדנט מיט די בעסטע פריוואטע לעקציעס האָט ער ארגאניזירט אַ קרייזל מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען באגדאנאווס און זשלעזניאקס פּאָליטישע עקאנאמיע אין דעם קאמוניסטישן מאניפעסט. מיטגלידער פון דעם קרייזל זענען געווען עטלעכע חברים אָבער ער האָט גענומען זוכן מיטלען ווי צו אָרגאניזירן די קאמענעבראָדער ארבייטער.

אויף מיין גורל איז אויסגעפאלן צו אָרגאניזירן דאָס ערשטע קרייזל פון קאמענעבראָדער, ווייל איך האָב א שטיקל צייט געלעבט אין קאמענעבראָד ווי א לערער און זיך געקענט מיט א סך ארבעטער פון דער פּאיאנס פאבריק. איך בין אוועק קיין קאמענעבראָד און צוזאַמענגעקליבן אַ גרופּע פון אַ צענדליק יונגע ארבעטער. איך געדענק שוין ניט, צום

באַדויערן די נעמען פון די מיטגלידער פון יענעם קרייזל. מיר האָבן געקראָגן עטלעכע אומלעגאַלע בראָשורן ביים זשיטאָמירער קאָמיטעט פון בונד. רבֿרבי און איך זענען ספּעציעל געפאָרן קיין זשיטאָמיר נאָך דער דאָזיקער ליטעראַטור. אין איין וועג האָבן מיר שוין אויך געקראָגן עטלעכע רוסישע בראָשורן און ס'איז אַוועק אַ גאַנג.

זומער האָט די וועלט זיך געעפֿנט פֿאַר אונדז: מיר האָבן גענומען גיין קיין קאַמענעברעד. מיר זענען ניט אַריין אין שטעטל. די קאַמענעבראָדער אַרבעטער זײַנען אונדז אַרויס אַנטקעגן און מיר האָבן זיך באַגעגנט אַ פּאָר ווערסט פון קאַמענעבראַד. דער רעדנער איז געווען רבֿרבי. די עטלעכע אַרבעטער האָבן וואָס אַמאָל ווייטער געבראַכט מער צוהערער, ביז מיר האָבן שוין איינמאָל צוזאַמענגעבראַכט אַ פֿאַר הונדערט אַרבעטער. מיר פֿלעגן זיך באַגעגענען שטיל, און זיך אויסזעצן אויף דעם סאַמעט־ווייכע גרינעם גראָז. ווען דער לעצטער קאַמענאָבראָדער אַרבעטער איז צוגעקומען, האָבן מיר צוגערופֿן אונדזער פּאַטרול, זיך צוזאַמענגערוקט און רבֿרבי האָט אָנגעהויבן רעדן. דער שטילער גערויש פֿון די בוימער, די פֿינקלדיקע שטערן און דאָס ווייכע קול פֿונעם רעדנער האָבן זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם אָטעמען פֿון עולם און אונדז אַלעמען אַוועקגעטראָגן ערגעץ אין אַן אַנדער וועלט, פֿון פֿרייהייט און גלייכהייט. ווען רבֿרבי האָט געענדיקט, האָט אויסגעבראָכן אַן אַפּלאָדז און די אַרבעטער האָבן גענומען אויסשרייען די לאָזונגען וואָס מען פֿלעגט דאַמאָלס אַרויסרופֿן, אַז דער וואַלד איז פֿאַרהילכט געוואָרן. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער גאַנצער וואַלד שרייט...

צעגאַנגען זײַנען מיר זיך מיט לידער. די אַרבעטער קיין קאַמענבראַד און מיר עין ראַטשעוו. צוביסלעך האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אין קאַמענבראַד וועגן אַ סטרײַק אָבער ניט מיר און ניט רבֿרבי'ן איז באַשערט געווען צוזיין אין ראַטשעוו בעת דעם סטרייק. מיר זענען דאַמאָלס געווען אין בערדיטשעוו. אָנצופֿירן דעם סטרייק האָט דער זשיטאָמירער קאָמיטעט פֿון „בונד" געשיקט זייער אַ דערפֿאַרענעם מענטשן, כאַסקל ליכטמאַכער, אַ אַלטער רעוואָלוציאָנער וועלכער איז שוין פֿריער געזעסן אין בוטירקי זעקס יאָר.

ווען דער סטרייק האָט אויסגעבראָכן האָט מען אַרעסטירט די אָנפֿירער. מיר דוכט, אַז דאָס זענען געווען קאַוואָקע, צימירינג, בערל און נאָך איינער צו צוויי, וועמעס נעמען איך קען זיך ניט דערמאָנען. אויך ד"ר טאַראַגאַווער איז דעמאָלט אַרעסטירט געוואָרן. מ'האָט זיי אָפּגעהאַלטן אַ קורצע צייט אין דער זווהילער גרויסער טורמע און מ'האָט זיי אַרויסגעלאָזט. שפּעטער האָט מען אַרעסטירט ביי אונדז אין שטוב אויך כאַסקעל ליכטמאַכער און מ'האָט אים אָפּגעפֿירט אין דער זווהילער טורמע.

דער סטרייק האָט אַ ביסל פֿאַרלייכטערט די לאַגע פֿון די אַרבעטער אין דער פֿאַבריק און דאָס האָט צוגעגעבן מוט אַנדערע אַרבעטער פֿון יענעם געגענט, צו סטרייקן און אויסקעמפֿן בעסערע באַדינגונגען. אין ראַטשעוו אַליין האָבן די מיידלעך פֿון דער פּאַפּיראָס־פּאַפּיר פֿאַבריק זיך צוגעגרייט צו אַ סטרייק. איך און אַרל מיין, גאָר אַ יונג בחור'ל, דווקא פֿון אַ פֿאַרמעגלעכער משפּחה, האָבן זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט צו אָרגאַניזירן די ראַטשעוווער מיידלעך, וואָס האָבן געאַרבעט אין דער פֿאַבריק. איך ווייס ניט וואָס ס'איז געוואָרן פֿון דעם אַרל מיין. איך בין געווען אונטער דעם איינדרוק, אַז ס'וואַקסט אַ גרויסער אָראַטאָר אין אונדזער באַוועגונג. אונדז האָט זיך איינגעגעבן צו אָרגאַניזירן די מיידלעך פֿון דער פֿאַבריק און זיי צוגרייטן צו אַ סטרייק. מיר איז אָבער אויך דעם סטרייק ניט באַשערט געווען בייצוווינען, מ'האָט מיך אַרעסטירט און אַוועקגעפֿירט אין דער זווהילער טורמע.

ווען איך בין געקומען אַ היים האָט מען מיר דערציילט, אַז איינער אַ איד, לוי איציע סונדעלסאָן, האָט געצוואונגען זײַנע צוויי מיידלעך צו גיין אַרבעטן אין משך פֿון סטרייק,

כאטש אפילו די דארפישע שיקסעס האבן מיטגעהאלפן אין סטרייק. לוי איצי פלעגט זיך חבר'ן מיט מיין טאַטן און ער האָט מיך גוט געקענט. איך האָב זיך אויך געחברט מיט זיינעם א זון אין מיינע יאָרן — ישראליק. ווען איך בין באפרייט געווארן און לוי איצי האָט מיך איינמאָל באַגעגנט און געוואָלט מיר געבן א ברייטן שלום עליכם און מאכן די ברכה: מתיר אסורים. האב איך זיך אפגעווענדט פון אים מיט רוגז און אים א ווארף געטון אין פנים „סטרייק ברעכער"...

לוי איצי איז געווען אַן אויפזעער אין דער שמאטעס־מאגאזין פון דער פאבריק. ער האָט געהאט זייער א גרויסע פאמיליע צו שפייזן און די אדמיניסטראציע פון דער פאבריק האָט אים געצווינגען צו ברייגען כאָטש זיינע 2 קינדער צו דער ארבעט, אַ ניט וועט מען אים אָפזאָגן. א קליינשטעטעלדיקער איד וואָס האָט נאָך קיינמאָל פון קיין סטרייק ניט געהערט, האט ער ניט פארשטאנען, אז די סטרייקער קאנען צווינגען די אדמיניסטראציע אים צוריק איינשטעלן. און ער האט דאָס געטון.

## די זווהילער גרופּע

וועגן דער זווהילער גרופּע משכילים, שרייבער און ציוניסטישע טוער, קלער איך, אז דאָס דאַרף טון אונזער אלעמענס באַליבטער שרייבער ש. צ. זעצער. איך וועל דאָ בלויז בארירן די גרופּע זווהילער סאָציאַליסטן, אחוץ אברהם און בוזיע טשעסקים וועלכע זענען אין מיין צייט ניט געווען אין זווהיל.

די זווהילער גרופּע סאָציאַליסטן וואָס האָט געהערט צום בונד איז באַשטאַנען פון ארום אַ צענדליק יונגע ארבעטער און אַ פּאָר בעלי־בתישע מיידלעך. — 2 שוועסטער פון אברהם טשעסקיס, כיסיע, עטל און פנינה. צווישן די בחורים זענען געווען — אייזיק ווייס, אברהמצ'יק און אנשיל די ביינקלמאַכערס, שלום העכט, יהושע'קע דער קאָוואַל, אלטער ווינאריק, דוד פערלמוטער און נאָך עטלעכע. איך דערמאָן דאָ ניט די חברים איסאַק שלאין און עלי ראָטנבערג, ווייל זיי זענען געווארן רעוואָלוציאָנערן אין פרעמדע שטעט. אין זווהיל איז דעמאָלט אויך געווען אַן עלטערער פוילישער סטודענט אסטראווסקי, וועלכער האט זיך מיט אונז געחברט.

מיר די ראטשעווער פלעגן אפט קומען קיין זווהיל, ברענגען אומלעגאלע ליטעראטור און פארברייינגען 2/3 טעג צוזאמען מיט די זווהילער. אויך די זווהילער פלעגן זיך אפט טרעפן אין ראטשעוו. נאכן זשיטאמירער פאגראם איז די שטימונג געווען זייער א געדריקטע. מיר האבן זיך גענומען שרעקן פאר פאגראמען אויך אין אונזער געגענט.

מאכט זיך איינמאָל, אין אַן אסיענדיקן שבת נאכמיטאָג איך בין דעמאָלט גראדע געווען אין זווהיל, צעטראָגט זיך אַ קלאַנג, אז מאָרגן זונטאַג, וועלן די סיסלער גויים מאַכן אַ פּאָגראָם. אלץ איז שוין ביי זיי ארגאניזירט. זיי האבן אפלו געווער. זענען מיר זיך צוזאמענ־געקומען און אנגעהויבן קלערן וואָס צו טון? קיין געווער האבן מיר נישט געהאט. קריגן געווער וואָלט מען געקענט בלויז אין זשיטאָמיר, אָבער אהין פאָרן מיט דיליזשאנס וואָלט געדויערט די גאַנצע נאַכט און אַ נאַכט צוריק. אַזוי אַז דאָס געווער וואָלט געקענט ערשט אנקומען מאָנטאָג אין דער פרי, ד. ה. נאכן פּאָגראָם. זיצן מיר אזוי און ברעכן זיך די קעפּ וואָס צוטון. — רופט זיך אָן יהושע־קע קאוואל: איך האָב אַן עצה. לאמיר מאכן גוטע־גרויסע קינזשאַלן. מיט אַ גרויסען קינזשאל קען מען אויך אָפּטרייבן אַ פּאָגראָמ־שטשיק. איך גיי גלייך אוועק אין קוזניע און שטעל זיך ארבעטן. וויפל קינזשאלן, חברים, קלערט איר, וועלן מיר דארפן? עמיצער האט געזאָגט, — בערך דארף מען 25 קינזשאלן. —

גוט האט יהושע׳קע געענטפערט. איך וועל קענען ביז פּאַרטאָג מאַכן די אַרבעט און ער האט זיך אויפגעהויבן און אוועק אין קוזניע. דעם גאַנצן שבת־דיקן נאָכמיטאָג האט יהושע׳קע געאַרבעט און אויך די גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג האָבן מיר שוין געהאט גענוג קינזשאַלן צו פאַרטיילן צווישן אַלע אונזערע חברים, וואָס זענען אַריין אין דער זעלבסטשוץ.

מיר האָבן זיך צוזאַמענגעקומען אין רבינס שולכל. דאַכט מיר. אַ הין האט מען אויך געבראַכט אַלע קינזשאַלן. איך געדענק, אַז ווען איך האָב געקראָגן מיין קינזשאַל איז מיר אַזש פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אַזאַ לאַנגן מעסער וועל איך דאַרפן אַריינשטעכן אַ כוליגאַן, אוודאי נאָר אַ כוליגאַן, אָבער ער איז דאָך אויך אַ מענטש און נאָכדעם דאַרף מען אָט דעם מעסער אַרויסשלעפּן... ווי וועל איך דאָס קענען טאָן? פונדעסטוועגן האָב איך גענומען דעם קינזשאַל און אַרויסגעגאַנגען פּאַטרולירן די גאַסן.

ס׳איז מיר געווען זייער שווער אויפן האַרצן און איך האָב זיך געשראָקן. ניט אַזוי פאַר מיין אייגן לעבן וואָס שטייט איצט אין סכנה, נאָר איך האָב מורא געהאט טאָמער וועל איך דאַרפן טאָקע הרגענען אַ מענטשן... — — — צום גליק איז דער גאַנצער טאָג אַריבער בשלום. די סיסלער גויים האָבן אַפילו ניט געחלומ׳ט וועגן מאַכן אַ פּאָגראָם. און מיר האָבן זונטאָג, פאַרנאַכט שוין, זיך ווידער פאַרזאַמלט און מיט גרינגע הערצער אָוועקגעלייגט די שווידערלעכע קינזשאַלן.

איך מוז דאָ דערמאָנען נאָך איין זאַך. ווען מ׳האָט מיך אַרעסטירט און געבראַכט קיין זוויהיל. האָט מען זיך גלייך דערוואוסט אין שטאָט פון מיין אַרעסט. ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט און חברים האָבן אָנגעהויבן גיין אין אוטשאַסטאָק וואו איך בין געווען אין די ערשטע טעג פאַרשפּאַרט. מ׳האָט געבראַכט עסן, טאַבאַק וויפיל איך האָב נאָר געוואָלט דעמאָלט האָב איך ניט געוואוסט, ווער ס׳שיקט מיר דאָס אַזאַ גוט עסן. ערשט איצט האָב איך זיך דערוואוסט. דאָס האָט מיר דערציילט יענטע פערלמוטער. איר זיידע און מיין עלטער פעטער שמחה בונים דער שוחט, האט געבראַכט פון יאַטקע ספּעציעל פאַר מיר פלייש און געהייסן דאָס קאָכן און אַוועקטראָגן צו מיר אין טורמע. „זאָל ער דאָרט כאָטש ניט הונגערן״ — פלעגט ער זאָגן צו די שטוב מענטשן באַזאָרגט וועגן מיין גורל. דער פעטער שמחה בונים האט גוט געוואוסט, אַז איך בין געווען אַן אַפּיקורס. אָבער איך בין געווען ביי אים טייער דערפאַר, וואָס איך האָב זיך איינגעשטעלט פאַר אידן און וואָס איך האָב זיי געהאָלפן צו פאַרבעסערן זייער שווערע לאַגע. אַזאַ באַציאונג האט דער פעטער אויך געהאט צו אַנדערע סאָציאַליסטן.

צווישן די זוויהילער סאָציאַליסטן מוז מען דערמאָנען עזרא בראַכמאַן און יהושע איידלמאַן, עזרא בראַכמאַן, ווען ער איז געקומען אַ היים פון אָדעס, האָט עטלעכע מאָל באַזוכט טאָרגעוועצן אין ראַטשעוו. איך קען קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי וואונדערלאַך ער פלעגט רעדן און ווי טיף ער פּרעגט באַטראַכטן אַן ענין. אַלע אין שטוב בא טאָרגאָוועצן, איינשליסנדיק אים אויך, פלעגן זיצן פאַרגאַפטע און אויסהערן אים און קיינמאָל אים ניט איבערשלאָגן בעת ער רעדט. דערצו האט ער נאָך פאַרמאָגט אַזאַ שיין און איידל פּנים, וואָס מ׳קען ניט פאַרגעסן. וואָס איז מיט אים געוואָרן אונטער דעם באָלשעוויזם? — מסתמא האָט די גרויזאַמע האַנט פון רעזשים אויך אים אומגעבראַכט בשעת די „ריינונגען״... ווער ווייסט? — — —

וועגן יהושע איידלמאַן האָט איך ניט געהערט זינט 1906, ד.ה. זינט איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. אָבער ער איז געווען אַ איבערגעגעבענער סאָציאַליסט. אויך ער פלעגט קומען קיין ראַטשעוו און פאַרברענגען יעדעס מאָל עטלעכע טעג. און ס׳איז שטענדיק

געווען א פארגעניגן צו זיצן מיט אים ביי טארגאוועצן אין שטוב און הערן ווי ער רעדט. אלע זיינע באזוכן פלעגן מיר אויסנוצן. מיר פלעגן מאכן ספעציעלע פארזאמלונגען אויך מיט די קאמענבראדער חברים. וואו זענען איידלמאן און עלי ראַטנבערג אַהינגעקומען??

---

וועגען קארעץ געדענק איך זייער ווייניק. איך בין אונטער דעם איינדרוק אז אין קארעץ זענען געווען ווייניק סאָציאַליסטן אין מיין צייט — ביז 1906. איך פערזענלעך בין אין קארעץ געווען בלויז א פּאָר מאָל. די איינציגע אקטיווע חבר׳טע איז געווען א יונגע ארבעטערין — רייזל. זי לעבט איצטער אין ניו־יורק. איך געדענק, אז ביי מיין לעצטן באזוך אין 1905 — איז רייזל געווען די סאמע אַקטיווסטע טוערן.

**משה שמואלי** (אשדות יעקב)

# מיין געבורטס־שטעטל באראנאווקע

**די אָפּענע האַנט**

אין מיטן וועג פון זוויהיל קיין פּאָלאָנע איז געשטאַנען מיין שטעטל באַראַנאָווקע. פון ווייטע יאָרן זינט איך האָב זי פארלאָזן האָב איך זי געדאכט ווי אַן אויסגעשפּרייטע אָפּענע האַנט. דער ברייטער מאַרק אין מיטן שטעטל האָט זיך מיר געדאַכט ווי די אויסגעשפּרייטע לאַדאָניע, און די געסלעך וועלכע האָבן זיך געצויגן פון אים ווי אויסגעשפּרייטע פינגער, אמת א סך מער ווי פינף, און ניט אלע גלייכע און זיי זענען געווען אָפּט אין אַלע זייטן. מאַנכע שטעטלעך און דערפער האָבן איר אַרומגערינגלט און גענוצט פאר אלע דורכפאָרער. דריי גרויסע סטאַנציעס וועלכע זענען געשטאַנען נאָענט איינע צו דער צווייטער אין מיטן מאַרק, זענען געווען שטענדיק גרייט אריינצונעמען די אלע וועגענער און דורכרייזער. דער מאַרק האָט זיך אָנגעפילט יעדן זונטאָג אָדער גלאָט יאַריד פון די ארומיקע פּויערים, וועלכע האָבן געבראכט זייערע פּראָדוקטן און דורכדעם געשפּייזט די אלע קרעמער און מעקלער אין שטעטל, וועלכע האָבן געמאַכט אַרום זיי אַלערליי האַנדל.

ריכטיק, ווי אין יעדן שטעטל, האָט אויך אין באַראַנאָווקע ניט געפעלט אירע אָרימע לייט, אלמנות מיט די קינדערלעך, אָפּגעלאָזענע בעלי־מלאכות און פאַרשידענע נצרכים, בעלי־יחוס, אַ ספק „יורדים" אָדער גלאט „לאַ־יוצלחים" פון זייער געבורט — וואָס די עיקר חיונה האָבן זיי געשעפּט פון דער „קצבה" אָדער „צדקה בסתר", וואָס זיי פלעגן באַקומען — אָבער די מערהייט אין שטעטל האָט זיך גערעכנט אַלס פאַרמעגלעכע.

ס׳טוט מיר באַנג וואָס איך האָב ניט אויסגעפאָרשט פון די אלטע אין שטעטל, ווער ס׳האָט איר אויפגעבויט ווען זי איז געגרינדעט געוואָרן און דעם מקור פון איר נאָמען באַראַנאָווקע.

אין מיינע קינדער־יאָרן האָב איך ניט איינמאָל באַזוכט איר בית־הקברות, אין תשעה־באב און חודש אלול פלעגן מיר קינדער אָפּטמאָל רייסן ניט־דערוואַקסענע קליינע עפּע־לעך, וואָס זענען דאָרטן געוואַקסן בשפע. דער בית־העלמין איז געווען פאַרוואַקסן מיט פאַרצווייגטע אַלטעביימער. די שורות פון די קברים און מצבות זענען געווען ענג און פיל הילצערנע מצבות זענען שוין געווען דורכגעגעסן און פאַרפוילט. דאָס אלץ האָט באוויזן, ווי אלט ס׳איז דער אידישער ישוב אין שטעטל. נאר קיינמאָל איז מיר ניט געווען אין

געדאַנק צו זוכן די אָפּגעמעקטע תאריכים כדי פון זיי צו וויסן די עלטער פון אירע איינוואוינער. איך געדענק נאָר די לענג פון אירע גאַסן. קיין קליין שטעטל איז זי דאָך ניט געווען. ביי איר זענען געווען פיל קלענערע שטעטלעך. אין אירע פיר שולן, האָבן, לויט מיין זכרון, אויסער די ווייבערשע שולן, געוויס געדאַוונט ביי 700 מענער. פון דעם קענען מיר אָפּשאַצן, בערך, די צאָל פון אירע איינוואוינער, דאָך ווייס איך אויף געוויס, אז די צאָל פון די תלמידי־חכמים איז געווען זייער א קליינע. אויסער דאָס קליין ביסל כלי־קודש, דער רב און די שוחטים און 3—4 מלמדים און אפשר נאָך א מנין לערנער — האָבן די איבעריקע בעלי־בתים קוים פארשטאנען א פרשה חומש און א פרק משניות. א גרויסער טייל זענען געווען פשוטע עמי־הארצים און ניט געקענט עברי צו לייענען. דאָקעגן איז אין שטעטל געווען, נאָך אין אָנהויב פון לעצטן יאָרהונדערט, אַ היפּש ביסל משכילים, עקסטערן־משכילים, וואָס האָבן דערגרייכט זייער בילדונג — זעלבסט, און שטודירט איבערהויפט די רוסישע ליטעראטור־קלאַסיקער און אויך פּאָליטישע עקאָנאָמיע, ווינציק פון זיי האָבן געוואוסט אויך די העברעאישע השכלה־ליטעראַטור.

פון וואַנען האָט אַריינגעדרונגען דער דראַנג נאָך דער השכלה אין שטעטל, וועלכער האט אין א געוויסער מאָס אריבערגעשטייגט די ארומיקע שטעטלעך וועלכע לעבנספאַקטאָרן האָבן זיי געטריבן צו דעם? — דאָס האָט מיר אויך, ווי נאָך פיל אַנדערע זאַכן — ווייניק געקימערט צו וויסן. איך האָב דאָס אנגענומען און באטראכט אָן שום חקירה. לאָמיר נאָר דערמאָנען צוויי עלטערע משכילים: חייקל פאָגל און בנציון וויניקור. דער ערשטער פון זיי איז שוין געווען אין מיין קינדהייט פון די עלטערע העברעאישע משכילים פון י. ערטער און דב בער גאָטלאָבערס צייטן. א תלמיד־חכם און משכיל אויף צו להכעיס. דער צווייטער, בנציון וויניקור, איינגערער און אויך פיל געלאַסענער פון אים אין זיין אָפּיקורסות. ער האט שוין זיין השפעה באקומען פון סלאָנימסקיס „הצפירה" און סמאָלענסקיס „התועה בדרכי החיים". מ'האָט אויף אים דערציילט, אז איינער פון די רייכע בעלי־בתים אין שטעטל האט אים געבראכט פון א נאָענטן שטעטל אלס א גוטער חתן פאר זיין טאָכטער. און נאָך דער חתונה האט אים זיין שווער אויפגעשטעלט א קלייט פון תבואה. אָבער דער יונגערמאן האט זיך בעסער פארנומען מיט פארשפרייטן השכלה צווישן דער יוגנט אין שטעטל און גלאַט פירן שמועסן מיט ארומיקע בטלנים, איידער האַנדלען אין קלייט. יעדן פרימאָרגן פלעגט ער עפענען די קלייט, אָבער באלד פלעגט ער זי לאָזן אויף הפקר און פלעגט זיך איבערקלייבן צווישן די שכנישע קרעמער צו דערווערבן נייע אָנהענגער פאר דער השכלה. פלעגן דערביי דערשמעקן די גויאישע אַרומיקע חזירים דעם ריח פון דער תבואה אין דער אָפענער קלייט און אָנהויבן אין איר טיף נישטערן, פרעסן די תבואה — ווען בנציון פלעגט מיט התלהבות דערציילן פון סלאָנימסקין און סמאָלענסקין — און זי אויסגעליידיקט, ביז בנציון איז געוואָרן אויס סוחר און זיך גענומען צו מלמדות.

זיי האָבן אויפגעשטעלט אין שטעטל דעם דור־השכלה, אָבער זייערע נאכפאלגער זענען, ווי ס'טוען שטענדיק גוטע תלמידים, אַוועק אַ סך ווייטער פון זיי אין דייער השכלה־וועג.

ס'איז דעמאָלט געווען ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע און זיי האָבן נאָך זייער דראַנג זיך אַרויסרייסן פון דעם געוויינלעכן טראַדיציאָנעלן לעבנס־שטייגער ביי זייערע עלטערן — האָט זיי פאַרכאַפּט דער רעוואָלוציאָנערער אימפּעט און האָט פאַרגרייזט, ניט באַטראַכטערהייט, זייערע נאָענטערע צילן. די פריערדיקע התלהבות פאר דער השכלה האָט זיך פארביטן ביי זיי אויף אַ נייעם ברען פאר דער רעוואָלוציע און זיי

האָבן זיך אַריינגעוואָרפן מיט דעם פולן יוגנטלעכן ענטוזיאזם אין רעוואָלוציאָנערן ברויז און אירע פאַרשיידענע שאַטירונגען, קעגן דעם צאַרישן רעזשים.

זיי האָבן איצט אַוועקגעלייגט אָן א זייט די גראַמאַטיקע פון קירפּיטשניקאָוו, ווערשטשאַגינס מאַטעמאַטיק און איוואַנאָווס געאָגראַפיע און זיך אָנגעהויבן זאַמלען אין קאָנספּיראַטיווע מאַסאָווקעס און זיך געקליבן אראָפּוואַרפן דעם צאר ניקאָלאַי. אלע נעכט, ווען דאָס שטעטל האָט איינגעדרעמלט אין טיפן שלאָף, האָבן זיך באוויזן פארבאָרגענע קליינע ליכטלעך אין די פענצטער פון עזרת־נשים אין די עטלעכע שולן. דאָרטן פלעגט זיך זאמלען די רעוואָלוציאָנערע יוגנט און זיך פאַרנעמען מיט זאכן וואָס מ׳האט ניט געטאָרט באַווייזן אין דער ליכטיקייט. ניט איינע פון די עלטערן זענען ניט איינגעשלאָפן צוליב זייער פיל זאָרג פאַר זייערע קינדער, אז זיי זאָלן חס־וחלילה ניט געכאַפּט ווערן פון דער פּאָליציי אלס מלוכה־פארעטער. ניט איינער פון זיי האט זיך געוואָלט ארייגרייסן אין דער עזרת־נשים און ארויסרייסן פון דאָרט זייער תכשיט — נאָר האט זיך באלד אָפּגעהאלטן, אַנערקענענדיק, אז ער האט שוין מער ניט קיין שליטה אויף זיי און אומזיסט וועלן זיין זיינע באַמיאונגען, און פלעגן זיך אזוי קימערן ליגנדיק אויף זייערע געלעגערס — ביז שפּעט אין דער נאַכט ווען ס׳פלעגט שוין שטיל אַ סקריפּע טאָן די טיר און ספּלעגט זיך שטיל אריינכאַפּן זייער זון אָדער טאָכטער. דעמאָלט ערשט האָבן זיי זיך אביסל בארואיקט. און ווען זיי האָבן זיך פרי אויפגעכאַפּט גיין אין זייערע קלייטן, פלעגן זיי טרעפן אויפגעקלעפּט אויף די ווענט רויטע רעוואָלוציאָנערע אויפרופן — פלעגן זיך די עלטערן צעשפּרייטן איבער די געסלעך פון שטעטל און זיך איילן זיי אויסמעקן אָדער אַראָפּרייסן — איידער די גויים פון דער סביבה האבן דערגרייכט קומען אין שטעטל.



ארבעטער פון פאָרצעליי־פאַבריק אין באַראנאווקע

פועלי בית החרושת לכלי־חרסינה בברנובקה

דערנאָך, אין 8—7 יאָר, ווען די צאַרישע זשאַנדאַרמען האָבן זיך געשטאַרקט איבער די פּרייהייטס־קעמפער אין באַראַנאָוויטשע ווי אין די איבעריקע שטעטלעך און דער רעוואָ־לוציאָנערער דראַנג איז מיט אכזריות געוואָרן אונטערדריקט, האָבן זיך די בחורים אַרומגעקוקט און געזען אַז אין דער רעוואָלוציאָנערער שריפה זענען אויך פאַרברענט געוואָרן זייערע בעסטע יאָרן און געבליבן פּוסט און לער. האָבן זיך דאָס ביסל „פּועלי־ציון" פון זיי עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זייערע קעגנער, בונדיסטן, עמיגרירט קיין אַמעריקע, די אַרעסטירטע האָט מען צעשיקט אין זייערע טורמעס. און די איבערגע־בליבענע אין שטעטל זענען געוואָרן לערערס פאַרן נייעם דור, וועלכער איז דערווייל אויפגעוואַקסן. בייטאָג פלעגן זיי קנעלן מיט זייערע תלמידים און ביי דער נאַכט לערנען אַליין און זיך געגרייט צו די עקסטערן־עקזאַמענס אויף פיר אָדער זעקס קלאַסן פון דער רעגירונגס־גימנאַזיע אין זשיטאָמיר. יאָר־יאָר פלעגן זיי פאָרן צו די עקזאַמענס און אַלע מאָל זיך אומקערן פאַרשעמטע, ניט ווייל זיי האָבן ניט געוואוסט די גימנאַזיע־לימודים, זיי האָבן זיי דווקא געוואוסט מער ווי מ'באַדאַרף — נאָר די גויאישע רשעים האָבן זיך איבער זיי אומיסטן איזדיעקעוועט און געשטראָכלט. אַפּטמאָל איז דאָס געקומען פון איבער־וויסן אין וועלכן זיי האָבן זיך אַליין פאַרפּלאָנטערט.

פונדעסטוועגן האָבן זיי ניט אויפגעהערט צו זוכן נייע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן. און ווען דער רעוואָלוציאָנערער דראַנג איז שטילער געוואָרן, האָבן זיי זיך באַהעפט אין טאָלסטאָי'איזם, וועגעטאַריאַניזם. און האָבן פייערלעך דערקלערט זייערע מאַמעס, אַז פון היינט אָן הערן זיי אויף צו עסן פלייש און געוואָרפן די שבתדיקע מאכלים וואָס די מאַמעס האָבן געבראַכט צו דעם טיש פרייטאָג צונאַכטס.

פון דעמאָלט אָן איז טאָלסטאָי און זיין לערע געוואָרן זייער פּאָפּולער אין שטעטל און ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און כאָר מיין פאָטער, דעם רב, האָט אַ דעלעגאַציע פון טאָל־סטאָיאַנער געבראַכט אַ שאלה: צי מעג מען עסן וועגעטאַריאַנישע מאכלים וועלכע האָבן זיך געקאָכט אין פליישיקע טעפּ?

איך דערמאָן זיך אין די שטעטלשע משכילים־עקסטערנס פון יענע טעג, וועלכע זענען שוין געווען נאָך די 30־ער יאָרן און האָבן זיך געהאַלטן ווי אַ באַזונדערע עדה. תמיד פאַר־זאָרגטע אויף זייער פערזענלעך חרובער וועלט. און פון זייערע טרויעריקע אויגן האָט ארויסגעקוקט, טראָץ זייער שטאָלצער האַלטונג, זייערע אינערלעכע וואונדן. אַלע זענען געווען אומפאַרהייראַטע, ניט־קוקנדיק אויף די אינטימע פריינטלעכע באַציאונגען צווישן זיי. אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז זיי זוכן פאַר זיך אַ תכלית.

## אַ דור פון גימנאַזיסטן און סטודענטן

אין יענע יאָרן איז ווי פלוצים אויפגעוואַקסן אין יעדן הויז אַ נייער יונגער דור, אין עלטער פון 12—10, וועלכער איז געווען גאָר אַנדערש פון פריערדיקן דור — עקסטערנס. קיינע פּאָליטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן האָט זיי ניט אינטערעסירט, אויך קיין ארבעט און געשעפטן פון די עלטערן. זיי זענען געווען פול מיט ענערגיע און גרויסער פרייד און לוסט צום לעבן. זייער איינציקע שטרעבונג איז געווען צו פאָרן אין די גרעסערע שטעט און ווערן דאָרט גימנאַזיסטן אָדער סטודענטן.

די מערהייט פון די עלטערן זענען געווען מיט זיי איינשטימיק און צופרידן וואָס זייערע קינדער וועלן זיין דאָקטוירים און האָבן זיי געהאָלפן דאָס צו דערגרייכן. פריער האָבן זיי

געלערנט ביי די פריערדיקע עקסטערנס און ווען זיי האָבן דערוואָרבן זייערע ערשטע ידיעות פלעגן זיי פאָרן קיין זשיטאָמיר, קיעוו, אָדעס און אריין אין די גימנאַזיעס. ווערנדיק גימ־נאַזיסטן פלעגן זיי ביי זייער קומען אין שטעטל דערוועקן כבוד און אויך קנאה ביי דער שטעטלשער יוגנט און זיי מונטערן צו גיין אין זייערע וועגן. אין די ארומיקע שטעטלעך איז דעמאָלט באַוואוסט געוואָרן באַראַנאָווקע אַלס אַן אינטעליגענטן־שטעטל.

---

ווי מיר ווייזט אויס, האָט מען שוין אין יענע יאָרן געקענט זען די קלאָרע סימנים פון דעם זינקען. אויפן אויבערפלאַך, האָט זיך געדוכט, איז אלץ ווי פריער. פרימאָרגן האָבן די קרעמער זיך געאיילט צו זייערע קלייטן, און די בעלי־מלאכות צו זייער ארבעט. די שולן זענען, ווי געוויינטלעך, ניט געווען פול אין דער פרי און פארנאכט, אויסער שבת. פון די נאָענטע דערפער פלעגן זיך ציען די ארומיקע פויערים אויף זייערע וועגענער צו האנד־לען אין שטעטל. דער הויפּטוועג פון זוויהיל קיין פּאָלאָנעע צו דער באַן־סטאַנציע דורך באַ־ראַנאָווקע, האָט ווי שטענדיק גערעשט פון סוחרים און באַאַמטע און אנדערע באַזוכער, וועלכע פלעגן אלע טאָג דורכפאָרנדיק אָפּשטייגן ביי די סטאַנציעס אָדער קראָמען אין שטעטל. פארנאכט פלעגן זיך אומקערן די אָרטיקע קרעמער מיט פולע וועגענער סחורה, וואָס זיי האָבן געבראכט פון זוויהיל, פּאָלאָנעע און ליובאַר וואו ס'איז געווען א פאבריק פון צוקער, און דערבייאיקע סוחרים פון די נאָענטע שטעטלעך פלעגן אויך אָפּשטייגן צו אי־בערנעכטיקן אין באַראַנאָווקע.

אזוי האָט נאָך באַראַנאָווקע אויסערלעך געלעבט א נאָרמאלן לעבן ווי אין די פריער־דיקע יאָרן. אָבער פארנאכט צו, סיי זומער אָדער ווינטער, ווען די פינצטערניש האָט זיך פארשפּרייט איבערן שטעטל, איז צעטיילט געוואָרן די גאַנצקייט פון שטעטל אויף דריי טיילן. איינע: בעלי־בתים, סוחרים, קרעמער, בעלי־מלאכות און מלמדים; די צווייטע: משכילים־עקסטערנס; דריטע: דער יונגער דור, גימנאַזיסטן, סטודענטן; און יעדער האָט זיך אָפּגעטיילט אויף זיין באַזונדערן וועג.

די ערשטע פלעגן זיך כאַפּן שלאָפן און פארלעשן דאָס ליכט אין רוב הייזער; די שולן זענען געווען פינצטער גאַנצע אָוונטן, ווייל ס'איז מער ניטאָ קיין לערנער ווי אין די אַמאָלי־קע יאָרן. די אלטע בעלי־דרשער קומען אויך ניט. צוויי אָדער דריי מאָל אין יאָר קומט נאָך אין שטעטל צו זייערע חסידים ר' ישעיה'לע און ר' משה מרדכי'לע, אויך ר' נחומ'צע אָסטראָפּליער — דער רבי פון די בעלי־מלאכות. און זייער קומען פרישט אָפּ אַביסל דעם גייסט פון די איבערגעבליבענע חסידים, פאָרן זיי אוועק, בלייבן די אלטע אליין מיט זיך און ס'איז טרויעריק.

אויך די עקסטערנע־משכילים בלייבן פארנאכט מיט זייערע עלטערן אין שטוב און האָבן ניט ביי זיך קיין רו, שלאָפן איז נאָך פרי, גיין שפּאצירן שעמען זיי זיך פאר זייערע יונג־רעש'יקע תלמידים, קלייבן זיי זיך באַזונדער אין קליינע גרופּן, און גייען שטילער־הייט ביי זייערע הייזער און איילן זיך אריין אין הויז.

אָבער דער יונגער דור, גימנאַזיסטישע לערנער, פארכאַפּן די גרויסע לאַנגע גאַסן, וועלכע פירן קיין זוויהיל און פּאָלאָנעע, און שפּאצירן ביז שפּעט אין דער נאַכט. זייער פאַנטאַזיע פאַרכאַפּט גאַנץ גרויסע וועלטן און זיי פאַרגעסן גאָר אין זייער קליינער באַ־ראנאָווקע, וואו זיי שפּאצירן דערווייל.

ניט אזוי ווי אמאָל, ערשט פריער מיט צען יאָר, ווען זייערע גרויסע ברידער זענען גאנ־

צע נעכט געזעסן אין די עזרת־נשים פון די שולן און האָבן זיך פאַרנומען מיט דרוקן פּראָקלאַמאַציעס קעגן צאַר — שלאָפן איצט די עלטערן רואיק, האָבן ניט קיין זאָרג פאַר זייערע קינדער, וועלכע קומען שפּעט אהיים. זיי זענען זיכער און חלומען אויך צו זען אינגיכן זייערע קינדער אלס דאָקטוירים. טראַכטן דען די עלטערן, וואס וועט זיין מיט זייערע קלייטן און געשעפטן, ווען זייערע קינדער וועלן זיין דאָקטוירים? האָבן זיי א טראַכט געטאָן וואָס וועט זיין דעמאָלט מיט זייער באַראַנאָווקע? יעדער האָט נאָר געטראַכט פון זיין אייגענעם „נחת״, פון זיין זון אָדער טאָכטער.

דער לעצטער מאָהיקאַנער אין שטעטל, וועלכער איז געווען נאָך אויף דער וואַך און האָט נאָך געקעמפט פאַר דער אלטער וועלט — איז נאָר געווען מיין אלטער פאָטער ז״ל. א שטילער, תמימות׳דיקער איד איז ער געווען. איין קורצן וועג האָט ער געהאט אלע זיינע יאָרן: דעם וועג פון דער היים און דער נאָענטער שול. איןביידע האָט ער פאַרבראַכט זיינע טעג און נעכט. אין זיינע וויכוחים מיט מיר פלעגט ער טענה׳ן בתמימות: „וויפיל זענט איר, א קליינער מנין?״ און איך האָב אויף אים רחמנות געהאט און ניט געענטפערט, אז באַלד וועט אים אליין ניט בלייבן קיין מנין אין שול.

ס׳זענען געקומען די טעג ווען איך האָב אים געזאָגט, אז איך פאָר קיין אָדעס. דער טאַטע איז בלאַס געוואָרן פון פלוצלעכן קלאַפּ און האָט זיך א דערשלאָגענער געזעגנט צו מיר: „אויך אויף דיר האָט געווירקט דער סמך־מים״? — און אין א מינוט ארום האָט ער אויפגעהויבן די הענט צו דער שאַפע־ספרים און שטילערהייט געברומט דורך טרערן: „איר זענט מיר געבליבן הייליקע ספרים, פון מיינע עלטערן, אור־עלטערן די רבנים, און ווער וועט אין אייך לערנען נאָך מיין טויט?״ — — —

## אין דער אויפגאַנג פון דער רעוואָלוציאָנערער זון

ס׳איז נאָר אוועק אַ האלב יאָר זינט איך בין אוועק קיין אָדעס און ס׳האָט אויסגעבראָכן אין רוסלאַנד די מערץ־רעוואָלוציע אין 1917. די בשורה פון דער רעוואָלוציע האָבן געבראַכט צוויי סוחרים, וועלכע זענען דורכגעפאָרן דאָס שטעטל פון זוויהיל קיין פּאָלאָנע, און די שטעטלשע אידן האָבן דאָס פריער ניט געגלויבט — ביז זיי האָבן אליין ניט באַקומען דעם „קיעווסקאַיאַ־מיסל״, וועלכער פלעגט, ווי געוויינטלעך, קומען אויף מאָרגן אין שטעטל — און די פריילעכע בשורה איז געשריבן דאָרטן מיט גרויסע אותיות. קיין שום בשורה, אויסער דער בשורה פון ביאת־הגואל, האָט ניט געקענט אזוי דערפרייען די שטעטלשע אידן, ווי אָט־די בשורה.

ס׳איז דעמאָלט געווען דאָס דריטע יאָר פון דער וועלט־מלחמה און די „האָזן״ — ווי מ׳האָט זיי גערופן — וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן פון דער מיליטערישער מאָביליזאַציע, זענען געווען אין די הונדערטער. דער פּריסטאַוו, וועלכער האָט פאַרגעשטעלט אין שטעטל די צאַרישע מאַכט — איז געווען באַוואוסט אין אלע ארומיקע ערטער, אַלס אַ „נעמער״ און האָט דערפאַר ניט געזען וואָס מ׳באַדאַרף ניט. האָבן זיך די אלע „האָזן״ צונויפגעקליבן אין שטעטל. און ס׳זענען געווען ניט ווייניק הייזער וואו ס׳פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן עלטערן מיט דערוואַקסענע קינדער. נאָר וואָס מער דער עולם איז געווען גרעסער — פלעגט ער פאָדערן מער געלט — נאָך יעדן „קאָפּ״, וועלכן ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט און געהאַט פאַרצייכנט ביי זיך. און ער האָט פשוט פאַראָרימט פיל משפחות, וועלכע האָבן געהאַט א סך „נעלמים״. אָבער אויסער די גרויסע צאָלונגען האָט מען אויך מורא געהאט אלע טאָג פאַר די שטראָף־אָטריאַדן, וועלכע פלעגן מיט זייערע אָפּטע באַזוכן טע־

ראַריזירן די איינוואוינער, ווייל אלע זענען געווען פאראנטוואָרטלעך פאר די אויסבאַהאַלטענע „משתמטים".

ס'איז דאַן געווען צווישן פורים און פסח און א סך אין שטעטל זענען געווען פאַרנומען אין צוגרייטן דעם יום־טוב, געבאַקן מצות, אָבער אלע זענען געווען דערשלאָגן און געוואַרט אויף דער גאולה. און אָט איז זי געקומען די פלוצלעכע בשורה. ווען די בשורה איז נאָר באַשטעטיקט געוואָרן דורכן „קיעווסקאַיאַ מיסל", האָט באלד אויסגעבראָכן סטיסיע — אַ תקיפ'דיקע אידענע, וועלכע מ'האָט דערפאר גערופן „דער מאַנספאַרשוין", איז געלאָפן פון הויז־צו־הויז און געקלאַפּט אין די טירן און געשריען: „היי, האָזן, גייט ארויס פון די לעכער! אין פייטערסבורג האָבן די ארבעטער געמאכט א רעוואָלוציע און אַראָפּגעוואָרפן ניקאָלאַיען פון בענקל!" און זי האָט זיך מיט דעם ניט באַנוגנט און האָט זיי אלעמען צונויפגעזאַמלט און האָט זיי געפירט אין אַ פייערלעכער מאַניפעסטאַציע דורך אלע גאַסן צו דעם פריסטאַווס הויז און געמאָנט פון אים, אז ער זאָל אומקערן די אלע געלטער, וואָס ער האָט ביי זיי באַקומען. דעם דערשראָקענעם פריסטאַוו האָט מען דעמאָלט געפונען פּאַקנדיק זיינע מטלטלין, וועלנדיק אַנטלויפן פון שטעטל. און ער האָט באַלד אַרויסגענומען עטלעכע הונדערטער, וואָס ער האָט דעמאָלט ביי זיך געהאַט און זיי אָפּגעגעבן סטיסיען.

3—4 טעג איז געווען באַראַנאָווקע אָן א מלכות, ביז ס'איז געקומען פון זוהיל א בחור, א קאָמיסאַר פון דער נייער רעוואָלוציאָנערער מאַכט אין געגנט, און ער האָט צונויפגעזאַמלט אלע אַיינוואוינער, גוים און אידן — אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ, כדי זיי זאָלן אויסקלייבן פון זיך א רעוואָלוציאָנערע באַראַטונג. שמואל'יק שפּרינצעס, א סטאָליאַר און אַלטער בונדישער טוער, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן זיך שוין מיאש געווען פון צו דערלעבן און זען אליין די רעוואָלוציע, האָט זיך אזוי דערפרייט, אז ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט דער אַלגעמיינער פארזאמלונג און האט געבראַכט די קאַפּעליע כלי־זמר מיטן רב און האָט אויך נאָכגעשיקט דעם שמש ברענגען די ספרי־תורות, האָט זיך אויך געפונען אַ גויאישער רעוואָלוציאָנער און ער האָט באַלד געבראַכט דעם גלח און די הייליקע פאָנען פון קלויסטער. און דער געשיקטער קאָמיסאר האט געהאלטן א פייערלעכע רעדע וועגן ווערט פון דער רעוואָלוציע, אַון מ'האָט אויסגעקליבן זיבן איינוואוינער אין רעוואָלוציאָנערן ראט. מ'האָט געזונגען די „מאַרסיליעזע" און די כלי־זמר האָבן געשפּילט חתונה פריילעכס. — אַזוי האָט מען געפּראַוועט אין באראנאָווקע דעם רעוואָלוציאָנערן יום־טוב עטלעכע טעג פאר פסח.

אָבער די אידיליע האָט ניט געדויערט לאַנג. אין מאי, מיטן אָנהויב פון דער שולוואַקאַציע, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אהיים אלע סטודענטן און גימנאַזיסטן פון זשיטאָמיר, קיעוו, אָדעס און אנדערע שטעט. אין די ערשטע חדשים פון דער רעוואָלוציע האָבן זיי דערקענט אַין די גרויסע שטעט דעם אמתן פירוש פון דער רעוואָלוציע, אז זי איז גאָר ניט אזוי אידיליש ווי זייערע עלטערן האָבן געמיינט אין קליין שטעטל באראנאָווקע. שטורמיש זענען זיי זיך צונויפגעקומען מיט א גרויסן דראנג צו פארווענדן זייער רעוואָלוציאָנערע ענערגיע. ווען זיי וואָלטן כאָטש געהאט איין פּאָליטישע מיינונג וואָלט די אידיליע אפשר ניט געשטערט געוואָרן, אבער יעדער פון זיי האָט זיך דאַן געהאט פּאַרשיידענע פּאַרטייען: ס"דקן, ס"רן, באָלשעוויקעס, בונדיסטן, פאראייניקטע, פּועלי־ציון, צעירי־ציון. באַלד ביי זייער קומען האָט יעדער ארויסגערופן א פארזאמלונג פאר זיין פּארטיי, און ווייל ס'זענען געווען ווייניק פרייע ערטער, האָט מען פארכאפּט די שולן און דווקא פאר־

נאכט, נאָך דער ארבעט, און ניט איין מאָל האט מען געשטערט די שטענדיקע מתפללים צו דאַווענען מנחה און מעריב.

ליובא — א פּאראייניקטער און א סטודענט פון יורידישן פאַקולטעט, איז געוואָרן פול מיט כעס און צאָרן דערוויסנדיק זיך ווי אזוי מ׳האָט געפייערט דעם רעוואָלוציאָנערן יום־טוב. ער איז געווען א הויכער ברייט־ביינערקער בחור מיט א בולטן פּנים און אָנציינעדי־קע אויגן. און טראָץ דעם וואָס ער איז געווען נאָר אין צווייטן קורס, האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט רעדן מיט הויכע שיינע פראַזן, און האָט אויף דער ערשטער פאָלקס־פאַרזאַמ־לונג פון די פאראייניקטע אויסגערופן מיט זיין הויכער טענאָר־שטימע: „די רעוואָלוציע איז ניט קיין חתונה אויף וועלכער ס׳שפּילן כלי־זמר. זי איז אויך ניט „אחרית הימים״, וואו ס׳זאָלן פייערלעך פארוויילן דער רב מיטן גלח, די ספרי־תורות מיט די הייליקע קריסטלע־כע פאָנען. א רעוואָלוציע איז, קודם־כל, א העפטיקער קאמף צווישן דעם עקספּלואַטירטן פּראָלעטאַריאַט און דער נידערטרעכטיקער פּלוטאָקראַטיע; רעוואָלוציע איז בלוט...״. זיי־נע רייד האָבן אָנגעוואָרפן א שרעק אין שטעטל, און אויף מאָרגן פרי ביים דאַווענען, אז דער טאַטע האָט אויסגעטאָן די תפילין של רש״י, איידער ער האָט געלייגט די תפילין של רבנו תם, האָבן אים אַרומגערינגלט די מתפללים און אים דערציילט וואָס ליובאַ האָט נעכטן גערעדט אין בית־המדרש. האָט דער טאַטע א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט: „איך מיין, אז דער גאַנצער ענין פון דער רעוואָלוציע איז נאָר אן ענין פאַר די גויים — און ניט פאר אונז אידן...״.

ווען מ׳וואָלט געלאָזט אים זיצן רואיק און לערנען — וואָלט ער אַוודאי מותר געווען מיט זיין גוטן ווילן אויף דער גאַנצער רעוואָלוציע, וואָס איז געקומען אָן זיין ווילן און וויסן, און ער וואָלט זיך מיט איר גאָרנישט אינטערעסירט. אָבער די רעוואָלוציע, וועלכע האָט גיך פאַרכאַפּט אַלעמען אין שטעטל, האָט צוגעצויגן צו זיך אַלעמען און האָט אויך ניט אויסגעמיטן דעם טאַטן.

אין די הויפּט־שטעט פון רוסלאנד, פּעטראָגראַד און מאָסקווע, האָט זיך געפירט א בלו־טיקער שטרייט צווישן די קאַדעטן און אַקטיאַבריסטן פון רעכטס, ס״דקן און ס״רן אין צענ־טער און באָלשעוויקעס פון לינקס, און דער גורל פון דער רעוואָלוציע האָט זיך נאָך גע־וואַקלט און מ׳האָט נאָך ניט געוואוסט ווער ס׳וועט מנצח זיין. אָבער אין באַראַנאָוויטש, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, האָט מען זיך שוין געאַמפּערט פאר דער גרינדונג פון די דעמאָק־ראטישע קהילות, גלייך ווי די רעוואָלוציע האָט זיך שוין פארפעסטיקט אן א שום רודער. דאָ איז געווען א שטרייט צווישן די סאָציאַליסטישע פּארטייען פון איין זייט און די ציוי־ניסטישע און אירע נאָענטע פאַרטייען, פון דער אַנדערער זייט. צוויי מלחמות האָבן זיך דעמאָלט געפירט אין דער מדינה: א גויאישע, דאָס איז געווען א בלוטיקע — וועגן עצם קיום פון דער רעוואָלוציע; און דערביי אויך א אידישע, וועלכע איז געווען א מלחמה פון ריידן וועגן דעם געשטאַלט און אויסזען פון דער רעוואָלוציע.

אין באַראַנאָוויטש, למשל, האָט זיך די מלחמה געפירט וועגן צוויי גרונט־פּונקטן: וועגן אויסוויילן א פאָלקס־דעמאָקראטישן קהילה־ראַט, און וועגן אויפשטעלן א פרייע פאָלקס־שול. אויך די צעירי־ציון האָבן אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון א דעמאָקראטישער פרייער פאָלקס־שול, אָבער די בונדיסטן, די פאַראייניקטע און די פּועלי־ציון האָבן געוואָלט אידיש אלס לערן־שפּראך און די צעירי־ציון האָבן געוואָלט העברעאיש, און זיי האָבן צונויפגע־רופן פאַרזאמלונגען און דיסקוסירט ביז שפּעט אין דער נאַכט. כדי צו שטאַרקן זייער איינ־

פלוס, האט יעדער געבראכט באַוואוסטע חשובע רעדנער און אין שטעטל האָט זיך געליאַ־רעמט. שטראָמען רייד האָבן זיך געגאָסן פון אלע זייטן.

האָט געזען איינער פון די צעירי־ציון־פירער, אז די „לינקע" האָבן זיך געשטאַרקט, האט ער זיך באַטראכט און צונויפגערופן די בעלי־בתים פון שטעטל מיט דער „פני" בראש, וועלכע זענען נאָך ניט געווען אָרגאניזירט אין קיין פארטיי, און האט זיי אָרגאַניזירט אַלס אַלגעמיינע ציוניסטן. יענע זענען גאָר קיינמאָל קיין ציוניסטן ניט געווען, נאָר זיי האָבן דאָך פארשטאנען, אז אין אזעלכע טעג ווען אלץ ווערט באַשטימט דורך אָרגאַניזירטע פאַרטייען — איז גוט אויך פאר זיי זיך צו אָרגאַניזירן אין א פארטיי, אפילו מיטן אַלגעמיין ציוניסטישן נאָמען. און ווייל זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט און אויסגעקליבן א קאָמיטעט, האָבן זיי אויך מכבד געווען דעם טאטן, דער רב אין שטעטל, וואָס האָט געוואַרט אַלע זיינע יאָרן אויף משיח'ן און ניט געוואָלט זיך כאַפּן פאר אים — צו זיין א חבר ביי זיי אין קאָמי־טעם. דער טאַטע האָט אפילו ניט אזוי שטארק ווילנדיק מסכים געווען צו זיצן מיט זיי און אָנטייל נעמען אין דער פּאָלעמיק פון דער רעוואָלוציע. פארשטענדלעך, אז דער קאָמיטעט פון די אלגעמיינע ציוניסטן האָט ניט געטאָן קיין קליינע ארבעט אָן דער אָנווייזונג פון דעם „צעירי־ציון"־פירער.

צוליב אָט־דער קלוגער קאָמבינאַציע פון צעירי־ציון־פירער איז די ווערט פון דער פּראַקציע געפאַלן אין די אויגן פון די לינקע און זיי פלעגן אויף זייערע פאַרזאַמלונגען אויפווייזן די קלעריקאלע בורזשואזע פיזיאָנאמיע פון די צעירי ציון. אבער דער קלוגער חבר האָט ערגרייכט מיט זיין טאַקטיקע צו פארשטארקן די פּאָזיציע פון זיין פראקציע דורך דער אויפשטעלונג פון אָפריינדלעכע פּאַרטיי וועלכע האָט פארמאגט חשובע חברים, וואָס האָבן געהאט אגרויסע ווירקונג אין שטעטל.

שטורמיש איז געווען דעם זומער די פּאלעמיק פון דער רעוואָלוציע אין שטעטל און ניט איינמאָל האָט איין טייל געשטערט, דורך פארשיידענע פּראָוואָקאַציעס, די עפענט־לעכע פארזאַמלונגען, פון אַנדערן טייל. אָבער דאָס האָט ניט געשטערט זייערע פירערס, די יוגענטלעכע סטודענטן און גימנאַזיסטן פארווילן אינטים ווי פריער און ס'איז געוואָרן צווישן זיך גאַנץ ראָמאַנטישע פארבינדונגען, דוקא ניט נאָך פּאַרטיי שטעלונגען. דער לאזונג פון חבר ליובא וועגן דער מצוה פון קלאַסענקאמפף האָט ניט מחייב געווען די יוגנטלעכע פארבינדונגען פון די „פאראייניגטע" חברים מיט חברטעס פון צעירי ציון. און אין פרייע פארנאַכטן פלעגן די יוגנטלעכע, געמישטע גרופן פון חברים און חברות זיך לאָזן אין א גרויסן שפאציר אין די אויסערלעכע גאַסן צום גרויסן פּאלאץ פון פריץ גריפארי וועלכער האָט דעם זומער געעפנט פאר די שפּאצירנדע זיין גרויסן גאָרטן ביז די ווייטע גרינע לאנקעס ביים סלוטש וועלכער האָט זיך רואיק געשטראמט ניט ווייט פון שטעטל. גריפארי אליין וועלכן ס'האָט געהערט די גרויסע פארפור פאבריק איז באַלד פון אנהויב דער רעוואָלוציע אנטלאָפן פון שטעטל. און דער רעוואָלוציענערער ראט האָט באַלד געעפענט דעם גאָרטן פאר די שפּאַצירענדע. פון דאמאָלס איז דער גרויסער פארקן מיט זיינע גרויסע פערצווייגטע אלייען און לאנקעס געווען דאָס ציענדע ארט פאר שפּאַצירען. זיי האבן נישט געקענט אנזעטן זיך מיט די גרויסע פייסזאזשען וועלכע האָבן זיך פאר זיי אנטפּלעקט. די פרייהייט־שטימונג האָט אויך באהערשט די בייזע הינט פון דער גויאישער סביבה און קיינער האָט זיי ניט אויפגערייצט. פון די לאנקעס פלעגן זיי זיך לאָזן פאַרנאַכט אויף שיפלעך איבערן סלושץ אין דער שיין פון די שטערן אָדער לבנה אין אַגעמישטן געזאנג פון די בייַנקענדע לידער פון מ.צ. מאנה און ביאליק אדער אנארכיסטישע לידער.

אין דאָס בילד פון יענע טעג און נעכט וועט ניט זיין גאַנץ ווען איך וועל דערביי ניט דערמאַנען די האלטונג פון די עקסטערנע־משכילים, אמאָליגע רעוואָלוציאָנערן אין 1905. באַלד נאָכן רעוואָלוציאָנערן אויסבראָך אין 1917 האָט זיי ווי אויפגעברויזט אפרישער ווינטל. נאָך דער לאנגער שטיקענדער הפסקה פון די רעאקציע יאָרן האָבן זיי ווי אויפגעוואכט ווי חוני המעגל אין זיין צייט און זענען געווען ענטציקט און ווי פארחלומט האָבן זיי נאָך ניט געקענט בעגרייפן מיט זייערע חושים — דעם גרויסן וואונדער. אָבער דערנאָך ווען זיי האָבן זיך שוין ביסלעכווייז איינגעוואוינט מיט דעם נייעם לעבן, האָבן זיי זיך פלוצלינג ארומגעזעען ווי פרעמדע און אפגענארטע. ניט דאָס איז געווען זייער באגער, חלום מיט 14—15 יאָר צוריק. יענער איז געווען פול אידילישער, שטילער און שענער. דאמאָלס האָבן זיי פאנטאזירט, אז מיט דער צעשמעטערונג פון ניקאָלייס־טראָן וועלן פערווירקלעכט ווערן זייערע שיינע פאנטאזיעס, חלומות — אבער איצטער?? — גלייך ווי די רעוואָלוציע איז נאָך ניט געקומען. און דאָ בא זיי אין באראנאָווקע האָבן פאַרכאפּט זייער אָרט די רירעווודיקע סטודענטן און גימנאזיסטלעך וועלכע האָבן באהערשט, ווי זייער שטייגער, מיט זייערע געשרייען אַלע געסער און זיי פאַרלאָזן ווייט אונטער זיך. און ווי פריער האָבן זיי ווייטער שפּאַצירט איינזאַם און שטילערהייט, אויך אין דעם זומער, אין דער זייט ביי די הייזער פון שטעטל.

## אין פלאָנטער פון חורבן

אויב איך האָב קיין טעות ניט האָט די זומער־וואקאַציע פון די שולן געדויערט ניט מער ווי 3 חדשים. מיט דער עפענונג פון די שולן זענען ארויס פון באראנאָווקע אַלע סטודענטן, גימנאזיסטן און איבעריקע שילער, און שטעטל איז געוואָרן שטיל. ס׳האָט זיך געדאַכט אז דער שטורם פון דער רעוואָלוציע אין שטעטל האָט זיך געענדיקט. אָבער די געשעענישן אין דער ברייטער מדינה וועלכע האָבן זיך שטורמיש ענטוויקלט האָבן אויך גיך פאַרכאַפּט באראנאָווקע, ווי אַלע איבעריקע ערטער אין די גרויסע רוסישע געגענטן. ניט אָפּהענגיק אין גאַנצן פון די יוגנטלאכע וועלכע זענען שוין געווען גאַנץ ווייט פון איר.

די געשטרויכעלטע קערענסקיס־אפענסיווע אויפן דייטשישן פראָנט האָט געשטארקט דעם ערשטן ראטן־אויפשטאַנד אין פעטראגראַד וועלכער האָט זיך געענדיקט אין עטליכע טעג מיט אַדורכפאַל. און ס׳האָט אויסגעבראָכן אום זיין ענדע דער אויפשטאַנד פון מאָנאַרכיסטישן גענעראַל קארנילאוו, וועלכער איז אויך באַלד געשטירצט געוואָרן דורך דער צייטווייליקער רעגירונג מיט דער אקטיווער הילף פון די באלשעוויקעס. ס׳האָט ניט לאנג געדויערט און ס׳האָט אויסגעבראָכן די צווייטע סאָוועטישע רעוואָלוציע אין נאָוועמבער, וועלכע האָט באהערשט איצט גרויסע טיילן פון דער מדינה. אין בריסק איז דאמאָלט גע׳חתמ׳ט געוואָרן דער שלום פון דער נייער רוסלאנד מיט די דייטשען און די דייטשען האָבן פארנומען גאַנץ אוקראינע און האָבן אויף איר ארופגעזעצט דעם העטמאַן סקאראָפּאדסקי. מיט אים האָט זיך פארענדיקט די רעוואָלוציאָנערע מאַכט אין אוקראינע. קיין באראנאָווקע ווי אין די איבעריקע ישובים אין אוקראינע האָבן זיך אומגעקערט די פריערדיקע רעגירונג אנגעשטעלטע און מיט זייער שוץ ארום זיין פּאַלאַץ, אַוואַך פון דייטשע סאָלדאַטן האָבן אויף אים געהיט און די איינוואוינער פון שטעטל האבן שוין מורא געהאַט זיך צודערנעענטערן צו אים.

די געשעענישן אין לאַנד האָבן זיך אָנגעהאַלטן נאָר אויף אשטיקל צייט. אין גיכן

איז אָנגעקומען די צווייטע כוואַליע און צווישן אירע רעדער איז צעריבן געוואָרן, ווי אין אַלע איבעריקע אידישע ישובים אין דער מדינה — אויך די קליינע באַראַנאָווקע.

מיטן אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, אין הערבסט 1918 האָבן אנגעהויבן די דייטשע מיליטער לייט, וועלכע האָבן דאַמאָלס אַרויפגעוואָרפן אויף יעדן א פחד פאַר זייער שטאַרקייט, אַנטלויפן אָן א סדר איבערלאָזנדיק נאָך זיך זייער גאַנצע אַמוניציע און שפּייז. מיט זייער אַנטלויפן איז פּלוצלינג אָפּגעמעקט געוואָרן די גאַנצע מאַכט פון סקאַראָפּאַדסקין. פון דאַמאָלס אָן האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן פון די פּעטלורישע באַנדעס. ס׳ האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער אָפענסיווע פון דער ראַטן־מאַכט און באַלד דערנאָך האָט זיך אנגעהויבן דער פּויערים־אויפשטאַנד קעגן זיי וועלכע האָבן חרוב געמאַכט הונדערטער אידישע קהילות. דאָס איינגעמען פון אוקראַינע דורכן פּוילישן מיליטער דורך די גענעראַלן פּילסודסקי און העלער.און באַלד נאָך איר די שטורמישע קעגן־אָפּענסיווע פון די באָלשעווִיסטישע קאַוואַלעריע ביז וואַרשע — און דאָס נייע איינעמען פון אוקראַינע דורכן פּוילישן מיליטער און דער שלום אָפּמאַך אין ריגע אין 20 דעצעמבער 1920, וואָס נאָך אים איז זוהיל און איר אויעזד ביזן טייך האָרען — אומגעקערט געוואָרן צו דער ראַטן־מאַכט און איר ווייטערע באַפעסטיקונג אין געגנט.

דער חורבן אין באַראַנאָווקע האָט זיך דאַמאָלט ניט אונטערגעשיידט פון דעם אַלגע־מיינעם חורבן אין אַלע אידישע שטעט און שטעטלאך. נאָך דער בעסטיאַלער רציחה דורך די פּאַגראָמשציקעס איז געקומען די אינפלוענציע און טיפוס מגיפות וועלכע האָבן פאַר־ניכטעט גרויסע מאַסן און די איינצלנע איבערגעבליבענע זענען אַרומגעגאַנגען ווי טויטע־שאָטנס.

די שורות ליידיקע קלייטן זענען געשטאַנען אָפן פאַר אַלעמען. דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ איז געבליבן פאַרברענט און ליידיק. דער גרויסער שאָסיי פון זוהיל קיין פאַלאָנעע האָט געוויסטעט אָן דורכפאַרער. די ארומיקע פּויערים זענען שוין ניט געקומען אין שטעטל. קויפן און פאַרקויפן האבן זיי ניט געוואָלט און ס׳איז אויך ניט געווען מיט וואס צו באַצאָלן. ווען ס׳איז בא ווּעמען געבליבן א ווערט־פולע זאַך אדער א יום טוב׳דיק קלייד האט ער זיי געבראַכט צו די פּויערים אין די הייזער און געקויפט פאַר זיי א פּוד מעל, אָדער קאַרטאָפל.

די נייע מאַכט האָט ניט באַדאַרפט זיך פיל מיען צו אויסגלייכן אַלע איינוואוינער. די פריערדיקע שחיטות האָבן שוין דאָס דערגרייכט, אַלע זענען געווען אָרימע לייט. די רעוואָלוציאָנערע יוגנט פון זומער 1917 האָט זיך שוין ניט אומגעקערט אין שטעטל, זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן אין גרויסן ראַט־רעגירונג אַפּאַראַט און אין דער רויטער אַרמיי. די אַרטיקע אָנשטאַלטן פון דער מאַכט אין שטעטל האבן איצט אנגעפירט אנגעפאַרענע קאָמיסאָרן מיט דער אַקטיווער הילף פון די היגע בחורימלעך וועלכע האָבן איצט געשטיגן און ענערגיש ערפילט זייער אויפגאַבע מיט גרויסע באַגאַבטקייט. נאָר ווינציק פון זיי האָבן זיך אומגעקערט. מערסטנטייל פון די וועלכע האָבן געוואָלט פאָרן קיין ארץ ישראל און האָבן געמיינט זיך גיכער פון דאָרט אריבער׳רייסן איבער דער גרעניץ קיין פּוילין און פון דאָרט קיין ארץ ישראל. אזוי האָבן זיך אריבערגעקליבן אין די ווינטערדיקע נעכט פון 1921 און אַוועק קיין פּוילן, פריער איינציקווייז און נאָכער אין קליינע גרופּן, א גרויסער טייל פון זיי איז געקומען קיין ארץ ישראל.

## ווי בעקומט מען פון דאָרט א גרוס?

ווען איך האָב זיך געדאַרפט שיידן פון דער היים אין שטעטל, כדי זיך אריבער

קלייבן די גרענעץ אין איינעם פון די פינסטערע ווינטערדיקע נעכט, איז געשטאַנען דער טאַטע און געלייענט קריאַת־שמע בא דעם בעט. בידך אפקיד רוחי, פדית אותו ד׳...

ער האָט מיר מיט אַ שטימער הכנעה דערלאַנגט זיין האַנט און אַנגענומען דעם טרויעריקן גזר דין פון אונזער גוואַלטיקער צעשיידונג. פון דאַמאָלט, נאָך איידער מיין שטעטל איז פאַרטיליקט געוואָרן דורכן רוצח — האָב איך באַקומען פריער די ידיעה וועגן פאָטערס, און נאָך עטליכע יאָר, אויך פון מוטערס טויט. ביידע זענען געשטאָרבן נאָך פיל לייד און יסורים. די קורצע בריוו וואָס איך פלעג באַקומען פון דער היים, פריער פון די עלטערן און נאָכדעם פון די שוועסטער און איינציקן ברודער האָבן מיר דערציילט פון זייער פיין און שרעקליכע איינזאַמקייט. איין ציטאַטע וואָס האָט זיך שטענדיק איבער־געחזרט: „וואויל איז דיר וואָס די ביזט דאָרט״ — האָט מיר ערקלערט אַלס וואָס זיי האָבן מורא געהאַט מיר עפענטלאַך צו דערציילן.

ביז איך האָב באַקומען דאָס לעצטע פּאָסט־קאַרטל פון מיין שוועסטער וואָס זי האָט נאָך געשיקט דעם 22 יוני דעם טאָג וואָס די היטלערישע באַנדעס האָבן אריינגעשפּאַצירט אין אוקראַינע. ווען זייערע עראָפּלאַנען האָבן שוין געשטורעמט דאָס שטעטל: „הלואי וואָלט איך נאָר געקענט דיר ווייטער אויך שרייבן״ — — איז געווען איר לעצטער באַגער. נאָר ער איז ניט מקוים געוואָרן. מער האָט זי שוין ניט געשריבן און ביז היינט ווייס איך ניט ווען זענען זיי געשטאָרבן מיט אַלע איבעריקע יידן.

ווער וועט מיר אָפּגעבן אַ גרוס פון מיין אָרעם שטעטל און פון מיין טאַטנס היים? איז עפּעס דאָרט געבליבן און וואו זענען זיינע ספרים? איז ניט צעאַקערט געוואָרן אויך דער בית הקברות — פאַר אַ תבואה־פעלד און גיט זיין פרוכט — די בעסטיאַלע רוצחים.

איבערגעזעצט ע. א.

בנימין כ״ץ (עטיודן)

# האראדניצע

וואָס געדענק איך פון מיין געבורט־שטעטל האָראָדניצע? וואָס געדענק איך ניט? ביז עלף יאָר — מיין קינדהייט — בין איך דאָרט געוואַקסן, געשפּילט זיך, געלערנט, געחלומט, ביז אין אַ שיינעם זומער קאַיאָר האָט מיך דער רב פון שטעטל מיטגענומען אויף זיין פור, קיין קאָרעץ, און פון קאָרעץ בין איך געקומען קיין זוויהיל — איך בין אַרויסגעפאָרן אויף דער גרויסער וועלט. פון זוויהיל צוריק קיין קאָרעץ און פון קאָרעץ קיין ראָוונע. אַלץ מיט פערד־און־וואָגן. ערשט פון ראָוונע — מיט דער באַן — צו דער שיף קיין קאַנאַדע, פון קאַנאַדע אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און פון דאָרט — קיין ישראל. דערביי זענען אויך די יאָרן מיטגעלאָפן...

איצט בין איך מיטן געדאַנק צוריק אין האָראָדניצע. איצט נאָר? ווי נאָר כ׳פאַרמאַך די אויגן, זע איך דעם מאַרק מיט די קלייזן, די בתי־מדרשים, די קאַלטע שול, די גאַס וואָס פירט צו דער „פאַבריקע״ און עט אַרונטער צום טייך סלוטש.

עך, דער סלוטש! איך קען דעם האָדסאָן און דעם ברייטן מיסיסיפּי און דעם וואונדער־לעכן כנרת און דעם ירדן, אָבער די וואַסערן פון סלוטש. און דער פאַראָם איבערן טייך,

און דערנאָך די בריק — דאָס זענען איצט וויזיעס פון אַ שטורמעדיקער קינדהייט, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעמפּלט אויף מיין געמיט און געלאָזן צייכנס אויף אַלע יאָרן. דער סלוטש און דער וואלד און דעם פריצ׳ס הויף און די פאַבריקע — דאָס זענען פונקטן וואָס מ׳קען ניט פארגעסן. קיין פינטעלע אויף דער מאַפּע איז אפילו דאָס שטעטל נישט געווען, אָבער אַ אידיש לעבן האָט דאָרט פולסירט, נאָר אין ביכער צו באשרייבן. בזעיר אַנפּין האָט זיך פון דער גרויסער וועלט אהין פארטראָגן. די עבודת־פרך אין פאבריקע; דער קלאסנקאמף מיט א באלעבאָס וואָס פלעגט אמאָל אין א יובל קומען באזוכן זיין אייגנטום, בעת די „פאָזשארנע קאָמאַנדע" פלעגט אים באגעגענען, ווי מ׳באַגעגנט א שריפה. אַ פּחד איז גע־פאלן אויפן שטעטל — דער באלעבאָס קומט! ווי קוקט אויס א באלעבאָס? א לעבן־לאנג ארבעט א גאנץ שטעטל אין א פאבריק און מ׳זעט ניט פאר וועמען מ׳שארט גאָלד; מ׳האָט צו סאָן מיט באַאַמטע, און די באאמטע צאָלן אויס צעטלען, און מיט די צעטלען קויפט מען איין חיונה, און פלוצים — עס קומט דער באלעבאָס! די סירענעס פון דער פאבריקע פייפן; די ארבעט שטעלט זיך אָפּ — אלע יאָגן זיך, אין די ארבעט־קליידער, צום טויער... מ׳לויפט פון אלע זייטן, פון הינטער געסלעך, פון מארק.

— וואו ברענט?

אימהדיק פייפן די סירענעס, די פייער־לעשער, יאָגן זיך מיט פעסלעך וואסער; דאָס גאַנצע שטעטל איז אויף די פיס; מ׳פארמאכט די קראָמען; גויים יאָגן די וועגענער פון מארק; מאמעס יאָגן זיך נאָך די קינדער; פערד הירזשען; מ׳טרייבט די בהמות פון די שטאלן ארויס...

— געוואלד, אידן, וואו ברענט?

— שוטה, עס ברענט ניט!

— סטייטש?

— דער באלעבאָס קומט!

— טפו, אויף אַלע מיינע שונאים! אז ברענען זאָל שוין ער אַליין, טאַטע זיסער!

לאַנג, לאנג האָט זיך דאָס שטעטל נישט בארואיקט פון באלעבאָס באזוך. ווער האָט אים דען געזען? ס׳איז דורכגעפאָרן א בריטשקע מיט פיר פערד געשפאנט און געלאָזן א גרויסן שטויב און א גרויסן רעש...

שטיל איז אין שטעטל. ס׳איז א ווינטער בייטאָג. שבת. מ׳זיצט אין בית־מדרש און מ׳ווארעמט זיך ביי דער אָפּגייענדיקער הרובע. אויפן שניי, אין גאס, פלאטערן שווארצע וואָראָנעס. מ׳דערוואָרט פאָגראָמשטשיקעס אין שטעטל — וואָראָנעס זאָגן אָן שלעכטס — און דער ניגון פון די תהילים־זאָגער, דער טרויער און דער פחד שוועבט אין מאיר־לייבס בית־מדרש; עס טונקלט שוין אין גאס, און אין דעמער ווערט ווייסער דער שניי, און יעדעס מאָל ווען די שווערע טיר פון בית־מדרש גיט זיך אָן עפן מיט א קוויטש, פאַלט איין דאָס הארץ... אימהדיק שרעקט זיך דאָס קינדעריש הארץ...

ביי יעדער שמועה פון אַ פּאָגראָם שלעפּ איך ארויף אויף זיך נאָך אַ פּאָר הייזלעך, טאָמער וועט מען דארפן לויפן פון שטעטל... וואוהין לויפן? פון איין זייט דער טייך; פון דער צווייטער — דער וואלד; פון דער דריטער זייט — דאָס דאָרף און די גויאישע גאַסן; פון דער פערטער — די מיל; ווער ווייסט פון וואנען די מערדער וועלן קומען?

זעלבסט־שוץ. אין אלע פיר זייטן שטייען גרייט יונגען פון שטעטל. מאָרגן, זונטיק איז אַ יאַריד. ס׳וועט שוין קיין יאַריד נישט זיין — מ׳וועט די גויים אפילו אין שטעטל נישט ארייַנלאָזן — אזוי רעדן אידן ביים אויוון, און אז אידן רעדן ווייסן זיי מסתמא!

א חתונה אין שטעטל. א מאָדנע חתונה. צען יאָר שוין געלעבט צוזאמען און גאָר א חתונה? יאָ. צען יאָר קיין קינדער נישט געהאַט, קומט אַ גט, שרייבט דאָס פארפאַלק אַ רייניקייט און מ׳שטעלט אַ חופה לעבן דער קאַלטער שול. אַ אויסגעשטערנטע נאַכט. עס שמעקט מיט לעקאך אויפן גאנצן מארק. דאָס פארפאַלק — בעקער — האָבן אנגעבאקן שמעקנדיקע געבעקס, אלעמען פארבעטן צו דער חופה, כלי־זמר שפילן א טרויעריקס, קינד־און־קייט פירט חתן־כלה צום שול מיט דער ספר־תורה; מ׳טאַנצט א געשלאָסענע קייט פון הענט און פיס קלאפן אויף די פארדארטע בלאָטעס אַ מצווה־טאַנץ, צוויי אידישע נשמות ווילן זיך ניט שיידן; זאָל די רייניקייט פארהיטן, אריכות ימים שענקען, מזל־טוב, אידן, מזל־טוב.

נאָך אַ חתונה, להבדיל, אַ מגיפה אין שטעטל, דער טיפוס שניידט אויף אַלע זייטן, לאָזט ניט אויס קיין הויז, שיידט ניט אונטער פון אָרעם ביז רייך.

ראַטעוועט, אידן, שטעלט אָפּ די מגפה!

אין הקדש זיצט א מויד. אין פּאַליש האַלט זיך אויף אַשטענדיקער בעטלער. שטעלט מען אויפן בית־עולם אַ חופה, ס׳זאָל פּאַרהאַלטן די מגפה. און דרשה־געשאַנקן ווערט אויס־געררופן פארן אומגליקלעכן פּאָרל: דער גביר ר׳ פלוני, גיט צען קארבען דרשה־געשאַנק. — די ארבעטער פון פאבריק טראָגן צו געשיר דרשה־געשאַנק.

אויף די אונטערגעהאקטע פיס פויזעט די כלה פון בית־הקברות, פון דער מגפה־חתונה — צוריק אין הקדש און דער חתן שלעפט זיך נאָך א פארשניאַשקעטער מיט דער נייער זיידענער קאַפּאָטע און שטריימל.

א זומערדיקע היץ פארעט אין שטעטל. פּאַרוואָס גייט מען זיך ניט באָדן? דער טייך האָט נאָך נישט „צוגענומען" דעם זומער, האָט מען מורא. פלוצים — א געוואלד! פון טייך יאָגן מענטשן אין איין אָטעם. עס טרינקט זיך אַ אינגל! דער שטראָם האָט פּאַרטראָגן. מ׳האָט נישט געקענט ראַטעווען. אלע לויפן צום טייך. דער שטראָם גייט זיין גאַנג. מ׳קוקט אויפן וואסער און מ׳ציטערט. עס קומען צולויפן די עלטערן, שוועסטער, ברידער און געוואלדן שפאלטן די וואסערן. מ׳לאָזט זיך מיט שיפלעך מיטן שטראָם. לאַנג ווארט מען און מ׳זעט גאָרניט. עס ווערט פינצטער, שפעט פינצטער, ווי ס׳איז פינצטער אויף דער נשמה און מ׳איז ברוגז אויפן טייך, אויפן ליבן סלוטש. מאָרגן וועט ער אָפּגעבן זיין קרבן; פונווייטן וועט מען אים ברענגען צו אומגליקלעכע טאַטע־מאַמע!

יעדן זומער נעמט דער סלוטש זיין קרבן!

— איצט מעג מען זיך שוין באָדן.

וואלן אין שטעטל. עס קאָכט זיך. דער „בונד" ארבעט מעשים. ער האָט אלע ארבעטער ביי זיך אין קעשענע. די ציוניסטן — זיידענע יונגעלייטלעך, זין און טעכטער פון די באַ־אמטע, קרעמער, כלי־קודש — אינטעליגענטן, סטודענטן, עקסטערן — פּארשרייען די גאסן מיט געצאצקעטע פּלאקאטן:

— שטימט פאר צעטל נומער — — — !

— נידער מיט די ציונים!

— א טויטקלאַפּ די באלעבאַטים!

— ארבעטער! ברידער!

מער פון אַלע טומלען די קינדער. זיי טראָגן די פּלאַקאַטן, ווער פון דעם צעטל, ווער פון יענעם צעטל.

אין די אָוונטן — פאַרזאַמלונגען אין די בתי־מדרשים, אין גרויסע זאַלן פון באַלעבאַ־טים, אין שטאָל פון דער פּאַזשאַרנע קאָמאַנדע, אויפן מאַרק — אַפּישן, אַפּישן, אַפּישן, אויסגעשריבענע מיטן האַנט, מיט אַ געקינצלטער האַנטשריפט רופן, רופן, רופן—שטימט!

אויף איינעם אַזאַ אָוונט, חנוכה, טרעט איך אַרויס אויף אַ פאַרזאַמלונג ביי די ציונים אַלס פאַרטרעטער פון קינדער־קלוב „פּרחי־ציון". איך בין דער „רעדנער", איך האַלט אַן אויסגעלערנטע דרשה.

— עוד לא אבדה תקותנו — אַזוי הייב איך אָן.

אויפן וויסגעדעקטן טיש, פאַר מיר, שטייען צוויי שיינע לייכטער מיט גרויסע ווייסע ליכט, פלעמען זיי אויף מיין נערוועז רויט פּנים, און ביים זייט שטייט אַ גרויסע פּושקע פון קרן־היסוד, צי קרן־קיימת.

איך רעד. איך ווייס אַליין ניט וואָס איך רעד. איך פיבער. אינגאַנצן בין איך צען־עלף יאָר אַלט. איך זע פאַר זיך אויגן, אויגן און ס'איז אַזוי שטיל — — — איך ענדיק. מ'קלאַפּט בראַוואָ, איך שטיי און ברען און ווער נישט פאַרברענט. עס גייט צו אַ מאַן, גיט מיך אַ קוש אויפן שטערן און גיט מיר אַ האַלבן ריכל חנוכה־געלט. דאָס זילבערנע שטיק גיט מיר אַ בליץ פאַר די אויגן. איך האַלט עס אַ רגע און וואַרף עס אַריין אין דער גרויסער פּושקע! עס ווערט אַ טומל, אַ פּאַטשעריי, מ'טראָגט מיך אויף די הענט און איך ברען, איך פיבער און ציטער פון קעלט...

ביז היינט פאַרדרוסט מיך ניט וואָס כ'האָב אַריינגעוואָרפן אַזאַ זילבער שטיק אין פּושקע...

פאַר מיינע אויגן שטייען נאָך די מלמדים מיינע, די לערערס פון העברעאיש און רו־סיש, די גוּאישע לערערס און לערערינס פון דער שקאָלע, פון דער גימנאַזיע; די באַלע־בתים, די בעלי־מלאכה'ס, די קרעמער, די גויים אין די יאַרידן, די „האָזן"; די בייטנדיקע־סעזאָנען; די הונגער־טעג און דאָס אוועקפאָרן קיין זוויהיל. די בענקעניש אַהיים. די טרייסט וואָס מיר האָבן כאָטש בשותפות איין טייך — דעם סלוטש — ווערט ביי מיר זוויהיל באַליבט. און איצט, אין אייער גרויסן יזכור־בוך „זוויהיל", זאָל אַריינשטראָמען כאָטש דער זכר פון האַראַדניצער פאַרשניטענע אידן, אומגעקומענע, פאַרברענטע און פאַרגאַזטע, און געפינען זייער רו און אָנדענק, בשותפות מיט אייערע העלדן און מאַרטירער, ווי בשותפותדיק כ'איז געווען דער טייך, דער סלוטש, וואָס איז רויט פון זייערע בלוטיקע גופים בעת דעם גרויסן אומגליק, אויף וועלכן מיר זאָגן קדיש, און שטעלן זיי אַ מצבה לזכר, לזכר, לזכר!

תל־אביב, 1956

**יעטא הופמאַן** (לאָס אַנדזשעלעס)

# מיין שטעטל קאַמענבראָד און זוסמאַנס זאַוואָד

דאָס שטעטל קאַמענבראַד, ביי זוויהיל, איז צוליב זוסמאַנס זאַוואָד געוואָרן אַ שטעטל פון אַ באַפעלקערונג פון כמעט טויזנט מאַן. די גאַנצע אינדוסטריע איז באַשטאַנען פון אַ גרויסער פאַבריק וואו ס'איז געמאַכט געוואָרן פאַיאַנס אויסאַרבעטן, טעלער, שיסלען, שאַלן און פיל אַנדערע זאַכן פאַר הויז ווירטשאַפט. און אויך מאַלערייקונסט אַרבעטן

וועלכע זענען צעשיקט געוואָרן איבערן ראיאָן. די גאנצע באפעלקערונג פון שטעטל האט זיך דערנערט פון דער פאבריק, א חוץ עטלעכע פאמיליעס וואס האבן זיך דאָרט באזעצט, בעלי מלאכות — וועלכע האבן פארדינט נאר ביזן מויל.

אָבער דאָס שטעטל ווי זי איז קליין געווען און אָרים — איז דאָך געווען מער קולטורעל ווי אנדערע גרעסערע ארומיקע שטעטלעך. טראָץ דעם האט מען זי גערופן „דערעווניע״ — דארף און קיין פאטשט איז דארט ניט געווען. די פאטשט איז געווען אין נאענטן שטעטל ראטשעוו און פון דאָרטן פלעגט מען זי ברענגען אין קאנטאָר פון פאַבריק.

אייניקע ארבעטער — די גליקלעכע וועלכע האבן געהאט עמיצן פון זייער משפחה אין גאָלדענעם לאַנד פלעגן אָפטמאָל גיין צופוס צום שטעטל ראטשעוו כדי צו קריגן שנעלער די בריוו.

דאָס שטעטל האָט אויך פארמאָגט אַשיינעם געזונטן וואלד פון סאָסנע בוימער וועלכע האט פארשמעקט די גאנצע סביבה יעדן פרילינג און האט דאָס שטעטל באגליקט מיט געסט „דאַטשניקעס״. אייניקע זענען געקומען צוליב דעם גוטן קלימאט פאר זייערע קראנקע לונגען און אנדערע צוליב פארגעניגן וועגן צו געניסן די געזונטע לופט און די שיינקייט פון דער נאַטור און האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין אויפן רייכסטן אופן און דאָס שטעטל האט אויפגעלעבט. דאָס שטעטל האט אויך פארמאגט אַ פעלדשער וואס האט זיך אויסגעטויגט אויף אלע געביטן, אפילו פאר ציין־רייסן, צו אַ דאָקטאָר האט מען געדארפט פאָרן 30 מייל צו דער שטאָט זוויהיל. ניט איין מענטש איז געשטארבן פאר דער דער צייט ווייל מ׳האָט ניט געקענט קריגן קיין דאַקטאַר צו דער צייט. דאָס שטעטל האָט אויך פאַרמאָגט א שול מיט א פאליש אונטער איר, אַ באָד — נאַטירלעך מיט א אונטערשייד פאַר רייכע און אָרעמע, אבער בעזעמלעך און שעפעלעך און א מקווה פאר אלעמען גלייך. אונטער דער באָד איז אויך געווען א מונטער־שטיבל. דארטן פלעגן זיך אויפהאלטן אָרעמע לייט וועלכע פלעגן אין אגרויסער צאל קומען פון דער ארומיקער סביבה. ווי אָרעם דאס שטעטל איז ניט געווען האבן די אידן דארט פארמאגט גוטע הערצער און אוועקגעגעבן דעם לעצטן ביסן די אָרעמעלייט. דערפאַר איז טאָקע דאָס שטיבל געווען שטענדיק פול און אַלע פרייטאג צו נאַכטס פלעגן אלע אידן פון שול נעמען אַ פּאַר אורחים אויף שבת און אוועקגעבן זיי דעם לעצטן ביסן פון מויל. דאס האט פאסירט מיט מיין אייגענער משפחה. ס׳געדענקט זיך מיר א עפיזאָד, מיין מוטער איז געווען באקאַנט אין שטעטל פאר זייער אַ ערלעכע. אַלע האָבן זי גערופן „מאַמע״. זי איז טאָקע געווען ווי אַ מאַמע פאר אלעמען, איבערהויפט פאר די נאָך אָרעמערע פון אונז. האָט געטראָפן איינמאָל ווען אן אָרימאַן וואָס פלעגט ארומגיין איבער די הייזער האט פארמאגט אגרויסן מאיאנטעק ביי זיך. האט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט פון מיין מאמעס ערלעכקייט און געבראכט צו איר באהאלטן דאָס געלט וואס ער האט געהאט ביי זיך — ווייל ס׳איז געווען שבת און מ׳האט ניט געטארט טראָגן קיין זאך מיט זיך. מיין ערלעכע מאַמע האָט דאָס באַהאַלטן ניט־קוקנדיק אפילו וויפל ס׳איז דאָרט פאראן. אבער מיר קינדער האבן ניט געקענט זיין רואיק ביז מיר האבן געפונען דאָס זעקעלע און ווי איבערגעראַשט זענען מיר געוואָרן איבערציילנדיק אכט־הונדערט רובל. אַזעלכע אָרעמע לייט זענען געווען אַ סך וועלכע האָבן צוגענומען דעם לעצטן ביסן.

די אָרעמקייט פון שטעטל איז געווען אומבאגרענעצט. דער געהאַלט פון א פאבריק־ארבעטער איז באשטאנען פון פינף ביז אַכט רובל אַ וואך. דערפאר האבן געמוזט מיט־ארבעטן אין פאבריק קינדער פון אַכט יאָר, כדי צו העלפן דערהאלטן די נשמה. און אט

די קליינע פאַרדינסטן פלעגן גלייך צוגענומען ווערן צוריק דורך דער אדמיניסטראַציע. זענען טאקע פארדינסטן פון אַן ארבעטער געווען הונגער־לוין און די אנגעשטעלטע פון פארוואלטונג: דער קאסיר, דירעקטאָר, בוכהאַלטער א. א. וו. האָבן געלעבט אויפן חשבון פון די הונגעריקע. מיין פאטער איז געווען איינער פון די מער גליקלעכע ווייל ער האָט פארמאָגט מער קינדער וועלכע האָבן צוגעטראָגן אַ גרויסן חלק. מיר אלע האָבן צוזאמען פארדינט ביז צען רובל א וואך. און כדי אנצוהאלטן דעם לעבן האט נאך מיין מוטער מיט קליינע קינדער געמוזט נאָך באדינען אַ האַלבן טוץ קווארטיראנטן, פרעמדע מענטשן, וועלכע זענען אנגעקומען צו ארבעטן אויף דער פאבריק.

די עקספלואטאציע איז געווען שרעקלעך. מ׳פלעגט ארבעטן פון זעקס פרי ביז זעקס פאַרנאַכט. די דריי פייפן וועלכע זענען ארויסגעקומען פון גרויסן קוימען, וואָס האָט מיט זיין הויכקייט אונטערגעשפארט דעם הימל, האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די ארבעטער. דער ערשטער רוף איז באשטאַנען אויף אויפצווועקן די אַרבעטער; דער צווייטער — צו זיין גרייט פארן טויער, דער דריטער האָט מען שוין געדארפט זיין ביים ווארשטאַט. אויב איינער האָט פארשפעטיקט אויף איין מינוט האָט זיך דער טויער פארמאכט אונטער דעם ארבעטערס נאז און ער האָט שוין פארלאָרן אַ טאג ארבעט וואָס האט אים זייער אויסגעפעלט.

איך אלס קינד פון אַכט יאר האב שוין דאן באגריפן די אומרעכט קעגן די אָרעמע מאַסן און אויף מיין פראגע צו מיין מוטער: פארוואָס ארבעט ניט דעם דירעקטאָרס קינדער וועלכע האבן פון אלעס בעסטע און די אָרעמע קינדער וואָס ארבעטען אזוי שווער האָבן ניט קיין ברויט צו זאט? האָט מיין קלוגע מאַמע אָפגעזיפצט און געענטפערט קורץ: פרעג ניט מיין קינד קיין קשיות, ס׳איז אזוי באשערט. אבער אין הארצן האט זי געפילט אנדערש. ווייל די צייט האט באוויזן. ביים ערשטן אויפשטאַנד קעגן דעם פינצטערן סיסטעם איז זי געווען די ערשטע אין די רייען אין קאמף פאר א בעסערן לעבן פאר אירע קינדער. אָט דער סיסטעם און אָרעמקייט פון מיין שטעטל האָט מיך געשראָקן און פארטריבן יונגער־הייט אין דער וויטער וועלט צו זוכן עפּעס שענערס, בעסערס און איך האָב דאָס דערגרייכט.

שפּעטער ווען איך בין שוין געווען אין גאלדענעם לאנד האָבן מיר זיך דערוואוסט אז די לאַגע אין מייל שטעטל האָט זיך געענדערט אויף בעסער, אַ דאַנק דעם איפּברויז פון די מאסן און זייער אויפשטאנד קעגן דעם סיסטעם.

און ווען די באפעלקערונג האט ערשט געוואלט אפכאַפּן דעם אטעם און אנפאנגען צו געניסן פון דעם געווינס איז פלוצלונג דער הימל פארוואָלקנט געוואָרן און ס׳האָט א גאס געטאן די פינצטערע כוואליע פון פאגראמען אויף אידישע שטעט און שטעטלעך. די ערנסטע קאטאסטראָפע כוואַליע פון פּאָגראָמען האָט געטראָפן אין מיין שטעטל קאמענע־בראד. די פעטליורעווצעס, אייגענע גויים ואנזערע שכנים מיט וועלכע מיר האָבן געאַרבעט אינאיינעם אין דער פאבריק האבן זיך פאראייניקט און צוזאמענגענומען אלע אידן, די מענער, און געמאַכט אויף זיי אַן אַלגעמיינע שחיטה, אַלע ווי איינעם אויסגעשאָסן. און די פרויען וועלכע האָבן געקענט איבערטראָגן דעם גרויל זיינען לעבן געבליבן — אָבער אָך און וויי איז געווען צו זייער לעבן. — — —

מינע סומליאר (לאָס אנדזשעלעס)

# מיין שטעטל קאמענבראד

אַן אויסגעהוילטער שטח אין דערמיט פון אגעדיכטן אוראלטן וואַלד, שוואָמיקע טארף פעלדער און ליימיקע זומפן. צוליב די ברען מאטעריאלן און ליימיקן באָדן האָט פישעלע זוסמאן אוועקגעשטעלט דאָרט אַ פאבריק פון פאיאנס פּאָרצעליי־געשיר.

ביים עק פון דער לאנגער גאַס, האָט זיך אָנגעהויבן די פאבריק וועלכע האָט זיך געצויגן אין דער ברייט און פארנומען דריי פערטל שטח פון שטעטל. מיט אן ארומגעצאַמטן הויכן פּארקן פון הויכע שפּיציקע ברעטער. אין פאבריק האָט מען געארבעט 12 שעה א טאָג און כאָטש אלע אין פאבריק זיינען געווען לוין ארבעטער האָבן געוויסע פאכן פארמירט א געוויסע קלאסן צעטיילונג פון העכערע און נידעריקע שיכטן. די מאלער, די וועלכע האָבן באבלימט די פאבריק געשיר, זיינען געווען די העכסטע באצאָלטע, שטיק ארבעטער. די מאלער זיינען געווען די געקרוינטע אריסטאָקראטיע פון שטעטל, וועלכע זענען שוין פארשטענדלעך געווען די דעה זאָגער פון אלע קהלשע ענינים פון שטעטל. זיי האָבן געהאט שטענדיקע „שטעט" אין מזרח וואנט פון שול.

צום צווייטן ראנגיקן פאך האבן באלאנגט יענע וועלכע האבן אויסגעארבעט די ארטיקלען פון דער רויער מאסע אויסגעקנאטענע ליים.

דער דריטער ראנג איז באשטאנען פון ארבעטער ביי טריקענע רויע ארטיקלען און בא די ברען אויוועגס. צודעם האט מען געדארפט געזונטע פלייצעס און שטארקע הענט. דאָס שטעטל האָט פערמאָגט איין שניידער, צוויי שוסטערס, דריי לאטוטניקעס — א טאטע מיט צוויי זין. פאר וועמען פרומע גבאי'טעס פלעגן יעדן דאָנערשטאָג ארויסגיין איבערן שטעטל צוזאמענקלייבן פאר די שבת'דיקע כאַרטש.

די אָפטע לויות האָבן, אין געוויסע מאָמענטען אפגעווישט גאוה און שטאנד. די מערהייט קרבנות זענען געווען די, וועלכע האבן אויסגעארבעט די ארטיקלן פון דער רויער מאסע. אחוץ דעם געדיכטען ליימיקן שטויב האט די נאסע ליים אנטהאלטן א געוויסן כעמישן שטאָף, וואָס האָט דורכגעגעסן די לונגען אין א גאָר קורצער צייט. אויב א געשטאָרבענער איז שוין אלט געווען 38 יאר, פלעגן ביי די לויה'עס פאלן טרייסט ווערטער: אז קיין יינגערע פון אים זאָלן ניט שטארבן...

מיט דער אנטשטייאונג פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג, האָט די פאבריק דורכ־געמאכט 3 סטרייקן אונטער דער אָנפירונג פון „בונד". גלייכצייטיק האָט די יוגנט זיך אווארף געטון צו בילדונג. אין פאבריק האָבן דאן געארבעט 1200 ארבעטער. האלב פון דער צאָל זיינען באשטאנען פון פויערים פון די ארומיגע דערפער.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, — אפאר טעג איידער די באלשעוויקעס זענען אריין אין שטעטל, זענען שטאפעטן פון דעניקינס באַנדע אריין אין שטעטל מיט א דראָענדיקן באפעל: אז אלע מענער פון 18 ביז די עלטעסטע זאָלן זיך פארזאמלען אין וואלד, וואו דער אטאמאן וועט פאר זיי לייענען א וויכטיגע דעקלאראציע. אויב עמיצער פון זיי וועט בלייבען אין שטוב וועט ער דערשאסן ווערן.

ווייבער, מאמעס, שוועסטער זענען ארומגעלאָפן דערשראָקענע און אויפגעזוכט יעדן פון זייערע נאָענטע און זיי ארויסגשיקט כדי צו ראטעווען זייער לעבן. אין שטעטל זענען געבליבן בלויז די פרויען און קינדער. און באלד האט זיך דערהערט הונדערטער

קנאלן פון שאסן. מיט וואנזיניקע ווילדע קולות זענען די פרויען און קינדער געלאָפן צום וואלד, און אַ אויסגעשטעלטע וואך אויף פערד, האט זיי פאַרהאַלטן ביים ברעג פון וואלד און ווען די שיסעריי מיט די שרעקלעכע קולות פון וואַלד זענען פערשטילט געוואָרן, האָט איינער פון דער וואַך באַפוילן, אַז אַלע פרויען זאָלן אויסגראָבן גריבער און באַגראָבן זייערע טויטע.

## דער קאַמענעצבראַדער פעלדשער — קיסעלהויף

דער אַלטער פעלדשער מאטל דער רופא האָט געדינט געטריי דעם דירעקטאָר, קאַסירער און אלע אנדערע אנגעשטעלטע פון פאבריק, אבער די ארבעטער האָט ער געהאלטן ווי א אנשיקעניש אויף אים. אז מ׳האָט אים גערופן צו א חולה איז ער געקומען מיט צוויי טעג שפעטער. פרייטיק צו נאכט און שבת איז ער בכלל ניט געגאנגען צו קיין חולה, סיידן מ׳איז ארייננעלאָפן מיט א געוואלד אין שול אריין, אז דער חולה גייט אויס — האט ער מיט בייזקייט אויסגעטון דעם טלית און האָט זיך ניט געאיילט מיטן גאַנג. דאָס שטעטל האָט געטראָגן שטילע פערדראסן אויף אים. מען האט אבער אויך גע׳האָט אַ גוט ווארט פאַר אים, צוליב זיין פרומקייט. עס האָט זיך ביי אים געפירט א כשר הויז, זיין ווייב עטי האָט געטראָגן א שייטל — אין הויז האָט מען שטענדיק גערעדט אידיש. און ווען מ׳האָט אים אפגעזאגט האט קיינער ניט געוואוסט פארוואָס.

ווען מ׳האט אראפגעבראכט דעם פעלדשער (דעם נאמען האט מען גאלאָזט וויסן פון דעם קאַנטאָר) און ווען מ׳האָט אים דערזען, האָט מען גלייך פארשטאנען: אז דער נאָמען „רופא" פאַסט אים ניט. מ׳האָט זיך באַלד דערוואוסט, אַז די פעלדשערקע הייסט ווערע און אין הויז רעדט מען רוסיש. דאס שטעטל האט זיך דערפילט געקריוודעט און ווי אפגענארט. ווער וויסט? — דער רוסאק וועט נאך אפשר קעכלען זיינע מענטשען די „סיציליסטעך" און וועגן איבעריקע וועט ער זיך נאך ווייניקער אפרופן ווי יענער.

און ווען אַ געזעמל אידן האָבן צווישן זיך גערעדט און מ׳איז ארויף געקומען וועגן פעלדשער: האָט מען בלויז מיט א קורצן אויסדרוק: מ׳האָט אונז אפגעטון, הא"? — — — אויף א נייעם קייסער טאָר מען ניט בעטן... און דאָס אלץ האָט מען געפילט נאָר דעם ערשטן טאָג, מען וועט נאָך דארפן רעדן רוסיש און מען קען ניט.

מיט אמאָל אבער ווי איבער נאכט איז א נס געשען: דער פעלדשער האָט אנגעהויבן באזוכן חולאים, באלד ווי מ׳האָט גערופן איז ער געקומען און זיך באלד צערעדט אין א זאפטיקן ליטווישן אידיש מיט א היימישן טאָן. און ווען מ׳האָט אים גערופן פאני פעלדשער — האָט ער זיך באַלד אפגעשטעלט — מיין נאָמען איז קיסעלהויף און געבעטן אז מ׳זאָל אים אזוי רופן. פרויען זענען ווידער געשטאנען ביי די טירן און מיט צופרידענעם טאָן דערציילט די איבערראשונג: דער נייער פעלדשער האָט לאנג באטראכט דעם חולה, ער האט זיך געהאלטן ווי א אייגענער ברודער, אויסגעפרעגט, וואס מ׳עסט און אנגעזאגט וואס מען דארף עסן. טאג נאך טאג, זענען געקומען נייע איבערראשונגען, דאַ האט דער פעלדשער שנעל געבראכט דעם דאָקטאָר פון ראטשעוו. דאָ האט ער אריינגערוקט א האלבן רובל, אַ פערטעלע, צוקופן מער מילך פארן חולה. און די גרעסטע איבערראשונג: מען דארף אים מער ניט רופן ווי איינמאָל, ער ווייסט שוין אליין וואו ער דארף קומען אלע טאג. ער איז געוואָרן דער געשפרעך פון טאָג — אַ מלאך, ער האָט אַ גאָלדן האַרץ — זענען געפאַלן אויסדרוקן. באַלד האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג איבערן שטעטל, אַז מען וועט אַנהויבן איינגיכן בויען אַ נייעם פליגל ביי דעם פעלדשערס הויז וואָס וועט דינען אלס באלניצע

(שפּיטאַל). רעדלעך מענטשן זיינען געשטאַנען און צוגעקוקט ווי מען וואַרפט אַפּ פולע וואַגנס מיט האָלץ און שווייגנדיק זיך איבערגעקוקט מיט צופרידענע בליקן. ס׳איז שוין געווען אַן אָפענער סוד. אז דאָס האָט קיסעלהויף דער פעלדשער געפועלט ביי דער פאַבריק אדמיניסטראַציע, אַז מ׳זאָל צובויען אַ שטיקל בנין כאָטש פאַר עטלעכע בעטלעך, פאַר די יעניקע קראַנקע וועלכע ווערן נאָך מער קראַנק אין די אייגנע שטיקנדע שטיבלעך זייערע. 5 בעטלאַך האָט מען אריינגעשטעלט וועלכע האָבן געבלאַנקט מיט די ווייסע בעט־ציגן. אונטער זיין אויפזוכט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון אגרופּע שטעטלשע מיידלעך און יעדע איינע פון זיי האָט אָוועקגעגעבן אַ טאָג אין וואָך צו בעדינען די קראַנקע.

באַלד נאָך דעם האָט זיך ווידערצעטראָגן אַ נייעס, אז גאָר אין גיכן וועט זיך אין צימער פון דעם פעלדשער עפענען אַ ביבליאָטעק, מיט נייע ביכער, אידישע און רוסישע. אונטער דער אויפזיכט פון אַ יוגענט־קאָמיטעט מיט אַ אָפּצאָל פון 10 קאָפּיקעס אַ חודש. ביז איך האָב ארויסגעקריגן די צען קאפּיקעס — איז מיר ניט אנגעשטאַנען צו בעטן א בוך אומזיסט.

דער „בונד” האָט דאַמאָלט דורכגעפירט 3 סטרייקן אין פאַבריק און אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער קולטורעלער אַרבעט. ס׳פלעגן אָפט אַראָפּקומען בונדישע טעאָרעטיקער און דורכפירן דיסקוסיעס אין פולגעפּאַקטע הייזער, אין די שבתים נאָך דעם דאַווענען אין דער גרויסער שול — מיט קיסעלהופן וואָס האָט אפּאָנירט פאַרן „פועל ציוניזם”. די דעבאַטן זענען געווען הייסע, שאַרפע. די ליניעס זענען צעטיילט געוואָרן אויף אַ קאָנספּעראַטיוון אופן. און כאָטש די טעטיקייטן זענען געפירט געוואָרן קאָנספּעראַטיוו, זענען אָבער די שטרייטיקייטן באַוואוסט געוואָרן איבערן גאַנצן שטעטל, אַז דער פעלדשער איז אַן אידעאישער געגנער און מ׳דאַרף אים באַקעמפן — דאָס איז געווען דער לאָזונג פון דער בונדישער יוגנט. דער עלטערער דור האָט געקנייטשט מיט די פּלצעס און ניט געקענט באַנעמען: וואָס האָט מען צו דעם מענטשן מיט אַזאַ גוט האַרץ?! ס׳איז געווען אַ פאַל וואָס אין אַ היציקער דעבאַטע אין דער גרויסער שול, וואו ס׳האָבן זיך אריינגעכאַפּט חדר־אינגלעך און זיי האָבן אויפגעכאַפּט די ווערטער, אַז דער פעלדשער איז אַ קעגנער, אַ שונא, אויף מאָרגן האָבן צוויי פון די יונגלעך אָנגעטראָפן קיסעלגאָפן אין גאַס און אים נאָכגעוואָרפן אַ שטעקן און געטראָפן אין פוס. אַ הינקנדיקער האָט ער זיך פאַרשלעפּט אַ היים. די שטעטלשע פירערשאַפט פון „בונד” האָט זיך באַלד דערוואוסט און מ׳איז גלייך אַוועק צו אים מיט א דערקלערונג, אז עס איז ניט קיין אָנגערייצטער טאַט, און קיינער פון זיי איז ניט שולדיק. און קיסעלהאָף האָט גוטמוטיק געענטפערט: ס׳אַרט מיך ניט דער קלאַפּ אין פוס, עס וועט פאַרגיין... אָבער דער ווייטיק איז טיף אין דער נשמה — וואָס עס איז ניטאַ קיין דערציאונג, די קינדער וואַקסן דאָ ווי ווילד־גראָז.

איך האָב פאַרלאָזט קאָמענעבראַד אין 1912. דאָס איז אַלץ וואָס איך געדענק פון יענער צייט. דאָס אלגעמיינע בילד שטייט פאַר מיר אַלץ גאַנצעס, איבערהויפּט געדענק איך די קינדערשע דערינערונגען בולטער, ווי דער איצטיקער נעכטן. ווען איך בין שוין דאַן געווען אין קאָך פון יענעם לעבן. איך האָב אָנגעהויבן ארבעטן אין פאַבריק ווען איך בין אַלט געווען 9 יאָר און האָב שוין באַלאַנגט צו דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראַיין. וועגן די אַנדערע ועטאַלן פון פאַגראָם און קיסעלהופס העלדישן ויטט איז מיר באַקאַנט פון דעם וואָס ווערט איבערגעגעבן אין אייער יזכור־בוך. אז די הריגה פון אלע מענער איז דורכגעפירט געוואָרן פון די היימישע פויערים, וועלכע האָבן געאַרבעט אַלע יאָרן אינאיינם מיט די אידן אין

דער פאבריק. די אידן וועלכע זענען דורכזיי געפירט געוואָרן צו דער שחיטה, האָבן ניט געוואָגט זיי חושד זיין אין דעם טאט, אנדערש וואָלטן זיי זיך געקענט שטאַרקען אויף זיי און זיך צעלויפן. איך גלויב אז די דאָזיקע פאקטן זענען ריכטיקע.

**הארי בראַנפמאַן** (לאָס אנדזשעלעס)

# מיין שטעטל ראטשעוו

מיין געבורטס־שטעטל ראטשעוו איז באשטאַנען פון ארום 150 משפחות. אטייל קליין הענדלער, אין א גרעסערע טייל בעלי מלאכות. א טייל ארבעטער האָבן געארבעט אין וואלאוואניקעס פאפיר פאבריק וואָס האָט זיך געפונען דריי מייל פון שטעטל. זייער געהאַלט איז באשטאַנען פון פיר—זעקס רובל א וואָך און מיט די מיטלען האט מען געדארפט אויסהאלטן א משפחה פון זעקס און אַכט פערזאָן, האָט מען א גאנצע וואָך געגעסן בצמצום נאָר דאָנערשטאָג איז אנשטאַנען א גאַנצע פּראָבלעם: וואו נעמט מען אויף שבת און א סך פאַמיליעס האָבן ניט געהאַט קיין חלה אויף שבת. אַ גרויסער טייל אידישע מיידלעך האָט געאַרבעט אין פאבריק פון זייער פריער יוגנט אָן און מאַמעס פלעגן אויסוויינען די אויגן פאר ברוך דעם סטאַראָסטע אויף צו באַקומען פון אים אַ מעטריקע, אַז דאָס מיידל איז שוין אלט צען יאָר כדי מ׳זאָל זי אריינגעמען אין פאבריק. האָבן די מיידלעך געארבעט אין פאבריק אונטער שוידערלעכע באדינגונגען. אז אַ מיידל איז פארטיק געוואָרן מיט אַ טאג ארבעט איז איר קערפּער און פנים געווען באדעקט מיט שטויב און פיל פון זיי זענען זייער אָפט קראנק געווארן אויף די לונגען. זיי האבן סאָרטירט די שמאטעס און אויך גערייניקט זיי צום קאָך־קעסל צו פּראָדוצירן פאפיר און פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. די פארהייראטע פרויען האָבן געזוכט וועגן ווי אזוי צו דערהאַלטן זייער משפחה. מ׳האָט געשטריקט און גענייט פאר די פויערים, א טייל יונגע פרויען האבן געזויגן קינדער פון די רייכערע און געטיילט זייער שפייז מיט זייער אייגן קינד. דער בית עולם האט זיך געפונען כמעט אין שטאט. און איז געקומען ראש חודש אלול ווען מ׳פלעגט גיין אויף קבר אבות זענען די קולות געווען אומדערטרעגלעך, בעטענדיק אז מ׳זאָל זיך באמיען פאר די לעבעדיקע און ליידנדיקע.

די באוועגונג צו פארבעסערן די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באדינגונגען אין לאַנד האָט אָפּגעקלינגען אויך אין אונדזער שטעטל אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר טאַרגאָווע**ץ**, זיין שוועסטער אָלגא און משה נאָוומייסקי (אלגין). אָלגא איז ארעסטירט געוואָרן און אויסגעטראָגן אין זשיטאָמירער טורמע שוידערלעכע אינקוויזיציעס ווייל זי האָט זיך אָפּ־געזאָגט צו ווערן אַ מסור, די יוגנט איז דעמאָלט צעטיילט געוואָרן אויף בונדיסטישע און ציוניסטישע גרופן, די יוגנט האָט זיך געריסן אין די גרעסערע שטעט וואו אידן איז געווען ערלויבט צו וואוינען. די רייכערע זענען אַוועק שטודירן, און די ארבעטער יוגנט האָט זיך פארמשכנט אויף צוויי יאָר כדי זיך אויסצולערנען א מלאכה. א טייל פון זיי איז אויך אוועק אין דער ישיבה אין זוהיל און נאכער געוואָרן לערער.

די עלטערע באַפעלקערונג האָט זיך צעטיילט אויף טריסקער און מאקארעווער חסידים. פון צייט צו צייט האָט זיך א בעל דרשער באוויזן אין שטעטל און דער עולם האָט זיך פאר־

זאַמלט אין בית המדרש שבת באַטאָג. נאָר אַלע בעלי דרשער האָבן געוואָרפן די זעלבע לאָזונגען אז מען מוז זיין פרום און דערציילט שוידערלעכע מעשיות וועגן גיהינם און גן עדן און אז די וועלט איז בלויז א קאָרידאָר צו יענער וועלט.

דער טייך סלוטש וואָס איז געווען ביים שטעטל האָט פארשאפט א סך פארגעניגן. זומער האָט זיך די יוגנט געבאָדן און ווינטער געגליטש אויפן פארפרוירענעם טייך.

אין די ערשטע יאָרן פון דער וועלט מלחמה האָבן זיך א סך מענער מאָביליזירט און ס׳זענען געווען א סך פארוואונדעטע און אויך טויטע און איבערגעלאָזט פיל אלמנות. נאָכדעם ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע האָט זיך א גרויסער טייל פון דער יוגנט אָנגעשלאָסן אָן דער רויטער ארמיי וואָס קעמפט פאר דעמאָקראַטיע און גערעכטקייט. באלד האָבן די דייטשן פארנומען אוקראינע און איינגעשטעלט אַ רעגירונג מיט סקאָראפאדסקין בראש און האָבן ארויפגעלעגט שווערע קאָנטריבוציעס און טראנספאָרטירט דאס אנגעזאמעלטע רויב צו זייער פאטערלאנד. ווען די דייטשן האָבן פארלאָזט אוקראינע האָבן אָנגעהויבן בושעווען די באַנדעס פון פעטליורען און דעניקינען און האָבן געראבעוועט אידישע הייזער אונטערן אויסרייד פון געווער זוכן און געהרגעט די וועלכע שטעלן זיך קעגן זיי. באַלד אָבער האָט די רויטע ארמיי פארנומען אונזער שטעטל און די אידן האָבן אנגעהויבן פרייער צו אטעמען. נאר זיי זענען ניט לאנג געבליבן בא אונז און זענען אפגעטראָטן צוליבן דראנג פון דער פוילישער ארמיי. זיי האָבן באהאגלט דאָס שטעטל מיט הארמאטן און די רויטע ארמיי איז געבליבן שטיין אין וואַלד אריבער דעם טייך און די פוילישע ארמיי האָט פארנומען דאָס שטעטל און האָט באפוילן אז אלע אידן זאָלן פאַרלאָזן דאָס שטעטל אין משך פון צוויי שעה ווייל מ׳ערוואַרטעט גרויסע שלאַכטן. און ווען מיר האָבן אין אַ פּאָר וואָכן זיך אומגעקערט איז אין אונזערע היימען געווען אַלץ צעראַבירט.

צוויי עפיזאָדן וועלכע זענען דעמאָלט פארגעקומען האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון: 1) די פּוילישע פּאָליציי האָט ארויפגעוואָרפן אויף דער אידישער באַפעלקערונג די פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו היטן די קאָמוניקאַציע וואָס פלעגט אָפט אונטערגעריסן ווערן דורך דער אונטערערדישע רעזיסטאַנץ. פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס בא הערשל מענדלס גערשמאַנס הויז. און די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז אויפגעטרייסלט געוואָרן און ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן אז איינער פון די אינגלעך האָט געפונען אויפן פעלד א באָמבע און האָט זי געבראַכט א מתנה א היים ; איינער פון די אינגלעך איז באַלד דער׳הרג׳עט געוואָרן און דער צווייטער האָט נאָך געלעבט אַ פּאָר שעה און מיט זיין בלייבן לעבן איז געלונגען דעם קאמענדאַנט אים אויסצופאָרשן וואו ער האָט די באמבע געפונען און אזוי ארום מציל זיין די ארומיקע באפעלקערונג. 2) יוסף גענעסיס קיפּניס איז געקומען פון א געשעפט רייזע און דערזעט ביים שטאָט אז זי איז באַלאַגערט מיט פויערים ; אייניקע פון זיי מיט געווער און זיי דערציילן אים, אז די סמאָלדראָווער און סעמיטיצער פויערים דערציילן אז נאָכדעם ווי די גלעקער פון קלויסטער האָבן געקלונגען און זיי אָנגעזאָגט די געפאַר וועלכע דראָט זיי פון די ראַטשעווער אידן וועלכע קלייבן זיי צופארניכטן — האָבן זיי זיך פארזאַמלט צו פארלויפן דעם וועג און אָנפאַלן אויף די אידן. נאָך לאנגע פארהאנדלונגען איז געלונגען צו נעמען א גרופע פויערים אין שטעטל אויף צו איבערצייגן אז די אידן זענען צופרידן וואָס מ׳לאָזט זיי צורו און טראכטן ניט פון קיין אנפאל. אזוי איז געלונגען דעמאָלט אויסמיידן א שחיטה אין שטעטל.

אַזאָ פּאָל האָט פּאַסירט אין אונזער שכנישן שטעטל קאמענעבראד וואו די פויערים

**זענען אויפגערייצט געוואָרן פון אומבאַקאַנטע מענטשן און אומגעבראַכט אַכציק פּראָצענט פון די מענער אין שטעטל.**

באַלד האָט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון טיפוס אין שטעטל וואָס האָט ניט דורכ־געלאָזט קיין איין הויז. דער איינציקער דאָקטאָר וואָס איז געבליבן אין שטעטל האָט אָר־גאַניזירט די יוגנט צו העלפן די קראַנקע און זיי באַדינען. האָט זיך אַריינגעריסן אַ באַנדע פּעטליוראָוועס און האָבן דערשאָסן אין מיטן גאַס דעם דאָקטאָר, ווייל ער האָט געוואָלט לייקענען אַז ער איז אַ איד. און די אַלע קראַנקע זענען געבליבן אָן וועלכע עס איז מע־דיצינישער הילף.

אין דער צייט האָט אַ סך פון דער יוגנט עמיגרירט קיין רוסלאַנד, ווי אויך קיין פּוילן. אַ טייל האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרבינדן זיך מיט קרובים אין אַמעריקע און מיט דער גרויסער הילף פון „האיאס" עמיגרירן צו זיי.

**משה נאָבעלמאַן** (טאָראָנטאָ)

# מיין חרוב שטעטל

אונדזער קליין שטעטל פּאָלין, וואָלי־נער גובערניע, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן משנה־שם געווען אויף „קראַסנאָי אַרמייסק", האָט פאַרמאָגט אַ באַפעלקע־רונג פון אַרום טויזנט נפשות. צווישן זיי זענען געווען אַלערליי אידן, לומדים און סוחרים, בעלי־מלאכות און בטלנים. איצט וויל איך נאָר דערמאָנען אייניקע פון די געציילטע, וואָס איך האָב גוט געקענט, און זיי האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון פאַר אַן אַנדענק.

איינער, חיים בער, וואָס איך געדענק. זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען יאָפע, כשמו כן תהילתו, טאַקע געווען אַ הויכער שיינער איד מיט אַ הדרת־פּנים, מיט אַ רויטער באָרד, וואָס האָט שטענדיק גע־שמעקט מיט זאַפּראַן. ער האָט געהאַט אַ קראָם פון מעל. דאָס גאַנצע שטעטל ווייַ־בער פלעגט ביי אים קויפן מעל אויף שבת צו באַקן חלה. אויך די פּויערים פלעגן קויפן ביי אים מעל צו באַקן זייערע קוכנס אויף די חגאות.

חיים בער איז געווען אַן ערלעכער איד, אַ מאַקאַרעווער חסיד, געפאָרן יעדן ראש־השנה און יום־כפור קיין מאַקאַרעוו צום רבין, ר' ישעיה'לע זצ"ל, ער האָט תמיד געהאַט שיין פּרנסה. ער איז געווען זייער אַ פריינטלעכער מענטש, אַ מעורב עם הבריות, געווען באַליבט סיי ביי אידן און סיי ביי גויים, להבדיל. ער איז ניט געווען קיין גרויסער למדן, אָבער אָפּלערנען אַ פּרק משניות, אָדער „חק לישראל", האָט ער יאָ געקענט. ער האָט ליב געהאַט צו זיצן אין בית־המדרש ביזן לעצטן מנין און שמועסן וועגן חסידות און דערציילן מופ־תים נאָך פונעם אַלטן מאַקאַרעווער צדיק, ר' יעקב יצחק זצ"ל, און אגב אורחא געבן דעם שמש אברהמל'ען עטלעכע מטבעות צו קויפן אַ פלעשל יי"ש מיט פאַרבייסן, און די אידן האָבן געטרונקען „לחיים" און געווינשן ישועות ונחמות אויף דעם כלל ישראל.

זיין פרוי, נחמה, אָדער ווי מ'האָט זי גערופן נעכע, האָט אים אַרויסגעהאָלפן אין אַלע זיינע אונטערנעמונגען. זי איז געווען אַן אמתע „עזר כנגדו".

ווען מ'האָט אין שטעטל געפּראַוועט אַ שמחה, האָט זי די ערשטע געגעבן צו־

שטייער איר חלק. איבערהויפּט האָט זי זיך משמח געווען, ווען דער מאַקאַרעווער רבי פלעגט קומען אין שטעטל. זי פלעגט דאַן אָפּגעבן דעם רבין איר הויז, וואָס איז געשטאַנען אויף דער הויפּט גאַס, און פלעגט אים באַדינען מיט גרויס דרך־ארץ, כדי דער צדיק זאָל איר געבן זיין ברכה, זי זאָל געבענטש ווערן מיט א קינד... אָבער דער אַלמעכטיקער באַשעפער האָט איר ניט באַגליקט מיט קיין „זרע של קימא״... ווען די חברה־משניות האָט געפּראַוועט א סיום, האָט זי דערלויבט צו מאַכן דעם סיום ביי איר אין הויז. און ווען די חסידים זענען שוין געווען בגילופינדיק און פלעגן פאַרלייגן די הענט אויף אקסל און כאַפּן א ריקודל, דאַן פלעגט זי אויך אריין אין קאראהאָד, אָננעמען איר מאַן ביים האַנט און נעמען אַן אַנטייל אין טאַנץ...

חיים בער און זיין פרוי פלעגן טיילן אַ סך צדקה. זיי האָבן צו אַלע אָרימע לייט געבאַרגט מעל אויף חלה לכבוד שבת, אַן משכנתאות און א סך געלט איז פאַרפאַלן געוואָרן. עס איז אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז זיי האָבן אָנגעזאָגט אריינצולייגן אין זייערע קברים דעם „פּנקס״ פון די חובות. חיים בער פלעגט זאָגן „כי זה חלקי מכל עמלי תחת השמש״...

***

דעם צווייטן אידן, וואָס איך וויל באַשרייבן, האָט זיכער פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן, כדי אַזאַ טיפּ זאָל ניט פארגעסן ווערן פאַר די צוקונפטיקע דורות, ווייל ער איז געווען אַ זעלטענער טיפּ, וועלכן מען דאַרף היינטיקע צייטן זוכן מיט ליכט.

זיין נאָמען איז געווען הערשל. גערופן האָט מען אים הערשל איציס. אויף זיין שווערס נאָמען. זיין צווייטער נאָמען איז געווען הוראדעצקי. אַ קאָזין פון דעם באַרימטן העברעאישן שריפטשטעלער שמואל אבאָ האָראָדעצקי. ער האָט געשטאַמט פון בערדיטשעוו, געווען אַן אָרימער יתום, אַ ישיבה־בחור. זיין שווער, איצי צוועט, איז געווען אַ איד אַ נגיד און האָט פארמאָגט א בת־יחידה מיטן נאָמען בתיה, וואָס איז ניט געווען קיין גרויסע יפת תואר. דערצו נאָך איז זי געווען אַ קליין־געוויקסיקע, אַ קאַרליק. דער היפוך פון איר אמן, וועלכער איז געווען א הויך־געוויקסיקער, אַ שיינער מיט צוויי שוואַרצע גרויסע פאַרחלומ'טע אויגן און מיט אַ לאַנגער, שוואַרצער באָרד אלאַ ד״ר הערצל ז״ל. ווען איר דאַרף פרעגן: ווי פּאַסט זיך אַזאַ שידוך? וועל איך אייך ענטפערן: „הכסף יענה את הכל״... ער האָט געהאַט אַ קראַם פון אייזן, און זיין קליינינקע פרוי האָט אים געבאָרן יעדן יאָר אַ קינד, זייער בכור האָט מען גערופן: אלטער שמואל, נאָך דעם בערדיטשעווער זיידן, וואָס איז געווען אַ גרויסער למדן און בעל־יחוס, אַ שלשלת־היוחסין ביזן בעש״ט ז״ל.

ר׳ הערש, ווי מ'האָט אים גערופן אין שטעטל אויס רעספּעקט, האָט געקענט גוט מאַטעמאַטיק. פיל סטודענטן, וועלכע פלעגן קומען אין שטעטל אלס לערער און האָבן געהאט שווערע פּראָבלעמען אין מאטעמאטיק זענען געקומען צו אים און ער האָט זיי פאַרענטפערט גרינג און שנעל. ער איז אויך געווען א גרויסער בעל־דקדוק; ער פלעגט לייענען אין דער תורה עפ״י דקדוק, וואָס איז געווען אַ חידוש ביי אונדז אין קליינעם שטעטל. אויך איז ער געווען אַ גרויסער שאַכמאַטיסט; די גרעסטע שפּילער האָט ער באַלד מנצח געווען.

ער האָט געהאַט א גוואלדיקן זכרון. געקענט דעם גאנצן רמב״ם און „מורה הנבוכים״ בעל־פּה. ער איז אויך געווען קלאָר אין דעם „כוזרי״ פון ר׳ יהודה הלוי און אויך אין די שירים פון ר׳ שלמה בן גבירול ר׳ משה בן עזרא און ר׳ יהודה הלוי. ער האָט ליב געהאַט צו לערנען חומש מיטן אבן עזרא און זיך מפלפל זיין מיט די

בחורים, די חובבי בית־המדרש מיט די חידות פון ר׳ אברהם אבן־עזרא. ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ חברה ש״ס, פלעגט ער זאָגן אַ שיעור פאַר די חברים מיט גרויס חריפות. ער איז געווען ביי זיך א גרויסער עניו, ער האָט זיך קיינמאָל ניט גרויס־געהאַלטן מיט זיין לומדות, ער האָט זיך געהאַלטן פאר א פשוטן מענטשן און פלעגט ליב האָבן צו שמועסן מיטן שמש און מיט די בית־המדרשניקעס.

***

ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ משוגענער, ווי אין אלע שטעטלעך. יאָסל האָט מען אים גערופן. זיין פאָטער איז געווען אַ פארמעגלעכער איד. עס האָט מיט אים געטראָפן אַ טראַגעדיע. צוליב א נישט־דערפאָלגרייכער ליבע איז ער גע־רירט געוואָרן פון זינען. ער פלעגט זיך אויפהאַלטן אין בית־המדרש און שלאָפן ביי דער הרובע, פלעגן די בית־המדרשני־קעס אים אנגיסן וואַסער אין די שטיוול, אָדער אים אונטערררוקן א לעמפל פון חלב אונטערן נאָז ער זאָל זיך אָפּבריען...

ר׳ הערש פלעגט די מה־יעשה׳ניקעס אויסמוסרן שטאַרק און זיי זאָגן: ורחמיו על כל מעשיו — האָט געשריבן אין תהילים דער „נעים זמירות ישראל״.

איך געדענק זיינעם אַ וויץ, וואָס איז כדאי צו איבערדערציילן. איינמאָל האָט אים געפרעגט זיינער א פריינט, אַ איד אַ פקח; ר׳ בעריש, א איד ועלכער פאַר־מאָגט א מאַנופאקטור־געשעפט, מיט א פרוי אַן אשת־חיל און א גרוסע יפת־תואר: „ר׳ הערש, פאַרוואָס האָט איר, א איד אַ חכם, אַזאַ קליין ווייבעלע?״ — האָט ער אים באַלד אויפן אָרט געענטפערט מיט א וויץ: „די גמרא זאָגט: ,אשה חמת מלאה צואה והכל רצין אחריה״... נו, האָב איך אַ קליינעם חמת צואה און איר האָט אויסגעקליבן א גרויסן חמת צואה, יבושם לכם!״.

ער איז נפטר געוואָרן אין שנת תר״ע, נאָך אַ יונגערמאַן, איבערלאָזנדיק פינף יונגע יתומים.

# מ. ז. פייערבערג

ש. צ. זעצער

## מ. ז. פייערבערג און זיין תקופה

(דעראינערונגען)

זיין גאנץ לעבן איז נאָר פיר און צוואנציק יאָר געווען. זיין שאפונגס־פעריאָד האָט געדויערט אזוינע דריי־פיר יאָר בסך־הכל. אין די דאָזיקע פיר יאָר אָבער איז די העברעאישע ליטעראטור געוואָרן אזוי צוזאַמענגעוואָקסן מיט אים, אז ס׳איז אוממעגלעך צו דענקען פון איר אָן דער באטייליגונג פון פייערבערג צו איר. ניט פיל האָט ער געשריבן. זיינע שאפונגען שטעלן צוזאמען ניט מער ווי איין קליינעם באנד, וואָס אנטהאלט נאָר א הונדערט און פופציק זייטן. דער דאָזיקער באנד אָבער האָט אים מיט אזא „השארת הנפש״ פארזאָרגט״, צו וועלכן נאָר געציילטע יחידי־סגולה אין א משך פון דורות קענען זוכה זיין.

דער קליינער באַנד שריפטן פון פייערבערגן באלאנגט צו די אינטימסטע ביכער, וואָס געפינען זיך אויף דער וועלט. צו אָט יענע געציילטע שרייבער, וואָס פארקערפערן אין זיך גאנצע שטיקער פון זייער נשמה און יעדער געשריבן וואָרט טרעט אין לעבעדיקע געשטאלטן ארויס פאר דעם לעזער. עס איז אין אים גקומען צום שארפן, פולן אויסדרוק די שטימונגען און שטרעבונגען פון א גאנצן דור, תקופה.

און דעריבער איז אזא פרומע, הייליקע באציאונג געבליבן אין דער העברעאישער ליטעראטור צו דער ירושה, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט. מיין אבזיכט אָבער איז איצט ניט צו געבן אן אויספירלעכע אָפּשאצונג וועגן דעם שאפן פון פייערבערגן. איך וויל הויפטזאכלעך מיט־מיין איצטיקן שרייבן נאָר געבן אין אלגעמיינע שטריכן זיין לעבנסבאשרייבונג, זיך טיילן מיט דעם לעזער מיט אייניקע דערינערונגען, וואָס זענען מיר געבליבן פון דער צייט, וואָס מיר האָבן צוזאמען געלעבט, געלערנט און געפירט אונזער השכלה־קאמף.

### פייערבערגס קינדער־יאָרן

מרדכי זאב פייערבערג איז געבאָרן דעם 20 סעפטעמבער 1874 (ט׳ תשרי תרל״ה), אין נאוואגראד וואלינסק — זוועהיל ס׳ווערט אויך געשריבן זוואהיל, זי איז אגב, איינע פון די שענסטע שטעט אין וואָלינער גובערניע, נאָך זשיטאָמיר די גובערניע שטאָט. מ. ז. פייערבערג׳ס פאָטער, שמעון, איז געווען אַ שוחט. א גרויסער אָרימאַן כל ימיו און נאָך א גרעסערע רעליגיעזער פאנאטיקער. ווען פייערבערג איז נאָך געווען אַ קליין קינד האָט זיך זיין פאָטער

איבערגעצויגן קיין הולסק, אַ נאָענט דאָרף, און דאָרט האָט די פאַמיליע פאַרבראַכט היבשע עטלעכע יאָר. זי האָט זיך צוריק אין שטאָט איבערגעצויגן ווען פייערבערג איז שוין אַלט געווען עלף יאָר.

פייערבערג האָט אזוי ארום פארבראכט די קינדערשע יאָרן זיינע אין א דאָרף־אטמאָספערע, אין אן אומגעבונג פון ווייט און ברייט פונאנדערגעלייגטע פעלדער, פון וואונדערלעכע נאטור־שיינקייטן. זיין לעבן מיט דער נאטור אין זיינע קינדערייען האָט אים מיט דער געבענטשטער מתנה באשאנקען צו קענען מאָלן פאר אונז די רייכע נאטור־בילדער מיט אזוי פיל מייסטערשאַפט, קינסטלערישן אויסדריק.

## אין קאַמף מיט דער אַלטער וועלט

אין חדר האָט פייערבערג געלערנט פיר יאָר. נאָכדעם האָט אים זיין פאָטער ארויס־גענומען פון חדר און ער האָט אָנגעהויבן לערנען אין קלויז פון פאָטער, וועלכער איז געווען א טשערנאָבילער חסיד. מיט זיין אָנקומען אין קלויז, האָט זיך אָנגעהויבן ביי אים א נייע תקופה אין זיין לעבן, די השכלה־תקופה פון אנטוויקלען און פארפאָלקאָמען זיך.

אין אלגעמיין האָט פייערבערג קיין גרויסן אינטערעס ניט ארויסגעוויזן צו די לימודים פון תלמוד. זיינע ידיעות אין תלמוד זיינען דערפאר טאקע אויך געווען זייער קליין. פוסקים האָט ער כמעט גאָר ניט געלערנט, אויך די מפרשי התלמוד ניט געשטודירט.

אין קלויז וואו ער האָט געלערנט דאן, האָבן זיי שוין געפונען אייניקע לערנער, וואָס האָבן זיך אָנגעשמעקט מיט דער העברעאישער השכלה, האָבן זיי געזוכט אויך פייערבערגן פאר דער השכלה געווינען און ער האָט זיך אָן א ווידערשטאנד אונטערגעוואָרפן זייער אגיטאציע. האָט מיט גרויס חשק געלעזן די השכלה־ספרים, וואָס זיי האָבן אים געגעבן. ער האָט אָנגעהויבן זיך אָפּגעבן מיט דעם שטודיום פון תנ״ך, מדרש און אגדה — און א נייע צויבערפולע וועלט האָט זיך געעפנט פאר אים. ער האָט איצט די וועלט געפונען, צו וועלכער ער האָט געגארט די גאנצע צייט און האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט גרויס התלהבות צו זיין לערנען.

דער ערשטער השכלה־ספר, וואָס פייערבערג האָט געלייענט אין העברעאיש, איז געווען דער „אביעזר" פון רמ"א גינצבורג. ער האָט אויך אָנגעהויבן שטודירן די נייע העברעאישע ליטעראטור פון מאפו, סמאָלענסקין, ברוידעס, י. ל. גאָרדאָן,ביידע לעווינ־זאָנס, דער פאָטער מיטן זון, און אויך ריב"ל און ליליענבלום.

ווען פייערבערג איז אלט געוואָרן 18 יאָר איז ער א חתן געוואָרן. די כלה זיינע, א טאָכטער פון א קאראָסטשעווער שוחט, האָט פייערבערגן זייער ליב געהאט און ער איז אויך שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן צו איר. ווען ער איז געפאָרן מיט זיין פאָטער שרייבן תנאים, האָט ער זיך אין קאראָסטשעוו צוגעקילט, שלאָפנדיק עטלעכע הארבסט־נעכט לעבן פענצטער, און האָט אָנגעהויבן הוסטן און פילן א ווייטיק אין זיין לינקער זייט. ער איז פון פריער אויך ניט קיין געזונטער געווען און דאָס צוקילן זיך האָט אים אין בעט אוועקגעלייגט. די קראנקהייט איז אין אָנהויב ניט שטארק געווען און דורך א געהעריקער באהאנדלונג וואָלט מען זי געווען געקענט אינגאנצן באזייטיקן. ער האָט אָבער קיין געהעריקע הילף ניט געקראָגן און איז פון טאָג־צו־טאָג מער איינגעפאַלן. אין א צייט ארום האָט זיין קראנקהייט זיך אין א האלדז־שווינדזוכט אנטוויקלט.



מ. ז. פייערבערג מיט זיינע חברים יעקב אניפולסקי און אברהם טשעסקיס
מ. ז. פייארברג וחבריו יעקב אניפולסקי ואברהם צ׳סקיס. צולם בשנת תרנ״ז—1897

**מיין באַקאַנטשאַפט מיט פייערבערגן**

פייערבערג האָט געהאַט א סך צרות אויסצושטיין פון זיינע עלטערן. ס׳האָט אָפטמאָל געטראָפן, אז זיין פאָטער האָט אים פון הויז פארטריבן און ער פלעגט דאַן אוועקגיין צו זיין פריינט האניפאָלסקי, וועלכער האָט אין נאָענטער שכנות געוואוינט און ער פלעגט זיך ביי אים אויפהאלטן. אזוינע רדיפות האָט פייערבערג געהאַט אויסצושטיין שוין אין דער ערשטער צייט, ווען ער איז א משכיל געוואָרן. אָבער אין דער תקופה, וועגן וועלכער מיר ריידן דאָ, האָבן זיך זיינע צרות פילפאכער פארגרעסערט.

אין יענער צייט האָט פייערבערג אָנגעהויבן צו פארטיפן זיך אויך אין חקירה ספרים, אין דעם „כוזרי״, וועלכן ער האָט געקענט כמעט אויף אויסווייניק. דער דאָזיקער ספר האָט געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף זיין גייסטיקער אנטוויקלונג. ר׳ יהודה הלוי איז געווען ביי אים דער ליכטיקסטער טיפ צווישן אלע פארשיידענע „חכמי ישראל״ מיט זיין גרויס אידיש הארץ, קריסטאָל־ריינער עטישער פערזענלעכקייט, און דער „ספר הכוזרי״ איז ביי אים געווען קודש־קדשים. ער האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט רעליגיעז־פילאָזאָפישע פראַגן און האָט פאר דעם צוועק פלייסיק שטודירט די איבעריקע ספרים פון די אלטע ספרדישע אידישע געלערנטע.

איך האָב זיך מיט אים באקאַנט דורך מיינע באַזוכן די משכילישע קרייזן, וואָס האָבן זיך אויפגעהאלטן אין דער טשערנאָבילער שול, צווישן וועלכע ער האָט מיר באַזונדערס צוגעצויגן. אין משך פון א קורצער צייט האָט זיך צווישן אונז אנטוויקלט א גרויסע ליב־שאפט, טראָץ דעם, וואָס אין די הויפט ־ שטריכן פון אונזער כאראקטער איז געווען א

גרויסער אונטערשייד צווישן אונז. מיך האָט אין אים צוגעצויגן די ווייכקייט זיינע, זיין ראָמאַנטישע נאַטור, אים ווידער האָט אימפּאָנירט אין מיר מיינע שאַרפערע פעאיקייטן מיין מוט צו שטעלן אויף זיך און ענערגישע אקטיוויטעט.

פון יענע יאָרן געדענקט איך אים אלס א גרויסן „מעורב בין הבריות". ער איז געווען דאן א פריילעכער, לוסטיקער. ווען ער פלעגט פריי ווערן פון זיינע לימודים, פלעגט ער ליב האָבן צו פארברענגען מיט זיינע חברים, באזונדערס ווען ער פלעגט זיך באָדן אין טייך. ער האָט געקענט גוט שווימען און פלעגט מיט אלעמען אויף א וואסער־דועל גיין.

## אונזערע דעבאַטן

דער אינערלעכער קאַמף קעגן דעם גלויבן האָט אויסגעבראָכן איצט אין א שאַרפער פאָרם דורך דער השפעה פון די נייע ספרים, וועלכע ער האָט איצט געשטודירט. אין זיין האַר איז דאַן געווען א געראנגל צווישן נייע און אַלטע אידייען. דעם אינערלעכן קאמף האָט ער געשילדערט אין דער לעצטער גרויסער נאָוועלע „לאן?" — וועלכע איז אין א גרויסער מאָס פון אויטאָביאָגראפישן כאראקטער. און נאטירלעך האָט זיך דער אינערלעכער קאמף געענדיקט מיט א נצחון פון די נייע אידייען און ער איז אן אפיקורס געוואָרן. די באליבטע טעמעס זיינע, וועגן וועלכע ער פלעגט דאן ריידן, זיינען געווען וועגן דער נויטיקייט אין רעפאָרמען אין דער אידישער רעליגיע, רמב"ם, ר' יהודה הלוי, די איבעריקע חכמי־ספרד, מענדעלסאָן און סמאָלענסקין, נאציאָנאליזם און אסימילאציע.

צו יענער צייט האָט אונזער גרופּע זיך באדייטנדיק צעוואקסן. ס'זענען אריין נייע מיטגלידער. טראָץ דעם האָט זי דאָך געהאַט, ווי פריער אן איינהייטלעכן כאַראַקטער. דאָס אינערלעכע לעבן פון אונזער גרופּע איז געווען א אינטענסיווע נאָך איידער מיר האָבן באוויזן א רעכטן שלום־עליכם זיך אָפּגעבן, האָבן מיר שוין א דיסקוסיע פאר־פירט, א גרויסע דעבאטע געהאט.

די דעבאטן האָבן זיך אמאָל געצויגן שעות'ווייז. ס'זענען געווען צייטן, אין וועלכע אונזער דעבאטע איז אויסגעפילט געוואָרן אין א גאנצן מעת־לעת. אמת, מיר פלעגן זיך ביינאכט אראָפּכאפּן אהיים, ארייכנאפּן א שלאָף. אָבער די צייט האָט ניט געטראָגן. אזוי האָבן זיך אונזערע דעבאטן געצויגן אָן אן אויפהער וואָכן און אויך חדשים.

## אונזערע קאַמפן

מיט דעם וואוקס פון אונזער קרייז זיינען געוואָקסן אויך אונזערע קעגנער. ס'איז דערגאנגען צו אן אפענעם קאמף, ווי אין די באוואוסטע מלחמות אין די צייטן פון יל"ג און ליליענבלום. אין דער אמת'ן האָבן מיר אליין געברכאט צו די אלע שטרייטן, מיר האָבן אליין געטאָן אַלץ אויף צו פארשארפן דעם קאַמף, ווייל מיר האָבן די גאַנצע צייט זיך באמיט צו פארשפרייטן אונזערע געדאנקען און זיך ניט גערעכנט מיט די פאָלגן, וואָס וועלן קומען. ניט איינמאָל פלעגן מיר ארויסגיין אויפן מארק און פראָפּאגאנדירן אונזערע אידייען. דאָס האָט פארשטארקט דעם כעס צו אונז און מ'האָט אונז גערודפט, פארטריבן פון אלע בתי־מדרשים, פארברענט אונזערע ספרים און אויך אָפטמאָל געבראַכט צו גע־שלעגערייען.

אָט די אומשטענדן האָבן שלעכט געווירקט אויף פייערבערגס געזונט, באזונדערס האָט אים געדריקט זיין לעבנס־שטייגער, וואָס האָט זיך דאן געשאפן ביי זיינע עלטערן,

וועלכע האָבן אים געוואָלט נויטן, כדי ער זאָל זיך ניט פאַרנעמען מיט אפיקורסות, צו זיצן א א גאַנצן טאָג אין דער קליינער משפחה־קלייט פאַר אַלע מינים. און ער האָט דערפון שטאַרק געליטן. די איינציקע נחמה זיינע איז ביי אים געווען אונזערע אָפטע פאַרווײַלונגען ביי אים. איינמאָל געדענקט איך, זיינען מיר אַלע געווען פאַרטיפט אין קלייט מיט א הייסער דעבאַטע וועגן רעליגיעזע רעפאָרמען און ס׳איז אָנגעקומען זיין פאָטער, וועלכער איז פאַרגאַפט געבליבן שטיין אויסער דער קלייט, זיך צוגעהערט צו אונזער שמועס און איז פלוצלונג דערשינען. מיר האָבן אַלע געמאַכט די פּליטה און אים איבערגעלאָזן אַליין מיטן פאָטער און ער האָט שוין געהאַט דעם גוטן פּסק. מיר האָבן דאָך ניט אויפגעהערט אונזערע פאַרזאַמלונגען ביי אים.

## די ליטעראַרישע דעביוטן

אין יענער צייט האָט פייערבערג אָנגעהויבן שרייבן, פריער שירים און נאָכהער אויך פּראָזע. ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן לערנען רוסיש און דייטש. נאָר ער האָט ניט געהאַט קיין געדולד זיך אין זיי צו פאַרפאָלקמען. זיין האַרץ און מוח האָבן געזוכט אַנ־דערע גייסטיקע שפּייז. ער האָט דאַן אויך פיל געליטן פון די אַלע פאַרפאָלגונגען, וועלכע האָבן אויף אים געבראַכט די שרעקלעכע האַלדז־שווינדזוכט. זיינע פריינט און חברים האָבן אים געשיקט זיך קורירן ביי די וואַרשעווער דאָקטוירים אין ווינטער תרנ״ז (1897). אין דעם ווינטער האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זאַכן מיט א ליטעראַרישן ווערט. די רייזע האָט פיל געווירקט אויף אים. ער האָט דאַן באַזוכט די רעדאַקציע „הצפירה״ און האָט זיך באַקענט מיט נ. סאָקאָלאָוו און י. ל. פּרץ. סאָקאָלאָוו האָט געפונען ביי אים א ליטעראַרישן טאַלאַנט און האָט צוגעזאָגט צו דרוקן זיין פּראָזע. ער האָט געוואָלט בלייבן אין וואַרשע, נאָר די דאָקטוירים האָבן אים געדראָט פון דעם און געפאָדערט, ער זאָל באַלד פאָרן אויף א קוראָרט און זיך היילן. ווען ער איז געקומען צוריק האָט ער זיך באַזעצט ביי זיין חבר יעקב האַניפּאָלסקי און נאָכדעם אָפּגעפאָרן אין באַוואָוסטן קוראָרט סלאַוויטע. זייענדיק דאָרטן, האָט ער געוואָלט פאָרן נאָכהער אין א גרויסער שטאָט פון משכילים און טוער. נאָר זיין קראַנקהייט האָט אים דאָס ניט געלאָזן. ער האָט דאַן אויך ניט פאַרמאָגט גענוג ענערגיע און מוט זיך אַרויסרייסן פון זיין משפּחה און ער איז צוריק־געקומען.

דעמאָלט איז אונזער פריינט האַניפּאָלסקי אַריבערגעפאָרן אין נאָענטן דאָרף צימאָוו־קע און פייערבערג איז ביי אים פאַרבליבן א גאַנצן ווינטער. זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פאַרבעסערט און דעם זומער איז ער נאָכאַמאָל געפאָרן קיין סלאַוויטע. דעם זומער האָט זיך געדרוקט אין „השלוח״ זיין דערציילונג „העגל״.

ווען ער איז געקומען דאָס צווייטע מאָל פון סלאַוויטע האָט ער באַקומען פון אחד העם׳ען זיין ערשטן ליטעראַרישן האָנאָראַר און ער האָט זיך זייער געפרייט פון דעם. ער איז דאַן ווידער געווען פול מיט לעבנס־פרייד און האָט געשריבן זיין „הצללים״. האָט געלייענט א סך און זיך פאַרנומען מיט קולטורעלער און ציוניסטישער אַרבעט. זיין נאָמען איז געוואָרן באַוואוסט אין דער נאָענטסטער געגנט און פלעגט אַהין פאָרן וועגן דער ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

אָבער די שטענדיקע קריגערייען מיט זיינע עלטערן און אויך די דערמאָנטע אַרבעטן און די רייזעס האָבן אויף אים שרעקלעך געווירקט און ער איז ווייטער קראַנק געוואָרן.

זיינע נאָענטע חברים האָבן זיך דאַן געווענדט צו אחד העמ'ען און נאָך זיינע באמיאונגען האָט ער באַקומען אַ קליינע מאַנאַטלעכע שטיצע און ער איז ווייטער אָפּגעפאָרן קיין סלאַוויטע. ענדע דעם זומער זיינען געדרוקט געוואָרן די דערציילונגען „בערב", „הקמיע" אין „השלוח"; „הצללים" און „ליל אביב" אין „לוח אחיאסף". ער האָט דאַן באַקומען אַ גרויסן האָנאָראַר און האָט זיך געדונגען אַ באַזונדער צימער און אָנגעהויבן שרייבן זיין דערציילונג „לאָן?". שעהן־לאַנג פלעגט ער זיצן, איינגעבויגן און מיט גרויס פלייס און אינערלעכן פאַרגעניגן שרייבן אָן אויפהער, און זיך אָפּשיידן אין דער צייט פון דער אַרומיקער וועלט.

ווען איך בין געקומען צו אים צוויי טעג פאַר זיין שטאַרבן און אים געטראָפן ביי אַ שרעקלעכן צושטאַנד, האָט ער צו מיר געזאָגט: „איך האָב לעצטנס געפּרעגט דער אידי־שער גזעלשאַפט: ,לאָן? — וואוהין?' און וועד ווייסט וואו איך גיי?" איך בין דערשי־טערט געוואָרן פון די רייד און באַמיט זיך אים צו טרייסטן, נאָר ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער גלייבט ניט, אַז ער וועט נאָך געזונט ווערן, און זיך ניט געוואָלט טרייסטן.

## די לעצטע טעג

נאָכן ענדיקן זיין „לאָן?" — איז זיין געזונט־צושטאַנד געוואָרן ערגער פון טאָג־צו־טאָג. נאָר טראָץ דעם האָט זיך געשטאַרקט אין אים די זיכערקייט אין זיינע ליטעראַרישע כוחות. ער האָט זיך געגרייט צו שרייבן צוויי דערציילונגען פאַרן „לוח אחיאסף", אַ גרוי־סע דערציילונג פאַרן „השלוח" און „תושיה־פאַרלאַג". ער האָט זיך אויך געגרייט שרייבן אויף אידיש און אויך עטלעכע קינדער־דערציילונגען. ער האָט געטראַכט אויך צו שרייבן אַ גרויסע דערציילונג פון בעש"טס לעבן. זיינע כוחות האָבן אים פאַרלאָזט און ער האָט ניט געקענט שרייבן. ער האָט זיך אָפּגעגעבן צו זיינע חלומות, זייענדיק שעהנווייז פאַר־טיפט, שווייגנדיק, אין זיינע מיסטישע געדאַנקען.

מיטוואָך, י"ט אדר תרנ"ט האָט ער שוין ניט געקענט אַראָפּגיין פון בעט. די שווערע צייט האָט געדויערט 36 שעה. ער האָט אין די שעה'ן ווייניק גערעדט, געזעסן אויפן בעט, איינגעבויגן דעם קאָפּ צווישן די קני און האָט צייטנווייז אים אויפגעהויבן און געקוקט אויף מיר, וואָס איך בין ביי אים געזעסן די גאַנצע צייט. זיין קוק איז געווען פול מיט יאוש, געבעט און תרעומות. ער איז געשטאָרבן כ' אדר־שני תרנ"ט (1899).

זיין לוויה איז געווען אַ גרויסע, מאַסן האָבן זיך אין איר באַטייליקט, טראָץ דעם וואָס ס'איז געווען אַ בייזע ווינטער־נאַכט און דאָס הייליקע אָרט איז געווען ווייט עטלעכע ווערסט פון שטאָט. דריי פון זיינע חברים האָבן אים מספיד געווען אויף עברית.

# ליטעראטן און טוער



א. מוקדוני

## ש. צ. זעצער – דער פרוש

ער איז ביי אונז דער איינציקער וואָס שרייבט און לערנט לשמה, וואָס שטופט זיך ניט אין קאָמיטעטן און לויפט ניט אויף קאָנפערענצן און קאָנגרעסן.

ער זיצט און לערנט און שרייבט אידישע ספרים. זייטיקע, ניט היינטיקע, נאָר אייבי־קע ספרים.

ער האָט זיין אייגן קליין־זשורנאַל׳כעל, אין וועלכע עס דערשיינען אלע חודש עטלעכע בלעטלעך, וואָס זענען קאַפּיטלעך פון אַ גרעסערן ווערק. שפּעטער נעמט ער צוזאַמען די העפטלעך און איר האָט פאַר זיך אַ ווערק.

און שרייבן שרייבט ער ניט סתם אין דער וועלט אַריין. ער שרייבט ווען ווער עס איז פאַרפלאָנטערט זיך, קומט ער און פלאָנטערט פאַנאַנדער דעם ענין. האָט אַמאָל ד״ר איסר גינזבורג אָנגעשריבן אַ ווערק וועגן ישו הנוצרי, האָט ער אָנגעשריבן אַ קריטישע אָפּהאַנד־לונג וועגן זיין ווערק וואָס איז אַזוי גרויס ווי דאָס ווערק גופא.

איצט ליגט פאַר מיר אַ בוך וואָס הייסט „די וויכטיקע גרונט־פרינציפּן און כללים בנוגע דיני־ממונות און דיני־נפשות״. דאָס איז א פּאָלעמישע אָפּהאַנדלונג פון 336 זייטן, אין וועלכע ער פּאָלעמיזירט מיט הרב פורת, אייזיק עלען און רב צעיר. די אלע דריי האָבן באַהאַנדלט די פראַגע אין דעם „בצרון״. דאָ ווערט דורכגעלופטערט אַ שטיק אַלטע אידי־שע יוריספּרודענץ אויף אַ מאָדערנעם שטייגער, אָבער מיטן ערנסט פון די אַמאָליקע אי־דישע לומדים, אזוי ווי דאָס וואָלט געווען די אַקטועלסטע פּראָבלעם אין אונזער וועלט, וואָס איז איצט פול מיט גרויסע לעבנס־פּראָבלעמען ווי א מילגרוים.

אָבער דאָס איז דער פרוש, דער אַמאָליקער און היינטיקער למדן. די תורה איז ביי זיי דאָס אַקטועלסטע.

און נאָך אַ ביכל, צוזאַמענגעשטעלט פון דריי העפטלעך פון „דאָס וואָרט״, וואָס הייסט — „ר׳ חסדאי קרעסקאַש, דער רמב״ם און ר׳ יהודה הלוי״ — ליגט פאַר מיר. דאָ ווערט ארומגערעדט ווי יעדער פון זיי וויל פעסטשטעלן די באַציאונג פון דער אידישער אמונה צו פילאָזאָפיע. און דאָס איז ניט קיין „חכמת היהדות״. ניין, ס׳איז עפּעס היינטיקס. און היינטיק איז עס, ווייל די באַציאונג פון ש. צ. זעצער צו די פּראָבלעמען — איז אַ באַציאונג

פון דעם נעכטיקן אידישן למדן, וואָס לעבט מיטן אַלטן אידישן וויסן אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען דאָס סאַמע היינטיקע, אַקטועלסטע.

דאָס איז געווען אונזער גרויסער כוח, מיר האָבן דעם נעכטן געמאַכט היינטיק. אינמיטן פון דער וועלט איז געזעסן דער פרוש, איינער אליין, אין בית המדרש, און זיך געשאקעלט איבער דער גמרא און די אלטע סוגיה איז געווען זיין גאַנצער אינטערעס אין לעבן.

אָבער זעצער איז אויך אַ היינטיקער איד. דאָ און דאָרט באַהאַנדלט ער אין זיין זשורנאַלכעל א הייסע היינטיקע פראַגע מיט דער שאַרפקייט פון דער היינטיקייט. ער האָט פאַר זיך איין אידישע וועלט. ניטאָ קיין אידישער היינט, וואָס איז אָפּגעצאַמט פון נעכטן; ניטאָ קיין מחיצה צווישן אידישן נעכטן און אידישן היינט — זיי זענען איינס.

ער זעצט איבער דעם „זוהר” אין אידיש און אין העברעאיש; ער שרייבט וועגן חסידות, אידישער פילאָזאָפיע, אידישער יוריספּרודענץ א.אז.וו. איר האָט דאָ פאַר זיך א פילזייטיקייט, א גאַנץ פאַרצווייגטע פילזייטיקייט. און דערביי איז ער דורכאויס א פרוש, ווי דער אַמאָליקער אידישער פרוש, און דאָס אַלץ באַווייזט ער צו טאָן דווקא אין ניו־יאָרק, אין דער שטאָט וואו איטלעכס שטיקעלע עולם־הזה איז ממש גינגאָלד, און אַלע יאָגן זיך נאָך דאָס שטיקעלע עולם־הזה. ער באַווייזט צו פּראַווען התבודדות צווישן דעם מאוימדיקן טומל פון וועלכע 8—9 מיליאָן מענטשן. ער איז דער גרעסטער מתבודד.

און ער שפּילט גאָרניט צו להכעיס מיט דער וועלט. ניין. ער האָט זיך זיין ווינקעלע אין דער וועלט, און אין זיין ווינקעלע האָט די טומלדיקע און שמייענדיקע וועלט קיין דריסת־הרגל ניט.

דאָס איז כאַראַקטער. ביז ניט לאַנג איז דאָס געווען דער כאַראַקטער פון דער מערהייט פון אידישן פאָלק, וואָס האָט געשאַפן פאַר זיך אין א היפּש ביסל פרעמדע לענדער זיינע ווינקעלעך, און קיין זייטיקער האָט צו זיי ניט געהאַט קיין דריסת־רגל. די אידישע מגע־ומשא מיט דער ארומיקער וועלט איז געווען באַגרענעצט בלויז אויף מקח־וממכר, חיונה, פרנסה; און נאָכהער האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן אין זייער ווינקל צו זייער באַזונדערן שטייגער לעבן.

אַזוי צוויי טויזנט יאָר. אַ פאָלק אַ פרוש.

היינט האָבן מיר כמעט ניט קיין אייגן גייסטיק ווינקעלע, מיר וואַלגערן זיך כסדר אין די פרעמדע גייסטיקע דירות. און מיט דעם מיין איך ניט גלות, חלילה. מ׳קען רעדן העברעאיש און וואַלגערן זיך אין א פרעמדער גייסטיקער וועלט. מ׳קען האָבן אַפילו אַן אייגן לאַנד און מדינה און וואַלגערן זיך גייסטיק אין גלות.

ש. צ. זעצער איז געבליבן טריי דער אידישער פרישות. און ער לעבט זיך אויס גוט אין זיין ווינקל. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פון אים קיין קלאָג־וואָרט וועגן איינזאַמקייט און ענלעכע פלאָגערייען, ווי דו הערסט דווקא פון מענטשן וואָס טומלען זיך דווקא אין צוויי טומלדיקע וועלטן, אין דער אידישער און אין דער אַרומיקער וועלט.

ניין, ער איז ניט איינזאַם. ער שרעקט זיך ניט פאַר זיך אליין. ער קען זיך גוט אַפּנים. אגב, זענען דאָך דאָ אַזוי פיל גרויסע ספרים אז עס פעלט אים אויס כסדר צייט צו לערנען און לייענען זיי. ער איז קיינמאָל ניט איינזאַם. ער איז אין דער געזעלשאַפט פון גרויסע קעפּ און גרויסע מאָראַלישע פערזענלעכקייטן.

ער לעבט אין צוויי גייסטיקע וועלטן. אין דער וועלט פון רמב״ם, ווי ס׳הערשט דער שלטון־השכל, לויטערע קלאָרקייט און שאַרפער לאָגיק. אין דער וועלט הערשט א

וואונדערלעכע גייסטיקע ליכטיקייט. און אין דער זעלבער צייט לעבט ער אין דער וועלט פון זוהר, טונקעלער מיסטיק, וואו דער שכל האָט גאָרניט וואָס צו זאָגן, בלויז די וויזיע געוועלטיקט אין דער דאָזיקער וועלט.

און די דאָזיקע צוויי עקסטרעם־ווידערשפּרעכנדיקע וועלטן לעבן ביי אים אין דער גרעסטער האַרמאָניע. זיי זענען צוויי וועלטן וואָס זענען אָפּגעטיילט פון דער אַנדערער מיט אַ דינינקער מחיצה, און מ׳קען לייכט כסדר אַריינשפּאַצירן פון איין וועלט אין דער אנדערער.

דער רמב״ם און דער זוהר זענען איין אידישע וועלט מיט פאַרשיידענע אַספּעקטן.

---

און אַזוי איז ער אין זיין פּאָלעמישן ווערק „וויכטיקע גרונט־פּרינציפּן און כללים בנוגע דיני־ממונות און דיני־נפשות״. ער איז פּשוט, ווייל ער איז לאָגיש. ער ווייזט אַרויס שאַרפקייט, אָבער ניט אויפן חשבון פון דער קלאָרקייט און לאָגישקייט.

דער ספר איז א לומדישער, אָבער איז דורכגעוועבט מיט היינטיקייט.

ער אָפּערירט מיט לאָגישקייט און, פאַרשטייט זיך, מיט בקיאות. אָבער ער באַנוצט זיך מיט ביידע מיטלען, כדי קלאָר צו מאַכן דעם ענין און ניט אים צו פאַרפּלאָנטערן.

דער עיקר, ער לעבט אין דער דריי טויזנט יאָריקער אידישער וועלט ווי א פרוש. די אַלטע אידישע וועלט איז ניט אָפּגעטיילט פון דער נייער. זי איז אַלץ אַקטועל פאַר אים. א שקלא וטריא וועגן דיני ממונות און דיני נפשות, דער רמב״ם, דער זוהר, ר׳ חסדאי קרעס־קאַש, ר׳ נחמן בראַסלאַווער, בכלל חסידות, דער יונג־פאַרשטיטענער שרייבער פייערבערג, די. אַנטשטייאונג פון קריסטנטום, אבן עזרא, פערדינאַנד לאַסאַל, א.אז.וו. זענען גלייך אַקטועל.

ער איז ניט קיין רב, קיין פּראָפעסאָר אין קיין אידישן קאָלעדזש, ער האָט ניט קיין שום טיטול. ער לעבט אייננקער אַליין אין שטילער, פרומער אָרימקייט. ער איז אַ פרוש.

איינער איז ער אין אונזער טומלדיקער, מאַטעריאַליסטישער, עולם־הזה׳דיקער וועלט. ער איז א שרייבער, אָבער ער האָט גאָר ווייניק צו טאָן מיט דער שרייבערישער וועלט. ער האָלט ניט קיין רעדעס, ניט אויף לוויות און באַנקעטן. און האָט אָנגעשריבן און אָפּגע־דרוקט אַ פּאָליצע מיט ביכער און ספרים, ווייל גאַנצע פופציק יאָר האָט ער געטאָן, גע־לערנט און געשריבן.

אָבער ביי אונז פאַרגעסט מען צו ערן דעם וואָס פאַרדינט צו געערט ווערן. ביי אונז מוז מען זיין אַ תובע בפה.

האָבן זיך דאָך געפונען ביי אונז אַזעלכע, וואָס מאָנען די פייערונג פון שלום אש׳ס 70־יאָריקן יובילעי. און מיין קאָלעגע ש. ניגער הייסט אונז תשובה טאָן פאַר דער גרויסער זינד — פאַר ניט פייערן שלום אש׳ס יובילעי. אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלן צו מאָנען די פייערונג פון זעצערס יובילעי, אפילו ניט מיין קאָלעגע ניגער.

און ש. צ. זעצער האָט אידן קיינמאָל ניט וויי־געטאָן. פונקט פאַרקערט: ער איז זיין גאַנץ לעבן געשטאַנען אויף דער וואַך און פאַרטיידיקט דעם אידישן כבוד.

אָבער דעם טומלער קומט אַלץ, אים קומט כבוד, עשירות און אויך גדולה. דעם שטילן, דעם פרוש — קומט גאָרניט.

איז מיר אַ גרויסער חידוש וואָס דער לואיס־לאַמעד פאָנד האָט זיך אומגעקוקט אויפֿן שטילן ש. צ. זעצער און אים געגעבן אַ פּרעמיע. דאָס איז די שענסטע פּרעמיע וואָס האָט באַרעכטיקט פולשטענדיק זיין עקזיסטענץ, די שענסטע וואָס דער דאָזיקער פאָנד האָט געגעבן פאַר די צען יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

אונזערע וואַרימסטע באַגריסונגען צו ש. צ. זעצער. זאָל ער ווייטער לערנען און שרייבן זיינע גרויסע ווערק, נאָך לאַנג, לאַנג.

**ש. לעשצינסקי**

# ש. צ. זעצער

די אידישע וועלטלעכע ליטעראַטור, באַזונדערס אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן, איז אויסגעוואַקסן כמעט אָן דעם צוזאַמענהאַנג און טיפער פאַרבינדונג מיט די רייכע אוצרות פון דער אידישער גייסטיקער קולטור אין דער פאַרגאַנגענהייט, די נאָענטע אָדער ווייטע. דאַרפן מיר דעריבער שעצן אזא שעפערישע פערזאָן פאַר זיינע 9־38 יאָריקער ליטעראַרישער טעטיקייט.

זייער יונג און באַשיידן גייט ער אויף ווי אַ נייער שטערן אויף דעם ליטעראַרישן הימל. אין אַ העפטיקן וויכוח מיט ד״ר ש. בערנפעלד איבער דער אידישער קולטור, צייגט ער אַרויס פיל חריפות און רייפן דענקען און ער איז מנצח. איינצייטיק טרעט ער אַרויס מיט עסייען וועגן מאַקס שטירנער, און דער עיקר פּ. ניטשע, און פאַרנעמט אַן אַנגעזעענעם אָרט אין דער ליטעראַטור. ס'איז דאַן דער פּעריאָד, ווען די וועלט אַרום האָט אויסגעברייטערט פאַר אים די האָריזאָנטן, אָבער ער איז טריי געבליבן צו זיין מקור מחצבתו. מערקווירדיק איז דאָס, וואָס באַלד נאָך זיין אַריבערטרעטן דעם אַמעריקאַנישן באָדן, האט זיך אנטפּלעקט א נייער קוואַל אין זעצערס שאַפן, וואָס שטעלט אים אוועק אין די פאָדערשטע רייען פון די שאַפער פון קולטור־ווערטן.

זעצער אַנטדעקט, אז ניט נאָר אין דער קונסט, נאָר אויך אין דער וויסנשאַפט, איז פאַראַן דאָס וואָס מ'רופט אינטואיציע. ער אַנטדעקט און אנטוויקלט יענע פיינסטע מיסטישע עסענץ, וואָס האָט געאייניקט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, און ער עפנט די קוואַלן פון אידיש־רעליגיעזן דענקען, אין וועלכער מיר האָבן אַנגעקליבן אזוי פיל ווערטפולע אוצרות פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

וואָלין, באַזונדערס זיין געבורטס־שטאָט זוויהיל, איז אויך דאָס וויגעלע פון חסידיזם, און האָט צוגעגרייט דעם גרונט פאַר זיין עמפינדלעכקייט פאַר דער אידישער מיסטיק, און האָט אים צוגעגעבן די נייגונג צו סענטיזירן דעם ראַציאָנאַליזם מיט דער מיסטיק פון זיין שאַפן. ער שאַפט די פיגורן פון בעל־שם און ר' נחמן בראַסלאַווער, וואו ס'ווערט פאַרטיפט און אויסגעשפּראָכן די אייגנטלעכע באַגאַבטקייט פון זיין שאַפן.

אין דער קבלה, און חסידיזם איבערהויפּט, זעט ער די פאָעטישע פילאָזאָפישע פאָרם און אינהאַלט פון דער באַנייטער רעליגיעזער אידישער קאָנצעפּציע. אלס מאָדערנער דענקער הערט ער ניט אויף צו ראַציאָנאַליזירן אויך אין זיין נייער שאַפונג. אַזוי, למשל, זעט ער אין דער התגלות פון בעל־שם די העכסטע דערגרייכונג און השלמה פון זיין פערזענלעכ־

קייט, ניט ווי ס׳זעט אויס אין דער פאָלקס־לעגענדע. און אנדערע הערלעכע פיגור איז די פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער ארויסגעבראכט פון זעצערן. אזא בילד און כאַראַקטעריסטיק האָבן מיר פון אונזער איינציקאַרטיקן רעליגיעזן קינסטלערישן קלאַסיקער.

מיט גרויסער עמפינדלעכקייט פאַר די קניני־הרוח האָט זעצער אויסגעפאָרשט דאָס גרעסטע קלאַסישע ווערק פון קבלה, דעם „זוהר״ און פון אים איבערגעזעצט, איבערגע־דיכטעט אויף אידיש, באַרייכערנדיק די אידישע ליטעראַטור מיט אזעלכע ווערטן, פון וועל־כע אונזער דור אין אונזער צייט ווערן וואָס ווייטער פאַרפרעמדט, אָפּגעריסן פון דעם מקור חי, פון די לעבנס־זאַפטן פון אידישן שאַפן. און נאָך אויף אַן אַנדער געביט פאַרנעמט זיך זעצער, — מיט דער פאָרשונג אין דער אידישער עטיק. אין דעם ענין פון „מידת הרחמים״ גייט ער דורך כמעט דעם גאַנצן אידישן עפּאָס און פאָלקלאָר, אַריינרעכענענדיק דעם „זוהר״, און ברענגט ארויס די פערל פון אידישער עטיק, דער יסוד פון דער אידישער קולטור פון דורי־דורות.

אין דעם ווערק „אַנשטייאונג פון קריסטנטום״, האָט דאָס אינטואיטיווע דענקען פון זעצער מיט באַזונדער קראַפט דורכגעבראָכן צווישן אזוי פיל טעאָרעטישע השערות, וואָס ווערן ארויסגעבראכט אין יעדן דור וועגן דעם ענין. אין דעם בוך „פיגורן״ ציינט זיך אַרויס דער גאַנצער עטישער און עסטעטישער חוש פון קולטיווירטן גייסט, וועלכער וויב־רירט אויף פולע און פאַרשיידנאַרטיקע טענער און רופט זיך אָפּ מיט זיין אייגענעם אָפּ־קלאַנג אויף יעדער גייסטיקער דערשיינונג פון אונזער צייט.

אָבער פון ווערק צו ווערק ווערט זעצער געטריבן צו מיסטיק, צו דער פאַרטיפונג פון זיין אייגענעם אינערלעכן מהות, וועלכער שאַפט בריקן צווישן וועלטן און אידייען, פאַר־אייניקט דאָס זעבאַרע מיט דער אומזעבאַרער ווירקלעכקייט אין איין קייט פון געשלאָסענע דערשיינונגען אונטערגעוואָרפענע צו העכערע געזעצן.

אונטער די אומשטענדן, ביי וועלכע ס׳קומט אויס זעצערן צו שאַפן אין דער אידישער ליטעראַטור — איז עס א העלדישער טאַט אַרויסצוגעבן יעדן בוך, וואָס ער פאַרעפנטלעכט, אפילו יעדע עסיי, באַזונדערס ווען די אידישע ווירקלעכקייט איז אזוי איזאָלירט פון אים און ער האָט פאַרלאָזט כמעט אַלעס אונטער זיך.

מרדכי בונה (ביבר)

# יצחק ביבער

ווי אלע אנדערע אין דאמאלדיקן תחום המושב איז אויך יצחק ביבער אויסגעוואָקסן אין א שטרענג רעליגיעזער אַטמאָספערע וועלכע האָט אָנגעפילט זיין לעבן, טאָג איין טאָג אויס, אין שטוב, אין גאַס און אין שול — מיט שטרענגע פארבאטן. דער אַלטער חדר מיט זיין אדיסערליכן אויסזען און אינערליכן תוכן, דער אלטער רבי און די ספרי קודש פון וועלכע זיי האָבן געלערנט — האָבן אים אָנגעפילט מיט הייליקע געפילן, פאַרשטאַרקט אין אים די אַלטע ירושה פון דורות־לאַנג און אים צוגעגרייט צו זיין ווייטערן לעבן.

זייענדיק באגאבט מיט א פאעטישער נשמה האָט ער נאָך פון זיין פריער קינדהייט אַן פארמאָגט א גיכע תפיסה און שאַרפן שכל און האָט ליב געהאַט צו זיין איינזאם. אין

דער מערסטער צייט פלעגט ער זיך פארטיפן אין חקירה־ספרים און אויך אָפטמאָל, ווען די פרייד־לוסט האָט אים באהערשט — אויך פאַרברייגגן אין קינדערשע שפּילערייען. ער האָט פאַרמאָגט אנ׳איידעלן און מילדן כאַראַקטער.

ער אז געווען פון די ווייניקע יחידי סגולה וואָס זיינען געווען באאיינפלוסט פון דער פייערבערג־חבורה, דער יונגערער פון זיי. די פייערבערג חבורה וועלכע האָט אויסגעטרעטן א וועג פאר אירע וויי‏טערע פארזעצער איז ווי באוואוסט געווען באשימפּט פון די ארומיקע אָרטאָדאקסישע קרייזן, וואָס האָבן אין זיי געזען פאררעטער, וועלכע האָבן אָפּגעשטויסן די יוגנט פון דער תורה און יידישע מנהגים. די עלטערן האָבן געזוכט צו חתונה־מאַכן און ארויפוואַרפן אויף זיי דעם עול פון פרנסה, כדי זיי זאָלן ניט אין זינען האָבן קיין נארישקייטן. אַזוי האָבן אויך געטון יצחק׳ס עלטערן, וועלכע האָבן אים חתונה געמאַכט. צו 19 יאָר איז ער געוואָרן א טאטע. טראָץ דעם האָט ער דערגרייכט זיינס אויך אין די לעבנס־תנאים אין וועלכע ער איז געווען. ס׳איז אים געלונגען זיך פארפאלקאמען אין די פעדאַגאָגישע לימודים און האָט געגרינדעט א העברעאישע שולע אין נאָענטן שטעטל קארעץ. אין גיכן איז ער אויך באוואוסט געוואָרן אין די קרייזן פון דער חברה „מפיצי השכלה״, וועלכע האָבן אים ארויסגעפאָדערט צו לערנען אין אנדערע רוסישע שטעט.

צוליב פארשיידענע סיבות האָט ער עמיגרירט קיין אמעריקא נאָך עטליכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה, דאָרטן געאַרבעט און אויך געלערנט, געענדיגט א הויכע טעכנישע שול און געהאַט פאר זיך א זיכערע צוקונפט, געקאנט מאַכן א טעכנישע קאריערע, אָבער ס׳האָט אים געצויגן זיין פעדאַגאָגישע דערציאונגס אַרבעט און האָט זיך אָפּגעגעבן צו תנ״ך־פאָרשונגען. טראָץ דעם וואָס ער איז געווען באַ זיך א עניו, מיט באשיידענע מידות האָט ער אויף זיך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די פירערס אין דער לערער אָרגאַניזאציע אין אמעריקא און זיי האָבן אָנגעהויבן ארויסגעבן זיינע לער־ביכער פאר די תלמידים פעדאַגאָגישע ווערק פאר די לערער. ער איז אויך אין גיכן באוואוסט געוואָרן אַלס חשוב׳ר פעדאַגאָג און אויפגענומען געוואָרן אַלס עלטסטער לערער אין דער הוכער שול (היינט מארשעליע) ביי דעם פעדאַגאָגישן אמט. אין דער ענדע פון דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פארזיצער פון דער צוגרייטונגס קאמיטעט פון דער אמעריקאנער לערער קאנפערענץ און א געוויסע צייט אויך געווען דער סעקראטאָר פון דער לערער אָרגאַניזאַציע אין אמעריקא. ער האָט דאַן פאָרעפענטליכט אין דער אמעריקאנער, אידיש העברעאישער פרעסע פיל ארטיקלן וועגן ליטעראַרישע און פעדאַגאָגישע ענינים.

אין 1933, נאָך 24 יאָר לעבן אין אמעריקא, איז ער געקומען זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל און איז אויפגענומען געוואָרן אלס לערער פאר תנ״ך און היסטאָריע אין דער אגראַרשולע אין יאַגור. דאָ האָט ער געקענט זיך אָפּגעבן צו זיין אַרבעט אין דער תנ״ך־פאָרשונג. האָט פארעפענטליכט פארשיידענע פארשונגען און ערציאונגס־אַרטיקלען אין „דבר״, „הארץ״ און „החינוך״. ער האָט דאַן אָנגעהויבן רעאליזירן זיין לעבנס־חלום: ארויסגעבן דעם „תנ״ך פארן פאָלק״. ער האָט צו ערשט ארויסגעגעבן די ספרים „יהושע־שופטים״.

דאָס איז געווען א שיינער אָנהויב וועלכער איז זייער גינסטיג אויפגענומען געוואָרן אין לאַנד. ער איז אָבער אין מיטן פון זיין אַרבעט אַוועק געשטאָרבן. זיין פאַטאַלער גורל האָט אים געטראָפן פאָרענדיק אַף דער שיף אין צוזאמענהאנג מיטן „פאָלקס תנ״ך״.

מיטן אנטייל פון חברים און מיטהילף פון ועד החינוך פון אידישן נאַציאָנאַל אַרבעטער פאַרבאַנד זיינען געזאַמעלט געוואָרן א טייל פון זיינע תנ״ך־פאָרשונגען און פעדאַגאָגישע מאמרים און ארויסגעגעבן געוואָרן אין א בוך־פארם אין 1944.

גענויע אָפּשאַצונגען וועגען זיין לעבען און טעטיקייט זענען פאַרעפנטליכט געוואָרן אין „דבר" „הדואר", „אידישער בעמפּפער", און אין די פּעדאַגאָגישע אויסגאַבן אין אמריקע דורך דניאל פּערסקי, י. גינגאָלד און אַנדערע.

ע. אורי

# פאלקסטימלעכע פערזאנען אין זוויהיל

בעת דער שריפה אין 1919 איז אין גרויסן בית־המדרש אויך פאַרברענט געוואָרן דער אלטער שטאָטישער פּנקס, אין וועלכן ס'זענען פון צייט־צו־צייט פאַרצייכנט געוואָרן אַלע וויכטיקע עפּיזאָדן פון שטאָט און פון די אַרומיקע שטעטלעך. אַזוי זענען פאַרלאָרן גע־גאַנגען פיל זכרונות און פּרטים פון די ערטער, און גרויסע צדיקים — די שעפער פון חסידות.

אין דער צייט פון מעזיריטשער מגיד האָט זיך באַזעצט אין שטאָט איינער פון די פינף זין פון ר' יחיאל מיכל זלאָטשעווער, וועלכע מ'האָט גערופן „חמשה חומשי תורה" — ר' משה'לע, וואָס האָט באַקומען פון מעזיריטשער מגיד די „מגידות" אין שטאָט און געגרינ־דעט די אַזוי־גערופענע „זוויהילער דינאַסטיע", וועלכע האָט געהאַט בשעתו אַ גרויסע וויר־קונג אין שטאָט. איך געדענק נאָך זיין אייניקל ר' מרדכי'לע, וועלכער האָט זיך שטענדיק באַגרענעצט אין זיין קליינעם חדר און פלעגט אָפּט פאַסטן און זיין פאַרטאָן אין תפילות און אין לערנען. ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף אַ סך קרייזן אין שטאָט. די קלייטן און וואַרשטאַטן האָבן זיך געשלאָסן ביי זיין לוויה און טויזנטער האָבן אים באַ־גלייט צו זיין לעצטער רו.

### דער רבי רב שליאמקע

נאָך דער הסתלקות פון ר' מרדכי'לען איז געפאַלן די השפּעה פון דער „דינאַסטיע" און איר נאַטירלעכער יורש איז געבליבן זיין יונגסטער זון, ר' שלמה'לע, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין צדקות און גוטע מדות. ער פלעגט אָן שום חקירות אריינגעמען צו זיך געפלאָגטע קינדער־יתומים און זיי לערנען און אויסהאַלטן אויף זיין חשבון, כאָטש אַליין איז ער געווען אַ גרויסער קבצן און געלעבט תמיד אין גרויס דחקות. זיין השפּעה איז געווען גרויס אויף פיל חסידישע קרייזן, וועלכע האָבן אים געשעצט פאַר זיין ערלעכקייט און תמימות.

זיין תמימות האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן אין די פּאָגראָמען פון 1919, ווען די באַנדעס האָבן באַהערשט די שטאָט און איר טעראָריזירט, און מ'האָט ניט געוואוסט ביי וואָס זיך אָנצוהאַלטן און רעטן, האָט ער אַרום זיך קאָנצענטרירט די וויכטיקע אין יענער צייט פערזאָנען, וועלכע האָבן זיך מיט מסירות־נפש מפקיר געווען און זיך באַנוגנט מיט די פּאָגראָמשטשיקעס און אָפּגעהאַלטן אין אַ געוויסער מאָס די השמדה פון דער שטאָט. זיין ריינע נשמה האָט זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן ביי דעם ווייטערן עפּיזאָד. אין יענע טעג האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס געפאָדערט, אַז די אידן זאָלן זיי איבערגעבן דעם באַנדיט „קיטיי־באַבאַ" — פון דער אונטערוועלט, וועלכער האָט זיך צוגעפּאַסט צו יעדער מאַכט,

און לעצטנס, צו דער רויטער־מאַכט. ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין דער שטאָט מיט דעם וויסן פון פיל שטאָט־לייט. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן געדראָט מיט א מאסן־רציחה, אויב מ׳וועט אים ניט אַרויסגעבן. איז מען געקומען צו ר׳ שלמה׳לען פרעגן, צי מ׳זאָל אים אַרויסגעבן און דערמיט רעטן די שטאָט פון טויט־שרעק. ער האָט זיי געענטפערט דער־ציטערט: „אין אַזעלכע פאַלן זענען מיר מחויב לויטן דין־תורה גיין געהרגעט ווערן און ניט איבערגעגעבן קיין אידן צום טויט, כאָטש ער האָט אונז אַנגעטאָן אומגליקן״. די פּרע־גערס זענען דערציטערט געוואָרן פון דער תשובה און אים געפאָלגט. צום סוף האָבן אים די פּאָגראָמשטשיקעס אַליין געפונען און אים געבראכט אויפן שול־פּלאַץ און געפּאָדערט, אַז זיין ברודער ר׳ מיכל׳ע זאָל אים אַליין הרגענען. ר׳ מיכל׳ע האָט זיך אָפּגעוואָרפן פון צו דערפילן עס, ניט קוקנדיק אויף אַלע דראָאונגען און קלעפּ, וואָס ער האָט פון זיי גע־קראָגן. ס׳איז געווען אַ מסוכנע לאַגע און איינער פון זיינע חברים, דער טרעגער חנא, האָט ניט געקענט עס מער דולדן, זעענדיק די אלע פּלאָגן און האָט אים דערשאָסן.

נאָך די פּאָגראָמען, מיטן באַפעסטיקן זיך פון דער סאָוועטישער מאַכט, האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצורייסן פון דער שטאָט און אַריבערקומען קיין ארץ־ישראל. אין ישראל האָט ער זיך באַזעצט אין דער אַלטער שטאָט, געלעבט דאָרט בצנעה און קיינעם ניט איבער־געגעבן וועגן זיך און זיינע עלטערן. געגאַנגען אַלע טאָג צו דעם כותל המערבי — אויך אין דער צייט ווען די אראבישע באַנדעס האָבן געווילדעוועט אין די ענגע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט. ער פלעגט אויך צונויפזאַמלען אין זיין הויז שווערע קראַנקע, מטורפים און מצורעים, אויך „הפקר־קינדער״, וואָס קיינער האָט ניט געזאָרגט פאַר זיי, און זיי אַריינברענגען אין תלמוד־תורה און אויסהאַלטן אויף זיין חשבון, כאָטש ער און זיין פאַ־מיליע האָבן דעמאָלט אָפט געהונגערט. אין די מלחמה־טעג אין ירושלים און באַלאַגע־רונגס־צושטאַנד, פלעגט ער אָפט זיך מסכן זיין אַרויסגייענדיק צו די קמעפער און שטאַרקן אין זיי דעם גייסט און לוסט פון מלחמה. ער פלעגט אויך לויבן צווישן זיינע מקורבים די „יונגע״ אַרבעטער און קעמפער פאַר זייער „קידוש־השם״־גרייטקייט. און פלעגט אָפט זאָגן, אַז נאָר די וועלכע אַרבעטן אַליין און לעבן פון זייערע „יגיע־כפּיים״, — קענען דער־גרייכן אַ כשר־געערכט־לעבן. ער איז אויך געווען אַ שטאַרקער פאַרהערער פון הרב קוק ז״ל. אויף זיין גרויסער מאַסן־לוויה האָבן אַנטייל גענומען אַלע רבנים, צדיקים־אדמו״רים, בראש הרב הראשי הערצאָג, און איז באַצייכנט געוואָרן אַלס „קדוש״ פון דער אלגעמיינער פּרעסע.

## ר׳ יואל שארין — דער „עילוי״

ער איז געווען פון די גרויסע גייסטיקע דערציער פון דור און האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף פאַרשיידענע קרייזן, אויך ניט־אָרטאָדאָקסישע. וועגן זיין השפעה אין שטאָט דורך דער ישיבה האָב איך שוין איבערגעגעבן אין מיין אַלגעמיינער רשימה און איך וויל דאָ נאָר באַצייכענען איניקע ביאָגראַפישע פּרטים.

ער איז געבאָרן אין לאכוויץ, פּאָלטאַווער גוב., ביי אָרימע עלטערן. זיין פאָטער, אַ קוימען־קערער, האָט געטאָן אַ סך פאַר זיין דערציאונג. ער האָט זיך אויסגעצייכנט נאָך אין זיין פריער קינדהייט און האָט באַקומען דאַן דעם צונאָמען „פּאָלטאַווער עילוי״, און דער אָרטיקער רב האָט אים געהאָלפן פאָרן אין דער דעמאָלט גרויסער וואָלאזשינער ישיבה. דאָרטן האָבן אים באַזונדערס מקרב געווען די גאונים, ראשי־הישיבה, וועלכע האָבן אים

געשטיצט ביז ער איז געוואָרן אַ גרויסער למדן. אין דער צייט האָט ער באַקומען אַ סך בקשות פון גרויסע קהילות צו זיין ביי זיי אַ רב, נאָר ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיין לעבנס־וועג, זיך איבערצוגעבן צו פאַרשפּרייטן די למודי־התורה דורך גרינדן ישיבות אין די ערטער, אין וועלכע דאָס לערנען איז ניט געווען פאַרשפּרייט און האָט זיך געלאָזט קיין וואָלין, וואָס איז דאַן ניט געווען באַרימט מיט איר לומדות. ער האָט געגרינדעט פריער די ישיבה אין שטעטל בערעזניץ און זי נאָכער איבערגעפירט קיין זוויהיל אונטערן נאָמען „אור תורה״ איך האָב אים באזונדערס דערקענט אין דער צייט פון מיין לערנען אין דער ישיבה. איך געדענק נאָך איצט די אשמורות (וואַכנעכט) וועלכע מיר, לערנער, פלעגן מאַכן יעדע וואָך אינעם אנטייל פון צענדליקער תלמידים־מתמידים. אין דער טיפער נאַכט פלעגט ער זיך באַווייזן אין מיטן צימער וועלכער איז געווען אנגעפילט מיט די שוועבנדע שאטנס און ארומיקער פינצטערניש און זיך צוהערן צו די טרויעריקע גמרא־ניגונים.

איך ווייס ניט פונוואַנען האָט ער זיך דערוואוסט אַז איך האָב אנגעהויבן ארייַנקוקן אין די טריף־פסול׳ן און ער האָט מיט מיר אָנגעהויבן שמועסן אין אַלגעמיינע ליטעראַרישע ענינים און אנטפּלעקן פאר מיר עטוואָס פון זיין נשמה. די לידער וואָס ער האָט געשריבן און זיין ברייטן קוק וועגן דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און די טעגלעכע פּראָבלעמן וועלכע זענען דאַמאָלט אויפגעוועקט געוואָרן פון די אַזוי גערופענע „צעירים״, די חבריה פון בערדיטשעווסקי־ערנפּרייז אין דער אויפברויזנדער העברעאישער ליטעראַטור. ער האָט מיר דאַן דערציילט. אז נאָך זייענדיק אין וואָלאָזשין איז ער געווען נאָענט צום ענגן קרייז פון הרב קוק ז״ל און מיט אים ארויסגעגעבן אינערלעכע פלוג־בלעטער וועגן „חיבת ציון״.

ער דער „עילוי״ האָט געהאַט א רייכע ברויזנדע נשמה און טיפע געדאנקען. פלעגט אסך רייזן און איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי הרב מזאה אין מאסקווע און הרב אייזנשטאט אין פעטראגראד און איז געווען אלזייטיק בעאוונט אין די טעגלעכע לעבנס פּראָבלעמען. אָבער אייגנצייטיק האָט ער אויך געציטערט פון דער הפקרות וועלכע איז געווען ארום און פלעגט שטאַרק קעמפן קעגן זיי. איך געדענק עטלעכע פון זיינע דרשיינונגען אויף דער געזעלשאַפטלעכער בימה אין שטאָט ביי פארשידענע קריזיסן וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה. פיל קרייזן האָבן אים זייער געשעצט. נאָך מער האָבן אים ליב געהאַט זיינע תלמידים, וועלכע האָבן אים פארשטאנען און געווען פארכאפּט פון זיינע געדאַנקען און שטורעמדיקער נשמה.

ר׳ יואל שארין האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ רייך־פילנדיק האַרץ און ברייטן קוק. ער האָט זיך אינטערעסירט מיט אלע דערשיינונגען אין דער וועלט און אידישער געזעלשאַפט־לעכקייט.

מיט דעם אָנקומען פון דער סאָוועטישער מאַכט אין שטאָט און זענעדיק די גרויסע סכנה, וואָס דראָט דער ישיבה, האָט ער זי איבערגעפירט אין נאָענטן שטעטל קאָרעץ, וואָס איז געווען אין דער פּוילישער זאָנע. מיט דער צייט האָט ער אויך געעפנט אָפּטיילונגען פון דער ישיבה אין ראָוונע, קרעמעניץ, דומבראָוויצע און געזאָרגט פאַר זייער עקזיסטענץ. אָבער די מאַטעריעלע און גייסטיקע לאַגע איז געוואָרן אַלץ ערגער, און ער איז שלאַף געוואָרן און אריבער זיך היילן קיין וואַרשע. דאָרטן איז ער געשטאָרבן אין י״א אב, תרפ״ז (1927). אויף זיין לוויה אין וואַרשע האָבן אָנטייל גענומען ראשי־ישיבות מיט זייערע תלמידים. מ׳האָט אים מקבר געווען ביי די קברים פון די גאונים הנצי״ב און ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק.

## הרב דוד בצלאל

ער איז געווען א גרויסער למדן און מתמיד, אָפּגעגעבן זיינע טעג און נעכט אין לערנען. אין די מיטעלע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעגעבן צו למודי־קבלה און סודות המסתורין; האָט אָנגעהויבן זיך פּייניקן, פאַסטן תעניתים, כדי אויסאיידלען זיין קערפּער, צו דערגרייכן, דורך יסורים, די טיפענישן פון דער קבלה. ער האָט פאַרמאָגט א זייער צאַרטע נשמה און האָט באַזונדערס ליב געהאַט די פּשוטע, האָרעפּאַשנע אידן, „עמך", פלעגט זיך מיט זיי טיילן זיין ביסן און זיך דערווייטערן פון די „בכבודיקע אידן", פּרנסים, גבירים און בעלי־בתים.

עטלעכע יאָר האָט ער צופעליק געוואוינט אין מיינע עלטערנס־הויז און איך האָב געקענט נאָכשפּירן זיינע פאַרבאָרגענע וועגן און בין געווען פאַרוואונדערט צו זען די צניעות און פּשטות, ווי איינער פון די פאַרבאָרגענע ל"ו, וועלכער האָט זיך אַליין אָפּגעטיילט פון דרך־הרבים, און געשוועבט אין דער מיסטעריעזער וועלט פון קבלה.

ער פלעגט אויפשטיין ביי האַלבער נאַכט, נאָך אַ קורץ־שעהדיקן דרימל און זיך שטילערהייט אַרויסרוקן דורכן פענצטער, כדי ניט אויפצוהייבן קיין שאָרך און באַאומרואיקן אַנדערע שלאָפנדיקע, און לויפן, אויך אין די שווערע פראָסטיקע נעכט, צום נאָענטן טייך סלוטש און דאָרטן זיך טובלען און לויפן באַלד לערנען אין נאָענטן קצבישן שולכל א גאַנצע נאַכט ביז אַ האַלבן טאָג. דעמאָלט פלעגט ער עפּעס איבערכאַפּן און אַ ביסל איינדרימלען אין זיין צימער און זיך אומקערן ווייטער לערנען ביז טיף אין דער נאַכט. וואָס פאַר־אַ רואיקע פרישקייט, אינערלעכע פרייד איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים, שטאַרקן קערפּער און שיינעם אויסזען, און מיט וועלכער תמימות און גרייטקייט פלעגט ער אָפּט קומען אין פאַרבינדונג מיטן פשוטן איד, וועלכער פלעגט פרעגן ביי אים אַן עצה און ער פלעגט דאַן פאַרלאָזן זיינע לימודים, זיצן מיט אים, שמועסן וועגן זיינע פשוטע הצטרכותן און אים לערנען וואָס צו טאָן.

אין א צייט אַרום האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן צו די האָרעפּאַשניקעס, טרעגער און וואַסער־פירערס, וועלכע האָבן אים געמאַכט פאַר זייער רב און ער פלעגט שעהנווייז פאַרלאָזן זיינע לימודים, וואָס זענען ביי אים געווען טייערער פון אַלץ, און זיצן מיט זיי און לערנען, מיט א וואונדערלעכער פשטות, די וואָכיקע פרשה און „חוק לישראל" — אין דער צייט פלעגט ער אויך קומען אין אַ ענגער פאַרבינדונג מיט גרויסע רבנים און האַנדלען מיט זיי אין טיפע סוגיות, אָדער זיין פאַרטיפט אין די שווערע קבלה־מסתורין. און „עמך" האָט אים ליב געהאַט און באַשיצט פון אלע זיינע שונאים, וועלכע האָבן אים, פון דאן, אינגאנצן מבטל געמאַכט און אָנגעטאָן בזיונות. ער האָט זיך אָבער ניט געשראָקן פאַר אַלע דראָאונגען אויף אים און האָט ניט אויפגעהערט זיך צו פאַרנעמען מיט זיי און אָנטייל נעמען אין זייערע ליידן און אויך שמחות. ער איז געווען א גרויסע פערזענלעכקייט מיט אַ טיפער פאָלקס־נשמה פון א גרויסן צדיק־הדור און האָט באַשיינט זיין אַרומיקע סביבה.

## דוד טשעסקים — דער בעל־תשובה

דער עלטערער זון פון דער אײדעלער משפחה טשעסקים, וואָס האָט זיינע פריע קינדהייט־און־יוגנט־יאָרן פאַרבראַכט אין לערנען אין חסידישן בית־המדרש. ווען ס'זיינען געקומען די שטורעמדיקע השכלה־יאָרן, האָט ער אָנגעהויבן אויך אַרייַנצוקוקן אין די טריף־פסול'ן, השכלה־ביכער און איז געוואָרן אַ שטיקל אפּיקורס. א כופר רחמנא ליצלן, טראָץ

דעם וואָס ער האָט זיך ניט באַהעפט, חס־וחלילה, מיט די משכילישע קרייזן און אויך ניט מיט זיינע סאָציאַליסטישע ברידער. אָבער אין א צייט אַרום איז ער אַנטוישט געוואָרן און געוואָרן אַ בעל־תשובה. ער האָט זיך דאַן אַרויסגעצויגן פון אַלע גשמיותדיקע זאַכן, פאַרלאָזט די פאמיליע, פרוי און קליינע קינדער, און אָנגעהויבן זיך פייניקן מיט לאַנגע וועכנטלעכע תעניתים. ער פלעגט זיך אויך וואַרפן אויף דער שוועל פון בית־המדרש און פאָדערן פון די דורכגייער — יראַי שמים, זיי זאָלן אים פייניקן מיט מלקות בית־הדין, כדי צו דערלייטערן זיין זינדיקע נשמה. ער איז פשוט משוגע געוואָרן. קליינע קינדער פלעגן אים נאָכלויפן און לאַכן פון אים מיט גרויס חוצפה. ווען ער האָט זיך באַרואיקט, פלעגט ער שמועסן געלאַסן מיט אַנדערע, מיט אַ קלאָרן פאַרשטאַנד, אין דברי־תורה, גאָר ניט ווי אַ משוגענער. ער פלעגט זיך אויפהאלטן אין בית־המדרש.

איך געדענק נאָך דאָס בילד, וואָס האָט מיך דערציטערט. גייענדיק ביי דעם בית־המדרש האָב איך געהערט האַרצרייסנדיקע געשרייען און צוגייענדיק נעענטער, האָב איך אים דערזעען ליגן ביי דער שוועל פון בית־המדרש, די קליידער צעריסן, זיין אויסזען און די אויגן פול מיט העלישן צאָרן. ער צאַפּלט אינגאַנצן דורך טיפע יסורים און בעט זיך, אַז מ׳זאָל אים העלפן זיך רעטן פון זיין אינערלעכער טומאה און זיך דערהויבן פון איר. אַרום האָט זיך צונויפגעקליבן אַ מענגע מענטשן, באַזונדערס רעש׳ן זיך די קינדער אַרום — און ער זעט, דוכט זיך, פאַר זיך קיינעם ניט. זיין תפילה איז געווען אַן אמתע, אינערלעך־ריינע, זיין נשמה איז אויסגעגאַנגען אין בענקעניש, זוכנדיק אַ ריינערן אינהאַלט אין לעבן.

אין זיינע לעצטע יאָרן איז ער מיט זיין פאַמיליע אַריבער קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין דער אַלטער שטאָט ירושלים און פאַרבראַכט זיינע לעצטע יאָרן ביי דעם כותל המערבי מיט פאַסטן און תפילות.

***

אין די 80־ער יאָרן, אין דעם אַזוי־גערופענעם „שטורעם־און־דראַנג־פעריאָד" נאָך דער אויפוואַכונג פון דער אידישער אינטעליגענץ, פון די ערשטע צאַרישע פאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד, זענען אַרויס פון זוויהיל צוויי וויכטיקע פערזאָנען, וועלכע האָבן נאָך א שווערן קאַמף אין די בתי־מדרשים, וואו זיי האָבן געלערנט, מיט די ארומיקע חסידים, זיך אַרויס־געריסן פון שטאָט און זייער הויפט ווירקונג איז געווען בעיקר אויסער אירע גרענעצן: א. לודוויפול און שמואל אבא פען.

**א. לודוויפול**

געבוירן אין חשון תרכ״ו (1866) אין זוויהיל ביי זיין פאַטער ר׳ דוד דוב און האָט געשטאַמט פון א גרויס מיוחסדיקער פאַמיליע. ער איז דערצויגן געוואָרן, ווי אַלע דעמאָלט, אין חדר און נאָכער אין טאַלנער שולכל וואו זיין פאָטער איז געווען איינער פון די באַוואוסטע חסידים. אין עלטער פון 16 יאָר איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער השכלה־באַוועגונג. ווען די ארומיקע האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָט מען אים אָנגעהויבן רודפ׳ן און אַרויסגעטריבן פון בית־המדרש. נאָך זיין באַפרייאונג פון מיליטער־דינסט, איז ער אפגעפאָרן קיין אָדעס און האָט דאָרט אָנגעהויבן זיין זשורנאליסטישע ארבעט אין רוסיש־אידישן זשורנאל „וואסכאד" און אויך אין דער טעגלעכער צייטונג, „אָדעסקי ליסטאק".

ס׳איז דאַן געווען די תקופה פון „ביל״ו" — פרילינג־צייט פון „חיבת־ציון"־אידייע. און ער האָט זיך איר געווידמעט מיט גרויס התלהבות און ער איז נאָך אין תר״ן (1890) אָפּ־

געפּאָרן קיין ארץ־ישראל, נאָר ניט געקענט, צוליב דעם טערקישן רעזשים פון רויטן־צעטל — אַריין אין לאַנד. איז ער געבליבן אין דער פּאָרט־שטאָט אַלעקסאַנדריע פון מצרים, וואו ער האָט געאַרבעט זעקס חדשים אַלס פּשוטער פּאָרט־ארבעטער און געזוכט וועגן ווי אַזוי אריין אין לאנד. ווען דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן איז ער אָפּגעפאָרן קיין פּאַריז. דאָרטן האָט ער אָנגעהויבן לערנען אין דער אוניווערזיטעט „סאַרוואָנע" און זיך באַקענט מיט די אָנגעזעענסטע אינטעלעקטועלע קרייזן. ער האָט דאַן אָנגעהויבן שרייבן אין דער אַלגעמיינער פּרעסע „טאַן", „פיגאַראָ", און האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל „ל'איקו זיאוניסט". איינצייטיק האָט ער אויך געשריבן אין די העברעאישע צייטונגען: „הצפירה", „המליץ", „הדור", „השלח". אָנהויב תרנ"ז (1897) האָט זיך אים איינגעגעבן צו באזוכן ארץ־ישראל און פון דאָרט גלייך אָפּגעפאָרן צום ערשטן ציוניס־טישן קאָנגרעס אין באַזל.

אין דער צייט פון דרייפוס־פּראָצעס האָט ער גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיידיקונג פון דרייפוס און געשלאָסן אַ גוטע באַקאַנטשאַפט מיט די קעמפער פאַר זיין באַפרייאונג: עמיל זאָלאַ, הענרי פּיקארד, קלעמאנסאָ, יוסף ריינאַק און באַזונדערס מיט ד"ר הערצל, מאַקס נאָרדוי און בערנאַרד לאַזאַר. ער האָט אויך געשריבן אין דער גרויס־רוסישער פּרעסע. באַזונדערס האָבן געמאַכט אַן איינדרוק זיינע ארטיקלען אין דער גרויס־ליבעראַלער צייטונג אין מאָסקווע „רוסקאָיע וועדעמאָסטי". ער האָט אויך פאַרעפנטלעכט אין די לוחות „אחיאסף" אינטערעסאַנטע מאָנאָגראַפיעס וועגן: בערנאַרד לאַזאַר, נאָרדוי און אין רוסיש, וועגן הערצל און נאָרדוי.

נאָכן ערשטן קאָנגרעס האָט ער ווייטער אָנטייל גענומען אין אַלע ציוניסטישע קאָנג־רעסן ביז תרס"ח (1908), ווען ער האָט זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין ארץ־ישראל.

זיין הויפּט־ארבעט איז געווען ווען ער האָט געגרינדעט אין תרס"ג (1903) די טעגלעכע צייטונג „הצופה" אין וואַרשע, וועלכע האָט דאַן קאָנצענטרירט אַלע יונגע זשורנאַליסטישע קרעפטן און איז דאַן געווען אַ מוסטערהאַפטע מאָדערנע, רייכע ליטעראַרישע צייטונג.

אין ארץ־ישראל האָט ער אָנטייל גענומען אין אַ סך געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן און אַרטיקער פּרעסע און אויך אין דער צוגרייטונג פון די וואַלן צו דער ערשטער אספת־הנבחרים. דער פּאָגראָם־אויסברוך אין יפו אין 1921 האָט אים אויפגעטרייסלט און ער האָט זיך ניט געקענט שטאַרקן איבער זיין פאַרביטערונג, און איז געשטאָרבן אויפן דריטן טאָג פון פּאָג־ראָם, כ"ה ניסן, תרפ"א, אין תל־אביב.

## שמואל אבא סען.

אין איינע יאָרן כמעט מיט לודוויפּול, וועלכער האָט מיט אים איג־איינעם געלערנט אין טאַלנער קלויז. ווען מ'האָט אים געכאַפּט מיט זיינע טריף־פּסול'ען, האָט מען אים פון דאָרט מיט בזיונות פאַרטריבן. ער איז אַוועק קיין זשיטאָמיר, וועלנדיק אַריין אין רבנים־סעמינאַר. נאָר ס'האָט זיך אים דאָס ניט איינגעגעבן און ער איז אָפּגע־פאָרן קיין אָדעס. דאָרטן האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַלס טיכטיקער זשורנאַליסט אין דער אלגעמיינער טעגלעכער פּרעסע און גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין דער אידישער געזעל־שאַפטלעכקייט און איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס קאַזיאָנער ראַבינער. אָבער דער אָרטי־קער גובערנאַטאָר האָט אים ניט געוואָלט, אַלס פּאָליטיש־פאַרדעכטיקער, באַשטעטיקן. אויך

דער קיעווער גובערנאַטאָר האָט אים ניט געוואָלט דערנאָך באַשטעטיקן, צוליב די דער־מאָנטע טעמים, אַלס רב אין בערדיטשעוו.

ס׳האָט זיך אים דערנאָך איינגעגעבן, אין עלטער פון 40 יאָר, צו באַקומען אַן אַטעס־טאַט פון אַ יוריסט און זיך אינגיכן באַזונדער אויסגעצייכנט. ער האָט גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע פּראָצעסן, צווישן זיי אויך אין די יוריסדישע באַראַטונגען בעת דעם ביילים־פּראָצעס. ער האָט איינצייטיק פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין „השלח״, „הצפירה״ און „לוחות אחיאסף״, ווי אויך אין דער גרויס־רוסישער פּרעסע.

נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער אַ סך געאַרבעט אין דער „יעקאפא״ פאַר די פּליטים און איז אויסגעוויילט געוואָרן אַלס וויצע־פּאַרזיצער אין דער אָדעסער קהילה און אַלס דעלעגאַט אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין אוקראַינע. ער איז אָבער באַלד אַרעסטירט געוואָרן דורך דער יעווסעקציע. ווען די ראַטן־מאַכט האָט צייטווייליק פאַר־לאָזט אָדעס האָט זיך אים איינגעגעבן צו פאַרלאָזן רוסלאַנד און קומען קיין ארץ־ישראל. דאָ האָט ער ווייטער פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און אָנ־טייל גענומען אין טעגלעכן „הארץ״, „הפּועל־הצעיר״, „קונטרס״. ער איז געשטאָרבן אין כ״ז סיון תרפ״ג (1923), אין תל־אביב.

## ש. צ. זעצער

ער איז געבוירן אין 1876. זיינע יוגנט־זכרונות פון דער פּייערבערג־תקופה האָט ער באַצייכנט אין זיינע פייערבערג־זכרונות, וואָס זענען דערשינען אין בוך פאָרם. ער האָט פאַרלאָזט זווהיל באַלד נאָך פייערבערגס טויט און איז אַריבער קיין זשי־טאָמיר. אין 1901 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין פּרישמאַנס „הדור״ זיין ערשטן אַרטיקל „קולטורה עברית — קולטורה לאומית״, וואו ער האָט זיך מתווכח געווען מיט ש. בערנ־פעלד. אין דעם נומער איז אויך געווען דער אָנהויב פון זיינע אַרטיקלען „אנשים וסופרים״, וועגן מאַקס שטירנער און פרידריך ניטשע. ער האָט דאַן אויך גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין טעגלעכן „הצפירה״ און אין זיינע ליטעראַרישע אויסגאַבן.

אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער אַריבער צו די אידישע צייטונגען „פריינד״, „היינט״, „טעלעגראַף״ — וואו ער האָט געשריבן אונטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען. אין 1912 איז ער אוועק קיין אַמעריקע און אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ מאָנאַטלעכן זשורנאַל „התחיה״, וואָס האָט צוליב דעמאָלטדיקן דאָרטיקן מצב ניט געקענט לאַנג זיך האַלטן. ער האָט אָנגע־הויבן פון 1922 אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „דאָס וואָרט״, פריער אַלס וועכנטלעכע און נאָכער אַלס מאָנאַטלעכע אויסגאַבע.

זיינע הויפּטווערק, צווישן זיי גאַנץ מאָנומענטאַלע, אין עטלעכע בענדער יעדעס בוך, איז: 1) די אַלגעמיינע פּרינציפּן און כללים בנוגע דיני־ממונות ודיני־נפשות; 2) מידת־הרחמים, נאָך די מקורות פון תלמוד, מדרשים, רמב״ם און זוהר; 3) די וויכטיקע פיגורן און מאָמענטן אין דער אידישער געשיכטע — אין 4 בענדער; 4) די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום — אין 6 בענדער; 5) פיגורן, קריטישע אַרטיקלען וועגן ביאַליק, ברענער, ליעסין, בריינין, מאָריס ראָזנפעלד, נאַרדוי, פּראָפ׳ קאָהלער, זאַנגוויל און י. א. הורוויץ; 6) מעשיות פון ר׳ נחמן בראַסלאַווער; 7) ר׳ יהודה הלוי; 8) ר׳ אברהם אבן־עזרא. ער האָט אויך איבערגעזעצט אין אידיש פּרקים פון זוהר, מדרשים, משנה תורה, שכר ועונש

און י״ג עקרים פון רמב״ם. אַ באַזונדערע אָפּשאַצונג וועגן זיין חשובער שאַפונג — אין באַזונדערע אַרטיקלען אין בוך.

ווען ער איז געווען אין זשיטאָמיר האָט ער זיך אויך אָפּגעגעבן מיט ציוניסטישער אָר־גאַניזאַציע־אַרבעט, און בשעת די וואַלן צו דער צווייטער רוסישער דומע, וואו ס׳האָט זיך געפירט א שווערער קאַמף פאַרן ציוניסטישן קנדידאט אין וואָלין, ה׳ זשאבאָטינסקי, האָט ער באזוכט אונזער שטאָט און געפירט א שטארקע אגיטאציע פאַרן ציוניסטישן בלאָק.

זיין פאַרצווייגטע ליטעראַרישע טעטיקייט האָט זיך באַזונדערס געשטארקט די לעצטע יאָרן און אין זיינע לעצטע בריוו צו אונז שרייבט ער: „אזוי ווי אויף צר־להכעיס האָט זיך אין מיר אויף די עלטערע יאָרן געעפנט נייע שטארקע קוואַלן. אלע טאָג פאָרמירן זיך אויס אין מיין מוח נייע געדאַנקען, וועלכע איך בין ניט מספיק זיי אָנצושרייבן און ס׳שטאַרקט זיך אין מיר די לוסט צו לערנען מער און פאָרשן. אָבער איך קען דאָס ניט טאָן און זיי דער־פילן שטענדיק מיינע געדאַנקען — ביז ס׳גיט זיך מיר איין זיך אָנזעטן מיט זיי. פעלט מיר איצטער, דערום, קיין דאגות — אָבער זיי זענען פאַר מיר „יסורים של אהבה״, וואָס איך גלוסט און בענק נאָך זיי״.

די לעצטע צייט חלומט ער וועגן קומען קיין ישראל. הלוואי זאָל זיך דאָס אים איינגעבן.



## ב. אברהם טשעסקעס

איינער פון די אויסגעצייכנטע אין פייערבערג קרייז. ווען ער האָט פאַר־לאָזט די שטאָט נאָך פייערבערגס טויט און געקומען קיין אָדעס, איז ער געווען פון די שטענדיקע באַזוכער אין אחד־העמ׳ס הויז, וועלכער האָט אים געשעצט און דערוואַרט פיל פון אים. ער האָט אים אויך געשטיצט מאַטעריעל עטלעכע יאָר אויך ווען ער איז אַריבער קיין פאַריז און געלערנט אין דער „סאָרוואָנע״. ער האָט געניגט נאָך פון זיין פריער יוגנט אָן צו מאַרקסיזם און געפּרווט באַזירן אויף די יסודות פון מאַרקסיזם די אַנט־וויקלונג פון דער נײַ־העברעאישער ליטעראטור (אין זיין ארטיקל „ספרותנו״ אין פריש־מאַנס „הדור״ — 1902).

געווען פריער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג און אָנטייל גענומען אין דער באַוואוסטער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין מינסק. זייענדיק אין פּאריז איז ער אריבער צום „בונד״. אויף דער זעקסטער קאָנפערענץ פון „בונד״ (אָקטאָבער 1905, אין ציריך), איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אין בונדישן צ.ק. און האָט אויך אָנטייל גענומען אין דער אַל־רוסישער קאָנפערענץ פון די ס. ד. אין טאַנאַרקאַקס־פינלאַנד. ווען ער איז געקומען קיין רוסלאַנד איז ער באַלד אַרעסטירט און געהאַלטן געוואָרן אין דווינסקער טורמע. ווען ער האָט זיך באפרייט האָט ער אקטיוו געארבעט אין ווארשע אַלס מיטגליד פון בונדישן ראַיאָן־קאָמיטעט. האָט אָרגאַניזירט די וואַלן און אויך אָנטייל גענומען אין דער רוסישער ס.ד. קאָנפערענץ אין לאָנדאָן. נאָך דער קאָנפערענץ האָט ער זיך באַזעצט אין פּאַריז, וואו ער האָט געשריבן א ריי ארטיקלען אין סאָציאליסטישן וויסנשאפטלעכן זשורנאל „ריביו סאָציאַליסטי״. האָט פארעכנטלעכט א בוך אין פראנצויזיש אויף פ. לאווראו. האָט אויך אָרגאניזירט מיט נאָך חשוב׳ע סאָציאליסטישע טוער די ליגע צו „באַשיצן אידן״, האָט רע־דאַגירט דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „עמאנסיפאציע זשואיס״.

אין אָנהויב פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוס־לאַנד און אָנטייל גענומען אין פיל אָרגאַניזאַציאָנעלע ארבעט, געווען רעדאַקטאָר פון „פאָלקס־צייטונג״ אין ווילנע. ביי דעם דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע איז ער ווידער אַוועק קיין פּאַריז און זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד אין אָנהויב פון דער צווייטער רעוואָלוציע (1917) און דאן באַזוכט זיין אלטן פאָטער ר׳ אהרן, זיך באטייליקט אין עטלעכע פאַרזאַמ־לונגען פון „בונד״. ער האָט זיך דאַן באזעצט אין קיעוו. אין אָנהויב פון דער סאָוועטישער איבערקערעניש איז ער אריין אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און האָט זיך, פונדעסטוועגן, אָפּגעהיט פון צו נעמען אַ אָנטייל אין די יעווסעקישע מעשים. ער איז נאַכער אריבער קיין מאָסקווע אלס דאָצענט אין מאָסקווער אוניווערסיטעט. געווען אויך פון די רעדאַק־טאָרן פון „עמעס״ און „קראַסנאַיאַ נאָוו״ אין רוסיש. האָט פאַרעפנטלעכט א פילאָסאָפישע עסיי וועגן לודוויג פייערבוך.

ער איז, ווי מ׳גיט איבער, אומגעקומען דורך אַן עקסידענץ פון אן אויטאָמאָביל.

### ג. יעקב יוסף וואָל

פון די ערשטע העברעאישע לערער, וועלכע האָבן געגרינדעט ביי אונז דעם ערשטן העברעאישן בית־הספר המתוקן. ער איז געבוירן אין טריסק און האָט זיך דערצויגן נאָענט צום טריסקער רבינ׳ס הויף. איז זיינע יונגע יאָרן האָט ער געלערנט שפּראכן און פיל געררייזט איבער רוסלאַנד. אין באַקו האָט ער געענדיקט אַ מיטל־שול און אָנגעהויבן לערנען אין אוניווערזיטעט. נאָך זיין חתונה קיין זוועהיל האָט ער זיך באַהעפט מיט פייערבערג קרייז און איז נאָך פייערבערגס טויט געבליבן אין שטאָט אַלס לערער, האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין א סך קולטורעלע ארבעטן. נאָך די פּאָגראָמען אין 1919 איז ער אריבער קיין אמעריקע און האָט זיך דאָרט פארנומען מיט פעדאַגאָגישער אַרבעט אין פארשיידענע שולן אין באָסטאָן און ניו־יאָרק, צווישן זיי אויך דער לערער סעמינאר אין ניו־יאָרק.

זיין ליטערארישע ארבעט האָט ער אָנגעהויבן אין „המליץ״, „הצפירה״, „לוח אחיאסף״, „הצופה״, „הזמן״ און „העולם״ אין ווילנע. און אין אמעריקע אין „הדואר״, יאָרבוך פאַר אַמעריקאַנער אידן, „מסד״, „שבילי־החינוך״ און אויך אין דער „צוקונפט״, אונטער פאַר־שיידענע פסעוודאָנימען.

ער איז געשטאָרבן אין י׳ ניסן תש״ד (1954) אין מיטן זיין אַרבעט ארויסצוגעבן זיינע שריפטן, וועלכע זענען דערשינען נאָך זיין טויט אונטערן נאָמען „שתי רשויות״. וועגן זיין ליטעראַרישער אַרבעט — אין ארטיקל פון ש. האַלקין.



## ד. עזרא בראַכמאַן

פון די וויכטיקע חברים אין פייערבערגס קרייז. ער איז געבוירן אין דאָרף האָראָבישצע און זיך דערצויגן ביי זיין זיידן אין זוויהיל. אין די עלטערע יאָרן איז ער אוועק קיין אָדעס, געלערנט אין דער אָרטיקער אוניווערזיטעט און נאָכער אין פאַריזער „סארוואנע״.

אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע איז ער געווען אין „בונד״ און איז עטלעכע מאָל אַרעסטירט געוואָרן און פארבראַכט עטלעכע יאָר אין שליסלבורגער פעסטונג.

אין די יאָרן פון רעאַקציע־טריאומף האָט ער זיך אַנטוישט און פאַרלאָזן דעם „בונד״, געוואָרן אומפאַרטייאיש, נאָר זיך אָפּגעגעבן צו וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע פאָלקס־ארבעטן, באַזונדערס אויפן עקאָנאָמישן געביט.

אין דער ערשטער צייט פון דער ראטן־רעוואָלוציע, אין דער שווערער בירגער־קריג, האָט ער דערפילט א וויכטיקע אויפגאבע אלס פאַרוואַלטער פון שפייז־דערנערונגס־אָפּטייי־לונג אין מאָסקווע און איר נאָענטסטע סביבה, טראָץ דעם וואָס די הויפּט־רעגירונגסלייט האָבן גוט געוואוסט, אַז ער געהערט ניט צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

ער איז געשטאָרבן אין 1928 אין מאָסקווע. וועגן אים אויספירלעכער — אין ש. ראָזנ־פעלדס ארטיקל.

## ה. ברוך (בוזיע) משעסקים.

אַ באַוואוסטער מיטגליד פון ס״רישן צענטראַל־קאָמיטעט, האָט אינאיינעם מיט זיין חבר נוסיע קאַפּלאַן אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט די ס״רישע קרייזן ביי אונז. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רייכן גייסט, פילזייטיקער בילדונג, און האָט יעדן באַצויבערט מיט זיין ברויזנדיקער נאַטור. קאַמפּס־לוסט און פאָלקסטימלעכער האַנדלונג און פריינט־שאַפט מיט די ארבעטס־שיכטן.



ברוך (בוזיע) טשעסקיס

זיין הויפּט־ארבעט איז דעמאָלט געווען אין קיעוו און נאָכער אין קאַווקאַז. אין 1908 איז ער ארעסטירט געוואָרן אין באַקו אַלס פאָרזיצער אין קאַווקאַזער געגנט־קאָמיטעט פון די ס״רן, געזעסן דאָרן אין טורמע מיט יוסף סטאַלין און נאָכער פאַרשיקט געוואָרן אויף אייביקער קאַטאָרגע קיין סיביר. ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך און געדינט, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַלס אָפיצער אין דער פראַנצויזישער אַרמיי.

נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער רוסישער רעוואָלוציע, איז ער געקומען, אין קערענסקיס צייט, קיין רוסלאַנד, און זיך ווידער אָפּגעגעבן מיט זיין נאַטירלעכער התלהבות צו דער רעוואָלוציאָנערער ארבעט. ער האָט ווידער באַזוכט אונזער שטאָט. באלד נאָך זיין צוריקקער האָט אויסגעבראָכן דער באָלשעוויסטישער אויפשטאַנד און ער האָט ווידער, אַלס פאַרדעכטיקטער צענטראַל־אַקטיווער טוער פון די ס״רן, געמוזט פארשווינדן ווערן אין דער מחתרת (אונטערגרונט) און געוואַנדערט פון אָרט־צו־אָרט. ער איז אָבער באַלד ארעסטירט און פארהאַלטן געוואָרן אין דער באַוואוסטער פעסטונג „באטירקע". אין 1927 האָט אים באַזוכט זיין ברודער יוסף טשעסקיס, ביי זיין באַזוך אין רוסלאַנד, און ער איז שוין געווען זייער דערשלאָגן, געליטן פיזיש נאָך זיינע פיל אויספארשונגס־פּלאָגן און האָט זיך מיט זיין פולן יאוש אויסגעדריקט, אַז די אזוי־גערופענע „סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע" איז נאָר א בלוטיקער פאַרס צו די אַלע קאַמפן און חלומות פון די פריערדיקע רעוואָלוציאָנערע דורות, קעמפער און טרוימער אין רוסלאַנד.

ער איז באַלד דורך דער ראַטנמאַכט ליקווידירט געוואָרן, ווי פיל אנדערע צענטראַלע ס״רן אין דער בלוטיקער גרויסער ליקווידאַציע.

## ו. אייזיק אַרבעטסמאַן

איינער פון די פאָלקסטימלעכע אידן, טיף איינגעוואָרצלטע אין דער אלטער און אויך נייער העברעאישער און אידישער ליטעראַטור. באגאַבט מיט א קלאָרן גערדאַנק און שארפן הומאָר און געווען איבערגעגעבן בלב ונפש צום ארבעטנדיקן ציוניזם.

ער האָט געהאַט אקליינע ווערקשטאַט פון פאַפּיר־פּראָדוקציע און האָט אַליין שווער

געאַרבעט, אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער געווען שטאַרק איבערגעגעבן צו זיין פאָלקס־אַרבעט, באַזונדערס אויפן קולטורעלן געביט. האָט געגרינדעט אינאיינעם מיט ה״ה וואָל און יוסף גילבערג דעם בית־הספר המתוקן און געפירט א שארפן קאַמף מיט די אָרטאָדאָקסישע קרייזן וועגן די דערציאונגס־מעטאָדן אין דער תלמוד־תורה. ס׳איז ניט געווען קיין איין ציוניסטישע פאָלקס־אַרבעט צו וועלכער ער זאָל זיך ניט איבערגעבן.

ער האָט אויך געהאַט א גרויסע השפעה, מיט זיין ברייטן שוואונג און ענטוזיאַזם אויף אונזער אינטימען „צעירי־ציון״ קרייז. נאָך איצט געדענק איך זיין הערלעך אויסזען מיט זיין ברייטן שטערן פון א תלמיד־חכם, שווארצע צאַפּלדיקע אויגן און שווארצער באָרד — ווען ער פלעגט זיך גלייך מיט אונז, גאָר יונגע אין יענער צייט, וואַרפן אויף די אַמאָליקע אַרבעטער־בירזשעס און פירן מיט א שארפן הומאָר און קלאָרן זינען די הייסע דיסקוסיעס, וועלכע האָבן זיך קיינמאָל ניט געענדיקט, און זיי אויך נאָכדעם פאַרזעצן מיט אונז ביי זיין ווערקשטאַט, וואו ער פלעגט אַרבעטן און אונז וועקן צו ווייטערער פאָלקס־אַרבעט.

נאָך די פּאָגראָם־טעג אין 1919 האָט ער פאַרלאָזט די שטאָט און אריבער קיין אמעריקע. וועגן זיין טעטיקייט איז דאָ באַזונדער אין זאַמלבוך.

## ד״ר מאָרגנאָוועץ

איז געווען אן איבערגעגעבענער פאָלקס־מענטש און טרייער אידעאַליסט. אלס א באַרימטער דאָקטאָר האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גוט האַרץ און מסירת־נפש צו אלע פאָלקס־שיכטן. באַזונדערס צו די אָרימסטע קרייזן, וועלכע ער האָט אומזיסט געהיילט, געווען מיט זיי טאָג און נאַכט און פלעגט אָפטמאָל אויך איבערלאָזן אונטער דער קישן אביסל מזומן־געלט אויף צו קויפן א רפואה און שפייז. ער פלעגט אויך אָפט זאָרגן פאַר זייער באַשעפטיקונג נאָך זייער געזונט ווערן. אַלע האָבן אים ליב געהאַט, זיך אים פאַרטרויט, ניט־קוקנדיק וואָס ער פלעגט זיי אָפט פאָטערלעך שטראָפן און מיט א געמאכטן כעס פאָדערן פון זיי מער אונטערנעמונגס־גייסט.

ער איז געווען אַלע פריערדיקע יאָרן א ציוניסט, פון דער „פאָלקס דעמאָקראַטישער פראַקציע״, גענומען אן אַנטייל אין פארשיידענע ראַיאָנע קאָנפערענצן און אויך אין מינסקער צוזאַמענפאָר. נאָר אין די ערשטע רעוואָלוציאָנערע יאָרן האָט ער זיך באהעפט, צייטווייליק, צום „בונד״, געליטן, און אויך געשלאָגן געוואָרן דורך דער פּאָליציי. אין דער צייט פון דער רעאַקציע הט ער פאַרלאָזן דעם „בונד״ און איז געבליבן אן אומפּאַרטייאישער, אָבער ווייטער געווען גרייט, ווי פריער, צו ברענגען זיין הילף צו אלע נויטבאַדערפטיקע.

אינאיינעם מיט אים האָט זיך אויך אויסגעצייכנט זיין שוועסטער אָלגע מיט איר שטורמישער נאַטור און רייכן גייסט. וועגן זיי זעה אין ש. ראָזנפעלדס ארטיקל.

## ד״ר קעניגסבערג

פון די באוואוסטע וויכטיקע דאָקטוירים אין שטאָט און ארומיקער סביבה. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע מידות טובות. אין די יוגנטלעכע יאָרן האָט ער פאַרלאָזט די ישיבה און האָט עקסטערניש אויסגעהאלטן די עקזאמענס און געלערנט אין אוניווערזיטעט. ער האָט אויך אין יענע יאָרן ניט אויפגעהערט צו לערנען תלמוד און פוסקים, און געדענקט פארשיידענע גירסאות און הלכות.

ביי זיינע באַזוכן אין די לומדישע הייזער פלעגט ער זיך מיט התלהבות באטייליקן אין הלכה׳ישע וויכוחים. באזונדערס אין עניני טריפות וטהרות, וועלכע זענען נאָענט צו דער מעדיצין.

אין יענער צייט האָט זיך געפירט אין דער רוסישער פרעסע דער וויכוח וועגן אסר׳ן די שחיטה און ס׳איז דערשינען דער באוואוסטער בוך פון פראָפ׳ כוואלסאָן, וואָס האָט דע־מאָלט געמאַכט אַ גרויסן רושם. ס׳איז אויך דערשינען דער ספר פון ד״ר י. ל. קאַצענעל־סאָן וועגן „טומאה וטהרה״ — געזונדהייטס וועזן אין דער תלמודישער הלכה. ד״ר קעניגס־בערג, אַלס דאָקטאָר, האָט זיך באצויגן ענטוזיאסטיש צו די ערקלערונגען פון ד״ר קאצענעל־סאָן וועגן די מעדיצינישע קענטענישן אין אַמאַליקער צייט, און פלעגט זיך אַפטמאָל אריינ־לאָזן אין זיינע באַזוכן אין טיפע וויכוחים וועגן דעם. ער האָט אויך אָפגהיט די רעליגעזע מנהגים און שבת.

ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שארפזיניקער, גיכער און טיפער תפיסה און אויך מיט זיינע מידות טובות. ניט גענומען אָפטמאָל קיין געלט ביי אָרימע פאַציענטן און אויך זיי איבערגעלאָזט טאַשן־געלט אויף זייער ווייטערער דערהאָלונג. ער איז געווען א זעלטענער פאָלקס־מענטש, טראָץ דעם וואָס ער האָט זיך ניט פארנומען מיט געזעלשאפטלעכע ענינים.



דער פערסאָנאַל פון אידישן אשפיטאַל „ביקור חולים״
פרסונל של בית החולים היהודי „ביקור חולים״ 1919—1917

## ד״ר אָסטראָווסקי

ד״ר אסטראווסקי איז געווען א טיכטיקער פאָלקס־מענטש. זייענדיק אַן אלגעמיינער סאציאל־דעמאָקראט האָט ער זיך אָפט באהעפט אין דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע מיט די בונדישע קרייזן, ביי פיל געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע ארבעטן. אין אָנהויב פון דער צווייטער רעוואָלוציע, אין דער תקופה פון קערענסקי, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פארזיצער פון דער דעמאָקראַטישער קהילה זייענדיק דער פאָרשטייער פון סאציאליסטישן בלאָק. ער איז אויך געווען אין דער צייט פון די פאָגראָמען אין 19—1918 זייער טעטיק אין

דעם אָרטיקן הילפס־קאָמיטעט פון דזשאוינט און געזאָרגט פארשטארקן די קאנסטרוקטיווע הילף. ער האָט זיך אָפגעגעבן באזונדערס אויפן מעדיצינישן געביט, זייענדיק פון די בעסטע אָרטיקע דאָקטוירים און פארוואלטער פון אידישן שפיטאָל „ביקור חולים", פאר וועלכן ער האָט געזאָרגט און געבראכט צו אַ הויכער מדרגה. אין דער צייט פון די שרעקלעכע פּאָגראָמען און טיפוס־עפּידעמיע אין די דערמאָנטע יאָרן האָט ער זיך געפּייניקט צו דערגרייכן רעטונגס־מיטלען. ער האָט אויך זייער געזאָרגט פאר די יתומים אין זוהה׳ל און נאָכער אין ראוונע ביז זייער אָפּפאָרן קיין ארץ־ישראל.

ער איז געווען א ריינע, טרייע פערזענלעכקייט און איז געווען געשעצט פאר זיינע גוטע מעשים, דורך פיל קרייזן.

## בעלי־צדקה און „מתן־בסתר"

אין צדקה־זאכן האָט זיך אויסגעצייכנט דער אלטער ר׳ פסח קוטמאן (פּייסי פּיני מרדכי־לעס), א טאָלנער חסיד. זיין הויז איז כסדר געווען אָפן פאר אלע נויטבאַדערפטיקע.

פיל לעגענדעס פלעגן ארומגיין וועגן זיינע גוטע מעשים און אויך וועגן זיין טויט, ווי ער איז געהרגעט געוואָרן אין די פּראָגראָמען אין 1919, אין דער צייט ווען די רויטע אַרמיי האָט פון דער אנדער־זייט סלוטש באַשאָסן און פאַרברענט די שטאָט. וועגן אים און זיינע מעשים שרייבט באַזונדער ש. צ. זעצער אין זאמלבוך.



ר׳ לייב ראָטנבערג

איינער פון די באַהאַלטענע בעלי־צדקות, וועלכער פלעגט נאָכזוכן די באַהאַל־טענע „יורדים" און זיי שיקן, וואָך נאָך וואָך, זיינע תרומות אויף זייערע הצטרכותן — איז געווען ר׳ לייב ראָטנבערג. ער האָט געהאלטן אויף ארענדע א וואַסער־מיל אין נאָענטן דאָרף אַלעקסאנדראָווקע און פלעגט אָפט קומען אין שטאָט, זיך נאָכפאָרשן וועגן דער לאגע פון די נויטבאַדערפטיקע נצרכים, אזוי־גערופענע „נסתרים", און פלעגט

זיי צושטעלן מעל און וועגענער האָלץ און אויך מזומן־געלט. זיין בעלי־בתּישע אינטעליגענטע הויז פלעגט זיין אָפן פאַר אַ סך נויטבאַדערפטיקע און יעדער וועלכער האָט געפונען א וועג צו זיין גוט האַרץ איז געווען זיכער מיט זיין שטענדיקער הילף. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גרויסן יושר און אמת׳ער באַהאַנדלונג אין אלע זיינע געשעפטן וואָס האָבן זיך געפירט אויף אַ גרויסן פאַרנעם און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זיין צניעות׳דיקן ארט לעבן.

דעם אַרט לעבן האָט ער אויך אריבערגעפירט מיט זיין קומען קיין אמעריקע, נאָך די פּאָגראָמען אין 1919, און זיך באזעצט מיט זיינע קינדער אין באָסטאָן — אויף זיינע עלטערע יאָרן, כאָטש ניט מיט דעם פארנעם און מעגלעכקייט ווי ער איז געווען א בעל־הבית ביי זיך אין דער היים.

## מרדכי־שמואל׳יק פון דער אונטערוועלט

פון די אלע וועלכע גייען איצט אויף אין מיינע געדאַנקען, שיינע אידן למדנים, בעלי־צדקה, ארנטלעכע סוחרים, אנשי־מעשה, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער יושר און אמת; בעלי־מלאכות און האָרעפּאַשנע פּראַצע־מענטשן, פון זיי פשוטע אידן, וואַסער־פירער, טרעגער, קצבים, פעל־ארבעטער און קליינע הענדלער, ביי וועלכע ס׳האָט פון זייער גשמיותדיקן אויסזען אַראָפּגעלויכטן לויטערע, ריינע אידישע נשמות, וואָס האָבן אָפט באַצויבערט יעדן — איז כדאי אויך דערמאָנען דעם אָנפירער פון אונזער אונטערוועלט, וואָס אויך אין זיינע מעשים האָט דאָך געלויכטן א אידישע נשמה.

ער איז דעמאָלט געווען אין די יונגע יאָרן, שטענדיק אויסגעפּוצט און געהאַלטן זיך מיט א חוצפּהדיקער גרויסקייט קעגן זיינע חברים, ווייל ער האָט תמיד געוואוסט אַ סך זאכן פון דער „נסתר־וועלט״ וואָס אנדערע האָבן זיי ניט באַגריפן און אָפּטמאָל פלעגן די מיוחס־דיקע אידן, אָנקומען צו אים. ער איז געווען דער אָנפירער פון דער מחנה „יגיעי־כפּיים״, ווי זיי האָבן זיך גערופן, און אלע פערד־און־קעשענע־גנבים פלעגן פאר אים ציטערן, און אים פאָלגן אין א שעת־צרה. ער פלעגט אויף זיי אכטונג געבן, אז זיי זאָלן, חלילה, ניט געשטרויכלט ווערן מיט א גניבה ביי „עמך״, בעלי־מלאכהס און גלאט אביונים. און ווען ס׳האָט זיך אזעלכעס געטראָפן, פלעגט מען זיך ווענדן צו אים און ער האָט שוין געוואוסט ווי אזוי אַרויסצובאקומען די גניבה און זי אומקערן. ער פלעגט דערביי אויך ארויפלייגן אויף די גנבים א באזונדערע שטראָף, אז זיי זאָלן דעם פאַל גוט געדענקען און ניט איבערחזרן אזא זאך.

ער פלעגט אויך קומען אָפט אין דער ישיבה, ווען זי איז נאָך געווען אין דער נידער, שעפּן נחת פון די לערנערס און זייערע גמרא־ניגונים און אויך שטיצן זיי אַלע וואָך מיט געוויסע סומעס געלט. ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט די „מתמידים״ און פלעגט זיי בצנעה העלפן. איידער ער פלעגט אַליין ארויסגיין צו זיין „יגיע־כפּיים״־אַרבעט — פלעגט ער קומען אין דער ישיבה אָפּדאַוונען. פאַרשיידענע קרייזן פלעגן זיך צו אים גוט באַציען. טראָץ דעם וואָס זיי האָבן אויך פאר אים מורא געהאַט, וויסנדיק זיין באשעפטיקונג.

איך געדענק נאָך ווען ער פלעגט דערשיינען אויף די גרויסע מאַרק־יאַרידים, מיט זיינע גאליפע הויזן און הויכע געפּוצטע שטיוול און באַזונדערן היטל מיטן גלאַנצנדיקן דאַשעק, מיט א נאהייקע אין האַנט, און אַכטונג געבן, פון דער ווייטנס, אויף דער אַרבעט

פון זיינע תלמידים צווישן די רווישנדיקע פויערים. און אָפטמאָל, ווען די פויערים פלעגן זיך גוט אָנטרינקען און אָנגעהויבן צווישן זיך שלאָגן, און די אידן אין מאַרק האָבן אָנגעהויבן ציטערן און גענומען פאַקן זייערע סחורות — פלעגט ער, מיט א באַזונדערן סימן צו־נויפזאַמלען זיין הבריה און זיי האָבן באַלד באַערשט די צעשלאָגענע פויערים און געשאַפן אָרדנונג און באַרואיקן דעם אַרומיקן עולם. אַזוי האָט ער ניט איינמאָל אָפּגעהיט דעם מאַרק פון פויערים־אָנפאַלן.

**מרדכי בונה (ביבער)**

# מיין פאטער ר׳ בונם זאב ז״ל

בן יכבד אב (מלאכי א׳ ד׳)

ער שטאמט פון א אלט פארצווייגטע משפחה פון רבנים, צדיקים, שרייבער און עסקנים. פון פאָטערס צד איז ער געווען פון דער פינפטען דור צום קצין ר׳ שמחה בר׳ אברהם יצחק ביבער פון אוסטרא, וואָס האָט אין דער צייט ווען די רוסישע מאַכט האָט פארווירט דרוקען דעם תלמוד און רמ״ל ספרים אויסגעגעבן זיינע צען טויזענט רענדלאך און געדרוקט די ספרים אויף זיין חשבון אין לעמבערג. אין די שער־בלעטער פון די ספרים איז געווען געדרוקט „נדפס בהשתדלות ר׳ שמחה בר׳ אברהם יצחק ביבער, אשר הזיל מכיסו למען... (מזכרת לגדולי אוסטראה לר׳ מנדיל ביבער). ער איז אויך געווען אַן אור־אייניקל פון צדיק ר׳ יהושע, וואָס האָט געשטאַמט פון ר׳ משה הורביץ.

אין דער קינדהייט איז ער דערצויגן געוואָרןביים זיידן, דער אוסטרער רב, ר׳ מאיר אליהו. אוסטרא איז געווען באַוואוסט מיט אירע גדולי התורה און תלמוד־מפרשים: רש״ל, מהרש״א און ט״ז. זייענדיק נאָענט צו דאמאָלטדיקע השכלה צענטרען: דובנא און קרעמענעץ, איז ער אויך מיטגעריסן געוואָרן און אַריינגעדרונגען אין השכלה־גייסט, און טראָץ דעם וואָס ער האָט געהערט צו די „כלי קודש״ האָט ער ניט אויסגעמיטן ארויס צווייזן זיין נייגונג צו דער „השכלה״. פון מיינע פריע קינדהייטס־יאָרן (אריבער פופציק יאָר) געדענק איך אז אין אונזער הויז זיינען געווען פיל השכלה־ביכער און צייטונגען, וועלכע זיינען דאַן ניט געווען אין פיל אָרטאָדאָקסישע קרייזן. זיין קלאָרער געדאַנק און פעסטער כאַראַקטער האָט ניט געלאָזט פארבאָרגן זיינע איבערצייגונגען און זיינע דרכים.

ער האָט שטענדיק געלערנט, ער האָט פיינט געהאַט ארומגיין בטל. ער איז אויך געווען פיל מיט לעבענס־לוסט, מיט א געזונטן הומאָר און האָט תמיד רעאגירט ביי יעדן צופאַל מיט א שיינעם וויץ. ער איז דעריבער געווען באַליבט אויפן ציבור און פיל האָבן געגאַרט זיין נאָענטקייט. אונזער הויז איז געווען שטענדיק פול מיט באַזוכער און געסט, וועלכע האָבן ליב געהאַט צו פאַרברענגען מיט אים ביי אַ גלאָז טיי. פיל האָבן אים אויך אויסגעקליבן פאַר א בורר (פארמיטלער) אין זייערע סכסוכים און האָבן זיך פאַרלאָזט אויף זיין פסק־דין, אויך ביי שווערע פראָבלעמאַטישע ענינים.

ער איז געווען א טריסקער חסיד און פלעגט מיט רעספעקט דערציילן מעשיות פון אַלטן טריסקער מגיד און פלעגט אָפט זאָגן, אַז נאָך אים קען ער זיך ניט צוקלייבן „זיין

יורש". ער האָט זיך אויך פיל פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים, פלעגט זאָרגן פאַר די באדערפעניש פון דער שטאָטישער תלמוד תורה. איך געדענק, אַז אין אונזער הויז איז אָפט געווען פול מיט קינדערשע מלבושים און שיך פאַר די קינדער פון דער תלמוד תורה. ער האָט אויך געזאָרגט פאַר זייער גוטער דערציאונג, און אָפט־מאָל געקראַגן צוליב דעם שונאים פון פארשיידענע פרומע קרייזן. באַזונדערס ווען ער האָט געשטיצט די באמיאונגען פון דער חברה „מפיצי השכלה", נאָכן באַזוך פון איר אינסטרוקטאר ד"ר ניסן טוראוו — אום צו פארבעסערן די דערציאונגס מעטאָדן. ס'האָט אים אויך ניט געשראָקן זייערע דראאונגען ווען ער האָט געשטיצט די משכילישע קרייזן, וועלכע האָבן אין דער שפּיץ פון י. י. וואל געגרינדעט א נייע תלמוד תורה מיט אַ מאָדערנעם דערציאונגס אינהאַלט.

אָפּגעבענדיק זיך צו די ענינים פון „עמך" האָט ער באזונדערס ליב געהאַט זיך חבר'ן מיט די פשוטע אידן, און זיך באַנוצט מיט זייערע ווערטלאַך. און פיל האָבן אים געערעכנט פאר אַ „זייערן" און ביי די וואַלן אין דער ערשטער „גאסאדארסטווענע דומא" האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין זוהיל געפירט מיט אים פאראַנדלונגען אויף אויסוויילן אים פאַר זייער א „וויבארשציק" קיין זשיטאָמיר.

אַגרויסע באַפרידיגונג פאַר זיינע אַרבעטן אין שטאָט האָט ער באַקומען ביי זיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל, ווען פיל מענשן, פון פארשיידענע קרייזן, האָבן אים באַגלייט אין זיין וועג.

ביי אַ זיבעציק יאָר איז ער געווען אַנקומענדיק קיין ארץ־ישראל און טראָץ זיין עלטער האָט ער באַלד געפונען זיין אָרט אַלס שוחט אין דער דאַמאָלסטדיקער נייגעגרינדעטער קאָלאָניע מגדיאל און איז באַלד באַוואוסט געוואָרן אין פארשיידענע קרייזן. ער איז געווען פון די אָפטע באַזוכער ביי הרב אהרנסון וועלכער האָט אים געשעצט. אין מגדיאל האָט ער קאָנצענטרירט אַרום זיך אַגרופּע באַזוכער אין בית המדרש פאַר וועלכע ער פלעגט אָפּט לערנען. ער האָט זיך אויך באַליבט אויף דער יוגנט אין דער קאָלאָניע, אין זיינע שמועסן פלעגט ער תמיד באַשיצן די יוגנט און באזונדערס די אַרבעטער קעגן זייערע אנגרייפער, באַרימענדיק די שיינקייט פון די חלוצישע מעשים. אָפּט־מאָל פלעגט ער אויך בארירט ווערן פון זייער גרינגע באנעמונג צו די רעליגיעזע מנהגים — אָבער ער פלעגט אײנצײטיק שטאַרק באַקעמפן די וועלכע האָבן געווייצט און געוואָלט פירן א מלחמת־קודש קעגן זיי און מיט זיין גוטן הומאָר, פלעגט ער, זיך באַמיען צו פארמיידן געזעלשאַפטלעכע ארויסטרעטונגען און שטרייטן אין דער קאָלאָניע. די אָרטיקע יוגנט האָט דאָס גוט געוואוסט און אים דערפאַר געשעצט.

זייענדיק אַלע מאָל פאַרנומען מיט שטענדיקער שווערער אַרבעט, האָט ער דאָך זיך באַמיט צו דערציען זיינע קינדער אין אַרבעטס־גייסט און פלעגט זיך פרייען מיט יעדער שפילצייג, וועלכע זיינע קינדער האָבן אליין געמאַכט. אין זיין הויז איז געווען אַ באַזונדער ווינקל פון פארשיידענע ווערקצייג פון סטאָלעריי און שמידעריי פאַכן מיט וועלכע ער פלעגט אַליין מאַכן אַלע ארבעטן אין שטוב און אויך צוגרייטן פאַר זיך זיינע אַרבעטס־געצייג. ביי יעדר אַרבעט פלעגט ער זיך באַמיען לערנען די אַרבעט און פלעגט זיך פרייען ווי ביי א גייסטיק־לערנען, ווען ער פלעגט עפעס מחדש זיין וואָס קען מיט דעם פארגרינגערן די ארבעט פאַרן אַרבעטער.

ער האָט געאַרבעט מיט אַלע זיינע חושים ביזן טיפען עלטער, און איז אומגעקומען פון אַן עקסידענס ביי זיין אַרבעט אין עלטער פון 84 יאָר.

ע. אורי

# אליהו ראַטנבערג

(דערציילט פון זיין ברודער אשר)

ער איז געווען באַגאַבט מיט פיל ענערגיע און שוואונג. ער האָט זיך אויך קיינמאָל ניט באַנוגנט מיט זיינע דערגרייכונגען און געוואַנדערט איבער פיל לענדער אין דריי קאָנ־טינענטן, ביז ער האָט זיך באַזעצט אין ראָטן־רוסלאַנד, כאָטש ס׳האָט אים געצויגן די גאַנצע צייט, ווי ס׳גיט איבער זיין ברודער, צו ארץ־ישראל — פון וועלכער ער איז באַצויבערט געוואָרן ביי זיין ערשטן באַזוך דאָרט אין 1910 — נאָר די ראָטן־מאַכט האָט אים פאַרכאַפּט און געטויט.



אליהו רוטנבורג בהיותו בארץ־ישראל ב־1910
אליהו ראָטענבערג זייענדיק אין ארץ־ישראל אין 1910.

ער האָט געהערט צו א פארמעגלעכער פאַמיליע, טיף־איינגעוואָרצלטע אין לעבן פון שטאָט און געגנט. דער זיידע זיינער, ר׳ איציע קוניע׳ס (נאָך זיין ענערגישער פרוי — קוניע), האָט אַרענדירט פונעם דוכס פולוואַרק׳ן, ביר־ברויערייען און בראָנפן־גוראַלניעס. בעת דער רוסיש־טערקישער קריג (1877—1878) איז ער אַוועק, אַלס מיליטער־פּאָדראַד־טשיק, מיט די רוסישע עשאַלאָנען און האָט זיי באַגלייט אין זייער אָפענסיווע און זיך באַ־זעצט אין גאַלאַץ. געמאַכט גוטע געשעפטן און געבויט, אומקערנדיק זיך א היים, אַ פאַיאַנס פאַבריק אין דאָרף מוהילנאַ. דורך א שטאַרקער פאַרפלייצונג איז די פאַבריק רואינירט געוואָרן און ער האָט אָנגעוואָרן פיל פון זיין פאַרמעגן. ער האט דאן, פריער פון אלץ, באַ־צאָלט אַלע זיינע חובות און אַרענדירט א נייעם פולוואַרק. באַלד איז ארויס דער גירוש־באַפעל פון מיניסטער דרענטלין און מ׳האָט אים פארטריבן פון דאָרף און קאָנפעס־

קירט זיין גאַנץ איבערגעבליבענעם פאַרמעגן. פון גרויסע יסורים און צער איז ער דאַן פלוצים געשטאָרבן און אָט איבערגעלאָזט קליינע קינדער. אויך זיין איידעם נחמיה שטערן, וואָס איז געווען דער עלטערער אין דער משפּחה — האָט זיך פאַרקילט און געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט קליינע קינדער. די אַלע פּלאָגן זענען געפאַלן אויף ר׳ איציעס פרוי — קוניע, וועלכע האָט דאַן פאַרלאָזט איר וואוין־אָרט און האָט אַרענדירט די וואַסער־מיל אין דאָרף אַלעקסאַנדראָווקע, ביי זוויהיל, און פאַרבונדן אַ האַנדל מיטן דוכס. זי האָט אַזוי אַרום באַזירט דאָס לעבן פון די פאַמיליעס ביז די קינדער זענען אויסגעוואַקסן און גענומען אויף זיך אַליין דעם עול הפּרנסה. „זי אַליין״ האָט מיט איר־פּראָסטן לעבנס־שטייגער, לאָגיק און לאַסטישער און ענערגישער באַנעמונג — דער־וועקט נאָר כבוד צווישן די אַרומיקע פּויערים און אָנגעשטעלטע פון דוכס, וועלכע האָבן איר פאַרגרינגערט אין אירע באַמיאונגען. איך געדענק נאָך זי, אין איר טיפן עלטער, אַ איינגעבויגענע, בלינד אויף איין אויג, אָנגעשוכט מיט הויכע פּשוטע שטיוול — פלעגט זי אַריינכאַפּן, עטלעכע מאָל אין וואָך, אַ וועג פון 5—6 קילאָמעטער, פון אַלעקסאַנדראָווקע קיין זוויהיל און ברענגען אָפּט אירע קרובים פון איר שטוב־פּראָדוקציע, אַלערליי מילכוואַרג און דערביי דערציילן מיט איר געוויינטלעכן מילדן שמייכל עטלעכע נייע אַנעקדאָטן, וועלכע זענען געווען פול מיט לעבנס־חכמה. אירע זין, דער עלטערער אברהם און דער יונגערער לייב, האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט אין עקאָנאָמישן לעבן אין שטאָט. אברהם איז געווען אַ רייכער בעל־הבית, פאַרמאָגט אַ גוס־טשוגון פאַבריקל. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגערער לייב ראָטנבערג, וועלכער איז געבליבן אין דאָרף ביי דער מיל־אַרענדע מיט זיין מוטער קוניע און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע צדקה־מעשים, אָרנטלעכקייט און גוטע מידות. אליהו ראָטנבערג איז געווען ר׳ אברהמס זון (מ׳האָט אים גערופן אויף דער מאַמעס נאָמען — אברהם איציע קוניעס), האָט געלערנט ביי גוטע מלמדים. ווען ער איז אַלט געוואָרן 16 יאָר — אין 1904, האָט אים שוין פאַרכאַפּט די רעוולוציאָנערע כוואַליע וועלכע האָט דעמאָלט אויפגעברויזט פיל יוגנט. די עלטערן האָבן פריער ניט באַמערקט דעם שינוי אין זיין גייסט. נאָר איינמאָל איז זיין פאָטער אריין אין איין צימער פון זיינע הייזער ביי אים אין הויף, וועלכע זענען געווען קעגן דער צענטראַלער לייטונג פון דער אָרטיקער פּאָליציי, און האָט דאָרטן געפונען געווער און אַמוניציע. האָט ער זיך שטאַרק דערשראָקן און זיך אָנגעהויבן בייזערן אויף זיין זין אליהו, וועלכער האָט זיך ערשט אויסגעשיילט פון זיינע קינדערשע יאָרן, און ער האָט אים בייז געענטפערט: „דאָס געווער האָב איך געזאַמעלט פאַר דער ,זעלבסט־שוץ׳ פאַר אונז אַלעמען. וואָס רעכנסטו? האָט ער געפרעגט, — מיר וועלן זיך אַזוי פּשוט אונטערגעבן, כאַפּן די קלעפּ פון די פּאָגראָמשטשיקעס און זיך ניט קעגנשטעלן זיי?״ — — — די אַמפּערייען האָבן זיך געשטאַרקט און זיי האָבן געזוכט וועגן צו פאַרבאַלטן דאָס געווער — איידער די פּאָליציי וועט זיך דערוויסן, און ער איז נעלם געוואָרן פון שטוב. אין אַ שטיקל צייט אַרום האָט ער געגעבן צו וויסן, אַז ער געפינט זיך אין זשיטאָמיר און האָט באַשטימט אַריבער צו אַן אַרבעטער־לעבן. דער פאָטער זיינער, וועלכער האָט געחלומט צו זען אים אַלס סטודענט אין דער אוניווערסיטעט, האָט זיך ביי אים געבעטן אָפּגעבן ווייטער צו לערנען — און האָט ניט געקענט ענדערן זיין געדאַנק, נאָר מ׳האָט אויף אים געווירקט, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר זיין ארעסט דורך דער פּאָליציי, ווען זי וועט זיך אַלץ דערוויסן, אַז ער זאָל פאַרלאָזן רוסלאַנד און אוועקפאָרן קיין אמעריקע.

ס׳האָט לאַנג ניט געדויערט און ס׳איז אים נמאס געוואָרן די ארבעט אין דעם אַמעריקאַנעם שאַפּ און אין אַ צייט אַרום, ווען ס׳האָט זיך אַנגעיאָגט די „פּריזיוור־צייט״, האָט ער זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד.

ער האָט אויסגעדריקט זיין ווילן צו דינען אין מיליטער און מ׳האָט אים אַוועקגעשיקט אין דר קאַוואַלעריע אין אַ צייט אַרום איז ער אַנטלאָפן פון מיליטער. ער האָט מאַסקירט זיין פּנים און זיך אויסגעבאַלט ביי זיינע קרובים — ביז ער האָט זיך אַריבערגעכאַפּט די גרענעץ און געקומען קיין לעמבערג. דאָרטן האָט ער געאַרבעט אין א גרויסער פאַבריק פון לאנדווירטשאַפטלעכער מאַשינעריי. אָפּ אַרבעטנדיק דאָרטן עטלעכע חדשים איז ער אַריבער אַרבעטן אין די נאַפט־גראַבונגגען אין ברעסלאו. נאָר ער האָט זיך אויך דאָרטן ניט פיל איינגעהאַלטן, און האָט איבערגעוואַנדערט קיין גריכנלאַנד. דאָרט האָט ער זיך געפילט פרעמד און איינזאַם, געוועזן א צייט אַרבעטסלאָז און איז אַריבער קיין מצרים און האָט אָנגעהויבן ארבעטן ביי אינסטאַלאַציע־ארבעט און פאַרדינט גאַנץ גוט.

אין פרילינג, אָנהויב שניט־צייט, איז ער אַריבער קיין ארץ־ישראל און האָט אָנגעהויבן ארבעטן אלס מעכאַניקער ביי איינאָרדענען און פאַריכטן לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. מ׳האָט געקענט טראַכטן, אז ער וועט זיך שוין דאָ באַזעצן.

נאָר זיין שטורמיקער גייסט צו וואַנדערן און באַזוכן נייע לענדער האָט אים ווייטער ארויסגעטריבן פון לאַנד און געבראַכט קיין פּאַריז. דאָרט איז ער געוואָרן אַ שאָפער און חתונה געהאַט מיט א באַקענטע פון באָריסלאַוו און געהאַט מיט איר א טאָכטער. ער האָט אָבער ניט געקענט זיך צופּאַסן צו דעם אָרט לעבן און האָט באַשטימט צוריקצופאָרן קיין ארץ־ישראל. און זיי האָבן באַשלאָסן אָפּפירן די פרוי מיט דער טאָכטער קיין אַמעריקע און אַליין פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער האָט די זאַך אויסגעפירט און, פאָרנדיק צוריק קיין ארץ־ישראל, געקומען זיך שיידן מיט זיין משפחה אין זווהיל. ס׳איז דאַן געוועזן סוף זומער 1914 און ס׳האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה און ער האָט שוין ניט געקענט פאַרלאָזן רוסלאַנד. נאָך פיל באַמיאונגען האָט ער באַקומען א באַפרייאונגס־שיין פון מיליטער־דינסט און איז אַוועק פון זווהיל. עטליכע חדשים איז ניט געוועזן פון אים קיין ידיעה ביז מ׳האָט זיך דערוויסט, אַז ער געפינט זיך אין דער אַלטער רוסישער פעסטונגס־שטאָט סעוואַסטאָפּאָל און אַרבעט אַלס פאַכמאַן אין דער פאַבריק פאַר שיפן־בויעריי. ער האָט זיך דאָרט ספּעציאַליזירט אין דער אַרבעט. ס׳איז דאַן אַוועק ביי צוויי יאָר אָן א שום ידיעה פון אים. מ׳האָט אים שוין באַווייגט רעכענדיק, אַז ער איז געשטאָרבן. האָט זיך אָבער נאָכער ארויסגעוויזן, אַז וואו נאָר ער האָט זיך באַפריינדעט מיט די אַרבעטער האָט ער אָנגעהויבן פירן צווישן זיי א רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. די פאַבריק־אינספּעקציע האָט אים געכאַפּט רעדן אויף א געהיימע אַרבעטער סכאָדקע און אים באַלד אַרעסטירט. מ׳האָט אים דאַן געפירט געקאָוועט אין קייטן דורך די דאַמאַלסטדיגע צאַרישע עטאַפּן איבער אַלע טורמעס אויפן וועג צום אינזעל סאַחאַלין. די איבערפירונג אַליין האָט זיך גצויגן א יאָר־צייט און ער האָט שטאַרק געליטן. אַזוי האָט עס געדויערט ביז דעם אויסברויך פון דער רעוואָלוציע אין 1917 און זיך דאַן באַפרייט.

מיט זיין באַפרייאונג איז ער געקומען קיין פעטראָגראַד־לענינגראַד און אָנגעהויבן אַרבעטען אין גרויסן פּאַטילעווער זאַוואָד אַלס מעכאַניקער. מיט דער צייט איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמיסאַר פאַר מאַשינען־בויעריי. מ׳האָט אים נאָכהער געשיקט קיין צאַריצין (איצט סטאַלינגראַד) אין די גרויסע פאַבריקן פון פיש־פּראָדוקציע און טראַנזיט קיין

אוקראַינע. ער האָט זיך אויך דאָרט אויסגעצייכנט מיט זיין טרייער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט און האָט באַקומען פיעל דאַנק־בריוו פון די ראַטן־אָנפירער.

זייענדיק דאָרט אין דער ערשטער תקופה פון דער בירגער־קריג האָט מען אויף אים ארויפגעלייגט וויכטיגע אויפגאַבען, צווישן זיי די שווערסטע — צו קאָנפּעסקירן די תבואה און איבעריגע שפּייז־פּראָדוקטען פון דער רייכער וואָלגער געגענט און זיי איבערפירן דורך די דערבייאיגע טייכן אין די שטעטישע צענטרום. ער האָט די אויפגאַבן אויס געפולט אויפן בעסטן אופן און באַקומען פול דאַנקען. סטאַלין איז דאַן געקומען קיין צאַריצין און זיך מיט אים באַגעגנט, און אים אויך אויסגעדריקט זיין דאַנק אָבער האָט דערביי צוגעגעבן שמייכלדיק, גוטמוטיג: נו, און וויפיל האָסטו פאַרדינט ביי דער אַרבעט? — אליהו האָט זיך געפילט דערביי גוט באַרירט און איז באַלד אַוועק פון אים און זיך אָפּגעזאָגט פון זיין ווייטערער אַרבעט. ווען זיין פריינד אָרדזשאָניקידזע, דאַמאָלט מיניסטער פאַר דער גרויס־אינדוסטריע, האָט זיך דערוויסט פון דעם אינצידענט — האָט זיך באַמיט פאַרענטפערן סטאַלינ׳ס אויסדרוק אַלס אַ גוט־מוטיגער שפּאַס, ניט מיינענדיק דערביי קיין שום בייז און געווירקט אויף אים צו אָנפירן אויך אויף ווייטער מיט וויכטיגע אַרבעטען. אליהו האָט זיך נאָכער באַגעגנט מיט סטאַלינ׳ען וועלכער האָט אים איבער געבעטן און איבערגעפירט קיין מאָסקווע אַלס לייטער פון מעטאַלורגישען אינסטיטוט.

זייענדיק דאָרט באַ אַ האַלב־יאָר איז אים קלאָר געוואָרן, אַז ער נייטיגט זיך אין אַ ספּעציעל הויך טעכנישער בילדונג וואָס ער האָט נאָך ניט פאַרמאָגט און ער האָט געבעטן מ׳זאָל אים איבערפירן צו לערנען אין כאַרקאָווער פּאָליטעכניקום. זיין ביטע איז באַשטעטיקט געוואָרן. ס׳איז אַריבער אַ יאָר און ער האָט זיך דאָרט אויסגעצייכנט און די לייטונג פון פּאָליטעכניקום האָט אים באַשטימט אַלס מיטגליד אין דער האַנדלס־פאַך דעלעגאַציע קיין דעטראָיט אין אַמעריקע, אויף צו קויפן דאָרט וויכטיקע מאַשינען און מאַטעריאַלן פאַר די פאַבריקן. ער האָט דאַן (1925) דאָרט פאַרבראַכט ביי אַ יאָר צייט און געלערנט דעם בוי און גאַנג פון די גרויסע אָרטיקע מעטאַל־פאַבריקן. ער האָט זיך אויך באַגעגנט מיט זיין פריערדיקער פרוי און טאָכטער, וועלכע איז שוין דערוויייל אויסגעוואַקסן, זיך גע׳גט מיטן ווייב און מיטגענומען מיט זיך קיין רוסלאַנד זיין איינציקע טאָכטער. צוריקקערנדיק זיך האָט ער אָפּגעגעבן אַן אויספירלעכן ראַפּאָרט פון אַלץ וואָס ער האָט געזען און געלערנט אין די דעטראָיטער פאַבריקן און פאָרגעלייגט גרינטלעכע פאַרבעסערונגען, וועלכע מ׳באַדאַרף איינפירן, לויט זיין מיינונג, אויך אין די רוסישע פאַבריקן. די הויפּט־לייטונג פון מעטאַלורגישן צענטער האָט ענטוזיאַסטיש אָנגענומען זיין ראַפּאָרט און האָט אים באַשטימט אַלס הויפּט־קאָמיסאַר אויף די טראַקטאָר־פאַבריקן אין רוסלאַנד.

ער איז דאַן פיל אַרומגעפאָרן און באַזוכט אַלע ערטער וואו ס׳האָבן זיך געפונען די שווערע מעטאַל־אינדוסטריע אויסגעפאָרשט גענוי זייער לאַגע און געשיקט נאָכער, אַלע טאָג, ווען ער האָט רעזיומירט די אויספאָלגן פון זיינע באַזוכן — דורך בריוו און טעלעפאָן פאַרשיידענע אינסטרוקציעס אויף די תקונים, וועלכע דאַרפן געטאָן ווערן. איינמאָל, אין זיינע פיל שמועסן דורכן טעלעפאָן, האָט אים געטראָפן אַ מסוכנער צופאַל, ווען ער האָט צופעליק אין זיין שמועס זיך אויסגעדריקט צו איין פאַבריק־לייט׳נג, אז מ׳קען מיט דער פאַרבעסערונג פאַריכטן אַ גרייז וואָס איז אפשר געטאָן געוואָרן לויט דער אינסטרוקציע פון סטאַלין. ווען מ׳האָט דאָס דערהערט, האָט מען מיט צאָרן באַלד

פאַרמאַכט דעם טעלעפאָן און באַלד איבערגעגעבן דעם אויסדרוק אין דער צענטראַלע פון קאָמפּאַרטיי און מ׳האָט אים אויף מאָרגנס אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. ווען ער האָט דערפילט די גרויסע געפאַר, וואָס שטייט אים פאָר, האט ער זיך אנגעהויבן צו פאַר־ענטפערן, אַז ער האט די ווערטער צופעליק, אין זיינע שווערע טעכנישע שמועסן, אַרויס־געזאגט, און בעט אז מ׳זאָל אים דאס מוחל זיין — נאר קיינער האט זיינע רייד ניט געוואָלט הערן. ס׳האבן אויך ניט געהאלפן זיינע גוטע באַציאונגען און פריינטשאַפט מיט באַוואוס־טן איספּאָלקאָם־מיטגליד פראנזע (וועלכן סטאַלין האָט אויך באַלד ליקווידירט). ער האָט אים נאָר געראטן, אז ער זאל בעטן אליין אָפיציעל פון דער פּאַרטיי־לייטונג זיין אנטשול־דיגונג, און צוזאָגן, אַז מער וועט אַזעלכעס ביי אים ניט געשען. ער האָט דאָס געטאָן און די פּאַרטיי־לייטונג האט באַוויליקט אים ווידער איינשליסן אין דער פּאַרטיי. פון דאן אָן האט מען פארשטארקט א שטרענגערן אויפזיכט איבער אלע זיינע מעשים. די פאראַנטוואָר־טונג אויף דער טעכנישער פירונג פון די פאַבריקן איז געבליבן ווי פריער ביי אים, נאָר זיינע אויפזעער האָבן געוואַרט יעדע מינוט אויף זיין ווייטערער שטראכלונג און ער האָט גוט געפילט דעם שווערן לאַסט אויף זיך.

אין יענער צייט איז זיין עלטערער ברודער אשר, וואס האט געארבעט אין מאָסקווע, אָפּגעפאָרן קיין אוץ־ישראל דורך א ספּעציעלער דערלויבעניש, וואָס ער האט באקומען פון קאַלענין. די משפחה האָט אים באַגלייט ביזן וואָקזאַל, צווישן זיי אויך זיין ברודער אליהו. פאר זייער צעשיידונג איז ער פלוצים אַרויפגעפאַלן אויף זיין האַלז און אויס־געבראָכן אין א שטארקן געוויין און אויסגעדריקט זיין ווייטאָג אויף דעם וואָס ס׳האט זיך אים ניט איינגעגבען קומען, אין זיין צייט, און בלייבן אין ארץ־ישראל און זיין צווישן די בויער פון דער אמת׳ער אידישער היימלאַנד. זיין פלוצלעכע קלאָגעריי האָט איבערעשט אלעמען און זיי האבן דאָס מיט גרויס ווייטאָג פארשוויגן.

אין אָנהויב פון היטלער־אנגריף אויף ראטנפארבאנד האָט מען אים פלוצליך ארעסטירט מיט נאָך עטלעכע באלשעוויסטעשע וועטאראנען, וועלכע מ׳האָט באַשולדיגט אין, אָן גרונט, פרעכע באַשולדיגונגן. די רעזיומע פון משפט איז, פונדעסטוועגן, ניט געווען קיין באזונדער שווערע, נאָר מ׳האָט דאָך אים אויף ווייטער אַרעסטירט. אין עטלעכע וואָכן האָט מען פון דער טורמע געגעבן צו וויסן זיין טאָכטער און פריינד, אַז ער איז פלוצליך געשטאָרבן און ניט איבערגעגעבן די אורזאַך פון זיין טויט.

נאָך דער ערמארדונג האָט די טאָכטער ניט געקענט ווייטער בלייבן אין ראטנפארבאַנד און האָט זיך, אַלס אַמעריקאַנער אונטערטאן, באַקומען די מעגליכקייט אַרויס פאָרן צו איר מוטער קיין אַמריקאַ.

**יתתן שלאין**

# ר׳ אייזיק ארבעטמאַן

**(דער וועטעראן פון דער ציוניסטישער גרופּע אין זוויהיל)**

**אַ ציטער נעמט מיך אַדורך ווען כ׳דערמאָן זיך אין ר׳ אייזיק ארבעטמאַן, אַ ייד וואָס וועקט אויף געפיהלן פון כבוד פאַר זיינע חשובע מעשים. אַ ייד אויף וועמען ס׳איז געפאַלן דער גורל פון שווערע, טראַגישע איבערלעבענישן.**



ר׳ אייזיק ארבעטמאן

די פאָן־טרעגער פון ציוניזם אין שטאָט זענען געווען אַ קליינע גרופּע פון יינגע חברים. ס׳זענען, וואָס אמת, געווען אויך ציוניסטן פון עלטערן דור, אָדער יידן ציוניסטיש־געשטימט, אָבער ניט מער. אַקטיוו זענען געווען בלויז געציילטע פון זיי. דער ראש פון אָט דער גרופּע איז געווען ר׳ אייזיק.

פאַר אונז, ציוניסטישער יוגנט־קרייז, איז זיין אָפטע מיטאַרבעט געווען אַ קוואַל פון באַגייסטערונג. מ׳מוז געדענקן, אַז אין אַלגעמיין האָט מען זיך באַצויגן צום ציוניזם אין זוואהיל נעגאַטיוו. מ׳האָט געזען אין ציוניזם אַן׳אוטאָפּיע און אין זיינע אָנהענגער — פאַנטאַזירן. ר׳ אייזיק׳ס ציוניסטישע טעטיגקייט האָט אַלזאָ פאַרשטאַרקט אונזערע פּאָזיציעס אין שטאָט, ווייל ר׳ אייזיק איז באַוואוסט געווען אַלס פּראַקטישער, רעאַלער מענטש, וואָס איז ווייט פון חלומות...

## פּריוואַטע און ציוניסטישע טעטיגקייט

אָנגעהויבן האָט ר׳ אייזיק אַלס פּראָדוצירער פון פּאַפּיר אויסאַרבעטונג און סטעמפּלען, צו ביסלעך האָט ער ענטוויקעלט אַן׳ערנסטע פּאַפּיר־פאַבריקאַציע (אָפּן זוואהילער מאסשטאַב, פאַרשטייט זיך) מיט מאַשינען־מאַסן־פּראָדוקציע, און באַפעסטיגט זיין מעמד. אָבער אויך דאַן האָט ער ניט פאַרלאָזט זיין סטעמפּלעך־מלאכה, נאָר אויס ליבע צו האַנט־אַרבעט.

ר׳ אייזיקס פאָטער איז באַקאַנט געווען אין שטאָט מיטן נאָמען „דער אנאפּאליער מלמד״, א גרייז־גרויער אַלטער מאַן, קליין געוואַקסיק, מיט א לאַנגער קאַפּאָטע, און פון אונטערן זיידענעם קאַשקעט פלעגט ארויסשטעקן א סאַמעטענע יאַרמאַלקע. פאַרשטייט זיך אז ר׳ אייזיק איז ניט דערצויגן געוואָרן אין גרויס עשירות. אויך ווען ער האָט דערגרייכט צו א בעסערן מעמד האָט ער זיך ניט ערלויבט צו פיל „עולם הזה״.

ער איז אויך ניט פארשלינגען געוואָרן צו פיל אין זיינע געשעפטן און ווי אין די אַלטע צייטן האָט ער „געזינדיקט" מיט פארנאכלעסיגן וויכטיקע פרנסה־שעה׳ן צוליב זיין ציוניסטישער טעטיגקייט.

ווער געדענקט ניט די צייטן פון פאַרשפרייטען די העפטן פון דער „ציוניסטישער קאפיקע־ביבליאטעק", ציוניסטישע מאַרקען אַ.אַ.וו.? נאָך אַלס ייגגל געדענק איך פון דאַן ר׳ אייזיק׳ן אַלס ציוניסט. עס האָט פאַסירט ווען אין די ברענענדיקע אַרבעטס שעה׳ן אין מיטן העלן טאָג, ר׳ אייזיק שטייט באַ זיין קאנטארקע פאַרנומען, אָנגעשטרענגט, ערנסט און א ייגגעל פון אונזער ציוניסטישער יוגנט באַווייזט זיך שעמעודיק וועגן אַנ׳ענין און ר׳ אייזיק, זיין גאַנצער געשטאַלט פאַרענדערט זיך ווי דורך א כישוף, דער אנגעשטרענגטער אויסדרוק איז נעלם און עס באווייזט זיך אויף זיין פנים דער צוציענדער שמייכעל. אונזער חבר פילט זיך גלייך ווי אין דער היים, ער איז ניט מער קיין איבעריקער, נאָכמער, ער פילט אַז דער ערנסטער דערוואַקסענער ר׳ אייזיק איז גאַר צופרידן פארלאָזן „חיי שעה" און זיך פאַרנעמען מיט ענינים וועלכע זענען פאַר אים „חיי עולם".

די צימערן פון זיין ווערקשטאט זענען תמיד צו אונזער פערפיגונג. באַראַטונגען, באגעגענישן, זיצונגען א.ד.ג. קומען דאָרטן פאַר. אַזוי אַרום איז געלעזן די ערנסטע לאָקאל־פראַגע פאר פארטיי צוועקן. (ס׳איז דאַן פארבאטן געווען וועלכע ס׳איז פאר־זאַמלונג). אויך פאר דער יוגנט האָט דער פלאץ געדינט אַלס צענטער אין די שבת׳דיקע טעג. ביז היינט באוונדער איך מיט וועלכן גרויסן צוטרוי האָט אונזער דערוואַקסענער חבר זיך צו אונז באַצויגן, איבערגעבנדיק אין רשות פון קינדער א ווערקשטאט מיט מאַשינען, פארשידענע סחורות א.ד.ג. מיטן בטחון אַז אַלץ וועט אין אָרדנונג זיין (דער אמת איז אַז ער איז אין אונז ניט ענטוישט געוואָרן). די בעסטע זכרונות פון קינדערשע „קולטור־טעטיקייט" זיינען געבליבן פאַרבינדן מיט אָט דעם אייגנארטיקן פלאץ, און דעם פערזאָן וועלכער האָט אים געשטעלט אין אונזער רשות.

## דער ציוניסטישער ענין

ר׳ אייזיק האָט זיך תמיד דערווייטערט פון זעלבסט־רעקלאמירונג, ער האָט אויס־געמיטן עפענטליכע ארויסטרעטונגען. אָבער וואָס אנבעלאנגט דעם מסורת׳דיקן ציוניס־טישן שמחת־תורה מנין — דאָ איז זיין פערזענליכקייט געווען אין צענטער. דאָ זענען ערשיינען אַלע אונזערע „קרעפטן" — אַקטיווע ציונים ווי אויך סימפאַטיקער. אין דעם מעמד האָט ר׳ אייזיק מסכים געווען, אַלס אויסנאם, צו שפילן, ווי מ׳זאָגט, דעם „ערשטן פידל". ער פאַרטיילט כיבודים, עליות און איז זיך זעלבסט מכבד מיטן חשוב׳ן „אתה הראית". דער „קידוש" נאָכן דאַווענען — אַ מסורת׳דיקר קידוש מיט לעקאַך און בראָנפן (מיט האָניק), ציוניסטישע לידער און באַגריסונגען. ביי דער געלעגנהייט האַלט ר׳ אייזיק א קורצע אָבער שאַרפע ריידע מ„עניני דיומא". זיינע רייד זיינען פול מיט משלים, הומאָר און אַפּאָריזמען וועלכע ווערן ניט פאַרגעסן אויך נאָך יום טוב. מיר יונגוואַרג זענען שטאָלץ מיט דער רייכער, גייסטיקער פערזענליכקייט פון אונזער ר׳ אייזיק און מיט זיין רעדע פאָרן עולם.

## נאַציאָנאַלער חינוך

באַזונדער איז טעטיק ר׳ אייזיק אויפן געביט פון נאַציאָנאלן חינוך. ס׳איז נאטירלעך אַז די יונגערע פון אונז זענען אונגעדולדיק, זיי ווילן גלייך געניסן פון די פרוכטן פון

זייערע מעשים. ר׳ אייזיק, אַלס עלטערער חבר, האָט צייט. ער אַנערקענט און באַטאַנט, אז אַן יינגע רעזערוו־כוחות וועט דער ציוניזם ניט זיין באַפעסטיגט. ער וועקט און רופט אַלזאָ צו מעשים: גרינדן אַ מאָדערנע העברעאישע שול (דוקא „עברית בעברית״). די שוועריקייטן זענען גרויס; די עלטערן זענען מערסטנטייל פּאַסיוו און אנדערע זיינען קעגן דעם ענין בכלל.

איך דערמאָן זיך די פייערדיקע רעדעס וועגן נאַציאָנאַלען חינוך פון ציוניסטישן מטיף („מטיף לאומי״) ר׳ יהודה ליב (יהל״ל מסלוצק) פאַר דעם גרויסן עולם אין בית המדרש. אין יענער צייט איז צוריק געקומען אין שטאָט פון זיין לערנען מיין ברודער שמואל׳יק און אויך ער איז גלייך צוגעטראָטן מיטאַרבעטן מיט זיינע עפענטליכע אויפטרע־טונגען ווי אויך פאַר קליינע עלטערן־קרייזן. דער קאַמף איז געווען קעגן דעם פרעמדן חינוך וועלכער האָט זיך פארשפרייט אין שטאָט צווישן אַלע שיכטן. חשוב׳ע בעלי בתים האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער אין דאָרפישע שולען, האָפנדיק אַז אַזוי אַרום וועלן זיי מיט דער צייט דערגרייכן דעם געוואונשענעם ציל — די שטאָטישע רוסישע שולע. דער בזיון איז געווען גרויס, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז אָט די אנשטאַלטן זענען געווען אַף אַ זעהער נידעריקר מדרגה אַלס שולן. שוין אָפּגערעדט פון דער באַציאונג צי די קליינע „זשידלאקעס״, וואָס זיינען זיי געווען פשוט פיינדלך. מיט דער גאַנצער פּראָפּאַגאַנדע־אונטערנעמונג, דערוואַרימען די הערצער, ווי אויך מיט דער פּראַקטישער אַרבעט לטובת דעם אַנשטאַלט האָט אָנגעפירט ר׳ אייזיק. ס׳איז נויטיג געווען זיין אוטירעטעט, און אַלס פאָטער פון קינדער איז זיין שטעלונג בראש פון דעם ענין געווען נאַטירליך.

צום גרויס באַדויערן האָט זיך דער ענין געענדיקט דאַן מיט א דורכפאַל. די קלערי־קאַלע קרייזן אין שטאָט, וועלכע האָבן כמעט ניט געפּרוּווט אפילו ווירקן קעגן גויי׳שן חינוך זענען געווען קעגן נאַציאָנאַלן בית הספר און האָבן קאָנצענטרירט דערצו אַקטיווע כוחות, ווי אויך פערזענליך קעגן ר׳ אייזיק׳ן. אַ טייל פון די עלטערן זיינען בעאיינפלוסט געוואָרן און ס׳איז פון דער זאַך גאָרניט געוואָרן. ווי זיין שטייגער, האָט ר׳ אייזיק אויך אין דעם ענין ארויסגעוויזן עקשנות און די שולע איז אין א צייט אַרום דאָך געגרינדט געוואָרן.

## עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע דערגרייכונגען

די ערשטע וועלט מלחמה איז געווען אַן׳אָנפאַנג פון חורבן פון יידישן ישוב אין „תחום המושב״. דאַגעגן אין די געביטן וואָס זענען געווען נאָענט צום פראָנט האָט די מלחמה געוועקט דאַן צו דער ענטוויקלונג פון מסחר און פאַבריקאַציעס. ר׳ אייזיק האָט, אַלס א סוחר און פראדוצירער, מצליח געווען. א קורצע צייט פאַר דער פעברואַר רעוואָ־לוציע האָט ער דערוועבט גערשאנאווס דרוק (איינע פון די צוויי עקזעסטירענדע דאַן אין שטאָט) און ס׳עפענען זיך פאַר אים נייע מעגליכקייטן פון אינציאטיוו. דרוק ארבעט איז דאָך הענג פאַרבינדן מיט פאַפיר־פּראדוקציע און זיינע „אקציעס״ שטייגן.

זיין הויפּט־ציל אין לעבן איז שטענדיק געווען די עליה פון דער גאַנצער משפחה אין ארץ־ישראל אויף א פאַרמעגליכן אופן. איצט איז ער עקאָנאָמיש און גייסטיק גרייט דערצו. אַלס ייד און מענטש איז ער ערשיטערט פון יידישן חורבן ווי אויך פון די פאלגן פון דער מלחמה בכלל, ער האָפט אָבער אַז לפחות זוהיל און זיין משפחה אין דעם כלל זענען שוין אַזוי ווי ניצל געוואָרן פון שוידערליכע אונגליקן וועלכע די מלחמה האָט געבראַכט אויף אנדערע. ער אַליין איז פריי פון מיליטער־דינסט, אַ דאַנק זיין

עלטער און זיין געליבטן בן יחיד יוס׳עלע, וואָס איז נאָך יונג איז אויך אויסער דער סכנה.

אין יענער צייט איז ענדליך ערעפענט געוואָרן די העברעאשע שולע און ס׳האָט זיך געפאָדערט א ריכטיגע אַקטיווע לייטונג, דער שריפטשטעלער און לערער י. י. וואהל איז לייטער פון אנשטאלט, וועלכער פונקציאָנירט, אַ דאַנק זיין פּאַסיגען לערער־פּער־סאָנאַל — אַלס מאָדערנע נאַציאָנאַלע שולע. ר׳ אייזיק איז א שטענדיקער, אקטיווער חבר אין שולראַט, אָבער ווי תמיד איז ער ווי אין שאָטן. דרך אגב: אַדאַנק דער קורץ־צייטיקער עקזעסטירנדער שולע האָבן אַסך זוהילער קינדער באַקומען א נאַציאָנאַלע און מאָדערנע ערציאונג און זענען אויך ניצל געוואָרן פון אנטיסעמיטעשע אנגרייפן אין זייער שול־עלטער.

קיינעם איז ניט איינגעפאַלן, אַז ר׳ אייזיק וועט אויף זיינע עלטערע יאָרן זיין טעטיק אַלס מחנך און וועט זאגאר אַרויס ווייזען פעאיקייטן אויך אויף דעם געביט.

## די פעברואַר־רעוואָלוציע

די רעוואָלוציע איז אויסגעבראָכן מיט די ערשטע פרילינגס סמנים. אַסך האָבן גע־גלויבט אז „מיטן באַפרייאונג פון קאַלטן ווינטער זענען אויך באַפרייט אַלע רוסישע פעלקער". די פּאַרטיי אַרבעט האָט א פלייץ געטון ווי אַשטראָם וואָסער וואָס ווייסט ניט קיין אָפּהאַלט. די אָמאָליקע ציוניסטישע יוגנט וועלכע האָבן צוזאמען מיט אים אָנגעפירט די פּאַרטיי ארבעט — זיי זיינען ניטאָ מער אין שטאָט, ווער ס׳איז אין אויסלאַנד (איינער אין ארץ־ישראל), ווער ס׳איז מאָביליזירט א.א.וו.... פאַר ר׳ אייזיק׳ן ערשיינט א נייע גרופּע יינגע ציוניסטן פול מיט ענטוזיאזם פאר גרויסע פלענער און פּאַרטיי־טעטיקייט. ר׳ אייזיק געדענקט זיי אַלס שעמעוודיקע קינדער וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זינגען ציוניסטישע לידער אַף אסיפות און אויך אַלס פלייסיקע שליחות־יינגלעך פאַר יעדער פּאַרטיי זאַך. ר׳ אייזיק איז באַגייסטערט, ער איז זיי מקרב און ס׳הויבט זיך אָן אָפּ׳סניי א ציוניסטישע אַרבעט מיט ר׳ אייזיק׳ן בראש.

כ׳דערמאָן זיך אַנ׳עפּיזאָד וואָס באַצייכנט ר׳ אייזיקס פלייסיגקייט. ס׳באַשלאָסן געוואָרן פראקלאַמירן א ציוניסטישן אויפרוף, כדי צו פאפולאריזירן די נייע עקזיסטירנדע ציוניסטישע באַוועגונג. אָפּדרוקן אַנ׳אויפרוף אין רוסיש איז קיין פּראָבלעם. מען מוז אָבער זיך ווענדן צום עולם מיט א יידיש וואָרט. ווייזט זיך אָבער ארויס אז דערצו פעלן אויס אותיות אפילו אין ר׳ אייזיקס דרוק, אויך דער סאָרטימענט איז ניט קיין פּאַסיקער. אָבער ר׳ אייזיק איז זיך ניט מיאש און מיר פארפּאסן צוזאמען אַנ׳אויפרוף זיך צופּאסענדיק צו דער צאָל אותיות וועלכע מיר האָבן. ר׳ אייזיק נעמט זיך אליין אויסזעצן דעם אויפרוף און די ארבעט גייט ביי אים שנעל. „די אלטע מאַכט איז געפאַלן, אונטערגעבראָכן פון זיך זעלבסט" — האָט זיך דער פלאַקאַט אָנגעהויבן. דאָס איז געפאַלן, אונזער ערשטע ווענדונג צו די זוהילער יידן, וועלכער האָט ארויסגערופען כעס און רוגז פון רעכטס און לינקס. א חוצפה ארויסגיין מיט ציוניסטישע חלומות אין מיטן דער גאָלדענער צייט פון דער „גרויסע היסטאָרישע באַפרייאונג רעוואָלוציע"!

דאָן קומט די צייט פון שטורמדיקן פּאַרטיי־קאַמף. מיטינגן, פייערונגן א.ד.ג. ר׳ אייזיק איז ענטויישט. ער פארטראָגט ניט דעם רעש. ער גלויבט בלויז אין פלייסיקער, ערנסטער, קולטורעלער טעטיקייט. ער קען ניט מער. און ווען ס׳באַווייזן זיך נייע כוחות, די אזוי גערופענע „מעלופ׳ס גרופּע" מיט ל. פינעס בראש (דערמאָנט באַזונדער אין בוך) בלייבט ר׳ אייזיק אין שאָטן, ער בלייבט פּאַסיוו.

**דער ציוניסטישער קלוב**

ווינטער 1918/19. די יום־טוב׳דיקע טעג פון דער רעוואָלוציע צוזאַמען מיטן פאַרטיי־קאַמף־ארמידער זיינען פאַריבער. צוזאַמען מיט זיי זענען פארשווינדען אויך די גרויסע האָפנונגען. זוהיל האָט שוין באַוויזן איבערלעבן אנ׳אמתן פאָגראָם. די דייטשן האָבן באַוויזן צווישנצייט אקופּירן אוקראַינע און זיך צוריקציען. ס׳רעגירן די אוקראַינער מיט פעטליורען בראש. די שטימונג איז פון ערב פאָגראָמען. מ׳טראָגט זיך אַרום מיט פעק באנקנאָטן („קערענסקעס״ און „לאפאטעס״). ווי אויסגעניכטערטע שיכורים פארשטייען די מענטשן ניט זייער אַמאָלקן רעוואָלוציע־ענטוזיאזם. יידן כאַפּן זיך אָן אין ציוניזם ווי אין אנ׳איינציגער רעטונג.

די יוגנט איז אָרגאַניזירט אין „צעירי ציון״ ארבעטס־פּאַרטיי און זענען טעטיק אין ציוניסטישן שטאָט־קאָמיטעט צוזאַמען מיט די אלגעמיינע ציוניסטן. (פועלי ציון שטייען עקשנות־דיק אין דער זייט פון שותפות, וואָס אנבעלאַנגט ארטיקע לאנדס־ארבעט). ס׳איז נויטיק א ברייטע פּאָלקס ארגאניזירונגס ארבעט. יידן זענען מיט אַמאָל „פּארליבט״ אין ציוניזם. אין טאמארוווסקע גאַס וואַקסט אויס א „קלוב ציוני״. די טעכנישע אַרבעט ווערט אפילו געפירט דורך א „אנטליענעם״ צעיר־ציונ׳יק, אָבער בראש שטייט אַפסניי ר׳ אייזיק. דאָס מאָל ווילן יידן אויף אנ׳אמת „זיך אריבערפעקלען״ קיין ארץ־ישראל. זיי קאנען מער ניט איבער־טראָגן דעם ביטערן גלות. יעדער פון זיי מאנט זיינע „רעכט״ צו זיין פון די ערשטע, און מיט רירענדער תמימות ברייינגען זיי אַלטע שקלים און פארשידענע קבלות אויף באוויזן זייער שייכות צום ציוניזם. אַרום קלוב קאָנצענטרירן זיך הונדערטער, צווישן זיי נייע און אלטע עסקנים.

עטליכע טיפּן פון די אקטיווע קלוב־מיטגלידער:

ר׳ א ב ר ה ם ד ע ר ש ו ח ט. איינער פון דער „אלטער גוואַרדיע״ ציוניסטן. א ייד מיט א פאטריארכאלער, שוואַרצער באָרד און בלויע קינדערשע אויגן. ציוניזם איז דאָס גאַנצע לעבן זיינס אַלע יאָרן. ער שטעלט תמיד אין סכנה זיין מעמד אַלס שוחט. דער „ציוניסטן פרעסער״ ר׳ שלמ׳קה מיט זיין קרייז פרומע דעה־זאָגערס זענען אַף ר׳ אברהמ׳ן „להרוג ולאַבד״. פאַרשטייט זיך אַז אין פאר־א־יאָריקן־פאַרטיי רעש האָט זיך ר׳ אברהם ניט געלאָזט הערן. דאָ אין ציוניסטישן־קלוב פארנעמט ער זיין פּאַסיקן, בכבודיקן פּלאַץ. מ׳הערט זיך צו צו אים צו. אין דער אנגעשטרענגטער לאַגע אין שטאָט מיט דער ערב פּאָגראָם־שטימונג ווערט אין קלוב דעבאַטירט וועגן באלפור־דעקלאַראציע, וועגן קלאַנגען פון א ציוניסטישער ממשלה אין ארץ־ישראל. יעדער שמועס ווערט פאר־ענדיקט מיט אלט־נייע ציוניסטישע לידער, געזונגענע פון ר׳ אברהמ׳ן מיט זיין נידעריי־קער, ווייכער שטימע. ר׳ אברהם איז שטאָלץ מיט זיינע לידער פון „חיבת ציון״ צייט, ווען ער איז נאָך גאַנץ יונג געווען.

ר׳ מ ש ה ה ע כ ט — אויך אנ׳אַלט־נייער ציוניסט. א „משכיל״ פון אַמאָליקע צייטן. האָט מיט יאָרן צוריק פאַרלאָזן זוהיל און איצט, צוריקקומענדיק, ווערט ער וואָרים אויפגענומען אין קרייז און איז א טרייער, אַקטיווער חבר פון קלוב.

א טרייער פלייסיקער חבר איז ר׳ ד ו ב א נ צ י ל ע ו ו י ט ש, אנ׳אנטלאפענער, פון מאזיר, א ייד א למדן און באַוווסטזיניקער ציוניסט. ער ווערט שנעל א היימישער אַקטיווער חבר.

באַזונדער שטאַלץ זענען מיר מיט ר׳ מ ש ה ד ב ו ר ה׳ ס. זיין מלאכה איז שטעפּעריי. זיין לאַנג־יאָריקע פֿאַרבינדונג מיטן ציוניזם לייקנט ממש אָפּ די טענות פֿון די לינקע פּאַרטייען אַז מיר ציוניסטן זיינען אַ באַוועגונג פֿון בלויז בעלי בית׳לעך.

באַליבט בײַ יעדן איז געווען ר׳ א ל י ע ז ר מ י ל ר ו ד, אַ האַרציקער פֿאָלקס־מענטש. מער פֿון יעדן פֿלעגט ער זיך צעוואַרימען אין די דעבאַטן וועגן ממשות׳דיקער פֿאַרברייטונג צו דער עליה קיין ארץ־ישראל.

ר׳ ש א ו ל ק א ש נ י ר (שואַליק דער טעפּער), שוין אַ עלטערער מענטש, אַ טרייער חבר. ער קלעבט זיך צום קלוב טאָג ווי נאַכט מיט אַ מין חסידישער דבקות.

ר׳ ל י י ז ע ר ד ע ר מ ו ל י ע ר (ווינטער — אַ קאַלאָשן־פֿאַרגיסער) איז איצט באַזונדער חשוב, ווייל דער בוי־פֿאַך איז דאָך פֿון די וויכטיגסטע, ווען ס׳האַנדלט זיך וועגן בויען דאָס לאַנד.

פֿאַרשטייט זיך, אַז געטראָגן אויף זייערע פּלייצעס דעם קלוב האָבן די ציוניסטן ווי ר׳ זלמן בערול, ר׳ ישראל ציפּאַנסקי, ר׳ אהרן סטאַווניצער, ר׳ יצחק קאַסטראַוו און אַנדערע.

צום באַדויערן אָבער איז נאָך ווייט פֿאַרווירקליכן דעם פּלאַן פֿון יציאת־זוויהיל. די שטאָט, ווי דאָס גאַנצע לאַנד איז אָפּגעשניטן פֿון דער וועלט. מ׳האָט ניט קיין פּראַקטישע ידיעות וועגן ציוניזם און ארץ־ישראל. ר׳ אייזיק נוצט אויס זיין אויטאָריטעט אום אָפּהאַלטן דעם עולם פֿון לייכטזיניקע שריט, — פֿון פּריצייטיקע געשעפֿטן, ליקווידאַציע א.א.וו.

דער ציוניסטישער קלוב איז פּאַקטיש די לעצטע ציוניסטישע טעטיקייט אין שטאָט. די געשאַפֿענע שטימונג וועלכע האָט דערמעגליכט אָרגאַניזירן אַ ברייטע פֿאָלקס עליה קיין ארץ־ישראל איז ניט פֿאַרווירקליכט געוואָרן. ס׳זיינען געקומען אומגליקן און צרות וועלכע זיינען אָפּ׳ן גערדאַנק ניט געקומען. אפילו פֿון די גרעסטע מרה שחורה־ניקעס. די אַלע קלוב חברים וועלכע זיינען מיט אַזוי פֿיל האָפֿנונג און בענקעניש געווען „אויף דער שוועל פֿון ארץ־ישראל״ האָבן זייער צוועק ניט דערגרייכט.

(דרך אגב: געציילטע זוויהילער משפּחות וואָס האָבן דאָך מצליח געווען און דער־גרייכט דעם ציל — ארץ־ישראל, האָבן זיך איינגעוואָרצלט און צוגעפּאַסט צום אָרטיקן לעבן אַלס פּראָדוקטיווער עלעמענט, אָן טענות — אפילו אין שווערע איבערלעבענישן).

## אַלגעמיינער חורבן

דאָס טוישן זיך פֿון פֿאַרשידענע מאַכטן, פּאָגראָמען, אונרוען און צום סוף די גרויסע שריפֿה, האָבן חרוב געמאַכט די שטאָט. צווישן אַנדערע איז אויך ר׳ אייזיק רואינירט געוואָרן. אויסערליך האָט ער זיך כלומר׳שט ניט געענדערט. זיין תלמיד־חכם־געזיכט איז עטוואָס בלאַסער, דער רוקן עטוואָס געבויגן און זילבערנע האָר שלענגלען זיך אין זיין שוואַרצער באָרד. ער איז אָבער געבליבן פֿריינדליך, טריי און האַרציק צו יעדן ווי אַמאָל. אָך, ווי וויכטיג איז איצט אַ פֿריינדליכע באַגעגעניש, אַ טרייסט וואָרט. צוזאַמען מיט דער שטאָט זענען דאָך אויך רואינירט געוואָרן די מענטשן, זיי זענען בײַ זיך געפֿאַלן מאָראַליש — און גרויס איז דער יאוש.

ווי נאָר די שטאָט איז אָקופּירט געוואָרן דורך פּוילין קומט אָן די הילף פֿון „דזשוינט״ מיט אַ ברייטער האַנט. די אונערוואַרטעטע ברידער־הילף דערמוטיגט, ס׳באַווייזן זיך ממש רעאַלע רעטונגס מעגליכקייטן. ס׳זענען נויטיק אָרנטליכע, פֿעאיקע און טרייע

עסקנים. ר׳ אייזיק, ווי זיין שטייגער, נעמט ניט אויף זיך קיין פאָרמעלע פליכט. ווי גרויס איז אָבער די נוצן וואָס ער ברייגט אין אָרגאַניזירן די הילף.

מ׳דאַרף שיקן א דעלעגאַציע קיין ווארשע צו דער צענטראַלע פון „דזשוינט״. ר׳ אייזיק שטייט בראש פון דער שליחות. מיט אים פאָרט ר׳ זלמן בערול און איינער פון אונזערע יונגע חברים. אָנקומענדיק קיין ראָוונע ווערן זיי געוואָר אַז דאָס פוילישע מיליטער טרעט צוריק פון אוקראַינע אונטערן דרוק פון די באָלשעוויקעס. זוויהיל איז אויך אין סכנה איבערגיין נאָך אַמאָל פון האַנט צו האַנט. די עלטערע חברים באַשליסן פאָרזעצן די רייזע, דער יונגער פאָרט צוריק קיין זוויהיל. די שטאָט איז ווירקליך פאַרנומען געוואָרן נאָך אַמאָל דורך דעם רויטן מיליטער און אונזערע שליחים זיינען אָפּגעריסען געוואָרן פון זוויהיל. אין א צייט אַרום דערוויסן מיר זיך אַז בלית־ברירה זיינען זיי מיט דער הילף פון „דזשוינט״ אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקא.

ס׳איז ניט צו פארשטיין ווי אזוי ר׳ אייזיק, תמיד א פארזיכטיקער און א איבערגעגעבענער, טרייער פאָטער פון זיין משפחה, האָט ריזיקירט ביי דער דראָענדער סכנה און ממשיך געווען די רייזע קיין ווארשע. אפשר האָט ער געהאָפט אַז די שמועות זיינען איבערגעטריבענע, אפשר האָט ער יאָ געשפירט די סכנה — און געהאָפט באַקומען הילף פאר די געליטענע.

אַזוי צו אַזוי איז דאָס מאָל ר׳ אייזיק אַראָפּ פון זיין שטייגער — און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע ליידן. זיין משפחה לעבן איז רואינירט. אין זיין אָפּוועזנהייט איז זיין פרוי געשטאָרבן פון טיפוס, זיין איינציקער זין, יאָס׳ל, נאָר וואָס אונטערגעוואָקסענער בחור׳ל, אַרדנט זיך איין אַלס דרוק ארבעטער, און ווען ס׳איז דאָ א מעגליכקייט פאַרלאָזן זוויהיל אום צו פאַראייניגען די משפחה אין אמעריקא — פאָרט ער ניט מיט זיינע שוועסטער, ער פאַרלאָזט ניט זוויהיל. צו ווייל די מאַכט פאַרבינדט די ארבעטער צום פלאַץ, צו ער איז שוין אַנ׳אנהענגער פון דער נייער אָרדנונג, און ער וויל זיך ניט צושיידן מיט איר.

ביי דער געשאַפענער לאַגע האָט ר׳ אייזיק מער קיין אינטערעס אויפס׳ניי אָנהויבן נייע געשעפטן אום ווידער אויפבויען זיין עקאָנאָמישע לאַגע. פאַרלירענדיק דעם צורעס, לטובת המשפחה, איז ער געוואָרן גלייכגילטיק צו עקאָנאָמישע דערגרייכנגן.

★

ר׳ אייזיק איז נפטר געוואָרן אין דער פרעמד, אין גלות אמעריקא, אָן א וואָרים וואָרט פון זיינע אַמאָליקע חברים, און ניט זוכה זייענדיק צו זען מיט זיינע אויגן דאָס לאַנד פון זיינע לעבענס־טרוימען.

**נחמה ארבעטמאַן**

# מיין פאַטער אייזיק ארבעטמאַן

מיין פאָטער איז געשטאָרבן דעם 12־טן יוני 1944 נאָך אַנ־אָפּעראַציע אין עלטער פון 74 יאָהר. איך האָב שטענדיק געשעצט מיין פאָטער. איצט, נאָך אַסך יאָרן בילדעט זיך מיר קלאָרער אויס זיין געשטאַלט, זיין צניעות און באַשיידענע מידות וואָס זענען, געוויינ־

ליך, די אייגנשאַפטן פון גרויסע מענטשן. קיינמאָל האָט ער ניט געפּרוּווט אָנוואַרפן זיין ווילן אָדער געדאַנק אויף ווע‏מען ס׳איז און האָט שטענדיק געוויסט זיך באַנוצן אין זיינע רייד מיט אַ געזונטען פאָלקס־הומאָר.

ער האָט זיך באַשעפטיקט אין אַמעריקע אַלס לערער פון עברית און ער האָט דערין אַריינגעלייגט אַסך כוחות און טאַלאַנט. ער איז געווען צווישן די גרינדער פון „אגודת המורים״ אין אַמעריקע. אָבער ניט אַיינמאָל איז ער געווען פאַרזאָרגט פון אופן אונטערריכט און האַלטונג פון די עלטערן און תּלמידים צום עברית־לערנען, וואָס פיל פון זיי האָבן דאָס גערעכנט אַלס אַ רעליגיעזער צוגאָב אויף צוגרייטן די תּלמידים צו זאָגן די ברכות ביי דער „בר־מצוה״ צערעמאָניע.

ער האָט דעריבער זיך באַצויגן בעסער צו זיינע יינגע תּלמידים וועלכע האָבן ערשט אָנגעהויבן לערנען און האָט זיך ביי זיינע לעקציעס באַנוצט מיט אַ באַזונדערן פּעדאַגאָגישען מעטאָד וועלכן ער האָט אויסגעפונען, ער האָט געהאָלפן אַסך יינגע לערער וואָס האָבן זיך געגרייט צו לערנען עברית. אַסך פון זיי געפינען זיך איצט אין פיל ערטער אין אַמעריקע און בענוצן זיך מיט זיינע שיטות.

אַן הויז האָט ער געהאַט אַ קליינע ווערקשטאַט אין וועלכער ער האָט געאַרבעט אין זיין פרייער צייט. אויך אין זיין פיזישער אַרבעט האָט ער ערפינדן נייע זאַכן און האָט זיך באַמיט אַרבעטען פיזיש ביי יעדער געלעגנהייט. „נאָר דער וואָס פאַרנעמט זיך שטענדיק מיט פיזישער האַנט־אַרבעט קען זיין אַ פאָלקאָמענער מענש״ — פלעגט ער זאָגן.

נאָר איצט הויב איך אָן צופאַרשטיין די גרויסע יסורים וואָס אַ מענטש מיט אַ אינטעלקטועלן פאַרנעם ווי ער, האָט געליטן ווען ער האָט געדאַרפט אין זיין טעגליכן לעבן זיין אָפּהענגיק פון דער אינטעלעקטועל־באַגרענעצטער און קליינקעפּעלדיקער סביבה און דערצו נאָך אַרויסווייזן אויסערליכע צופרידענקייט.

אויף זיינע פּערזענליכע פּלאָגן און גרויסן צער וועלכע האָבן אים באַהערשט אין זיינע יאָרן ביי דעם אומקום פון יידן דורך היטלערן — האָט ער רעאַגירט מיט אַ באַזונדער פילאָזאָפישער אייגענשאַפט, וועלכע האָט אונז אַלעמען באַווינדערט.

ער האָט קיינמאָל ניט ענטפּלעקט פאַר אונז זיינע פּערזענליכע ליידן כאָטש ער האָט גאַנץ גוט געוויסט זיין לאַגע נאָך דער אַפּעראַציע, אַלץ כדי ניט צו באַאונרואיקן. נאָר איינמאָל האָט ער זיך אויסגעדרוקט: „ס׳גלוסט זיך ניט שטאַרבן, פאַר דער ענדע פון דער וועלט־מלחמה און דער באַשיידונג פון ארץ־ישראל פּראָבלעם״. ליידער האָט ער דערצו ניט זוכה געווען.

י. שלאַין

# שלמ׳קה גוז

שלמ׳קה איז געווען אַ ספּעציפישע אייגנאַרטיקע פּערזענליכקייט. זיין בכבודדיקן מעמד אין אַלע יוגנט־קרייזן האָט ער דערגרייכט מיט אייגענע כוחות. זיין גאַנצער וועזן — אַ מוסטערהאַפטער ביישפּיל ווי ווייט גייסטיקע כוחות קאָנען ביישטיין פיזישער שוואַכקייט.

אַ בלאַסער אין געזיכט, אַ מאָגערער, מיט בלויע פאַרחלומטע אויגן, קוקט ער אויף



פון רעכטס : יונתן שלאין, פרוי סונדלזאן, פניה גולדפארב
פאָלקס־שול געגרינדעט דורך סונדלזאן — 1916
בית הספר העממי בהנהלתו של מר סונדלזון

אונז ווי פון ווייטע אנדערע וועלטן. און ווירקליך, ער לעבט ניט אין זיין ארומיקער סביבה. א דאנק זיין פארטיפן זיך אין וועלט ליטעראטור, קאן די טאָגטעגליכע ווירקליכקייט אים מער ניט באפרידיקען.

ווען די פארטיי טעטיגקייט פון „בונד" איז אָפגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1906, איז שלמ׳קה געוועז פון די ייִנגסטע חברים פון אָט דער פאַרטיי. די בונד טעארעטיקער אין זווהיל וועלכע זיינען אם מיינסטן געוועז פון די לערניוגנטליכע קרייזן („בעל־בתישע קינדער") אינטעליגענטן. זיינען אבוועזנד פון שטאָט. די יוגנט פון דער פאַרטיי בלייבט אַליין אָן וועלכע ס׳איז הדרכה. שלמ׳קה אָבער האָט דאָך באַוויזן עפּעס וויכטיגעס נאָשען פון זיינע לערער. ער איז געוועזן שטאָלץ אַלס אַרבעטער און האָט זיך באַפרייט לחלוטין פון הכנעה געפיל וועלכער האָט דאַן באַהערשט דעם יידישן ארבעטער און בעל מלאכה בכלל, און בפרט די אַרבעטער יוגנט. ער איז איצט קלאַסן באוואוסטזיניג און ער זעט זיין אויפגאַבע אין לעבן אַלס קעמפער אויף דער יידישער גאס. שלמ׳קה נעמט זיך צום לערנען מיט זיינע באשריינקטע כוחות אָבער מיטן גאַנצן יוגנטליכען ברען. ער שטרעבט פארברייטערן זיין וויסן אין סאָציאַלאָגיע און עקאָנאָמיע, אָבער צום סוף ווערט ער פארשלינגען פון דער ליטעראַטור. ער ליבט פאעזיע. נייע וועלטן ווערן פאַר אים ענטדעקט. ער איז ווי פאַרכּישופט. ער ווערט אוועקגעריסן ווייט פון טאָג־טעגליכן טומל, פון ווערקשטאָט מיט די מגושמ׳דיקע טישן, די ניי־מאַשינען קלאַפעריי. ער הערט ניט מער די שטיקלעך „חזנישע" געזינגען דורך זיינע ארבעטער־חברים. זיין פרייע צייט ווערט ביי אים פארשלינגען דורך לעזן און זיינע באשרענקטע פארדינסטן גיט ער אויס אַף קויפן ביכער. שלמ׳קה אַבאַנירט אַלע אידישע פעריאדישע אויסגאבן און קויפט ביכער אין אידיש און רוסיש. פאַר אים איז ניט גענוג איבערלעזן א בוך, ער קאן פון בוך זיך פשוט ניט צושיידען. די פאליצעס ביכער אין זיין צימער וואקסן אין דער ברייט און אין דער הויך.

זיין פאָטער, ר׳ אשר דער שניידער (ר׳ אשר יוקעס), איז געוועזן א געגנזאָץ פון זיין זין. א ברייט־בייניקער איד מיט א שיין שווארץ בערדל. בכלל א הדרת פנים. מען מוז מודה זיין אז אין פאַך האָט שלמ׳קה זיך ניט אויסגעצייכנט און ר׳ אשר האָט פון דעם געליטן. אָט למשל פון קאלנער, וועלכער האָט עקשנות־דיק זיך ניט געוואָלט ליגן „ווי אויסגעגאָסן", טראָץ זיינע איבערצייגונגן מיט זיין שיינער קלינגענדיקער שטימע. ער פרעסט דעם קאָלנער מיט זיינע׳העַנט צום אידישען געבויגענעם רוקן און פּרוווט מיטן מויל פאר׳ריכטן זיין פאַך־טעות. ר׳ אשר האָט באין אופן שלמ׳קעס ענינים ניט פארשטאַנען. אַלס פאָטער פון זין וועלכער קען אין די „קליינע אותיות" האָט ער זיכער געהאָפט פון אים פאַרפאָלקומונג אין פאַך־זאַכן. דעם גאַנצן ענין פון ביכער לעזן האָט ער געזען ווי איבעריק. אמת, אנטוישט איז ר׳ אשר געוועזן ווען ער האָט דערפילט אז שלמ׳קה וויל ניט שטייגן פון זיין מעמד אַלס ארבעטער נאָר אויך ביי יעדן סיכסוך מיט די שניידער געזעלן איז ער גאָר מיטן גאַנצן ברען אויף זייער זייט, קעגן זיין אייגענעם פאָטער. ערשט שפּעטער ווען ר׳ אשר האָט זיך איבערצייגט ווי אנדערע שעצן שלמ׳קן, און נישט דוקא אַרבעטער, האָט ער געענדערט זיין באַציאונג צו אים.

מיר „ארבעטענדיקע ציוניסטן" זוכנדיק הילף צו שטודירן סאציילע פּראבלעמען, האָבן זיך געווענדעט צו שלמקה׳ן, ער איז דאָך פון די אַמאָליקע בונדאווצעס, וועלכע האָבן באַקומען הדרכה אין די ענינים ביי אויטאריטעטן. אונזער איבער׳ראַשונג איז געוועזן גרויס ווען עס האָט זיך אַרויס געוויזן, אַז שלמ׳קה איז גאָר א ידען אויך אין אלגעמיינער ליטעראַטור

און ציטירט אַזוי געשמאַק פארשידענע פאעטישע שאַפונגען, מיר האָבן געמוזט מודה זיין, אַז אויף דעם געביט וואָס מיר האָבן זיך געפילט שטאַרק האָט ער אונז איבערגעשטייגט. שנעל האָט זיך געענדערט דער אינהאַלט פון אונזערע באַגעגענישן מיט שלמקה׳ן און אַנשטאָט געזעלשאַפטליכער וויסענשאַפט האָבן מיר אָנגעהויבן שטודירן... ליטעראַטור.

מיר האָבן זייער געשאַצט שלמקה׳ס פאַרנעמען זיך מיט אונז. ער איז וואַרשיינליך אויך באפרידיקט געווען פון א אונערוואַרטעטן פאַרהערער־קרייז. צוערשט האָט ער זיך אפילו געקווייַנקלט: סטייטש, בעל בתישע קינדער, „ציוניסטלעך”. אָבער דער קרייז נייגעריקע צוהערער האָט אים געצויגן טראָץ זיינע ספיקות. עס איז פאַר אים אויך געווען אַן איבער־ראַשונג דער גאַנצער ענין פון נייער ציוניסטישער יוגנט, וועלכע אינטערעסירען זיך גאָר מיט אלגעמיינע סאָציאַלע לימודים און גרייטן זיך אויף אייגענע פלייצעס פאַרווירקליכן זייערע ציוניסטישע חלומות. און ער האָט אָנגעהויבן זען אין אונז א „געלונגענעם שידוך” פאַר זיך. ביז היינט זענען די זכרונות וועגן שלמקה׳ן פאַרבינדן מיט אינטערסאַנטע ליטעראַ־רישע געשפרעכן. נאָך זיין אַרבעט פלעגט ער אָנטון זיין לאַנגן ראָק און קאַפּעליוש און שפרייזן לאנגזאם, אנשפארנדיק זיך אויף זיין מסורת׳דיקן שטעקן אום צו טרעפן זיך מיט אונז אין די טונקעלע אלייען פון שטאָט־גאַרטן, אין וואַלד פון יענער זייט טייך, אָדער גאָר אין וואוינונג ביי אונזער חבר׳טע רחל.

אָט דער לעצטער פלאַץ האָט אמ׳בעסטן געפאַסט צו אונזער צוועק. דאָס איז געווען אין עק שטאָט. רחל׳ס מוטער, דער איינציקער דערוואקסענער פערזאָן אין שטוב, האָט זיך צו אונז זייער לאיאל באַצויגן. „זייענדיק תמיד פאַרנומען ווען מיר קומען, פאַרלאָזט זי דעם צימער און מיר פאַרנעמען זיך פריי מיט אונזערע ענינים. שלמ׳קה ערשיינט מיט זיינע לאַנגזאַמע טריט, מיטן שטילן „גוט אָוונט”. ציט אַרויס פון טאַש אַ העפט און מיט אַ באַוועגונג פון א געניטן קארטן־שפילער ווען ער וואַרפט א געלונגענע קאָרט, גיט שלמ׳קה א לייג דעם העפט אָפן טיש. מיר ווייסן אַז עפּעס נייעס האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט. דער אָוונט שיינט צו זיין א אינטערסאַנטער.

די יוגנט האָט אויך געהאַט פריוואַטע באַציאונגען מיט שלמקה׳ן. אַלע לעצטע ליטע־ראַרישע אויסגאַבן און נייסטע ליטעראַרישע שאַפונגען האָט מען אויך געקענט קריגן באַ אים. די באַזוכן ביי שלמקה׳ן פון אָט די יינגלאַך און מיידלאַך ווערן ניט איינמאָל פאַרוואַנדלט אין אינטערסאַנטע, ערנסטע געשפרעכן, און לאָזן תמיד איבער א געפיל, אז עפּעס נייעס איז „גענאַשט געוואָרן” ביי שלמקה׳ן.

דער איינציקער „פריוואט פארמעגן” זיינער זיינען געווען זיינע ביכער. דאָך אנטלייט ער די ביכער ממש יעדן איינעם אָן אויסנאַם, תמיד מיטן בעסטן אויסדריק פון צופרידנהייט. זיין ציטער און ליבע צום בוך האָט זיך ערשט באמערקט ווען ער האָט אים געקראָגן צוריק. מיט א צארטער האַנט פלעגט ער גלעטן דאָס בוך, גלייכט אויס אַ קנייטש און עס טרעפט זיך אז דער „שולדיקער” דערפילט אויף זיך זיין בליק פול מיט שטראָף. שלמ׳קה באַשיצט ניט זיין פארמעגן. אים פארדריסט נאָר די לייכטזיניקע באציאונג צום טייערסטן שאַץ — צום בוך...



מיטן אויסברעכן פון די אקטאָבער רעוואָלוציע פאַנגט ער אָן א ברייטע פּאַרטיי טעטיקייט. שלמ׳קס לעבענס־שטרעבונג איז אָפן שוועל פון פארווירקליכונג. ער איז גרייט צום קאַמפף לטובת דעם אידישן אַרבעטער. צום אונגליק פאַלט ער צום בעט. די קראַנקהייט

איז א ערנסטע. ווארשיינליך ליידט ער שוין פון לאנג. אלע ווילן אים עלפען. ביי זיין בעט טרעפן זיך פארטרעטער פון אלע שיכטן פון דער יוגנט. שלמ׳קה באגעגנט יעדן מיט זיין געמיטליכן שמייכל. ער איז מכבד זיינע געסט. אלץ אינטערסירט אים און וועגן אַלץ איז ער גרייט צו רעדן אויסער... וועגן זיין קראַנקהייט. ער ווייסט אַז זיין ליד איז צו ענדע...

שלמ׳קה איז געשטאָרבן אין גרויסע ליידן, אָבער מיט א פילאָזאָפישן שמייכל אויף זיינע ליפן.

**ש. מילער** לאָס אַנדזשעלעס

# זוהיל און אומגעגנט *)

## 1. דער ערשטער ארויספאָר

בלויז דריי זמנים איז דער גמרא־מלמד געוועזן אין דאָרף. שלמה מרדכי האָט מער ניט געוואָלט זיין קיין שותף. דעם עלטערן נעמט ער אויפן דאָרף, פון יאָסלען וועט שוין קיין לייט סיי־ווי ניט זיין, און פאַר שמחה׳ן, איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַ דרדקי מלמד איז פאַר אים אויך גענוג. ער וואָלט אַוודאי געוואָלט, שלמה מרדכי, אָבער... דער אַלטער יאַנקל האָט פאַרפירט אַ קריג מיט זיין טאָכטער. אין שטאָט אַריין זאָל זי אים אָפּפירן! טענהט זי: ווי קען מען דאָס טון? נעמען אַ פיצל קינד און אָוועקפירן אין דער פרעמד.

— אַ גמרא־בחור איז ביי איר אַ פיצל קינד.

— אָבער וואו וועט ער עסן, שלאָפן; ווער וועט אויף אים אַכטונג געבן?

— זי וועט אים אריינגעבן אין דער ישיבה וועט ער האָבן אי עסן, אי אַ געלעגער און וועט ווערן א מענטש.

— אין דער ישיבה וועט ער ווערן א מענטש? ער׳ט דאָך פאַרלייזיקט ווערן!

דא ווערט שוין דער אַלטער יאַנקל אין כעס. — נו, גיב אים אָפּ צו איוואַנען פאַר א פאַסטוך פאסען חזירים...

— פינסטער מזל מיינס, — האָט עטל דאַרויף געענטפערט. זי האָט געוואוסט דער טאַטע איז גערעכט. טאַקע, וואָס וועט אברהם טון אין דאָרף אָן אַ מלמד? זי האָט גענומען פאַרלאַטען אברהמ׳ס העמדער, פאַרמאַרעזשען זיינע זאָקן, אויפגענייט נאָך אַ פאָר טלית־קטנס, צום איבערבייטן, זי האָט געגרייט אַוועקפירן איר קינד אין דער ישיבה. געוואָלט האָט דער אַלטער אים אַוועקפירן, דאָ האָט זיך שוין אָבער די טאָכטער איינגעשפאַרט — זי וועט פאָרן. אין איין וועגס וועט זי שוין ברענגען אַ ביסל סחורה פאַר איר קראָם, מישטיינס געזאָגט. דער אַלטער האָט געמוזט נאָכגעבן.

ווען קאַרנעי איז פאַרפאָרן צום הויז איז שוין עטל געגאַנגען אָנגעטון אין איר שוואַרץ קלייד, אויפן קאָפּ אַ פאַרוק, אויפן פאַרוק אַ געשטיקטע קאַרדאָנקע, אברהם איז געווען אויסגעפוצט אינם נייעם פסחדיקן גאַרניטור, גרייט צו פאָרן. די מאַמע האָט נאָך אָנגעזאָגט רחלן ווער עס דאַרף ברענגען אַ חוב, ווען זי זאָל ניט באָרגן אַפילו ווען ער ווערט

*) אַ אויסצוג פון „דור המדבר“.

געשוואָלן, געהייסן **אַכטונג** געבן אויף דער בהמה, און אַ צי געטון אברהמ׳לען — קום מיין זון, געזעגן זיך, און מיר פאָרן.

פאָר געזונט, נעמט אים אָן דער זיידע ביי דער האַנט, — זיי אַ וואויל קינד, לערן גוט און זיי אַ איד. — דער זיידע בויגט זיך איין, באָרד און וואָנצעס באַרירן אברהמ׳לס פנים. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אַ קוש פון זיידן. זיינע הענט פלעכטן זיך ארום זיידנס נאַקן, לאָזן אים ניט אָפּ. — נו, נו, פאָר געזונט, ברומט דער זיידע, באַפרייט זיך פון אייניקלס אָרעמס און קערעוועט זיך אַוועק. אַ שעמעוודיקע דערנענטערט זיך רחלע, האַלט גרייט איר הענטל דערלאַנגען איר ברודער. — נו, געזעגן זיך, יאָגט אונטער די מאַמע אברהמ׳לען. ער טוט אַ טראָט נעענטער צו דער שוועסטער. די קינדער קוקן זיך אָן פון אונטער די שטערנס אַ פּיר און מיט אַמאָל פאַלן זיי צו איינער צום צווייטן, אַ געוויין דערהערט זיך.

— נו, שאַ, מיין קינד, איך וועל דיר ברענגען א מתנה.

וויינענדיק מיט אַ שטילן, ציטערדיקן געוויין שטייט רחל׳ע ביי דער פור וואו איר ברודער זיצט שוין, און וואָס מער זי שטאַרקט זיך ניט צו וויינען, אַלץ שטאַרקער ציטערט איר קערפּער.

— זייט געזונט! זייט געזונט! — רופט אויס די מאַמע אויסדרייענדיק דעם פנים, אויך אברהמ׳לס ליפּן באַוועגן זיך. דער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטון. טרערן האָבן זיך אַ גאָס געטון פון רחל׳עס אויגן, אַ געוויין האָט אויסגעפּלאַצט. דער אַלטער יאַנקל האָט זיך אַ ריר געטון און האָט זי אַנגענומען ביים הענטל. — נו שאַ, וויין ניט, נאַריש קינד, וואָס וויינסטו? ער פאָרט דאָך לערנען. — כליפּענדיק איז זי געגאַנגען מיטן זיידן צוריק אין שטוב אריין. ביי דער שוועל האָט זי זיך אומגעקוקט. ניטאָ די פור.

דעם לעצטן צלם אויפן עק דאָרף פאַרבייגעפאָרן, קארנעי האָט זיך איבערגעצלמט, אַ שמייס געטון די פערד.

שווייגט אברהמ׳ל, קוקט אויף די פעלדער פון ביידע זייטן. אַזוי פיל פעלדער, זעט זיך קיין עק צו זיי. ווער ווייסט ווי לאַנג מ׳וועט פאָרן. אָט איז אַ וואַלד, אַ טיפער וואַלד מסתם, גזלנים וועלן נאָך אנפאַלן.

— ווען וועלן מיר זיין אין שטאָט? — באַלד.

— באַלד? — יא נאָך אַ צוויי שעה.

דער וואָגן האָט אָנגעהויבן אונטערשפּרינגען, שרעקלעך קלאַפּן. די פערד האָבן גענומען גיין שנעלער, קאַרנעי האָט זיך בעסער איינגעמייסטערט אין זיין שטרויזיץ, פאַרריכט די שמויסענע היטל, די מאַמע האָט אויך אַ שאַר געטון די קאַרדאָנקע פון ביידע זייטן פנים. דאָס איז שוין דער שאָסיי. נאָך עטלעכע ווערסט וועט מען זיין אין שטאָט. אברהם דערזעט סלופּעס מיט דראָטן פון אויבן, מיט ווייסע גאַלקעס. איין סלופּ נאָך אַ סלופּ און די דראָטן פון אויבן הענגען. אין דאָרף זענען ניטאָ קיין דראָטן.

— וואָס זענען די דראָטן? — דורך די דראָטן קלאַפּט מען טעלעגראַמעס.

— ווי אַזוי קלאַפּט מען טעלעגראַמעס? — האָסט זיך שוין צוגעטשעפּעט! זיץ איין.

זיצט אברהם און זיינע אויגן בלאָנדזשען פון די דראָטן צום וואָגן. צו די וועגענער מענטשן וואָס קומען אָן אַנטקעגן. אַלץ איז אנדערש ווי אין דאָרף. די גויים טראָגן אנדערע היטלען. די וועגענער אויך אַנדערע, אים דאַכט זיך יעדער גוי וואָס פאָרט פאַרביי קוקט אויף דעם וואָגן מיט אַ שמייכל. דעכער באַווייזן זיך, רויטע, גרינע. אָט זיינען זיי שוין

אין שטאָט. אַזעלכע שיינע הייזער, דער עיקר די דעכער, קיין איין שטרויענער דאַך. און אַזוי פיל קלויסטערס! שוין דריי קלויסטערס פאַרבייגעפאָרן.

— וואו איז די ישיבה? — אין דער נידער.

— און וואו איז די נידער? — וועסט קומען וועסטו זען.

— איז דאָס די ישיבה? — דאָס איז אַן אכסניה, — האָט די מאַמע אַ וואָרף געטון, זיך געווענדעט צו קאַרנעיען, אים אַנגעזאָגט וואוהין ער זאָל פאָרן, וואָס ער זאָל נעמען, דאַן אָנגענומען אברהמ'לען פאַר דער האַנט — קום!

ער איז נאָכגעגאַנגען דער מאַמען, דרייענדיק דעם קאָפּ, ציענדיק דעם האַלז אין די זייטן, אויף צוריק, אָדער גאָר זיך אָפּגעשטעלט: זע, מאַמע, זע! האָט די מאַמע אַ קוק געטון און אַ בייזע אַ צי געטון — קום!

ער האָט זיך גענומען אַרונטערלאָזן אויף טרעפּ, אונטערשפּרינגענדיק. אַזוי פיל טרעפּ! ער קוקט זיך צוריק אויף אַרויף, אים ווילט זיך אַרויפגיין און נאָכאַמאָל אַרונטערגיין. עמיצער האָט אים אַ שטויס געטון. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, באַגעגנט אַ פּנים פון א בייזן יידן. די מאַמע האָט אים אַ צי געטון. וואָס שטייסטו ווי א ליימענער גולם?

— וואו גייט מען מיט די טרעפּ? — זעסטאָך! אין דער נידער.

— דאָס איז די נידער? — זעסטאָך! — און אין דער הויף?

— רבונו של עולם! וואָס וויל דאָס קינד פון מיר האָבן? קום, דאָ איז שוין די ישיבה.

אַ לאַנגער, שמאָלער צימער. פון בײדע זייטן גרויסע טישן, לאַנגע בענק, אויף די בענק ביי די טישן, זיצנדיק, שטייענדיק ביי די סטענדערס, האָבן זיך געשאָקלט בחורים און געלערנט זינגענדיק. איינער איז אומגעגאַנגען מיט אַ געעפנטער גמרא אויף די פּאַראַרעמס, אָנטקעגן אים איז געגאַנגען איינער קרייזלענדיק אַ פּאה, ביידע האָבן ניט געקוקט וואו זיי גייען, דאָך האָבן זיי זיך ניט אָנגעשטויסן.

אַ פּאָר לערנער האָבן אַ הויב געטון די אויגן פון די גמרות, אַ קוק געטון אויף דער אַריינקומענדיקער פרוי מיטן קינד און זיך ווידער גענומען לערנען. עטל איז געשטאַנען, געקוקט אויף איין טיש, אַ צווייטן, פאַרריכט די קאַרדאַנקע אויפן קאָפּ און זיך דער־נעענטערט צו אַ ברעג טיש. — קענט איר מיר זאָגן וואו איז דער ראש־הישיבה? דער לערנער האָט שטומערהייט אַ ווייז געטון מיט דער האַנט. ווען עטל מיט אברהמען האָבן זיך געלאָזט אין יענער ריכטונג, האָט ער זיי נאָכגעקוקט.

אַ קלייניקער יידעלע מיט אַ טונקעלן, גלאַנציקן פּנים, פּעך שוואַרצע האָר, טיף בלויע אויגן און רויטלעכע וויעס, פון שטריימל אַפילו האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ בלוי סאַמעטענע יאַרמעלקע, גרייכנדיק ביזן נאַקן, אָנגעטון אין אַ ברייטער קאַפּאָטע און אַזאַ לאַנגער, אַז די שפּיץ שיך האָבן זיך קוים אַרויסגעזען, האָט צוגערופן אברהמען.

— ווי רופט מען דיך, בחורל?

פאַר דעם האָט זיך אברהמל דערשראָקן.

— בחורל? האָט די מאַמע געענטפערט — אברהם.

— און ווי אַלט ביסטו?

— צען יאָר, זאָל ער מיר געזונט זיין, — האָט די מאַמע ווידער געענטפערט.

דער קלייניקער, שוואַרצער יידעלע — דער ראש־הישיבה — האָט אָנגענומען אברהמלען ביים קין, פאַרריסן אים זיין פּנים אויף אַרויף, — קענסטו עפּעס לערנען?

אברהמל טוט אַ דריי מיטן קאָפּ, באַפרייט דעם קין פון דעם אידנס פינגער, לאָזט אַרונטער דעם קאָפּ.

— וואָס האָסטו געלערנט? — פרעגט שוין דער ראש־הישיבה שטרענג.

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? מ׳פרעגט דיך דאָך!

— בבא מציעא. — אַ משא איז אַראָפּגעפאַלן פון אברהמס מויל.

— און אַ לייענען קאָנסטו מאַכן?

אברהמל קוקט אויפן ראש־הישיבה, ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. דער ראש־הישיבה מאַכט אַ טריט. אברהמל באַמערקט, אַז דער ראש־הישיבה הינקט אונטער, ניין, שלעפּט נאָך אַ פוס. ער האָט קיין צייט געהאַט איבערטראַכטן אָט דאָס פוס־נאָכשלעפּעניש. די מאַמע האָט אוסגענוצט די געלעגנהייט צו פאַרריכטן אים דאָס קאַשקעטל אויפן קאָפּ און ער הערט ווי זי שיפּעט אים אין אויער אריין: פאַרוואָס ענטפערסטו ניט אַז מ׳פרעגט דיך? דאָס איז דאָך דער ראש־הישיבה. אברהמל האָט שיר ניט ארויסגעזאָגט — ער איז אַ קרומער, דער ראש־הישיבה, ווען ער האָט אים דערזען מיט צוויי גמרות. אָט מישט ער אויף... „שנים אוחזין בטלית...״

דער ראש־הישיבה האָט אָנגענומען דאָס בלאַט, אַ מיש געטון — גענוג. איבערגע־האַקט אין מיטן, האָט אברהמל דערשראָקן אַ קוק געטון.

— דאָס קענסטו? האָט דער ראש־הישיבה געשמייכעלט. — און דאָס? — ער האָט אָנעם געטון די צווייטע גמרא. — דאָס האָט ער ניט געלערנט מיטן רבין. פּרוּאוו אליין — דאָס האָט ער מסתם געמיינט מיט אַ לייענען. אזוי? ארבעה אבות נזיקין, השור והבור.

— ווי לאַנג אַז דו לערנסט שוין גמרא?

— דריי זמנים — האָט די מאַמע געענטפערט.

— וועסט מוזן האָבן אַ חבר — האָט דער ראש־הישיבה גערעדט צו אברהמלען. מיט אַ חבר וועסטו אפשר קענען לערנען.

— אַ חבר? — פרעגט עטל. יאָ, אַ חבר פון עלטערן טיש וואָס זאָל איבערלערנען דעם שיעור.

— מילא, אַז ער דאַרף. דער ראש־הישיבה האָט צוגערופן הערשל פּריצקער — וועסט זיין זיין חבר. מהיכי תיתי. — האָט דער חבר אַ זאָג געטון.

— כ׳מיין... — האָט עטל גענומען שטאַמלען, זיך ווענדנדיק צום חבר און צום ראש־הישיבה — עס דאַרף עפּעס קאָסטן? — פינף רובל אַ זמן.

— מיטן שענסטן כבוד, אָבער רבי, כ׳מיין, כ׳האָב געוואָלט פרעגן וואָס איז מכוח עסן, אַ געלעגער?

— דאָס וועט שוין דער גבאי פאַרזאָרגן. — דער ראש־הישיבה האָט, נאָשלעפּנדיק אַ פוס, זיך דערווייטערט מיט אַ מין טאַנצנדיקן גענגל.

— קומט, איכ׳ל אייך שוין ווייזן, — האָט פאַרגעלייגט דער חבר.

דער חבר, הערשל פּריצקער, אַ נידעריקער, ברייט־ביינעקער בחור מיט טונקלן טאַבאַק־קאָליר האָר, קופּער־קאָליר געזיכט מיט קלייען, אַ שיטער האָניק־בערדל און א לאַנגער קאַפּאָטע, פון הינטער וועלכער עס האָבן זיך דאָך אַרויסגעוויזן שטיוול מיט ברייטע צעפּרענע כאָליעוועס, האָט גענומען עטלען און אברהמען אונטער זיין אויפזיכט.

— זיי דאַרפן טעג און אַ נאַכטלעגער, — האָט ער אַ זאָג געטון ישעיה אשר׳ן דעם גבאי, אָנווייזנדיק אויף עטלען מיט איר קינד. ישעיה אשר האָט צעטראָגן אַ קוק געטון.

— נו, גוט, נו, קריגן טעג, קריגן אַ נאַכטלעגער, אַלץ באַשטעלן. פינף גילדן פאַר די טעג און אַ האַלבן רובל פאַרן נאַכטלעגער.

עטל האָט זיך געלאָזט צו דער טיר און צווישן טיר האָט זי אַרויסגענומען אַ פּאַר־קניפּט טיכל, פון איין קניפּל אַרויסגענומען זילבערנע מטבעות, געגעבן ישעיה־אשר׳ן, פון צווייטן קניפּל אַרויסגענומען אַ גילדן פינפערל געגעבן הערשל פריצקער — איר׳ס אַכטונג געבען אַז ער זאָל לערנען.

— אוודאי, אוודאי! — ער האָט זיי באַגלייט ביז דער טיר.

אַ פאַרטשאַדעטער איז אברהמל אַרויסגעגאַנגען פון דער ישיבה, געגאַנגען צוריק אין דער אכסניה. דאָרט האָט ער געגעסן וועטשערע. און איין וואָרט האָט אים פאַרנומען: ישיבה, ישיבה און מיט דעם וואָרט אין געדאַנק איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן.

די מאַמע האָט אים אויפגעוועקט. — עס אָפּ אָנבייסן, — וועלן מיר גיין אין דער ישיבה. איך דאַרף נאָך איינקויפן און פאָרן אַ היים.

פרישע שטאָטישע בייגל. איינעם האָט ער צעבראָכן מיט נייגעריקייט, איינגעביסן, געקייט מיט הנאה. די מאַמע האָט דערווייל איבערגעפּקאָט זיינע הפצים, גערעדט: — זאָלסט יעדע וואָך בייטן אַ העמד! דו הערסט? און אויסצוואַגן דעם קאָפּ. מיט אַ ניט דערשלונגענעם ביסן אין מויל האָט אברהמל אויפגעהערט צו קייען, טרערן האָבן זיך גענומען גיסן, ער האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול.

— וואָס וויינסטו, וואָס פאַר אַ געוויין אינמיטן דרינען?

— איך וויל ניט! פאָר ניט אַוועק!

— נאַריש קינד! וואָס הייסט איך זאָל ניט אַוועקפאָרן? און רחלע? דער זיידע? ישעיה אשר וועט דיר געבן עסן, דיר פאַרזאָרגן מיט אַ געלעגער, וועסט זיין אַ גוט קינד, וועסטו קענען לערנען, וועסטו אם ירצה־השם אויסוואַקסן, זיין אַ רב, עס אָפּ און קום.

— איך וויל ניט! — וואָס ווילסטו ניט? וועסט פראַוען אַזעלכע שטיק, וועט מען דיך אַרויסוואַרפן. נו, שאַ, מיין קינד! זעסט? — זי האָט גענומען פינף גריוונעס, איינגע־בונדן אין אַן עק פון אַ טיכעלע. — נאַ, דאָס וועסטו האָבן אויף קויפן אַ בייגל, אַן עפּל, אַ באַר. גיב אַכטונג זאָלסט ניט פאַרלירן. — מיטן צווייטן ברעג טיכעלע האָט זי אויס־געווישט זיינע אויגן, פאַרריכט דאָס היטעלע אויפן קאָפּ, פאַרשפּיליעט דאָס רעקל. קום, זוניו. — זי האָט אים אַוועקגעפירט אין דער ישיבה.

דאָרט האָט זי אויפגעזוכט דעם חבר, אים איבערגעגעבן איר זונס הפצים. — גיט אַכטונג אויף אים, איך בעט אייך. ער איז ביי מיר אַן איין־און־איינציקער.

הערשל פריצקער האָט גענומען דאָס קלומיקל, געוואַרט. די מאַמע האָט זיך אָנגע־בויגן אַ קוש טון איר קינד. — זיי אַ גוט קינד, פאָלג דעם רבין, דעם חבר און לויף ניט אַרום. זיי געזונט, מיין זון! — ווידער אַ קוש, אַ לענגערער ווי פריער, און זיך אָפּגעריסן פון אים. זי האָט אַרויסגעצויגן אַ טיכעלע, אָבער זי האָט זיך מער ניט אומגעקערט. אברהמל איז געשטאַנען, געזען דער מאַמעס פּלייצע; געזען זי אַוועקגיין, און ניט ער האָט געקענט שטעלן אַ פוס איר נאָכגיין, נאָכלויפן, ניט ער האָט געקענט עפענען דאָס מויל אַרויסשרייען: מאַמע!! — אים איז עפּעס געשטאַנען אין האַלז.

— קום! — דער חבר הערשל האָט אים אַ צי געטון פאַר דער האַנט.

## 2. טעג און נעכט

זיבן טעג — זיבן טישן. ישעיה אשר האָט אַריינגעפירט אברהמען אין אַ הויז: — דאָס

איז דער ישיבהניק. ער׳ט ביי אייך עסן אַ דינסטאָג. נאָך אַ פּאָר ווערטער אויסגערעדט מיט דער באַלעבאָסטע און אַוועקגעגאַנגען.

די באַלעבאָסטע האָט באַטראַכט אברהמען. — נו, גיי וואַש זיך. אברהם האָט ניט געוואוסט וואו מ׳דאַרף עס גיין זיך וואַשן, זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. — דאָ איז די קוואָרט. זי האָט אים אָנגעוויזן צום פאָרהויז. ער האָט זיך געוואַשן, געווישט די הענט מיט א פּייכטער סטירקע. די באַלעבאָסטע האָט דערווייל פאַרשפּרייט דעם קיכטיש, גע־לייגט אַ מעסער, גאָפּל, ברויט, געשטעלט זאַלץ אין אַ שאָל. אברהם האָט געמאַכט אַ המוציא.

אַ פאַרע האָט געזעצט פון דעם שיסעלע קוליש וואָס די באַלעבאָסטע האָט פאַר אים אוועקגעשטעלט. אברהם האָט דערפילט אַ ריח פון טיקווע שמאַלץ, וואָס האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין נאָז, אים איז ניט גוט געוואָרן. ער האָט אָנגעשעפּט אַ האַלבע לעפל, אַ זופּ געטון, אַוועקגעלייגט די לעפל, געקוקט צי די באַלעבאָסטע זעט ניט, געשעפּט צוביסלעך, געגעסן אַ סך ברויט צו פאַרשלאָגן דעם טעם פונעם שמאַלץ אינעם קוליש, און אַוועק־געלייגט די לעפל.

— פאַרוואָס עסטו ניט? — איך בין ניט הונגעריק, — האָט אברהמל ארויסגע־שטאַמלט.

די באַלעבאָסטע האָט ראַשיק צוגענומען דאָס שיסעלע, עפּעס געמורמלט, אין דער־לאַנגט אַ שטיקל פלייש מיט פּאַסאָליעס.

אברהם האָט געשניטן דאָס פלייש אויף קליינע שטיקעלעך, אַ מיידעלע איז אַריינ־געלאָפן. דערזען אַ פרעמדן ביים טיש, האָט זיך עס צוגעאיילט צו דער מאַמען, זי אָנגע־נומען ביים קליידל און שטיל געפרעגט: — מאַמע ווער איז דאָס?

— א ישיבהניק, לאָז אָפּ! — זי האָט ארויסגעריסן דאָס קליידל פון קינדס הענטלעך, צוגעגאַנגען צום טיש, געשיקט אָפּגעשניטן צוויי רייפטלעך פון גאַנצן ברויט, ערגעץ פון אַ הינטער קעשענע ארויסגעצויגן אַ פּירער. נאַ! כ׳האָב ניט מיט וואָס צו באַשמירן, וועסטו עפּעס קויפן אין מאַרק.

גייענדיק צוריק אין דער ישיבה, האָט אברהם געקוקט אויף אַלע זייטן — דערקענען די הייזער, די קלייטן, אויב דאָס איז דער וועג צוריק אין דער ישיבה. און ערסט דאָך ניט געטראָפן דעם וועג. מיט די אויגן, מיט די פיס האָט ער געזוכט, געשפּירט און געטאַפּט דעם וועג צוריק אין דער ישיבה.

געקומען, האָט אים דער חבר, הערשל פּריצקער, געפרעגט וואָס האָט אים אַזוי לאַנג גענומען? וואו איז זיין טאָג, אויף וועלכע גאַס?

— אויף וועלכער גאַס? ער ווייסט ניט. — טאָ ווי האָט ער געטראָפן?

— מ׳גייט אַזוי לאַנג מיט די טעלעגראַף־סלופּעס ביז מ׳פאַרקירעוועט זיך.

דער ערשטער טיש האָט נאָר וואָס געהאַט אָנגעהויבן די גמרא קדושין. אינדערפרי האָט רב טוביה געזאָגט דעם שעור פאַר די תלמידים. שטייענדיק אָנגעשפּאַרט אָן סטענדער, האָט ער שטיל, מיט אַ בנעימותדיקן ניגון, געלערנט ווי פאַר זיך. דאָך האָבן די תלמידים דייטלעך געהערט. אברהם האָט אויך געהערט דעם רבין זאָגן דעם שעור, ער האָט אָבער געהערט בלויז ווערטער, קלאַנגען, די ווערטער זענען ניט אַריינגעדרונגען אין מוח, ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט זען דעם רבין. אַזאַ שיינער איד. גרויע האָר. פאַרשאַרט די יאַרמעלקע, האָט זיך ארויסגעוויזן אַ הויכער שטערן מיט ווינקלען, און די פּיאות אזוי

ווי פּלעשלעך. אָט טוט דער רבי אריין איין פינגער אין דער פּאה, קרייזלט זי. ניט אויפֿ־הערנדיק לערנען. ביי עמיצן איז א גמרא ארונטערגעפֿאַלן. דער רבי נעמט אַפּיר מיט זיי איבער די פּנימער פון אַלע תלמידים, כאַפּט אברהמס קוק, שטעלט זיך אָפּ אויף אברהמס פּנים. אברהם האָט אַרונטערגעלאָזן די אויגן צו דער גמרא. נאָכן שעור האָט אים דער רבי צוגערופן: ווי רופט מען דיך, יינגעלע?

— אברהם. — האָט זיך אַזוי לייכט אַרויסגעזאָגט דער ענטפער, גאַרניט ווי פאַרן ראש הישיבה. יענער האָט געזאָגט „בחור׳ל". ער האָט בעסער ליב דעם רבין. האָסט אַ חבר? — פרעגט דער רבי. — איכ׳ל אים זאָגן ער זאָל מיט דיר אָנהויבן פון אָנהויב. און אַז דו וועסט עפּעס ניט וויסן, שעם זיך ניט און קום צו מיר פרעגן.

דער רבי האָט אים אַ קניפּ געטון אין בעקל און זיך גענומען צו זיין גלאָז טיי. אברהם האָט פון הינטערן שטערן אַפּירגעקוקט צום רבין, געזען זיינע באַקן, אויף די ביינדלעך, גלייך אונטער די אויגן זענען געווען רויטע, ראָזעווע פלעקן, אָט ווי טרוסקאַווקעס, און דער שטערן ווייס, בלוילעך, ווי שיטערע מילך. אַזאַ שיינער שטערן. אַזעלכע גרויסע ווינקעלן. מוז קענען גוט לערנען. ער האָט ליב דעם רבין. ער רעדט אזוי שטיל, אזוי... גוט.

אברהם האָט מיט אַמאָל דערפילט אַ ציִ ביים האַרצן אזוי ווי מיט צוואַנגען. ער האָט פאַרמאַכט די גמרא, געשטאַנען לעבן ברעג טיש. ס׳איז פאַרבייגעגאַנגען דער זדולבאָ־נאָווער און ער האָט ביי אים געקויפט אַ שטיקל הערינג. וועסט וועלן טיי, — זאָגט ער אים, — גיי אַריין צו שרה׳ן דאָ אויפן הויף. האָסט אַ טשייניקל? קענסט קויפן אָקרעפּ און אליין פאַרפאַרען טיי. האָסט ניט? וועסט דאַרטן טרינקען. טיי מיט צוקער אַ קאָפּיקע אַ גלאָז.

אברהם האָט געגעסן ברויט מיט הערינג, געטרינקען די טיי. דער הערינג איז געווען געשמאַק, די טיי האָט געבריט די ליפּן, דעם האַלז, ער האָט דאָך געטרונקען מיט הנאה, ער איז אַ גרויסער, עסט און טרינקט אין טשיינע, ווי אַלע, ווי די גרויסע... אָבער שלאָפן! וואו וועט ער שלאָפן? ער האָט גענומען זוכן ישעיה אשר׳ן. אַ פאַרשמייעטער האָט ער אים קוים געכאַפּט. ישעיה אשר האָט זיך אַ שטעל געטון, דאָס געפלאָכטענע שטעקל מיט דער קיילעכדיקער גאַלקע האָט זיך אַ הויב געטון, אברהמל האָט זיך אַזש דערשראָקן. — אַה, דו! דאס מיזיניקל! איך האָב נאָך ניט קיין גלעגער פאַר דיר. וועסט דערווייל שלאָפן אין דער ישיבה.

אברהם האָט גענומען באַטראַכטן וואו שלאָפט מען עס דאָ אין דער ישיבה, אין ערגעץ איז ניטאָ קיין סימן פון אַ געלעגער. שפּעטער־צו האָט ער געזען בחורים שלעפּן פון ערגעץ אויפן הויף שטרוי־זעק, קאָלדרעס מיט אַרויסגעסטאַרטשעטער וואַטע, אַלטע פאַלטעס. דאָס אַלץ האָט מען געוואַלגערט אויף די טישן, אוועקגעשאַרט די גמרות, אויסגעבעט און זיך גענומען אויסטון. אברהם האָט אויפן הויף שוין גאַרניט געפונען וואָס אונטער־צובעטן אָדער מיט וואָס זיך צודעקן. ער האָט אויסגעטון זיין רעקל, קאַמזויל, געמאַכט דערפון אַ צוקאָפּנס אויף אַ באַנק, די הויזן האָט ער געשעמט זיך אויסטון און אין די הויזן זיך אוועקגעלייגט אויף דער באַנק, פאַרדעקט אַ האַלבן קאָפּ מיט דער היטל און געפּרוואוט איינשלאָפן. דער היפּש ביין האָט גענומען קוועטשן. ער האָט זיך איבער־געדרייט אויף דער צווייטער זייט, און דער ביין האָט אויך גענומען קוועטשן און ער האָט זיך געלייגט אויפן רוקן און פאַרדעקט דעם פּנים. דער שלאָף פאַלט ניט אויף די אויגן.

פאַר די פאַרמאַכטע אויגן שווינדלען: דער זיידע, רחלע, די מאַמע, די שטוב, די גאַס, אַט שטייט ער אינדרויסן ביי זייער שטוב, אינדרויסן איז וואַרעם, ליכטיק... דאָ איז אַזוי קאַלט, אַזוי האַרט, אַזוי...

אַ ווייַנענדיקער איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן. ער זיצט אויף דער פריזבע מיטן זיידן. שיקסעס גייען פון פעלד, זינגען, זיי דערזעען אים און זאָגן: קום, אברהמקע, דיר געבן יאַדערן. ער וויל זיך אויפהויבן. דער זיידע כאַפּט אים ביי דער האַנט: וואוהין איז? זעצט אים צוריק אנידער. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, מיט די אויגן האָט ער געטאַפּט דעם חלל, געוואָלט באַנעמען וואו ער געפינט זיך, ער האָט שוין באַגריפן אַז ער איז אין דער ישיבה, שלאָפט אויף דער באַנק, אָבער אים האָט זיך געדוכט דער גאַנצער חדר האָט זיך איבערגעדרייט, ניט געקענט דערגיין וואו איז די טיר צום ארויסגיין. אַ ניגון האָט זיך דערטראָגן צו אים. ואם תמצי לאמר... אי, ואם תמצי לאמר... דער האַראַדאָקער האָט געפּראַוועט אַ משמר. דאָס געזאַנג איז ארייַנגעדרונגען אין אויער, אויפגעריסן די אויגן. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער באַנק, פאַר די אויגן האָט אַ פאַך געטון אַ ציטערדיקע ליכט־שייַן, אַ שאָטן האָט זיך געוויגט. תיקו, בלייבט אַ קשיה, — האָט דער שאָטן אויסגעזונגען, זיך אויסגעגלייכט, צעפירט די הענט אויף הינטן.

אברהם האָט זיך צוריק געלייגט. אַ גאַנצע נאַכט לערנט ער, דער האַראַדאָקער. און ווען שלאָפט ער? לערנט טאָג און נאַכט. מ׳דאַרף אַ סך לערנען. ער האָט נאָך געלערנט אַזוי ווינציק. און ער האָט באַשלאָסן צו לערנען אַזוי לאַנג ביז ער וועט אַלץ וויסן. ער גיט זיך אַ טאַפּ ביי דער ברוסט. דאָרטן ליגן די פינף גריוונעס וואָס די מאַמע האָט אים געלאָזט, זיי זענען דאָ און ער וועט זיי היטן, אַז קיינער זאָל זיי ביי אים ניט אַוועקגנבענען. ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

### 3. אַ גרוס פון דאָרף

קאַרנעי האָט זיך אַרייַנגעשטעלט אין דער טיר פון דער ישיבה. אונטער איין אָרעם האָט ער געהאַלטן אַן אָנגעשטאָפּן וואָריטשעק, מיט דער צווייטער האָט ער אַרונטערגענומען דאָס היטל, וואָלט ער געהאַט אַ דריטע האַנט וואָלט ער זיך איבערגעצלמט — אַרייַנקומענדיק אין אַ הייליק הויז, אַ זשידיוווסקי אָבער פאָרט הייליק. מיט דרך־ארץ פאַר דער זשידיוווסקער הייליק הויז פאַרנויגט ער זיך פאַרן ערשטן ישיבניק און פרעגט אים וואו איז דאָ אַברהמקע.

דער ישיבניק האָט אויף אים אַרויסגעשטעלט אַ פאָר אויגן, אַ קנייטש געטון מיט די פּלייצעס, צוגערופן נאָך עטלעכע, עס האָט זיך פאַרבונדן אַ גויאיש־יידישער שפּראַך פון וועלכע מ׳איז סוף־כל־סוף געוואָרע געוואָרן, אַז דער ערל זוכט דאָס מיזיניקל. אַזוי האָט מען גערופן אברהמלען. און געשרייען האָבן זיך דערהערט: מיזיניקל, מיזיניקל.

אברהם האָט דערזען קאַרנעין צווישן די ישיבה־בחורים, האָט ער זיך אַ לאָז געטון, צוגעפאַלן צו אים, אַז דער פּנים האָט זיך אַ רייַב־געטון אין קאַרנעיס סוויטקע און אַרויף וויפיל די אָרעמס האָבן געגרייכט אים אַרומגענומען. קאַרנעי האָט אים געגלעט איבער דער היטל. — די מאַמע האָט אַ מתנה געשיקט. דאָ האָט ער אַרונטערגעלאָזט דעם וואָריטשעק, אָנגענומען אברהמלס פּנים, אים געמוסטערט. — אָבער ביסטו אויסגעוואַקסן, אברהמקע! אַגרויסער בחור געוואָרן, אינגיכן וועסטו ווערן אַ ראַבין, וואָס?

אברהם האָט געדרייט דעם קנופּ פון וואָריטשעק, זיך געשעמט צו עפענען, זען וואָס

דאָרט טוט זיך, געשעמט זיך וואָס קאַרנעי, אַ גוי, איז געקומען אים זען אין דער ישיבה, און אַזוי געוואָלט זען וואָס די מאַמע האָט געשיקט, רעדן מיט קאַרנעיען, זיך אַ נידערזעצן אויף די קני, אָט ווי ער פלעגט עס טון אַמאָל ווינטער אינדערהיים.

— וואָס מאַכט די מאַמע, דער זיידע, רחקע?

— זיי זענען אַלע געזונט. די ליסע האָט זיך אָפּגעקעלבט, געהאַט אַ שיין קעלבל, געראָטן אינגאַנצן אין דער מאַמען, אַ פיין קעלבל. די מאַמקע זאָגט אַז זי וועט עס כאָווען, אַ טעלעטשקעלע.

— און ווען פאָרט איר צוריק?

— היינט נאָך. געקומען אויפן יריד. די מאַמע האָט געבעטן אַ בריוול ברענגען.

אברהם האָט באַטראַכט דעם לאַנגן צימער, ניט געפונען קיין ווינקל פאַר זיך מיט קאַרנעיען. ער האָט אים אַרויסגענומען אויפן הויף, אים באַזעצט הינטערן קעמערל, דאַן געעפנט דעם וואָריטשעק, אַרויסגעצויגן פון דאָרט אַ קיילעכדיק שטיקל פוטער, איינגעוויקלט אין אַ נאַסער שמאַטע, הינטער דער שמאַטע גרינע בלעטער, די פוטער האַרט און איינגעקאַרבט מיט אַ לעפעלע, לאָקן כמעט. פון דעם דרייעקיקן קעזל האָט ער גלייך אָפּגעברעקלט אַ שטיקל, אַריינגעלעגט אין מויל, פאַרמאַכט די אויגן און געקייט מיט די ציין זאַפטיק, ליפּן. אַ לייטל טיי, אַ שקאַרמיץ צוקער, קיכלעך, קאַרזשעס. ער האָט פאָרגעלייגט קאַרנעיען אַ קיכל.

— גאָט באַהיט! דאָס האָט די מאַמע געשיקט פאַר אים.

— אָבער אַ גלעזל טיי מיט צובייסן?

— דאָס יאָ, אַ גלעזל טיי, פון דעם וועט זיך אַ רוסישער מענטש ניט אָפּזאָגן.

אברהם האָט אַריינגענומען קאַרנייען צו שרה'ן אין טשיינע, גענומען אַ גרויסן בלעכענעם טשייניק הייסע וואַסער, פאַרפּאַרעט די טיי, וואָס די מאַמע האָט צוגעשיקט, אַרויסגעלעגט די ציגעלעך צוקער, אַ פּאָר קיכלעך. קאַרנעי האָט אַריינגעגאָסן די טיי אין שאָל, געבלאָזן, ביז די טיי האָט זיך אַזש געכוואַליעט, געביסן קליינע שטיקלעך צוקער און געטרינקען.

— האָסט אַ גאַסט? — האָט שמשון קאָלקער, אַ ישיבהניק וואָס איז מער געזעסן ביי שרה'ן אין טשיינע ווי ביי דער גמרא, אַ זאָג געטון לאַכנדיק.

— יאָ, די מאַמע האָט מיר צוגעשיקט מיט אים קיכלעך, נאָך זאַכן. ווילסט אַ קיכל?

שמשון קאָלקער האָט געהאַלטן דאָס קיכל מיט צוויי שפּיצן פינגער פאַרן מויל, באַטראַכט, איבערצייגט, אַז עס איז אַ עכט יידיש קיכל, מיט מעליץ און צימערינג און האָט פאַרשלונגען אַ גרויס שטיק קיכל און מיט די אויגן געטאַפּט דעם וואָריטשעק, וואָס נאָך ליגט דאָרטן? ווען אברהם האָט זיך דערווייטערט נאָך טינט און פען — האָט ער הינטנאַרום גענומען אַריינקריכן אין וואָריטשעק. קאַרנעי האָט גראַדע דאַן אויסגעזופּט אַ שאָל טיי, אויפגעהויבן דעם קאָפּ גרייט אָנצוגיסן אַ צווייטע. ווען ער האָט דערזען שמשונען ביים וואָריטשעק — אַ טי שאָ? — שמשון האָט זיך אַ צאַפּל געטון,ביידע הענט האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פון וואָריטשעק און האָט פאַרריסן אַ זאָג געטון: אַ גוי אַ חזיר, און אוועקגעגאַנגען אַ באַליידיקטער.

ווען אברהם איז צוגעקומען האָט ער אים אָנגעוויזן אויפן וואָריטשעק — באַהאַלט, זוניו! — וואָס איז? — אַזוי — האָט קאַרנעי געענטפערט. אברהם האָט אַ קוק געטון אויף די בחורים, באַגריפן, אַז עפּעס האָט פאַסירט, האָט אָבער מער ניט געפרעגט.

דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן שרייבט ער אַ בריוו זיין מאַמען און ניט איינעם, צוויי, איינעם צו דער מאַמען — „מיין טייערע ליבע מאַמע! ראשית קום איך דיר צו מעלדן אַז איך בין ברוך השם געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן, אמן. והשנית לאָז איך דיר וויסן, אַז דעם וואָריטשעק מיט דער פוטער, קעז, קיכלעך, קאָרזשעס, טיי און צוקער האָב איך ריכטיק דערהאַלטן און איך דאַנק דיר זייער פיל דערפאַר, אָבער זאָלסט מיר מער ניט שיקן, מחמת איך האָב אַלע טעג. איך האָב אויך אַ גוטן געלעגער. מיר פעלט גאָרניט. און וואָס מאַכט רחלע? און די ליסע, זאָגט קארנעי, האָט געהאַט אַ טעלי־טשקעלע, זאָלסט עס ניט פאָרקויפן, איך וויל עס אָנקוקן. פון מיר דיין געטרייער זון, אברהם.״

און צום זיידן: „כבוד זקני היקר הנכבד כש״ת מוה״ה יעקב נ״י.

ראשית קום איך דיר מעלדן, אַז איך בין ברוך־השם בקו־החיים והשלום גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן, אמן. והשנית זיי וויסן, אַז איך האָב שוין אָפגעלערנט כמעט גאַנץ קדושין, מיר׳ן שוין באַלד אָנהויבן גיטין, און קיין חבר דאַרף איך שוין באַלד ניט, איך מאַך שוין אַ לייענען. איך לערן צען דף גמרא אַ וואָך אויף אויסווייניק. אַלע דאָנערשטיק פראַוועט איך אַ משמר און דער רבי זאָגט, אַז אם־ירצה־השם בזמן הבא וועל איך אפשר אַריבער צום צווייטן טיש, לערנען גמרא מיט תוספות. ממני נכדך אברהם.״

דער אַלטער יאַנקל האָט באַטראַכט דעם אייניקלס בריוול, אָנגעטון די ברילן, אַ קוק געטון אַפיר די ברילן פון אויבן אַרונטער, דאַן פאַרריסן דעם קאָפּ, געהאַלטן דאָס בריוול ווייט פון די אויגן, אַ דריי געטון אין איין זייט, אַ צווייטער, דאַן פאַמעלעך עס צונויפגעלייגט, באַהאַלטן אין בוזים־קעשענע פון דער קאַמזויל, דאָרט וואו אַמאָל פלעגט ליגן דער גרויסער טייסטער, גענומען דעם שטעקן און אוועקגעגאַנגען צו משה דעם שוחט, ער זאָל לייענען, פון זיין אייניקל.

ווען דאָס אייניקל איז אויף ימים־נוראים געקומען אַהיים און, ווי דער שטייגער גענומען אים העלפן אַרונטערציען די שטיוול פאַרן שלאָפן גיין, האָט דער אַלטער געפּריווט אים אָפּשטופן: לאָז, כ׳וועל אליין, ער האָט זיך אָבער שטאַרק ניט געוועהרט. גוט צו זיין אַ זיידע, אַן אייניקל, אַ גמרא בחור, גמרא מיט תוספות, אַ תלמיד־חכם ציט אים אַרונטער די שטיוול. אַזוי דאַרף זיין. שבת ביים פאַרהערן איז ער געזעסן, געהערט ווי זיין אייניקל זינגט אויס אַזוי שיין די גמרא, זאָגט אַזוי גלאַטיק, פאַרטשעפּעט זיך ניט און געביסן זיין קוק פונעם אייניקל צו משה דעם שוחט: נו, וואָס זאָגט איר, האַ, ער קען? — אַ מזל־טוב, — האָט משה דער שוחט געפּסקנט. אַ שאַרף קעפּל. וועט אי״ה אויסוואַקסן אַ גדול בישראל. און, ווי דער שטייגער, געהייסן דערלאַנגען שבת־אויבס.

ביים שלש־סעודות איז דעם זיידנס ניגון אַזאַ אומעטיקער, אָבער אַזאַ ווייכער, אַזאַ זיסער. „בני היכלא דכסופין למחזי זיו בזעיר אַנפּין, יהון הכא בהאי תכא דבי מלכה בגילופין. אי, צבי לחדא... אוי, טאַטע זיסער...״

דער אַלטער יאַנקל האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער זאָגט. דער פאַרנאַכט פון אַ מענטשנס לעבן האָט זיך אָבער צוזאַמענגעגאָסן מיט דעם שבת־פאַרנאַכט, עס גייט אַוועק דאָס לעבן, און אַ האַרציק געבעט האָט זיך געטראַגן אין דעם אומעטיקן ניגון. רבונו־של־עולם! שענק מיר נאָך אַביסל שבת. לאָז מיך אים דערלעבען זען אַ יידן און איידער די טויערן פון גן־עדן, אָדער באַהיט גאָט, פון גיהנום, עפענען זיך, איידער מ׳צינדט אָן ליכט... לאָז מיך זיין צווישן יידן... אַי, טאַטע זיסער!

שווער איז געווען דאָס מאָל פאַרן אַלטן יאַנקל אָוועקפאָרן אויף ימים־נוראים. ווען

זי לאָזט אים מיטנעמען דאָס קינד. גיין מיט אים אין בית־מדרש. אָבער זי איז דאָך פֿאָרט אַ מוטער. דער אַלטער איז אַליין אַוועקגעפֿאָרן אויף ימים־נוראים אין שטאָט, און די מוטער האָט געקוקט אויף איר זון, געהערט אים לערנען. אויסגעוואַקסן קיין עין הרע, זיך אַ צי געטון, שוין אַזוי הויך ווי רחלע. און די האָר האָבן זיך גענומען לייגן אין לאָקן. קריגט אירע האָר, טונקעלער געוואָרן אויך, אָבער זיך אַביסל אויסגעבלייכט. טראָגט זי אים אונטער אַ גלאָז מילך: נאַ זוניו, טרינק. נאָר וואָס פֿון דער בהמה, נאָך וואַרם. דער זוניו טוט אַ טובה דער מאַמען, ציט מיט קוים געעפּנטע ליפּן די מילך פֿון גלאָז. צו געזונט, ווינטשעוועט אים די מאַמע, אפשר נאָך אַ גלאָז?

— אַז איך וויל ניט קיין מילך! — וואַרפֿט זיך שוין דער זוניו.

— נו, שאַ, נו שאַ, — בעט זיך די מאַמע ביים זון. פֿאַר דער מאַמע אַ זון, פֿאַר דער שוועסטער — אַ גרויסער ברודער. זי איז טאַקע עלטער פֿון אים, דער גרויסער איז אָבער ער. שטייט די שוועסטער, קוקט אויף אים, בעט זיך ביי אים מיט די אויגן: קום, דערצייל מיר פֿון דער גרויסער שטאָט.

און דער גרויסער ברודער דערציילט פֿון דער גרויסער שטאָט. ס'ארא וואונדערלעכע זאַכן דאָרט. קוקט רחלע מיט דרך־ארץ אויף איר גרויסן ברודער, אָבער זי האָט איר דאָרף. זי וועט אים ווייזן איר דאָרף, אפשר גיין רייסן כל־נדרי־בערעלעך   זי וועט רופֿן יאָסל שלמה מרדכי'ס אויך. און אברהם האָט צוזאַמען מיט רחלען און יאָסלען געריסן כל נדרי־בערעלעך און געלייגט פּוילן אין היי. האָט זיך באַקענט מיט יוזיקן, האָט געקושט דאָס טעליטשקעלע און געלערנט פֿונדעסטוועגן יעדן טאָג אַ בלאַט גמרא. דריי מאָל געדאַוונט, געבענטשט און געלייענט קריאת־שמע. און ערב ראש־השנה, ווען ער איז מיט דער מאַמען און שוועסטער געגאַנגען אין שול, צו משה דעם שוחט אין שטוב, איז אַ קליינגעוויקסיקער ייד געגאַנגען בעטן גאָט, אויסבעטן אַ גוט־יאָר. געקומען פֿון שול — געמאַכט קידוש, געטונקען די המוציא אין האָניק און געווינטשעוועט אַ גוט יאָר. ביי דער מאַמען האָבן זיך געזען טרערן, זי האָט אָבער ניט געוויינט, דאָס האַרץ איז איר בלויז איבערגעגאַנגען פֿון תענוג. דעם יום־טוב האָט איר ניט געפֿעלט דער מאַנסביל אין שטוב, איר זון האָט געפֿירט דעם טיש.

— יום־כּיפּור וועט ער פֿאַסטן. — לייגסט דאָך נאָך קיין תפֿילין ניט?

— דאָס איז גאָרניט. — גיי, נאַרעלע, ביסט נאָך צו קליין. — ער איז ניט קליין.

שמייכלט די מאַמע: פֿאַסט, פֿאַסט. — עסט שוין זען, אַ גאַנצן טאָג וועל איך פֿאַסטן. רחלען האָט ער פֿאַרטרויט   סוד. ער'ט אַפֿילו ניט גיין שלאָפֿן אַהיים, ער'ט נעכטיקן אין שול.

משה דעם שוחט'ס זאַל, אַ גרויסער, לאַנגער צימער, שבתים און ימים־טובים די שול פֿון דאָרף, האָט באַין־אופֿן ניט געקענט אָננעמען דאָס אויסזען פֿון אַ שול, כאָטש גאַנץ דובראָווקע האָט דאָרט געדאַוונט, קוים האָט מען אָבער אויסגעבעט די ערד מיט היי, אויף די טישן, בענקלעך, פֿענסטער אָנגעשטעלט קעסטלעך, טעפּלעך מיט גרויסע וואַקסענע ליכט איז דער זאַל געוואָרן אַ מקום־קדוש. ניט נאָר די פּאָדלאָגע, נאָר די ווענט, די סטעליע איז ווי אויסגעבעט געוואָרן, און ניט מיט היי, נאָר מיט רויך־ווייכע, שאָטן גרינע טעפּיכער, דערפֿון די ווייכע טונקלקייט אין שול. וויגן זיך די בורע פֿלעמלעך פֿון די וואַקסענע ליכט, זייער לויכטן, און דאָך ווערט די טונקלקייט טיפֿער, געדיכטער, אימה־דיקער. קיין שטרויעלע רירט זיך ניט פֿון אָרט, אַ ליכט האָט מורא אַ קנאַק צו טון, רבון כל העולמים,

אב הרחמים והסליחות... פון דער ווייבערישער שול — אַ צווייטער צימער מיט אַן אָפענער טיר צו די מענער — הערט זיך שוין אַ געוויין, אַ כליפּען, קינדער זענען ערנסט. סליחתים הערן זיך אויף צו באַוועגן, די ווייבערשע שול ווערט אויך שטילער, איין פּרוי פאַרגייט אזוי דייטלעך אין אַ שטיל געוויין. ווען די פרוי ווישט שוין די אויגן, הערט זיך נאָך דאָס פאַרגייענדיק געוויין, דאַן שטיל.

די שטילקייט טוט אַ ציטער, ליכט־פלאַמען טוען זיך אַ וויג. על דעת המקום... ועל דעת הקהל... ווידער איינגעהאַלטענע שטילקייט, פאַרשטיקטער געוויין, געצאַמטע וועור־טער, זיפץ, בלויז דער שוחט, דער חזן, זאָגט כל־נדרי. קיין שטימע האָט ער ניט, ער איז אַ בעל־תפילה, דער עיקר אַ בעל־בכי. דער כל־נדרי־ניגון איז אָבער גובר און ער זינגט. דרייט אהא־אהא־אהא. די דאַוונער קענען ניט אָפקומען מיט הערן, זיי ברומען אונטער, צום צווייטן מאָל זאָגט שוין דער עולם אויך, און ביים דריטן מאָל איז שוין דער חזן אינגאַנצן אַן איבעריקער. ביים מעריב זענען אַלע דאַמבעס אויסגעריסן געוואָרן, שטאַרק, געשמאַק דאַוונען די מענער — אוי, ובכן תן פחדך... הילכיק וויינען די ווייבער, אַן אוי, טאַטע זיסער, רייסט זיך אַרויס, און עס הערט זיך ניט נאָר על־חטא, נאָר אויך די קלעפּ פון קולאַקעס אין ברוסט. דערפאַר צו יעלות איז שוין דאָס דאַוונען ווייך, האַרציק, מ׳בעט, אָבער ביי אַ גוטן טאַטן, אַן אל רחום וחנון...

אימה, פחד, צער, תשובה, חרטה, מורא, טענות, האָפנונג -- כוואַליעס אויף וועלכע דער עולם וויגט זיך, און ניט נאָר ס׳איז גוט צו האָפן, זיס צו בעטן, עס איז אפילו גוט צו פילן זיך זינדיק, קלאַפּן זיך על־חטא.

אברהמלען איז געווען גוט צו דאַוונען, אַז ער האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז ער איז אַליין אין שול, אָן דעם זיידן, אָן דער מאַמען, ערשט ווען זי האָט אַן אויסגעוויינטע אריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער מענערישע שול, געגומען זוכן איר קינד האָט ער זיך געכאַפּט, דאָך אַ מאַמע, זי וויל ער זאָל גיין אַהיים און ער וויל ניט, ער וויל בלייבן, זאָגן שיר היחוד, תהילים.

— נאַרעלע, אַלע גייען דאָך אַהיים. — ניט אַלע, ער וויל בלייבן.

— קום, זוניו, וועסט זאָגן אינדערהיים. — רחלע שאַרט זיך לעבן אים. רייבט זיך אָן אים ווי אַ קעצל. אַ אומצופרידענער גייט ער אַהיים.

נאָך דער וואַרימקייט פון שול איז אינדערהיים אַזוי קאַלט און אַזוי שווער, שטיל בלויז די איינע ליכט וואָס ברענט, וועט ברענען אַ גאַנץ מעת־לעת, שפּרייט אַרום זיך אַביסל ליכט און וואַרימקייט. ביי דער שיין פון אָט־דער ליכט האָט אברהם זיך געזעצט זאָגן תהילים, שיר היחוד. אַ גאַנצע נאַכט וועט ער זיצן, אַ משמר. אָשירה ואזמרה לאלהי... ואלו נרות על המנורות... שש אנכי על אמריך... כל זרע יעקב עבדך כי עליהם חסדך...

אזוי ווי און ווינד איז מיר! אוי, אַ צרה, אַ שלאַק איז מיר... אַ ווייטיקדיקער ווי און ווינד האָט זיך געוויקלט געוויגט, דערנענטערט. אברהמ׳ל איז אנטשוויגן געוואָרן, זיך איינגעהערט. אַ האַנט האָט געטאַפּט אַ קליאַמקע פון דרויסן. — מאַמע, — האָט ער אַ געשריי געטון.

עטל איז אַ באָרוויסע אַריינגעלאָפן פון אַלקיר. רחלע האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן איר.

די טיר האָט זיך געעפנט. אַ מענטשלעך געשטאַלט, איינגעוויקלט אין אַ שאַל איז אַנידערגעפאַלן ביי דער שוועל.

— פרומע לאה! פרומע לאה! גאָט איז מיט אייך! וואָס איז? וואָס איז? אברהם, רחלע אַביסל וואַסער.

— ווי, ווינד איז מיר! ניין! — זי האָט אָפגעשטופּט די גלאָז וואַסער פון די ליפּן.

— אוי אַ צרה איז מיר! זי איז דאָך אַנטלאָפן מיטן שגץ! — מיט דעם אויסגעשריי איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן איר לעצטער ווידערשטאַנד, זי האָט אַ פאַל געטון, עטל האָט זי קוים אונטערגעכאַפּט. גדליהו דער שוסטער, איר מאַן, איז אַריינגעפאַלן, געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל, געקוקט אויף זיין ווייב און פאַמעלעך אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ.

צו כל־נדרי איז זייער איינציקע טאָכטער, גיטל, אַ מיידל פון ניינצן יאָר, אַנטלאָפן מיט מיקאָלן דעם שייגעץ פון ליפּאָווקע. עטל האָט געפּרוּווט טרייסטן, פון וואַנען ווייסט זי? אפשר... אפשר...

— זי איז אַנטלאָפן! ווייסט און פינצטער זיינען מיינע יאָר, — האָט פרומע לאה מער געקרעכצט ווי גערעדט, צוגענומען אַלץ פון שטוב, דאָס בעטגעוואַנט, ביז אַ פאַדים. וואָס טוט מען, וואָס הויבט מען אָן צו טאָן ראַטעוועט מיין קינד! גדליה, פאַרוואָס שטייסטו? פאַרוואָס?... זי האָט ניט דערענדיקט, זיך פאַרגאַנגען מיט אַ געוויין.

— גיי, אברהם, רוף אַריין זיידלען! — האָט די מאַמע באַפוילן.

אברהם האָט זיך אויפגעכאַפּט. אַ מורא איז אים באַפאַלן. ער האָט ניט נאָר מורא געקראָגן אַרויסגיין פון יענער זייט שוועל, ער האָט אַפילו מורא געהאַט זאָגן דער מאַמען, אַז ער האָט מורא. ער האָט זיך אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן, מיט ניט זעענדיקע אויגן געלאָפן ווי די פיס האָבן נאָר געטראָגן, און מיטן גאַנצן קערפּער זיך אָנגעקלאַפּט אין זיידלס טיר.

זיידל האָט איינגעשפּאַנט פערד־און־וואָגן — משה דער שוחט האָט מתיר געווען — פרומע לאה האָט זיך אויפגעזעצט און שפּעט ביינאַכט איז מען אַרויסגעפאָרן צום גלח אַרויסראַטעווען די טאָכטער.

אברהמל האָט שוין מער קיין שיר־היחוד ניט געזאָגט. ער האָט זיך געלייגט אין זיידנס בעט, זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, איינשלאָפן האָט ער אָבער ניט געקענט, אין די אויערן האָבן געקלונגען פרומע לאה׳ס געשרייען. איצט פאָרט זי. אום יום־כיפור, געשמדט, וואָס איז געשמדט?

צו ונתנה תוקף האָט מיט אַמאָל זיך דערהערט אין שול אַ כליפּ, אַ וויינגערעוו וואָס האָט אַרויסגעשאָסן פון אַלע אַנדערע געוויינען. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט, געזען גדליה דעם שוסטער שטייט. קיין פּנים האָט מען ניט געזען. מ׳האָט אָבער געפילט, עס איז גדליה דער שוסטער. — אי־אַ־נו, — האָט עמיצער אַ זאָג געטון. גדליה האָט מער ניט געוויינט אויף אַ קול. דער קערפּער אונטערן טלית האָט זיך געוואָרפן. דער קערפּער האָט זיך אַ ריר געטון. מיטן טלית איבער די אויגן האָט ער זיך געלאָזט צו דער טיר. ער איז געבליבן זיצן ביי דער טיר, דעם רוקן אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט, ניט אַרויסגערעדט אַ וואָרט. ערשט צו נעילה, ווען דער חזן האָט אַ זאָג געטון: אוי, ווי, פתח לנו שער, איז געוואָרן אַ געוואַלד — ער חלשט! ער חלשט! עמיצער האָט אונטערגעטראָגן אַ פלעשעלע צו גדליה׳ס נאָז. ער האָט אַ קרום געטאָן

מיט דער האַנט, זיך אויפגעהויבן, און מיטן טלית אויף זיך געלאָזט זיך איבערן דאָרף צו זיך אַהיים.

שפּעט אין אָוונט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן מיט דעם רואיקן שלאָף פון האָבן אויסגעבעטן אַ חתימה טובה, איז פרומע לאה געקומען צופאָרן אַהיים.

— דו? — האָט גדליה אַ פרעג געטון, דערהערנדיק עמיצן עפענען די טיר און זיך ראש אויפגעשטעלט. — אין דערפינצטער?

די שטימען פון מאַן און ווייב, היימישע, יאָרן לאַנג באַקאַנטע, האָבן אומהיימלעך זיך געשטויסן אין דער פינצטערניש. פרומע לאה האָט אָנגעצונדן דאָס פינפער לעמפּל. שאָטנס האָבן גענומען שפּרינגען. אין די שאָטנס האָט זיך ארייגעשטאָכן גדליה׳ס קוק, ער האָט געוואָלט דערזען אויף זיין ווייבס פנים די ידיעה וואָס זי האָט געבראַכט. פרומע לאה האָט שווייגנדיק אָנגענומען דאָס קעסטל מיט זאַמד פון דער אויסגעברענטער נשמה־ליכט, און גדליה׳ן האָט זיך געדאַכט, אַז זי טוט אויף להכעיס. נו, זאָג שוין! ביזט שטום געוואָרן?

מיטן קעסטל זאַמד אין האַנט איז פרומע לאה געבליבן שטיין. וואָס ווילסטו זאָל איך דיר זאָגן — געזען? — פרומע לאה האָט געמאַכט אַ טראָט, אוועקגעשטעלט דאָס קעסטל זאַמד אויף דער ערד. גדליה׳ס אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט איר באַוועגונג.

— ניט צוגעלאָזן! — האָט פרומע לאה ווי אריינגעזאָגט אינעם קעסטל זאַמד און, אויסגעגלייכט זיך, האָט זי שוין גערעדט צום מאַן — ביים טויער געשטאַנען מיט אַ האַק, אָנגערייצט די הינט... זיך קוים דערשלאָגן צום גלח, געפאַלן אים צו די פיס... און ער.... „אַ זינדיקע זשידאָווקע ווי דו דאַרפסט דאַנקען גאָט וואָס איין נשמה איז אויסגעלייזט געוואָרן״. — אַ בראַנד אים אין די געדערים, א מיתה־משונה אויף אים!

די פאַרגליווערטקייט אין וועלכער גדליה איז געזעסן זינט ער איז צוריקגעקומען פון דאַוונען, איז מיט אַמאָל אָפּגעגאַנגען, זיין גאַנצער גוף איז צעטרייסלט געוואָרן. די הענט האָבן פאַרקרעמפּט דעם ברעג טיש. איין האַנט האָט זיך אַ צי געטון, אַ ריס געטון דעם קאָלנער. אין האַלז איז אָבער ניט געוואָרן גראַמער. אדרבה, אים איז געוואָרן אזוי טרוקן אין האלז, אַז ער האָט ממש געפילט די הויט אינווייניק. ער האָט אַ שפּאַן געטון צום פעסל וואַסער, אָנגעשעפּט אַ קוואָרט און, אויסגעטרונקען ביזן דעק, האָט ער ראַשיק אַ שטעל געטון די קוואָרט. אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. דער גאַנצער קערפּער איז לויז געוואָרן. אָט אָט לאָזט ער זיך ארונטער.

— וואָש זיך גיין עסן. — די הענט האָבן זיך געטרייסלט. פונדעסטוועגן האָט פרומע לאה אוועקגעלייגט די ערב יום־כיפּורדיקע חלה, אַוועקגעשטעלט אַ טעלער מיט קאַלטער כפרה־הון. ווען זי האָט אָבער גענומען עסן האָט דער ביסן זיך געשטעלט איר אין האַלז, אַ הוסט און אַ כליפּ האָבן זיך דאָרט געשטויסן, ניט זי האָט געקענט אַרונטער־שלינגען דעם ביסן, ניט זי האָט געקענט ארויסברענגען אַ קלאַנג. זי האָט געכאָרכלט מיט אַן אָפענעם מויל און די הענט און פינגער האָבן געקעמט די לופט. גדליה האָט צוגעטראָגן אַ קוואָרט וואַסער. נעם! — פרומע לאה האָט אָנגענומען די קוואָרט מיטביידע הענט, זי האָט אָבער ניט געקענט דערטראָגן צום מויל און ווען גדליה האָט אָנגענומען די קוואָרט, געשפּאַרט זי צו פרומע לאה׳ס מויל: — טרינק, טרינק! — פרומע לאה האָט זיך באַהערשט, געטרונקען, קודם אַ קורצן שלונק, נאָכדעם געשלונגען זשעדנע, ביז זי האָט אַ שטופּ געטון די קוואָרט פון זיך און גדליה האָט זיך אַנידערגעזעצט.

מאַן און ווייב זענען געזעסן און געגעסן שווייגנדיק. שטיל. אַזוי שטיל, אַז ניט נאָר זיי האָבן געהערט די באַוועגונגען פון זייערע קינבאַקן, נאָר אויך דאָס ברענען פון פינפער לעמפּל אויפן טיש. פאַר די אויגן זענען געשפּרונגען שאָטנס און איבערן שטוב איז געקראָכן אַ גרינע שלאַנג און געשיפּעט: שמד! שמד! געשמדט!

## 4, גליטשיק אייז

די שיטערע בלאָטע פון דער נידער, גלאַנציק, גרוי און גליטשיק ווי אַ שליים וואָס האָט פאַרדריפּעט יעדנס הויזן, קליידל, אויבערראָק און אונטערראָק, איז פאַרקאָוועט געוואָרן פון פראָסט, האַרטע הרודעס, אויף זיי האָט זיך געשפּרייט אַ ווייכער, מעל־דינער שניי, ווינטערדיקע, קאַלטע טעג, שאַרפע שטרענגע נעכט.

זומער האָט אברהם די נעכט ניט געפילט. פינצטער געוואָרן, זיך געלייגט שלאָפן. בלויז ווען אַ משמר געלערנט. ווינטער אָוונטן גרויסע, מ׳לערנט אויף דער נאַכט. אין דרויסן אַ ברענענדיקער פראָסט אָדער גאָר אַ זאַווערוכע, אין דער ישיבה איז וואַרעם פון דער הרובע, פון די לאָמפּן און די ליכט, פון די לערנער. אַזוי וואַרעם צו לערנען. אמר אביי, אמר רבא, בית שמאי אוסרין, בית הלל מתירין. כלומר... ואם תמצי לומר, ויש לישב און איפכא מסתברא, און צום סוף תיקו — בלייבט אַ קשיה. אברהם האָט זיך געלערנט שווימען אין ים־התלמוד. כוואַליעס גרויסע, שווערע, שטאַרקע, פאַרפלייצן אים, ניט פאַר זיין כוח, אָבער ער גיט זיך ניט אונטער, שווימט, קומט גאָר אַ גרויסע כוואַליע איז איינגעגאָרעט דעם קאָפּ — אַ קנייטש געטון דעם שטערן — און אַרויסגעשוואומען.

אברהם איז אַ שווימער. צוליב שווימען אום שבת וועט ער אויף יענער וועלט דאַרפן זיך באָדן אין אַ טייך פייער, דאָרטן שווימען, אַזוי האָט ער געהערט אַ מגיד זאָגן. אָבער דער יצר־הרע האָט אים גובר געווען, ווען ער איז געווען נאָענט צום טייך איז ער אַרונטערגעגאַנגען, געגאַנגען זיך בלויז טובל־זיין און געשוואומען. אַזוי אַ גאַנצן זומער אפילו אין די ניין טעג, זיך געבאָדן בייט „רויטן שטיינדל״, „טייטן שטיינדל״, ביי דער „קליינער יאַדיקי״ און „גרויסע יאַדיקע״, ביי די קופּאַלניעס, וואו נאָר זיין טאָג איז אויסגעקומען. געזינדיקט; שווער „עזינדיקט. דערפאַר איצט, ווינטער, שווימט ער אין ים־התלמוד. לערנט מיט חשק, מיט ברען. אָפּגעלערנט דעם טאָג מיטן אָוונט, גייט ער אַ „היים״, אין דער טשערנאָבילער קלויז, וואו ער האַלט זיך אויף הינטערן אויוון. דאָרטן טרעפט ער אַלע אידן זיצן און לערנען, דערציילן מעשיות.

דאָס ציגל פון דעם נר־התמיד־ליכט טוקט זיך אין דער פינצטערניש, טראָפּנס וואַסער פון כיור מעסטן די נאַכט, שרייען איבער די נאַכט־שטילקייט. אַ שאָרך, אַ ריר. דאָס מוז זיין אין דער ווייבערשער שול. אברהם ליגט, די גאַנצע שול וויגט זיך מיט יעדן האָרץ־קלאַפּ און ער ציטערט פון די מעשיות, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט. און ער בעט איצט גאָט אָן ווערטער: דערבאַרים זיך, היט מיך אָפּ, איך וועל תשובה־טון, לערנען, דאַווענען מיט כוונה.

ער דאַוונט מיטן ערשטן מנין. אין דרויסן גרויט טאָג. אידן געפרוירענע, פאַרשלאָפענע, טוליען זיך צו דער קאַכליע, וואַרימען די הענט, די פּלייצעס, רייבן זיך, גענעצן, דאַוונען פון פאָרנט, וואַרפן זיך איבער מיט ווערטער: אַ ברענענדיקער פראָסט! סמאַליעט! ער שמעון דער שוחט, פייערבערג, שטייט ניט ביי דער הרובע, וואַרימט זיך ניט, רעדט ניט פון פראָסט. אריינגעקומען, שטעקן אין האַנט, טלית אונטערן אָרעם, אַ

קוש געטון די מזוזה, און זיך געלאָזט צו שטאָט מיט אַ גאַנג וואָס דערציילט ניט פון שלאָף, קאַלט אָדער וואַרעם, ניט ער איז אַרויסגעקראָכן פון אַ בעט, ניט ער איז ארויס־געגאַנגען פון אַ שטוב, ער איז אין דער טשערנאָבילער קלויז, אויף זיין שטאָט, געירשנט פון זיין טאַטן, זיין זיידן. אים ירשנט אָבער קיינער, ער האָט יאָרצייט נאָך זיין זון, מרדכי זאב. צו דער לויה פון זיין זון איז ער ניט געגאַנגען. יאָרצייט שטעלט ער. מ׳טרינקט תיקון. מ׳ווינטשעוועט, די נשמה זאָל האָבן אַן עליה, רב שמעון שוויגט.

גייענדיק אין דער ישיבה זעט אברהם אינגלעך אין גרויע, געוואַנטענע מונדירלעך, אַ שוואַרץ רענצעלע מיט ביכער אויף דער פלייצע, אייניקע טראָגן שטאָלענע גליטשערס אריבערגעוואָרפן אויפן אַקסל, אַנדערע גליטשן זיך טאַקע; גליטשן זיך אין שול אריין. אַך, ווי זיי צעלאָזן זיך, אַ פוס רעכטס, א פוס לינקס, זיך צעלאָזט, שטייען זיי גלייך, אויס־געצויגן און זיי פאָרן. ווען ער קען זיך גליטשן. ער׳ט זיך אויסלערנען.

אם פגע בך מנוול משכהו לבית־המדרש. אברהם כאַפּט זיך — ער זינדיקט. הרהורים רעים. האָט ער דען באַשלאָסן תשובה־טון? גייט אין דער ישיבה און... גליטשן זיך. ער פאַרשנעלערט דעם גאַנג, לערנען, לערנען.

ר׳ טוביה האָט שוין אָפּגעזאָגט דעם שעור, גייט איבער דער ישיבה, קרייזלט אַ פאה, קוקט זיך אַרום, כאַפּט אברהם׳ס קוק — ווילסט עפּעס פרעגן? — דאָ איז מיר עפּעס קשה. בויגט זיך איין ר׳ טוביה, דערקלערט, טוט אַ קוק אויף אברהמלען. אברהמל כאַפּט זיך אויף, — רבי... אַ געדיכטע פאַרב פאַרגיסט זיין פנים.

— וואָס איז, מיין קינד? — רבי... גליטשן זיך מעג מען?

— גליטשן זיך, מיין קינד, — האָט ר׳ טוביה אָנגעהויבן בנעימות — איז אַ גויאישע מידה, אין דער תורה שטייט געשריבן בחוקותיהן לא תלכו. אידישע קינדער דאַרפן לערנען. בעוונותינו הרבים גייען אַ סך אידישע קינדער זיך גליטשן. אום שבת דערצו, אָבער דאָס זענען זינדיקע נשמות, פאַרבלאָנזשעטע שעפעלעך, זיי ווייסן ניט וואָס זיי טוען, זאָל זיך דער אויבערשטער מרחם זיין אויף זיי. דו, מיין קינד, ביסט אָבער אַ כשר אידיש אינגל, דאַרפסט זיצן על התורה והעבודה. און קומט צו דיר דער יצר־הרע, רעדט דיך אָן צו טון שלעכטס, טו ווי די גמרא זאָגט: תנא דבי ר׳ ישמעאל: בני אם פגע בך מנוול זה, משכהו לבית־המדרש, לערן מיין קינד, זעסטו? — ער האָט אויפגעמישט די שער־בלאַט — הפך בה והפך בה דכולה בה, אַלץ וועסטו דאָ געפינען, לערן נאָר. — ר׳ טוביה האָט אים נאָך אַ לייכטן קניפּ געטאָן אין בעקל און אָפּגעגאַנגען פון זיין טיש.

אברהם האָט נאָכגעקוקט דעם רבין. ווי שטיל ער רעדט און ווי גוט. אַ גוטער רבי. ער׳ט אים פאָלגן, ער׳ט לערנען, אַ סך לערנען. אין נאָכמיטאָג האָט ער געשמאַק געלערנט.

...אַ גרויסער למדן געווען, א חריף! געוואַקסן אַן עלוי. צו פופצן יאָר געווען בקי אין ש״ס און פוסקים. אָבער גאָט זאָל שומר ומציל זיין, אַז די קליפה כאַפּט זיך אריין.

פון וועמען רעדט איר דאָס? — פרעגט איין ייד וואָס איז נאָר אריינגעקומען. איין האַנט האָט ער שוין געהאַלטן ביי דער קאַכליע, מיט דער אַנדערער האָט ער אָפּגעוויקלט דעם שאַליק פון האַלז.

דער דערציילער האָט ברוגזלעך אַ קוק געטון — וועגן ר׳ שמעון׳ס... אחר, אַ צער צו קוקן. ער האָט געזאָגט קדיש האָב איך געמיינט אַז... מע, וואָס זאָל מען טון? באַהיט גאָט, אַז ס׳איז באַשערט...

פון וואָס איז ער געשטאָרבן ווייסט מען נאָך עד־היום ניט, — האָט דער ניי־אריינ־

געקומענער אַ זאָג געטון, דערביי מיט איין קליבע זיך צוגעזועצט אויף דער באַנק לעבן דער הרובע און פּאַמעלעך זיך געשאַרט אַרויף, באַוועגנדיק די אַנדערע זיי זאָלן זיך אַ רוק טאָן.

וואָס הייסט מ׳ווייסט ניט? נאַדיר גאָר מ׳ווייסט ניט. קינדער אין די וויגן ווייסן דערפון, ס׳איז געווען אַ ווינטער־נאַכט. אָט ווי היינט. ער איז געזעסן אין קלויז. טאַקע אָט־דאָ, כלומרשט געהאַלטן אָפּן א יורה־דעה, אָבער אונטער דער יורה־דעה איז שוין געלעגן אַ טריף־פּסול, רחמנא־ליצלן, שוין געווען געכאַפּט אין דער מעשה, מיט אים זענען געזעסן נאָך אַ צוויי כופרים ווי ער און מ׳האָט זיך געאַמפּערט וועגן השארת הנפש. אַ שאַרפן מוח האָט ער געהאַט, האָט ער באַוויזן מיט ראיות פון זיין אריסטאָטלעו, און אפילו פון רמב״ם, להבדיל, איר ווייסט דאָך תורה נדמית לפטיש — מ׳קען אויספשטל׳ען ווי מ׳וויל — ס׳איז דאָך ניטאָ קיין השארת הנפש, געשטאָרבן, באַגראָבן און פאַרטיק. דער גוף מילא, אָבער די נשמה״ — די נשמה האָט ער גענומען חקירה׳ן און פילאָזאָפירן, נשמה איז דאָ אין אַלץ, אָבער אַלץ אויף דער וועלט, קיין יענע וועלט איז ניטאָ. רופן זיך אָן יענע, ווייסטו וואָס, אויב דו ביסט אזוי זיכער אז קיין השאָרת הנפש איז ניטאָ, מתים גייען ניט אַרויס פון די קברים, באַווייז אונז. נאַ דיר אַ פּעקעלע שוועבלעך, גיי לייג עס אַנידער אויף ר׳ משה׳לס קבר אָט איצטער, און אַז דו וועסט קומען צוריק וועלן מיר דיר גלויבן.

פון וואַנעט וועלן מיר וויסן, אז ער איז דאָרט געווען? — האָט דער צווייטער געפרעגט.

— שרעק זיך ניט, איך וועל אייך ניט אָפּנאַרן, — האָט ער געענטפערט. גענומען דאָס פּעקעלע שוועבעלעך און אַוועקגעגאַנגען. זיי זיצן און וואַרטן א שעה, צוויי, דער בית־עולם איז הינטערן שטאָט, אָבער אַזוי לאַנג! מילא, וואָס טויג אייך מעשיות, זיי האָבן געוואַרט ביז טאָג — ניטאָ. געזען אַז ער קומט ניט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז דאָ. זענען זיי אַוועק אויפן בית־עולם. זיי קומען צו צו ר׳ משה׳לעס קבר, דאָס פּעקעלע שוועבלעך ליגט, אַביסעלע ווייטער ליגט ער. מ׳האָט אים גענומען מונטערן, רייבן מיט שניי, כלערליי סגולות געטון, קוים אים דערמונטערט. וואָס, ווען? — ער שווייגט. מ׳האָט אים געבראַכט אַהיים. דער פאָטער האָט זיך דערוואוסט פון דער מעשה, האָט ער אים ארויסגעטריבן פון שטוב. מילא, וואָס טויג אייך מעשות. אַ חודש צייט האָט ער געצויגן, אריינגעפאַלן אין אַ מרה־שחורה. ניט אויסגערעדט אַ וואָרט און ארום פורים צייט איז ער געשטאָרבן. זיך געמוטשעט טאַקע ווי אַ רשע אויפן טויט. ווען מ׳האָט אים מטהר געווען, האָט מען אויף דעם פוס, אונטן, געפונען צייכנס פון פינגער. איר פאַרשטייט? — ער האָט גענומען אַוועקגיין, האָט מען אים אַ כאַפּ געטון פאַר דער פוס, און פאַרטיק. דאַ האָסטו דיר דיין אריסטאָטלס, מיט דיין אפיקורסות, מיט דיין לייקענען השארת הנפש...

וואָס דאַרפט איר מער? ביי אונז האָט איינעם אַ לאָבוז זיך דווקא פאַרגלוסט פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָסל אום שבת אין פנחסל׳ס אוהל. געבליבן מיטן פּאַפּיראָסל אויפן אָרט, אַפילו ניט געקענט אַ טראַט טון, אויפן אָרט געבליבן.

מעשות פון בית־עולמס, ניסים ומופתים, אברהם האָט אָבער ריכטיק געהערט נאָר די ערשטע מעשה וועגן מרדכי זאב, שמעון דעם שוחטס זון. ערשט היינט האָט ער אים געזען, רב שמעונען. אַזאַ שטרענגער איד. און זיין זון? — יענער האָט קיין מורא געהאַט און געשטאָרבן דערפון. אַ שאָד וואָס ער האָט אים ניט געזען ווען ער האָט

געלעבט. אַ אפיקורוס, ניט געגלויבט אין השארת הנפש און יענע וועלט. אין ישיבה לערנט מען נאָר גמרא, אפילו פסוק טאָר מען ניט. אָבער אין דער גמרא שטייט ניט איבּ מתים גייען ארויס פון די קברים. אַדרבא אין הלל שטייט בפירוש: לא המתים יהללו יה, ער וועט פרעגן ר׳ טוביה׳ן.

דער רבי האָט באַשטעטיקט. דאָ אַ גן־עדן, אַ גיהנום. אברהם האָט זיך ניט באַנוגנט מיטן רבינס ענטפער. ער האָט געגישטערט אין די ספרים־שאַפעס פון דער טשערנאָבילער קלויז, ניט נאָר אין גרויסן ש״ס, נאָר צווישן די קליינע ספרימלעך — מדרש תנחומא, ילקוט שמעוני, ראשית חכמה, חובת הלבבות. ער האָט געזען דעם גיהנום. אָבער פאַרוואָס האָבן די אינגלעך מיט די מונדירלעך קיין מורא ניט? און גיטל די משומדת, פאַרוואָס איז זי ניט געשטאָרבן אין קלויסטער ביים שמד?

פיבער. טעג ווען אברהם האָט געלערנט מיט חשק, מיט ברען, געפראַוועט משמרים; אין טעג ווען ער האָט געזאָגט גמרא ווי מ׳זאָגט אשרי. שבת איז גאָר געווען שלעכט. אין ישיבה איז ער ניט געגאַנגען, געדאַוונט אין קלויז. ביים דאַוונען האָט ער געזען אינגעלעך שפּילן זיך אין דרויסן. נאָכן דאַוונען, נאָכן עסן — נאָך מער אינגלעך, אַלע שפּיל זיך. אַלע אינגלעך מעגן, נאָר ער ניט. ישיבהניק! ער איז אַ ישיבהניק און ער האָט באַשטימט, ער׳ט אַוועקפאָרן אַהיים אויף פסח, וועט ער שוין מער ניט קומען.

די שוועסטער האָט אים דערציילט אַלע נייעסן פון דאָרף. יאָסל שלמה מרדכיס האָט שוין אָנגעהויבן לייגן תפילין, שפרה חנה קיילעס איז געווען שלאַף און — מיט אַ סודותדיקן טאָן — גיטל די משומדת איז דאָ אין דאָרף מיט מיקאָלן, זי „סמיקט״ (מעוברת), וועט באַלד „צעזעצט ווערן״ (געלעגן ווערן). פרומע לאָה איז ארייגעפאלן אין דער „דאר״. דער פעלדשער זאָגט, אַז זי וועט לאַנג ניט ציען. אברהם האָט איר ניט אָפּגעצאָלט מיט נייעס פון זיין גרויסער שטאָט. ער איז שווייגנדיק. קוקט די מאַמע אויף אים ווי ער איז אָפּגעצערט געוואָרן און זי וויל אים אויסהאָדעווען, ער זאָל בעסער עסן און ער וויל ניט עסן. אויף צו להכעיס וועט ער אַוועקפאָרן. צוריק אין דער ישיבה.

אין דער ישיבה איז אַ גערודער. דער קיסילינער מיטן לוהינער האָט מען געכאַפּט... ביי וואָס — ווייסט ניט אברהם. ער הערט בלויז אַז דעם קיסילינער האָט דער ראש הישיבה מער ניט צוגעלאָזט צו דער קריאָה און דעם לוחינער פרעגט מען אין וויפילטן חודש איז ער.

פון וואַנען איז דער ראש הישיבה אויסגעוואַקסן? — קום אַהער, דו שייגעץ דו!
— דער ראש הישיבה האַלט אברהמס קין אין מיטן קליינעם הענטל פאַטשט ער, אין דער רעכטער באַק זעקס, און אין דער לינקער אויך זעקס. פאַרטיק מיט אברהמען רופט ער צו דעם לוהינער. אים פאַטשט ער ניט. מער האָט אים אברהם ניט געזען. ניט געבליבן, ארויסגעשיקט פון דער ישיבה. דער קיסילינער האָט אָפּגעפאַסט זיינע תעניתים און האָט צוריק געקראָגן זיינע טעג — אזוי דערציילן די ישיבה־ניקס. און ער האָט ניט געקראָגן קיין ענטפער אויף די פראַגעס וועגן אים. און דער רבי טוביה, אַזאַ גוטער רבי — אַוועקגעשטאָרבן. ניטאָ דער רבי, געשטאָרבן. ניטאָ וועמען צו פרעגן. ער׳ט מער ניט לערנען דאָ. ער׳ט אַנטלויפן. דעם האָראָדאָקער האָט מען אָפּגעזאָגט די טעג. ישיבה־בחורים האָבן זיך גע׳סודעט. אברהם האָט געכאַפּט אָפּגעריסענע געשפּרעכן... האָט שוין געדאָרפט קריגן סמיכות... האָט מען געכאַפּט מיט אַ טריף פסול אונטער דער גמרא...

אברהם זעט פאַר זיך דעם האָראַדאָקער. אָט שטייט ער דאָך ביים סטענדער, משמרים געפּראַוועט מער ווי יעדער איינער און אים געכאַפּט מיט אַ טריף־פּסול, גאָר ווי יענער, מרדכי זאב — דעם שוחט׳ס זון. וואו איז ער? — אָפּגעזאָגט די טעג, ארויסגעוואָרפן, אים וויל ער זען און פרעגן: צי איז דאָ אַ יענע וועלט? אַ... גאָט, אָבער ווי זעט מען אים?

אברהם האָט געלערנט אָן חשק. דעם שעור האָט ער געקענט, אָבער ניט פון לערנען צו פיל. וואָס איז פאַר אים צען בלאַט גמרא אַ וואָך? אין צוויי שעה לערנט ער אָפּ די צוויי בלאַט גמרא. און די טעג זענען לאַנגע, זומערדיקע טעג. גייענדיק אין דער ישיבה פון ווארמעס שטעלט ער זיך אָפּ, וואָס צו איילן זיך? דערווייל קען מען אריינ־גיין אין רב מיכעלעס שולכל וואו שמואליקל דער משוגענער האַלט זיך אויף. שמואליקל לויפט אַרום איבער די גאַסן, און ביי רב מיכעלען אין שולכל איז זיין היים. מ׳זאָגט אַז ער האָט אַמאָל געקענט גוט לערנען. — שמואלי׳קל! איך וועל דיר געבן אַ צוקערקע, זאָג מיר אַ משנה.

— מארגעריטע! טי מעניא ניע לוביש, — זינגט אויס שמואל׳יקל און פארקרימט זיין פּנים אין אַ געלעכטער, צענעמט די צעכראַסטעטע העמד און קוקט אריין. שטור־כעט אים אברהם — שמואלי׳קל! נאַ דיר אַ צוקערקע, נאַ! — שמואליקס פינגער טוען אַ כאַפּ די צוקערקע, אַ וואָרף געטון אין מויל אַריין מיטן פּאַפּירל און קייט. בויגט זיך צו אים צו אברהם — שמואל׳יקל, זאָג, אַ יענע וועלט איז דאָ?

— מארגעריטע, טי מעניא ניע ליוביש... — גיי אין דער ערד אריין!

שוין בעסער גיין זיך באָדן. דער טייך ציט. אין דערוואַכן, שבת, ער באָדט זיך. אברהם שווימט. זיין ציל — יענע זייט טייך. אַריבערשווימען. ער הויבט אָן מיט קלאַפּ־טער, אַרבעט שווער מיט די פוס, דערפאַר אָבער, ווייסט ער, אַ האַלבע פלייצע זעט זיך ארויס, זאָל מען זען אַז ער שווימט! און די פאָלקע וואָס ער לייגט — אַ טרוקענע, קיין שפּריץ וואַסער. ער גייט איבער אויף אַ ראַק, היט זיך דאָך צו שווימען שטיל, ניט בייטן די פיס, צום ברעג איז נאָך ווייט. עמיצער שווימט אים אנטקעגן. — מוזיניקל! אום שבת! — אַ הויב דעם קאָפּ, אַ קוק. דאָס איז דאָך... דער האָראַדאָקער!

אברהם קאָרטשעט זיך אין זיין נאַקעטקייט, ציטערט ער זאָל אים ניט מסרן, קוקט פונדעסטוועגן אויפן האָראַדאָקער. ווי אַנדערש ער זעט אויס אַ נאַקעטער, אָן קליידער און אויך אָן... פּיאות. אברהם ציטערט, קען זיך ניט נעמען צו זיינע קליידער צו אָנטון — שרעק זיך ניט, ניט מסרן. האָב קיין מורא ניט. טו זיך אָן. דיר איז קאַלט.

אברהם ציט אויף זיך די העמד, אָבער ווי ער זאָל זי ניט דרייען קומט די פאַזוכע אַרויס פון הינטן אָדער זיין קאָפּ שפּאַרט זיך אין אַרבל אריין און ער ציטערט, ציטערט פאַר קעלט און האָט אויך מורא דער האָראַדאָקער וועט ניט בלייבן, פאַרשווינדן. דער האָראַדאָקער זיצט, זיפּט זאַמד דורך די פינגער, הויבט אויף די אויגן, באַטראַכט אברהמען.
— גייסט נאָך אין ישיבה? — אברהם ענטפערט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ אויף יאָ.

— ווי הייסטו? וואָס איז דיין נאָמען? — קרוב צו צוויי יאָר אונטער איין דאַך און ניט געוואַגט צו פרעגן אים: וואָס איז דיין נאָמען, אייער נאָמען?

— מיין נאָמען איז מאיר, מאיר בערמאַן — זאָגט דער האָראַדאָקער און דערלאַנגט אים די האַנט. אברהם האָט שטאַמלנדיק, רויט־ווערנדיק, קוים אויסגעבראַכט: פאַרוואָס האָט מען אייך...? — ווייל איך האָב זיך געבאָדן אום שבת.

אַ באַליידיקטער קוקט אברהם פון אונטן אַרויף מיט איין אויג אויף מאיר׳ן —

לאַכסט? — איך לאַך בלויז — האָט מאיר זיך פאַרענטפערט — מ׳האָט מיר ארויסגע־וואָרפן ווייל... ווערסט סיי ווי ניט פאַרשטיין.

— איך וועל פאַרשטיין! איך ווייס... איך... — וואָס ווייסטו?

— איך ווייס, איך וויל וויסן, איך וויל... זאָגט מיר, אין די ספרים וואָס איר האָט געלייענט... זאָגט מיר, ס׳איז דאָ אַ גאָט צי ניט? —

מאיר בערמאַן האָט אויפגעהערט מעסטן דאָס זאַמד. ער האָט געקוקט אויפן „מוזי־ניקל״, געזען ער איז אויסגעוואַקסן, דאָך אַ קינד און עס פרעגט שוין. אברהם איז קוים איינגעשטאַנען פון אויפרעגונג.

— און דו מוזסט עס שוין וויסן? — האָט מאיר אַ פרעג געטון, אַנרירנדיק אים — טו זיך אָן! מירן גיין!

### 5. די קריע גייט

אלול. דאָס „אידישע״ דאָרף איז דערשלאָגן. פרומע לאה, גדליה דעם שוסטערס ווייב, גוססט. דער פעלדשער האָט געטון אַלץ וואָס ער האָט געקענט. מ׳האָט געבראַכט דעם דאָקטאָר צייטלין, האָט ער זיך אָנגעבייזערט: וואָס האָט איר מיר געבראַכט צו אַ מת? צוגענומען פופצן רובל. אַ רובל אַ ווערסט — און אַוועקגעפאָרן, איבערלאָזנדיק פרומה לאהן אויף איר מאַן גדליה דעם שוסטער, דער שכנה עטל, דעם שכן זיידל און אַלע איבעריקע אידן פון דאָרף זיי זאָלן טון איר רעכטס.

זיצט עטל, קומט אַריין זיידל, שלמה מרדכי, מ׳רעדט בלחש, מיט אַ סיקעניש: וואָס פאַדעט זי נאָך אַרום דער שטוב? מיטן ממזר אויף די הענט! ברענען זאָל זי.

פרומע לאהס פנים פלאַמט מיטן לעצטן לעבנס־פייער. זי באַנעצט מיטן צונג די ליפן, זייער קאָליר — אָפגעשלאָגן אייזן, קירעוועט די אויגן צו דער טיר, פאַרמאַכט זיי, דרייט מיטן קאָפּ איבערן קישן, זינקט. מיט אַמאָל האָט זי זיך אויפגעזעצט, ווילד אַ קוק געטון, ארויסגעכריפעט: אַוועק! אַוועק פון מיר! און צוריק געפאַלן צו דער קישן.

מ׳האָט זי ניט אריינגעלאָזן. ערשט שפעט אין אוונט, ווען פרומע לאה איז שוין געלעגן מיט די פיס צו דער טיר, צוויי ליכט צוקאָפּנס, האָט זיך די טיר אויפגעפראַלט און גיטל די משומדת, אַ שאַל אויף די אַקסל, דאָס טיכל פון קאָפּ אַרונטערגעשאָרט, איז אריינגעפאַלן אין שטוב, אַ ווינט האָט אַ בלאָז געטון אויף די ברענענדיקע ליכט. די ליכטצינגלעך האָבן זיך אַ וויג געטון, נאָך איידער עמיצער האָט צייט געהאַט אַרויס־זאָגן אַ וואָרט איז גיטל צוגעפאַלן צו דער טויטער מאַמע און עס האָט זיך דערהערט: מאַ—אַ—אַ—מע!

— אַרויס! אַרויס פון שטוב! משום...

דאָס וואָרט איז געבליבן שטעקן אין האַלז. פינגער האָבן זיך איינגעגראָבן אין גע־דיכטע לאַנגע האָר, געריסן, געצויגן... דער טויטער קערפער האָט זיך נאָכגעצויגן, פאַר־טשעפּעט אַ לייכטער, אים אומגעוואָרפן. זיידל האָט אויפגעהויבן דעם לייכטער, אָנגע־צונדן דאָס ליכט, אַרומגענומען גדליה׳ן, האָט ער אַ נעם געטון גיטלס אָרעם, אַ קוועטש געטון אַז זי האָט זיך אַ צאַפּל געטון, מיט דער אַנדערער האַנט האָט ער אָנגענומען איר קאַרק, געשטופּט זי צו דער טיר, אַן עפן געטון די טיר און ארויסגעשטופּט גיטלען אין דרויסן. די טיר האָט ער האַסטיק פאַרקלאַפּט.

פון הינטערן טיר האָט זיך געהערט אַ כליפען: — מאַ—מע! מאַ—מע—ניו!

— טרייבט זי אַוועק! טר—ר—ייבט זי אַוועק! — האָט גדליה געכריפּעט, — איכ׳ל זי... אינדרויסן איז שטיל געוואָרן. קיין מענשלעך געוויין, דערפאַר האָט זיך דייטלעך דעהערט אַ וואָיען פון אַ הונט, אַ לאַנג, פאַרצויגן וואָיען.

— נו, אַ נאַכט! רבונו־של־עולם! — טוט עטל אַ זאָג פאַר זיך.

— דו גיי אַהיים, — זאָגט זיידל צו איר שטילערהייט, — איכ׳ל שוין דאָ איבער־זיצן מיט אים די נאַכט. באַשטעלט קאַרנעיען אויף מאָרגן גאַנץ פרי.

אויף אַ דראָבינע, אויסגעבעט מיט שטרוי, האָט מען ארויפגעלייגט די טויטע פרומע לאה, זי איבערגעדעקט, גדליה דער שוסטער האָט זיך געזעצט לעבן קאַרנעיען, קיין וואָרט פון די באַשטייענדיקע. קאַרנעי האָט אַ צי געטון די לייצעס ניט אַרויסלאָזנדיק קיין קלאַנג צו די פערד אפילו. דער וואָגן האָט זיך אַ ריר געטון, אַ יידישן מת צו קבר ישראל ברענגען.

פאַרבייגעפאָרן דעם צלם, האָט קאַרנעי אַרונטערגענומען דאָס היטל, זיך איבער־געצלמט. אַ גויע מיט אַ קראָמיסלע מיט צוויי ליידיקע עמער איז פאַרבייגעגאַנגען. האָט קאַרנעי אויסגעשפּיגן, אַ טרייב געטון די פערד, איבערגעפאָרן די בריק האָט ער געזען אַ גויע לויפן. ער האָט ווידער אויסגעשפּיגן און אַ בורטשע געטון: טפו, כאָליערע, צוויי באַבעס... ער האָט אַ שמיץ געטון די פערד.

די גלעקער פון קלויסטער האָבן גענומען קלינגען נאַגוואַלד. אַ פייער גאַנץ פרי. אַ שאַל מיט אַ טיכל האָט מען געפונען אויפן ברעג טייך. עמיצער האָט זיך דערטרונקען. דאָס דאָרף האָט גענומען לויפן צום טייך. מיקאָלאַ האָט דערקענט די שאַל מיטן טיכל. נעמט מען אַ דעקל פון אַ באַקדייזשע, מ׳לייגט דערויף אַוועק אַ ברויט, אין ברויט אַריינגעשטעקט אַן אָנגעצונדענע ליכט און מ׳לאָזט עס שווימען. דאָס דעקל האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָרטן ליגט זי. נורען מענער אין וואַסער, טויכן, קומען אַרויף מיט ליי־דיקע הענט. אַ נעץ פאַרציען. אַ קנויל מענטשן האָט די נעץ ארויפגעבראַכט, אויסגע־גלייכט דעם קנויל — גיטל די משומדת. וויפל אידן עס זענען געווען ביים ברעג, האָבן זיך גלייך דערווייטערט. קיינער איז אין יענעם טאָג אויפן דאָרף ניט געגאַנגען. מ׳האָט מורא געהאַט, אז מ׳וועט זי פּאַלמעסן. מ׳האָט זי ניט געפּאַלמעסט, אפילו קיין דריי טעג ניט געלאָזט ליגן. אויף מאָרגן מיטאָג־צייט, ווען גדליה דער שוסטער איז אריינגעפאָרן אין דאָרף צוריק פון דער קבורה, האָט ער זיך באַגעגנט מיט דער לוויה־פּראָצעסיע. קאַרנעי האָט אָפּגעשטעלט די פערד, אַראָפּגענומען דאָס היטל, זיך איבערגעצלמט. גדליה האָט אויך אַרונטער גענומען דאָס היטל, געקוקט אויף די שמאַטעס, מער ווי די שמאַ־טעס ניט געזען.

דער אַלטער האָט אויסגעפירט. עטל האָט אויסגעפאַרקויפט די קראָם. ניט געווען אַ סך צו פאַרקויפן. אַ האַלב זעקל מעל, אַן אָנגעהויבענער בוטעל גאַז, אַביסל אויסגע־טרוקענע טאַראַנקעס, עטלעכע פונט צוקער, די וואָג — אויס קראָם. דער אַלטער יאַנקל האָט פאַרקויפט די קרעטשמע און אַלץ וואָס אין שטוב, אויסער דעם זייגער מיט דעם פאַרגעלטן ציפערבלאַט מיט די קייטן און וואָגן, האָט ער ניט פאַרקויפט — וועט צוניץ קומען, און די ספרים — אַוועקגעבן אין בית־המדרש. און יאַנקל דובראָווקער, צוזאַ־מען מיט דער טאָכטער און אייניקלעך, זענען געוואָרן שטאָטישע, זווהילער.

דער צענטער פון שטאָט איז פאַר דעם אַלטן יאַנקל געווען די שול. האָט מען גע־

דונגען אַ דירה — אַן אַלקיר — נאָענט צו דער שול, צו ז'ער טשערנאָבילער קלויז. איבער זיבעציק יאָר האָט דער אַלטער געלעבט אין דאָרף, געמאָסטן בראָנפן אויפן קוואַרטירל, און געהאַנדלט — אָבער דאָס איז אַלץ געווען ניט מער ווי אַ פאָרשפּיל. דאָס אמתע לעבן הויבט זיך ערשט אָן איצט, אין דער טשערנאָבילער קלויז. חסידים, פאַר וועמען ער איז ביז איצט געווען א ישובניק, האָבן אים איצט אויפגענומען ווי אַ גלייכן, זיין מתנה, די עטלעכע ספרים, אָנגענומען בכבוד, לכבוד דער מתנה, דעם באַזעצן זיך אין שטאָט געטרונקען לחיים, געווינטשעוועט אריכות־ימים. אפילו אברהם האָט געקראָגן אַ קניפּ אין בעקל. אַ וואויל אינגל, אַ וואויל אייניקל האָט ער, רב יאַנקל.

דאָס וואוילע אייניקל האָט זיך אָבער קיין אָרט ניט געפונען. אים איז ענג געוואָרן. ער עסט שוין ניט קיין טעג, שלאָפט אין דער היים, אין איין בעט מיטן זיידן, די בעט אַ ווייכערע פון דער בית־מדרש־באַנק. דאָך וואָלט ער ליבערשט געשלאָפן אין דער טשערנאבילער קלויז, איידער מיטן זיידן אין איין בעט. נאָר וואָס האָט ער בעגנבעט דעם זיידן און איצט דאַרף ער ליגן מיט אים אין איין בעט.

אברהם האָט ניט געוואָלט גנבענען. דער זיידע האָט אַ פרעג געטון: ווען הויבט מען אָן גיין אין דער ישיבה, האָט אברהם מיט אַרונטערגעלאָזטע אויגן געענטפערט: מ'גייט שוין. אויפן זיידנס: נו? האָט אברהם ניט געענטפערט. דער זיידע האָט מיט צוויי פינגער אָנגענומען זיין קין, פאַרריסן זיין קאָפּ, אים אָנגעקוקט: פאַרוואָס גייסטו ניט אין דער ישיבה? — איך וויל מער ניט גיין אין דער ישיבה. — איך דאַרף ניט גיין אין דער ישיבה, קען שוין לערנען אין קלויז, מאַך שוין א לייענען.

אַ קאָמפּראָמיס פון אברהמס זייט, אָבער דער זיידע האָט אויך נאָכגעגעבן, טרייסטנדיק זיך, אַז זיין אייניקעל איז אַ בן־תורה, לערנט שוין אַליין אין קלויז, אויף זיין סטענדער טאַקע לערנט ער גמרא. אויפן סטענדער די גמרא, אָבער אין סטענדער דער „התועה בדרכי החיים”, „עיט צבוע” און בייטאָג, ווען אין קלויז איז קיינער ניטאָ האָט דער „התועה” פאַרבלאָנדזשעט אין דער אָפענער גמרא און אברהם האָט געשלונגען די ווערטער, געלייענט גנביש, גיך. אַז עמיצער איז אריינגעקומען האָט ער געלערנט הויך אויף אַ קול אין אָוונט איז ער צוזאַמען מיטן זיידן געזעסן ביי דער הרובע, געהערט מעשות וועגן „אים”, דער טשערנאָבילער, מאַקאַראַוווער, טריסקער רבי'ן. נאָכדעם געגאַנגען אַהיים זיך לייגן שלאָפן מיט אים אין איין בעט.

דריי דורות, צוויי וועלטן זיינען געלעגן אין בעט. אברהם האָט ארומגעדרייט די קאָלדרע אַרום זיך, דער אַלטער האָט זיך אויך געהיט ניט אָנצורירן דאָס קינד, דאָך איז ביידן געווען ענג. אינדערפרי האָט דער אַלטער ניט געפונען קיין נעגל־וואַסער, ער האָט אָפּגעזיפצט, געגאַנגען זיך וואַשן און געגאַנגען דאַוונען, אויסגעקוקט, אַז אברהם זאָל אריינקומען. ער איז ניט געקומען. פאַר וואָרמעס האָט ער אַ פרעג געטון: וואו איז אברהמ'ל?

— וואָס הייסט? — האָט זיך די מוטער גע'חידושט — ער איז ניט געווען אין שול?

— ער האָט געזאָגט אַז ער גייט אין שול? — גייט אַלע טאָג. נחת דערלעבט. אָקאָרשט געווען בר־מצוה און שוין אַ גוי. עך. רבש"ע...

— וואו איז ער געווען! אַזאַ משומד! גיי מאַך, טו עפּעס. וואו איז ער? איך וועל אים קאַטעווען, קאַטעווען וועל איך אים.

מ'האָט אים געקאַטעוועט, פריער די מאַמע און נאָכדעם דער זיידע, ביז די מאַמע

האָט זיך שוין דערבאַרעמט אויף אים, אים קיים אַרויסגעריסן פון זיידנס הענט.

— אַרויס פון שטוב! — האָט דער אַלטער געשריען, טרייסלענדיק זיך פאַר כעס.

אברהם האָט זיך ניט געשראָקן פון זיידנס געשרייען, פונדעסטוועגן איז ער אַרויס־געלאָפן פון שטוב. געלאָפן צום האָראָדאָקער, צו בערמאַנען, אים דערציילט פון אַלץ, נאָר ניט וועגן די קלעפּ. אברהם האָט געטראַכט, אַז ער איז אַנטלאָפן „אויף אייביק", ער וועט שוין מער קיינמאָל ניט זען דעם זיידן, דער מאַמען, ער'ט אַוועק אין דער וועלט אַריין, רחל'ען וועט ער נאָר שיקן אַ בילעט, זי זאָל אויך קומען צו אים.

אַ „פאַרלאָזענער פון אַלעמען"? — האָט אברהם זיך אומגעקערט אַהיים. ער האָט שטיל געגעסן וואָס די מאַמע האָט דערלאַנגט, געשלאָפן ווידער מיטן זיידן אין בעט, אָבער אויף מאָרגן אין קלויז ניט געגאַנגען. דער זיידע האָט מער ניט געשריען, גע־שלאָגן, ער האָט געשוויגן. זיין אויסגעקיילעכטע פּלייצע איז נאָך מער העכער געוואָרן, דער קאָפּ איז ממילא געזונקען נידעריקער, ער איז געוואָרן נאָך מער איינגעבויגן. אויף דער נאַכט איז ער ניט געקומען אַהיים שלאָפן, געבליבן אין קלויז. אויף וואָרמעס איז ער נאָך געגאַנגען אַהיים, ביים בענטשן זיך פאַרטראַכט, נאָכדעם גענומען בענטשן אויף דער גיך און גלייך נאָכן בענטשן אַוועק צוריק אין בית־המדרש. מער איז ער שוין אינדערוואָכן ניט געקומען אַהיים. רחל'ע האָט אים געטראָגן דאָס טעפּל געקעכץ אין קלויז אַריין, געוואַרט ביז ער האָט אָפּגעגעסן. דערלאַנגענדיק איר צוריק דאָס טעפּעלע מיט דער לעפל, האָט ער זי איינמאָל אַ גלעט געטון. שבת האָט ער געגעסן אינדערהיים. אברהם איז געגאַנגען מיט אים אין שול, דער זיידע האָט געשוויגן.

די עלטער האָט זיך אויף אים אָנגערוקט ווי אַ געדיכטע כמאַרע. ער איז קלענער געוואָרן, די הענט האָבן געציטערט, ער האָט קוים דערטראָגן די לעפל צום מויל. איין טאָג נאָך פּורים איז דאָס געווען, האָט ער גאָר געשיקט דאָס געקעכץ צוריק. דער זיידע וויל ניט עסן — האָט רחלע איבערגעגעבן. עטל האָט אַרויפגעכאַפּט די שאַל, אַוועק־געלאָפן אין קלויז אים געטראָפן זיצן און דרימלען. — ביזט ניט געזונט? גיי אַהיים. לייג זיך צו, אפשר רופן דעם רופא? — ווער האָט געשיקט נאָך דיר? — עטל איז געשטאַנען, געקוקט אויף אים. ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט. זי האָט פאַרנומען די שאַל איבערן ברוסט, אַ זיפץ געטון, און אַ דערשלאָגענע אַוועק צוריק אין קלייטל.

פרייטאָג איז ער געקומען, גענומען אַ העמד, אַוועק אין מרחץ. שבת געגאַנגען אין קלויז, ביים טיש ניט פאַרזוכט קיין עסן, געמאַכט אַ מוציא, ניט מער. נאָך הבדלה האָט ער זיך געלייגט אין בעט. זונטאָג אין דער פרי האָט ער אָנגעטון טלית און תפילין, ביים דאַוונען איז אים ניט גוט געוואָרן און האָט זיך אַריינגעלייגט אין בעט.

— רופן א דאָקטאָר? — גיי רוף חיים דעם שמש!

אָפּגעזאָגט ווידוי, האָט ער געהייסן עטלען אַרויסנעמען די „קליידער". ער האָט זיי באַטראַכט. נו, אַ דאַנקען גאָט, כאָטש שטאַרבן אין אייגענע תכריכים. און אַ שנעלער קימפּעט...

— קום אַהער, אברהמעניו! קום אַהער, מיין קינד! נעם אַרויס די תפילין פון טלית־זעקל. זעסט? די תפילין האָב איך געקראָגן בירושה פון מיין טאַטן, עליו־השלום, און ער האָט זיי אויך געקראָגן בירושה. ערלעכע אידן האָבן אין די תפילין געדאַוונט, לאָז איך זיי דיר איבער, נאָר זאָג מיר צו, גיב מיר אַ האַנט, אַז דו וועסט אין זיי דאַוונען, זיין אַ איד.

ביים שטאַרבנדיקן זקן האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, אין האַלז איז אים געוואָרן ענג. אברהם האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן, זיין האַנט, האָט ער געפילט, צעגייט זיך אין זיידנס האַנט. דער אַלטער האָט אַרויסגעלאָזט אברהם׳לס האַנט, אַ קוק געטון אויף דער טאָכטער. די מוטער האָט ארומגענומען אברהמען ביים קאַרק, מיט דער צווייטער האַנט געצויגן רחלען צו זיך, צו איר פאָטער. די קליינע האָט זיך געריסן פון איר, געווינט אויף אַ קול. דער אַלטער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט — לאָז זי אָפּ. לאָז... ער האָט זיך אומגעדרייט מיטן פנים צו דער וואַנט.

אברהם האָט געזען ווי מ׳האָט דעם זיידן ארונטערגענומען פון בעט, אנידערגעלייגט אויף דער ערד. געוואָרן אַזוי קליין, אַזוי דאַר. חברה־קדישא האָבן אים אַרויסגעטריבן פון שטוב: גיי, טאָרסט דאָ ניט זיין, ביזט אַ כהן. איז ער געזעסן אין דרויסן, געקוקט אויפן שליאַך, געזען מענטשן, פורן, געזען און ניט־געזען, פאַר די אויגן ווי מ׳לייגט דעם זיידן אַנידער אויף דער ערד. אַ מת, טויט. און מיט אַ שעה צוריק האָט ער גערעדט צו אים, געבעטן אים דאַוונען אין די תפילין. איצט טויט, וואו איז טאקע אַהינגעקומען דאָס לעבן, די נשמה? השארת הנפש. דאָס וואָס אים איז שוין געווען קלאָר — ניטאָ קיין נשמה, קיין יענע וועלט, איז איצט ביים אָנגעזיכט פון טויט, דעם ערשטן טויט וואָס ער האָט צוגעזען אַזוי נאָענט, אַזוי רואיק, איז אים ווידער געוואָרן אומקלאָר. אַ פאַרהאַנג האָט זיך אַרונטערגעלאָזן פאַר די אויגן. וואָס הינטערן פאַרהאַנג? נאָך דער קבורה האָבן חברה־קדישא געטרונקען בראָנפן, לחיים, לחיים! די נשמה זאָל האָבן אַן עליה. טויט און לחיים, באַגראָבן און די נשמה אַן עליה. ניין, ניטאָ קיין נשמה, ניטאָ, דאַך זאָגט ער קדיש נאָך דער זעלבער נשמה. אַ טאָג, צוויי, דאָס גיין אין שול, דאָס קדיש־זאָגן איז אים נמאס געוואָרן.

— פאַרוואָס גייסטו ניט זאָגן קדיש? — האָט די מאַמע געמאָנט. — שוין גענוג!

— שוין גענוג, שוין גענוג. כדאי צו האָרעווען אויף קינדער, ווערן פאַרוויסט און פאַרפינצטערט, שטאַרבן, וועט עס אַפילו קיין קדיש ניט זאָגן.

— איך בין היינט געווען אין שול! וואָס ווילסטו פון מיר?

— זאָלסט מיר אַזוי זיין מיט דער נאָז ווי דו ביסט געווען אין שול. גיי איוואַנציע, גיי, שטיי מיר כאָטש ניט פאַר מיינע אויגן.

גייט אַוועק אברהם פון פאַר דער מאַמעס אויגן צום אייזערנעם בריק. דאָרט שטייט ער אָפּ שעהנווייז. ער הערט און זעט ווי דאָס אייז שפּאַלט זיך, דער טייך עפנט זיך. אָט האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן איין שטיק אייז. דריי עקיק. די ברייטע זייט מיט די צוויי עקן טוט זיך אַ לייג, ברעכט איין דאָס אייז, דער ברייכער טונקט זיך אונטער, פאַרשווינדט, בלויע, שווערע וואַסער טוט זיך אַ יאָג, אַ שטראָם. אַ נייע שטיק אייז, בלוי, קלאָר אַזש דורכזיכטיק שטייט זי, ישובט זיך, נאָך שטיקער אייז קומען אָן, איינע קריכט איבער דער צווייטער, די שטיקער אייז זענען ניט מער קאַלטע געפרוירענע שטיקער, נאָר ווייסע בערן פון ים־הקרח, און דאָס וואַסער, פאָכענדיקע בייטשן וואָס יאָגן, טרייבן: רירט זיך!

דעם גאַנצן טאָג איז אברהם געשטאַנען, אַכטונג געגעבן ווי די קריע גייט און אים איז געווען אַזוי מוראדיק גוט. האָט זיך אויפגעשטעלט אַ שטיק אייז איז זיין האַרץ געבליבן שטיין אין שטומער שרעקהאַפטער דערוואַרטונג, האָט דאָס שטיק אייז אַ פאַל געטון, האָט זיך זיין האַרץ אַ וואָרף געטון, גענומען קלאַפּן האַסטיקער, אויף אַ גאָר גרויסע קריע, וואָס שווימט רואיק ברחבותדיק, געמעגט שווערן זי טרייבט דאָס וואַסער, ווילט

זיך אים גאָר אויפזעצן און אַזוי זיך אַוועקלאָזן אויף איר איבער טייכן און ימים, ער־געץ־וואו אין דער גרויסער וועלט אַריין.

## 6. דער פּאַדים רייסט זיך

טאָג־איין, טאָג־אויס האָט ער זיך געקריגט מיט דער מאַמען. זי האָט געשריגן: ווער אַ שוסטער, ווער! וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף מיין קאָפּ? צו להכעיסדיק האָט ער געענפערט: נו. האָסט אָפּגעגעבן רחלען צו אַ שניידערקע, פּאַרוואָס גיסטו מיר ניט אָפּ צו אַ שוסטער? האָט זי געוויינט, באַקלאָגט איר ביטער מזל. צוליב דעם האָרעוועט זי, צוליב דעם פּאַרוויסטעט זי און פּאַרפּינצטערט אירע יאָר, אַז איר קינד זאָל אויפֿוואַקסן אַ גוי, רעדן איר אַנטקעגן? אוי, איר שווער ביטער מזל!

— האָט זיך שוין צעוויינט, — גיט אברהם אַ בורטשע און גייט אַוועק. איר וויינען קען ער ניט פּאַרטראָגן. וואָס וויינט זי? — אירע קללות קען ער פּאַרטראָגן; איר געוויין ניט. ער׳ט...

יעדן טאָג האָט ער באַשלאָסן, אַז ער פאַרט קיין זשיטאָמיר, קיעוו, עסן ברויט מיט וואַסער, לערנט, לערנט, האַלט אויס עקזאַמען, גייט אַריין אין אוניווערסיטעט, אַ סטודענט, ער האָט זיך שוין געזען אין דער סטודענטישער היטל, דער קאָפּ זיינער, האָט ער געפילט, איז שוין אַ סטודענטישער.

יעדן טאָג האָט אברהם אָנגעמאָסטן די תפילין. זיצנדיק אין די תפילין האָט ער געלייענט אַ ביכל אזוי לאַנג ווי דאָס דאַוונען דאַרף נעמען און נאָכן דאַוונען געקראָגן אָנבייסן. ער האָט אזוי גערדאַוונט אַ יאָר צייט, גאַנץ „טאָלסטאָי״ האָט ער אַזוי אָפּגע־דאַוונט, ביז איין פרימאָרגן, אין די ימים־נוראים, ווען „אַ פיש ציטערט אין וואַסער״, האָט אברהם געוויקלט די רצועה. ער האָט אַ צי געטון די פּעדעמלעך, עס רייסט זיך. די רצועה איז מיט אַמאָל געוואָרן אַ פּשוטער לעדערנער רימען און די תפילין? — צוויי קעסטלעך. אינעווייניק? מיטן של־יד אויפן מוסקול פון לינקער האַנט, האָט ער געגומען אַ מעסערל, איבערשניטן די גידים, דאָס האָרץ האָט געקלאַפּט אָט ווי דאַן ווען ער כאַפּט זיך אַמאָל צו דער מאַמעס קעשענע פון אַ קליידל וואָס הענגט, געעפנט, אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַרמעט: וקשרתם לאות ידיך והיו לטוטפות בין עיניך...

דער געדאַנקען־גאַנג האָט זיך פּאַרטשעפּעט איבער דעם וואָרט. טוטפות, וואָס איז דאָס? דער געדאַנק האָט זיך איבערגעריסן... די מאַמע איז אַריינגעקומען. ער האָט זיך אַ צאַפּל געטון, גענומען שפּאַרן דאָס שטיקל פּאַרמעט צוריק אין די בתים, דאָס אָפּענע מעסערל שטופּן אין קעשענע אריין.

— דאַוונסט אַזוי, האַ? — האָט די מאַמע געפרעגט און צוקומענדיק נעענטער, דערזעענדיק דעם אָפענעם של־ראש האָט זי מיט שרעק אַ פרעג געטון: וואָס איז דאָס, וואָס טוסטו?

— איך זע איבער די פּרשיות צי זיי זענען ניט פּסול.

די מאַמע האָט אויף אים געקוקט מיט אַזאַ געפּענטעטן כעס, אַז אים האָט זיך געדוכט, אַז זי וועט אים אויספּאַטשן די פּיסקעס. ער האָט אויסגעהאַלטן איר קוק. געזען ווי אירע אויגן ווערן טונקעלער, פייכטער, אירע הענט האָבן גענומען ציטערן. זי האָט זיך אויסגעדרייט, ניט אַרויסגעזאָגט קיין וואָרט און אַרויס פון אַלקיר.

אברהם איז געשטאַנען וואו זי האָט אים איבערגעלאָזן, זיין אייגענע חוצפּה האָט

אים געליימט. דער קאָפּ האָט געברענט. ער האָט צונויפגעלייגט די תּפֿילין און, ניט עסנדיק דעם צוגעגרייטן אָנבייסן ארויס פון אַלקיר, זיך געלאָזט איז גאַס.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט. געווען ביים טייך. דאָס וואַסער טונקל בלוי, קאַלט, שווער און אַזוי קלאָר, דורכזיכטיק. ער וואַרפט אַ שטיינדל, זעט ווי עס זינקט, ניטאָ קיין חשק צו וואַרפן שטיינדלעך, מאַכן קאטשקעלעך. אַ קאַלטער ברוגזער טייך. ארויף אויף די טרעפּ, זיך געלאָזט אין מאַרק אַריין און האָט פאַר דעם איינציקן פירער אין קעשענע געקויפט עפּל ביי אַ סעדעכע, געגעסן אינמיטן מאַרק. דערזען פון ווייטן אַ ישיבהניק מיט אַקאַפּאָטע און פּיאות האָט ער זיך אָפּגעדרייט, אַוועק אין אַ זייטיקער גאַס, געגאַנגען אין שטאָטישן גאָרטן. ניט הויבנדיק די פיס איז ער געגאַנגען, געשאַרט די בלעטער, געזעסן אויף איין באַנק, אַ צווייטער, אַזוי ביז די לאָמפּן האָבן זיך גענומען צינדן. געגאַנגען אַהיים. די מאַמע האָט ניט געפרעגט וואו ער איז געווען דעם גאַנצן טאָג, געגעבן עסן און ער האָט געשלונגען, געכאַפּט. דאָס עסן האָט ניט געשטילט דאָס ברויען אינווייניק. רחלע האָט אים עפּעס אַפרעג געטון, האָט ער איר דערלאַנגט אַ קלאַפּ, זי האָט געענטפערט מיט אַ קניפּ און מיט אַ געשריי: מאַמע!

— טשעפּע זיך ניט מיט אים! — האָט די מאַמע אַ זאָג געטון, און דער „אים" איז אַרויסגעקומען אַזוי האַרט, אַז רחלע האָט אַ קוק געטון אויף אים און אַנטשוויגן געוואָרן.

שווייגנדיק זענען געשטאַנען די קלאָרע האַרבסט־טעג, סודותדיק די פאַרנאַכטן, שטרענג שווייגנדיק די אָוונטן, שטערן, פייערלעך און די פענצטער האָבן זיך איבערגעוואונקען, דאָך קיין וואַרעמקייט אין די פייערלעך, קאַלט, מרה־שחורהדיק.

און ער פּריווט זיך אָנהויבן איר זאָגן פון זיין ווילן אָפּפאָרן, נאָר ס'האָט זיך ניט אָנגעהויבן. טעג זענען אַזוי געגאַנגען. יעדן טאָג האָט ער געפילט, פאַרלירט ער עפּעס. האָט ער דאָך נאָך געוואָלט אַוועקפאָרן פאַראַיאָרן, ער וואָלט שוין ביז איצט...

זיין אויג איז געפאַלן אויף אַ קליין קעסטל פון טיי, אַ שיין קעסטל, אַ גרינגס און א שטאַרקס. צום דעקל צופראָווען אַ שלעסל איז עס ווי אָנגעמאָסטן פאַר אים, אַלע זיינע זאַכן, ביכלעך ווען אַהין אַריין. — דאַרפסט דאָס קעסטל, מאַמע? — ניין, וואָסי?

איצט זאָגן. — גאָר ניט, ענטפערט ער. אויף מאָרגן האָט ער אויסגעקראַצט ערגעץ אַ שליסל, צוגעקלאַפּט, צוקאַליעטשעט אַ פּאָר פינגער. גענומען פּאַקן אויף אַ פּראָבע ווען די מאַמע האָט ניט געזען, אונטן די ביכלעך אויבן די העמדער און פאַרקערט. ביז די מאמע האָט מיט שטירדעם א פרעג געטון: וואָס פּאַדעסטו ארום דעם קעסטל ווי אַ הון אַרום דער נאַסידלע? — זי האָט זיך אַוועקגעלאָזט צום קעסטל, אַ קוק געטון, ער האָט פאַרשטעלט דאָס קעסטל. — איך פאָר אוועק!

די מאַמע האָט אים אָנגעקוקט, — וואוהין איז, זוניו מיינער?

איר חוזק־טאָן האָט אים געבייזערט, בייזקייט האָט געגעבן מוט. קיין זשיטאָמיר פאָר איך. גוט? — גיב איבער אַ גרוס דער מומע פראַדל.

— איך פאָר ניט צו דער מומע פראַדל. — צו וועמען דען פאָרסטו, צום גובערנאַטאָר?

— צו קיינעם. — זי איז דערווייל די שטאַרקערע און ער גיט זיך אונטער. איך פאָר לערנען. — וואָס־זשע, דאָ איז שוין פאַר דיר ניטאָ קיין תּורה?

— איי, דו ווייסט נישט...

די שטימע, אַ שטימע וואָס האַלט זיך אין בייטן. דער מאַך מיט דער האַנט, דער

פאַרקנייטשטער פּנים ביים „איי, דו ווייסט נישט!", האָט אויפגעריסן אירע אויגן. ווי ער האָט זיך געביטן! ווי ענלעך ער ווערט אויפן... פֿאָטער אויף זיינעם. אַ וודאי ווייס איך נישט. וואָס ווייסט דען אַ מאמע? אַ מאַמע ווייסט בלויז האָרעווען, אַקערן מיט דער נאָז די ערד, פֿאַרפינצטערט ווערן. און פֿאַר ווען? פֿאַר וואָס?

זי האָט שוין מער קיין חוזק ניט געמאַכט, זי גיט נאָך, ער האָט געוואונען. זי האָט פֿאַרלאַטעט אַלע העמדער, פֿאַרמאַרעזשעט אַלע זאָקן, אָנגעזאָגט ער זאָל קיין צעריסענע זאָק ניט אַרויסוואַרפן, צושיקן, וועט זי פֿאַרריכטן. פֿאַרן אַוועקפֿאָרן האָט זי אָפּגעבאַקן קיכלעך, קאָרזשעס. ער האָט זיך געקרימט, ניט געוואָלט, זי האָט געפּאַקט און נביאות געזאָגט: וועסט נאָך חלשן נאָך דער מאַמעס קיכל און ניט האָבן — שוין דאַכט זיך אַלץ איינגעפּאַקט, מ׳קען שוין פֿאַרשליסן. די מאַמע האָט דערלאַנגט די תּפֿילין. נעם זיי מיט. ער האָט אַ קוק געטון אויף איר. געבראָכן האָט זי אַרויסגעזאָגט: מיין זון, טו מיר צוליב, אָט אַזוי. געדענק, מיין קינד, יאָק יידיש, טאָ פּאַאידיש, אי זאַאידיש. וועסטו אָבער זיין אַ גוי, איז... זי האָט ניט פֿאַרענדיקט.

הארט פֿאַרן פֿאָרן האָט זי אים, צום ווייפילטן מאָל, אָנגעזאָגט ווי צו טרעפֿן דער מומע פֿראַדל, געהייסן היטן דאָס קעסטל און די פינף רובל, וואָס זי האָט אים איינגע־נייט אין אַ באַהאַלטענער קאַמזויל־קעשענע, און למען־השם שרייבן אַ בריוול. ביים דיליזשאַנס האָט זי אים געכאַפּט, געקושט אין די באַקן, אויגן און מויל, איר "פֿאָר געזונט" האָט זיך שוין געוויקט אין טרערן. רחלעס אויגן זענען אויך שטום איבערגע־גאַנגען. מיט פֿאַרוויינטע אויגן האָט די מוטער צוגעזען ווי איר קינד האָט זיך אַריינ־געזעצט אין די דיליזשאַנס און, אַן איינגעבויגענע, אַן עלטער־געוואָרענע. פֿירנדיק רחלען פֿאַר דער האַנט, אָט ווי זי וואָלט געפֿירט אַ פֿינף יאָריק קינד, זיך געלאָזט צוריק אַ היים, צו איר ליידיק געוואָרענעם אַלקיר.

## 7. אַ פֿענצטער אין דער וועלט

דער דיליזשאַנס איז פֿאַר אברהמען אַ נייער סאָרט וואָגן. אַ מאָדנער וואָגן. אַזעלכע הויכע רעדער, אַזעלכע דיקע פֿערד, און דער וואָגן איז אַ בויד מיט אַ דאַך, מ׳זיצט ניט אין דער ברייט, נאָר אין דער לענג, אויף דער סטעליע פֿון וואָגן הענגט אַ לאָמפּ, און ס׳איז ליכטיק. איינער קוקט זיך גוט איין אין זיין שכן. דאַן ערשט שרייט ער אויס: וואָס, איר פֿאָרט אויך? — מ׳דערקענט זיך, און מ׳באַקענט זיך דורך דעם וואָס מ׳מישט זיך אריין אין געשפּרעך.

— ...אַז איך זאָג אייך דעם דיליזשאַנס האָט מען נאָך ניט קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט.

— מאַלע וואָס מ׳האָט ניט אָפּגעשטעלט, פֿאַרגעסט ניט, אַז היינט איז ניט וואָס אַמאָל.

— וואָס איז היינט, וואָס אַ הפקר־וועלט? — הלוואי. ביי מיר האָט איר געפּועלט.

דוד לייבצע קענט איר דאָך? געפֿאָרן פֿון סאָקאָלאָוו פֿונעם יאַריד, די גאַנצע וועג גאָרניט, הינטער לובטשיטש, אַהאַ! אָפּגעשטעלט, צוגענומען ביז דער לעצטער פּרוטה. נאָך אַ נס וואָס ער איז אַרויס אַ לעבעדיקער. ער ווייסט אַפֿילו ווער. און אַז ער ווייסט איז וואָס, גיין מסרן? מער פּעלט אים ניט.

אַ מאָדנער איד איר זייט, דוד לייבצע איז געפֿאָרן מיטן דיליזשאַנס? — ניין, האַ? טאָ וואָסזשע רעדט איר? אַז איך זאָג אייך דעם דיליזשאנס שטעלט מען ניט אָפּ. רוק זיך אַביסל!

אברהם האָט זיך אַ צי געטון אין דער לענג, זיך „דינער געמאַכט" און נאָך שטאַרקער

זיך צוגעשפּאַרט צום װענטל, איבערצולאָזן אַ מחיצה צװישן אים און דעם אידן, װאָס האָט אים באַפוילן זיך רוקן אַביסל. ער האָט פּיינט געקראָגן דעם אידן פאַר זיין שטימע. הלוואי פאַלן אַן גזלנים, שטעלן אָפּ דעם דיליזשאַנס, נאָר דעם אידן אויף צו להכעיס.

וואוהין פאָרסטו? — ניט דיין עסק — האָט אברהם אַ זאָג געטון. — וואָ־ס?! דו שייגעץ דו! איך האָב דאָך שוין אַ זעלכע אייניקלעך ווי דו.

דער „ניט דיין עסק" האָט זיך אַרויסגעכאַפּט, און אברהם איז געװען אַזוי צופרידן פון זיין ווירקונג, אַז אים האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ. ווען דער איד האָט אַ פאַרנעם געטון די פאָלע און זיך אָפּגעשאַרט פון אים אַביסל האָט ער זיך כמעט צעלאַכט, ער האָט געשוויגן.

— גוטע יאָרן דערלעבט! — האָט דער ייד זיך געווענדט צום צווייטן שכן זיינעם. — אַזאַ שטשעניוק שוין יעדן איינעם דו. ווער איז ער? איר קענט אים?

דער שכן האָט זיך איבערגעבויגן צו „יעדן איינעם". ווער ווייסט זיי?

— מ'ניע, — האָט דער איד אַ זאָג געטון, צעעפנט דעם ראָק, אַרויסגענומען טאַבאַק, פּאַפּיראָס־פּאַפּיר, פאַררויכערט. נאָך עמיצער האָט פאַררויכערט, אַ דריטער. אין די קנוילן רויך האָט זיך געדרייט די מורא, טאָמער שטעלט מען אָפּ דעם דיליזשאַנס. און מ'האָט אין דער מורא פאַררעדט מיט מוראדיקע מעשות.

דער דיליזשאַנס איז געבליבן שטיין. אברהם האָט זיך אַ צאַפּל געטון, געריבן די אויגן. פּאַסאַזשירן זענען איינגעבויגענע געשטאַנען אין בויד, איינציקווייז, קרעכצנדיק, אַרויסגעקראָכן פון דיליזשאַנס און גענומען טומלען, שלעפּן זעק. אברהם איז אויך אַרויסגעקראָכן. אַ גרויסער הויף ברוקירט מיט גרויסע שטיינער, אַנגעשטעלט מיט די־ליזשאַנסקע װעגענער אַן פערד. אידן אין קורצע קוזשוכלעך ארומגעגאַרטלט מיט גרינע און רויטע גאַרטלען, שמויסענע היטלען און לאַנגע שטיוול, האָבן זיך איבערגעשריען הייזעריק, אָבער הילכיק, געשאָלטן און געזידלט זיך אויף יידיש און גויאיש. פּאַסאַזשירן האָבן געשמייעט, געטראָגן רענצלעך, וואַליזקעס, זעקלעך. אברהם האָט גענומען זוכן זיין קעסטל און דערזען ווי דאָס קעסטל פליט פון דעם דיליזשאַנס דאָך אַרונטער. דאָס קעסטל איז ניט צעשאָטן געוואָרן, עס איז בלויז געבליבן ליגן אויף אַ זייט. אברהם האָט אַרויפגעקוקט צום מענטשן וואָס האָט אַזוי אַ וואָרף געטון זיין קעסטל. ער האָט עס אויפ־געהויבן און גענומען טראָגן עס פאַר זיך, דערפילט אַז ס'איז צו שווער האָט ער אַרונטער־געלאָזן, זיך געזשובעט. אַ שמייסער איז צוגעגאַנגען, אַ צי געטון דאָס קעסטל — וואוהין דאַרפסטו? — אין ערגעץ ניט! — האָט אברהם בייז אָפּגעענטפערט, אַ צי געטון דאָס קעסטל, און זיך געלאָזט גיין זוכן די מומע פראַדל.

אַוועקגעשטעלט דאָס קעסטל, אָפּגעווישט דעם שוויס, באַטראַכט די טיר האָט ער ענדלעך, אַ צי געטון דאָס גלעקל און גלייך חרטה געהאַט, ווען ניט דאָס קעסטל וואָלט ער גלייך אַנטלאָפן. דערהערט טריט און די טיר האָט זיך געעפנט, ער האָט געזען א מענטשלעך געשטאַלט.

— וואוינט דאָ, זייט איר... פראַדל?

— איך בין פראַדל, און ווער ביסטו? אוי, געמעגט שווערן ס'איז אברהמ'ס אינגל, און נאָך איידער אברהם האָט צייט געהאַט באַשטעטיקן, האָט זי שוין געהאַלטן זיין קאָפּ אין אירע הענט, אים געקושט. אויף אַזאַ דערקענטעניש האָט ער זיך ניט געריכט. אַ פאַרשעמטער איז ער געשטאַנען. ניט געוואוסט וואו אַהינצוטון זיינע אויגן, ניט געוואַגט זיך אַ ריר טון.

— נו, וואָס שטייסטו? קום אַריין. וואָס מאַכט די מאַמע, וואָס מאַכט... ווי הייסט דיין שוועסטער? רחלע, יאָ רחלע, פאַרגעסן. שוין אַזוי לאַנג, און ווי הייסטו? אברהם? אַפילו דעם ברית ניט דערלעבט, וויי איז מיר. ביסט מסתם הונגעריק, אברהמעניו? נאָך גאָר ניט געגעסן. ׳עסט גיין עסן, צי ׳סט אפריער זיך שטעלן דאַוונען? געהערט דו וואַקסט א רב. וואָס־זשע, אויס רב, האַ? אַ דאָקטאָר? נו, גיי צום טיש, שעם זיך ניט, עס.

ער האָט געגעסן פרישע בייגל מיט פוטער מיט טיי, און דער כעס צו דער מומע פראַדל פאַר איר „רב״, די פיינטשאַפט צו מומעס סתם איז זיך צעגאַנגען אין דער וואַרעמקייט פון עסן, טרינקען. זאַט געוואָרן איז זיין צונג אויך לויזער געוואָרן, דערציילט ער איר, אַז ער איז געקומען לערנען, שטודירן.

— אין גימנאַזיע — ניין, אַזוי, ביי אַ לערער.

— נו, און עסן, שלאָפן, אַ שוך, אַ העמד? איך וואָלט דיר אַריינגענומען צו זיך. אָבער זעסטאָך, דאָס איז אונזער גאַנצע דירה.

דער מומע פראַדל׳ס דירה — אַ קיכעלע מיט אַן אלקיר, ענלעך צו דער מאַמעס אַלקיר — האָט ביי אברהמען אַרויסגערופן אַ מאָדנעם געדאַנק: אין דאָרף זענען די שטיבלעך קליין פונדרויסן, דערפאַר אינעווייניק גראַם, אין שטאָט — דרויסן די הייזער גרויס, אינעווייניק ענג. וואָס גרעסער די שטאָט, וואָס גרעסער די הייזער — אַלץ ענגער אינעווייניק.

אברהם האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער מומע, ווילנדיק ארויסלייענען וויפל זענען דאָס אַלע, ער האָט אַפילו ניט געוואוסט ווי גרויס איז דער מומעס הויזגעזינט.

— בייטאָג איז נאָך צו דערליידן, זעלדע און אסתרקע גייען אַוועק ארבעטן. אַז אַך און וויי איז צו מיר, מאָדיסטקעס זענען זיי, קומט אָבער אויף דער נאַכט איז כאָטש נעם בעשפאַר די ווענט. די מומע האָט אַ וויינ געטון מיט דער האַנט און אברהם האָט געזעו ניט נאָר וואָס איז דאָ, נאָר אויך וואָס דאָרט איז ניטאָ — פאַר אים קיין געלעגער.

— איכ׳ל קריגן שטונדן. — מיינסטו געבן אוראָקן? — דער מומעס קוק דערביי — אָט דאָס־אָ רעדט שוין וועגן געבן אוראָקן. ווי אַלט ביסטו, אברהמעניו?

— פופצן יאָר, — האָט ער אַ זאָג געטון. — פופצן יאָר? האָט די מומע איבערגעחזרט מיט פאַרוואונדערונג און אַ זיפ . — שוין פופצן יאָר אַז איר ברודער איז טויט?

— זאָג־זשע מיר, אברהמעניו, קענסטו שוין גענוג? יידיש ווייס איך, הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן, אָבער רוסיש? — הערנדיק, אַז איר פלימעניק האַלט שוין ביי גיין אויף פיר קלאַסן, האָט איר פנים זויפגעלויכטן. איר ברודערס אַ קינד. אַ געראָטן קינד. — ווייסטו וואָס, אברהמעניו, איין אוראָק קען איך דיר שוין געבן. מיינע קינדער ווילן זיך לערנען. זעלדע ניט אַזוי, נאָר אסתרקע, מיר פאַר איר קאָפּ. זי חלשט ממש, וויל זיך לערנען, האָט ניט קיין שלעכטן קאָפּ. אָבער גיי דינגען אַ לערער, מישטיינס געזאָגט, די גרויסע פאַרדינסטן? איצטער אַן אייגענער...

האָט ער שוין אַ אוראק, — האָט אברהם אין זיך אַ שמייכל געטון. ווייזט אויס אַן אומזיסטער, אַזוי האָט ער פאַרשטאַנען פון דער מומעס רייד. איצט, אַלץ וואָס אים פעלט איז אַ דירה, אַ ווינקל ערגעץ וואו ער זאָל קענען שלאָפן, לערנען. ער האָט זיך אויפגעהויבן.

קיין באַקענטע האָט אברהם ניט געהאַט. ער האָט געהאַט אַן אַדרעס צו איינעם אַ

פעלדמאַן, אַן עקסטערניק. צי וועט פעלדמאַן אים טאַקע באַזאָרגן איז ער ניט געווען אַזוי זיכער, ער איז אָבער געווען צופרידן זיך אַרויסכאַפּן פון דער מומעס שטוב. ער האָט זיך דערפילט נאָך עלטער ווי ער איז געניינגט געווען צו דענקען וועגן זיך, צום ערשטן מאָל האָט ער שאַרף דערפילט ווי אין זיין לעבן חזרן זיך איבער זאַכן, ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט — ישיבה, דאָס איז געווען, איצט וועט זיין... וועט זיין אַנדערש. לערנען, שטודירן... איין שטונדע האָט ער דאָך שוין... האָט ער שפּאַסיק אַ טראַכט געטון.

## 8. בלוט רופט

לוריע האָט זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן צימער, אַ קוק געטון אויף דעם אַריינגעקומע־נעם און אַ פרעג געטון: נו, וואָס „סרעזאלי״״

דער טאָן פון דעם לעצטן וואָרט האָט אויפגעריסן אברהמס אויגן. ער האָט אַ קוק געטון אויף זיין לערער, דערזען אַ שמייכל, און דער שמייכל, דער טאָן האָט אַ שטאָך געטון אַזוי שאַרף, נאָך שאַרפער ווי דער דורכפאַל ביים עקזאַמען. ער האָט ניט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט.

— נו, וואָס האָט איר אַזוי אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ? דער הימל איז אַרונטער־געפאַלן?

אברהם האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שפּיץ בענקל. דער הימל איז ניט אַרונטערגע־פאַלן אָבער... איר, פאַרוואָס לאַכט איר פון מיר?

לוריע האָט אַזש אַ דריי געטון דעם קאָפּ ביי דער פראַגע, זיין קוק איז געבליבן רוען אויף אברהמען. — איך לאַך ניט פון אייך, אָבער איר זייט לעכערלעך, איר אַלע, מיט אייער לערנען, מיט אייערע דורכפאַלן. זאָגט מיר, איך בעט אייך, — ער האָט זיך אַ זעץ געטון רייטנדיק אויף אַ בענקל מיטן ברוסט צו דעם ווענטל, עס אַ רוק געטון נענטער צו אברהמען,

— צוליב וואָס לערנט איר?

אברהם האָט פאַרוואונדערט אַ קוק געטון אויף אים. צוליב וואָס לערנט איר? אָט־די פראַגע האָט ער זיך קיינמאָל ניט געשטעלט אַזוי נאַקעט. וואָס הייסט צוליב וואָס? ער האָט אָנגעהויבן לערנען ווען ער איז אַלט געווען דריי יאָר. נו, יאָ, דאַוונען, חומש, פּסוק, גמרא, אַלץ לערנען. אַוועקגעוואָרפן די גמרא, האָט ער ניט אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען, ער איז נאָר איבערגעגאַנגען פון איין למוד צו אַ צווייטן. געוויס, ער האָט געטראַכט וועגן ווערן אַ סטודענט, גיין אין אוניווערסיטעט...

— איר ווילט ווערן אַ דאָקטאָר?

„אַ דאָקטאָר״. די איראָניע אין לוריעס טאָן ווערט דערטרונקען אין דער שנאה צו דעם וואָרט „דאָקטאָר״ וואָס בויטעט זיך ביי אברהמען אין קאָפּ מיט דעם וואָרט „רב״. די מאַמע האָט געוואָלט, דער זיידע, אַ רב זאָל ער ווערן. נאָכדעם איז זי שוין איינגעגאַנגען אויף אַ דאָקטאָר. רב אָדער דאָקטאָר, ער האַסטביידן. ניין, ניט קיין דאָקטאָר — ענטפערט ער טראַציק.

— אַזוי? ניט קיין דאָקטאָר? — איז שוין לוריע פאַרחידושט, דער גראָבער פינגער פאַרהאַלט זיך ביי דער וואָנצע, די אויגן קוקן פרעגעריש, אָבער ניט שטרענג. וואָס דען?

געלערנט, — ענטפערט אברהם אָפּגעריסן. קען ער דען איצטער איבערגעבן לוריען דעם זין פון זיין לערנען, פון זיין... גאַנצן לעבן ביז אַהער? ער קען בלויז אַ קוק טון אויף זיין לערער, אים זאָגן: גרינג צו לאַכן, ווען דו ווייסט, אָבער ווי שווער מיר איז...

דער לערער לאַכט ניט. דער קנייטש וואָס ציט זיך אויס דעם שטערן פון נאָז־בריקל צו די האָר־צו ווערט טיפער איינגעשניטן, די געדיכטע ברעמען בערשטלען זיך.

נו, זאָגט איר, געלערנט. סתם געלערנט. דאָס איז גוט. אָבער אויב אַזוי, זאָגט מיר, איך בעט אייך, פאַרוואָס זייט איר אַזוי אַרונטערגעפאַלן ביי זיך וואָס איר זייט דורכגעפאַלן ביים עקזאַמען? ווייסט איר היינט ווינציקער ווי פאַראַכטאָגן אין דער צייט? אגב, אויף וועלכן קעגנשטאַנד זייט איר דורכגעפאַלן? אויף געאָגראַפיע? וואָס אַזוינס האָט איר דאָרט ניט געוואוסט אין געאָגראַפיע? וואָס האָט מען אייך געפרעגט?

— אויף וועלכן גראַדוס געפינט זיך זשיטאָמיר?

— אויף וועלכן גראַדוס זשיטאָמיר? זשיטאָמיר! — לוריע איז אַזש אויפגעשפרונגען פון בענקל, זיך צעלאַכט. איך וואָלט אויך דורכגעפאַלן. אויף מיין וואָרט, איך ווייס ניט אויף וועלכן גראַדוס זשיטאָמיר געפינט זיך. דאָ, — האָט ער אַ ווייז געטון אויפן וואַנט, וואו עס איז געהאָנגען אַ גרויסע מאַפּע, לוריע האָט געפירט מיטן פינגער פונעם פינטעלע זשיטאָמיר צו די גראַדוסען־צו, אָנגעוויזן, — זעט איר? אָט איז עס! און געשמייכלט.

אברהם האָט אים געקענט דערציילן ווי בעת דעם עקזאַמען, ווען מ׳האָט אים געפרעגט אָט־די פראַגע, זענען זיינע אויגן ממש געקראָכן פון קאָפּ צו דער מאַפּע אויף דער וואַנט דאָרט, געוואָלט אַראָפּגנבענען דעם זשיטאָמיר, דעם גראַדוס, אָבער דער לערער האָט שוין אָפּגעקערט דעם קאָפּ פון דער מאַמע און געריעדט צו זיך: „לאָווקאָ״! הינטישע זין! אַן איינפאַל! און צו אברהמען: און וואָס דענקט איר איצט טון?

— איצט פאָר איך דערווייל אַהיים, — האָט אברהם דערשלאָגן געענטפערט.

— אַהיים? — דאָס וואָרט האָט געקלונגען אַזוי אומהיימלעך. — וואו וואוינט איר עס?

— איך... די מאַמע מיינע וואוינט אין דובראָווקע. געקראָגן אַ בריוו, מיין שוועסטער איז קראַנק. — אַ שוועסטער קראַנק?

אָט־די פראַגע איז אַרויסגעקומען אַזוי באַאומרואיקט, אַזוי היימיש. אברהמען האָט זיך געוואָלט פרעגן: איר האָט אַ שוועסטער? א מאַמע? האָט אייער מאַמע חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל?

מאַמע... זיידל... דאָס בריוול וואָס ער האָט געקראָגן: „בני היקר..: און זיי וויסן, אַז רחלע איז פאַרשלאָפט געוואָרן. זי איז זייער שלאָף, איין גאָט זאָל זיך אויף אונז דערבאַרימען, לכן: בעט איך דיך, מיין זון, קום גלייך צופאָרן... דאָס בריוול האָט געשריבן זיידל. זיידל, זיין... ער׳ט ניט פאָרן! האָט ער אויסגעשריען צו זיך אַליין ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל איבער־געלייענט דאָס בריוול. ער האָט געלייענט א צווייטן מאָל, אַ דריטן מאָל... „זייער שלאָף״, איין גאָט זאָל זיך דערבאַרימען״. ער׳ט פאָרן. אָט־דער געמיש פון געפילן, געדאַנקען האָט איצט ווידער זיך אַ הויב געטון, אַ שפּאָר געטון אין די אויגן אריין, אָט־אָט צעוויינט ער זיך. ער טוט אַ ציִ מיט די ציין די אויבערשטע ליפּ. — בין איך געקומען זיך זעגענען, אָפּגעבן אייערע פאָר ביכער און בעטן אפשר האָט איר, קענט איר מיר געבן עטלעכע ביכער צום לייענען, דאָרטן. איכ׳ל זיי אָפּברענגען.

— ביכער? — האָט לוריע איבערגעפרעגט ווי וועגן עפּעס אַ פרעמדער זאַך, אַ וואָרף געטון אַ קוק אין ווינקל צום ביכער־שראַנק, צו דער קאַנאַפּע, זיך געלאָזט אַהין. — דאָ האָט איר אַ פאָר ביכער. לייענט איבער. ער האָט געקוקט אויף אברהמען ווי ער האָט גע־לייענט די נעמען פון די שרייבער, בעלינסקי, מיכאַילאָווסקי, לאַווראָוו און צוגעגעבן: אויף וועלכן גראַדוס זשיטאָמיר געפינט זיך וועט איר דאָ ניט אויסגעפינען, איר קענט

אָבער אויסגעפינען אַנדערע זאַכן, אפשר פונקט אַזעלכע וויכטיקע, — האָט ער געשמייכלט. נאָט אייך דאָס אויך. בעלטאַוו. אָבער ווי וועט איר זי טראָגן, פירן? אָט־דאָסאָ, זייט אַזוי גוט, רוקט אַריין אין פּאַזוכע, אונטער דער בלוזע. דער פּאַס איז גוט פאַרצויגן? און די קענט איר טראָגן אָפן, נאָר טראָגט זיי אָט ווי איר וואָלט געגאַנגען אין גימנאַזיע, פאַרשטאָנען? און אַז אירט לייענען דאָרט אין דאָרף, זעט זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין „פרעמדע" הענט. און אַז איר וועט קומען צוריק...

— כ׳וועל זיי אַלע אָפּברענגען, — האָט אברהם זיך צוגעאיילט צו פאַרזיכערן.

— נו, גוט, — האָט לוריע אַ זאָג געטון, און עס האָט געקלונגען — האָסט מיר איבער־געשלאָגן. ניט וועגן אָפּברענגען די ביכער האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, נאָר מילא.

ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, גוט אָנגעקוקט אברהמען. — צום ווידערזען! ביים טיר שוין האָט אברהם דערפילט דעם לערערס פינגער אויף זיינע אַקסל, פּלייצע. עפּעס פּאַטערלעכעס איז געווען אין דעם פינגער־באַריר, אברהמען איז פון דעם געוואָרן וואַ־רעמער און אויך... אומעטיקער. אינדרויסן האָט ער איינגעמאָסטעט די ביכער, זאָל זיך בעסער טראָגן, געכאַפּט אַ קוק צו עמיצער זעט אים, קוקט אים נאָך, זיך דערמאָנט אַז ער דאַרף גיין מיט אַ „גימנאַזיסטישן" גאַנג, מיטן עלנבויגן אַ טאַפּ געטון דאָס בוך אונ־טערן בלוזע, זיך געלאָזט גיין מיט אַ פּאַרריסענעם קאָפּ, באַלד איז דער גאַנג געוואָרן פּאַמעלעכער, שלאָבעריקער, דער קאָפּ האָט זיך געצויגן אַרונטער, רחלע שלאָף. מאַ־מע... זיידל... ער׳ט ניט פאָרן. אסתר האָט אים געבראָכט דאָס בריוול פון דער מאַמען, געקוקט אויף אים ווען ער האָט געלייענט, געפרעגט צי ער פאָרט אַהיים, דאַרף זיך גע־זעגענען מיט איר... גיין צו דער מומען פראַדל... ער׳ט ניט פאָרן! ער איז געפאָרן.

דער צלם ביים אַריינפאָר אין דאָרף, דאָס פּאַרטוכל אויפן צלם האָט געזאָגט: דאָס איז כ׳וין דאָבראָוואָקע. דאָ ביסטו געבוירן געוואָרן, אויסגעוואָקסן. אָט איז די גאַס, אָט זענען די שטיבלעך מיט די שטרויענע דעכער. דאָ איז דאָס בריקל, ווי דער שטייגער, איין ברעטל צעבראָכן. אָט איז די קרעטשמע, דער זיידע... די מאַמע, רחלע... זיידל... אָט איז זיידל׳ס שטוב, דאָ...

די מאַמע האָט אים אַרומגעכאַפּט, געקושט, געוויינט, אים אָפּגעלאָזט און נאָכאַמאָל אַרומגעכאַפּט. דאָס קושן, דאָס אַרומכאַפּן איז געווען אַזוי אימפּעטיק אַז ער איז דערשראָקן געוואָרן, ווי פונעם אַרומכאַפּן. רחלע צוליב ווען ער איז געפאָרן אַ היים, איז אַרויס פון זינען, וואָס איז געשען מיט דער מאַמען? איז דאָס זיין מאַמע וואָס האָט אים געשאָלטן, געשלאָגן? ווען האָט די מאַמע אים אַזוי געקושט? געוויינט האָט זי אָפט, איר איצטיק וויינען איז אויך אַנדערש, די מאַמע האָט אים אָפּגעלאָזט. ער וויל גוט אַ קוק טון אויף איר, זיידל האָלט שוין אָבער זיין האַנט, שמייכלט צו אים.

— אויסגעוואַקסן, קיין עין הרע! אַ בחור געוואָרן! וואַקסט דיר שוין אַ באָרד! אָט דער זיידל ביי ווען ער איז אָפט געזעסן אויף די קני, געגראַבלט זיין קופּערן בערדל, אָט־דער זיידל איז איצט זיין... ווי זאָל ער אים רופן? זיינע אויגן האָבן גענומען בלאָנ־דזשען איבער זיידל, דער מאַמען, דעם צימער.

— רחלע איז אין אַלקיר, — האָט די מאַמע געענטפערט אויף זיין זוכנדיקן קוק און זיך געלאָזט אַהין. אברהם איז איר נאָכגעגאַנגען און מיט יעדן טראָט האָט זיין האַרץ גע־נומען קלאַפּן האַסטיקער. אַריינגעקומען אין אַלקיר, האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין די אויגן

רחל׳ס קאָפּ האָר עפּעס א הורבע, אַ גאַנצע סטיג האָר! ער האָט זיך געכאַפּט — איר פּנים איז קלענער געוואָרן.

רחלע האָט אַ הויב געטון דעם אָרעם, אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אַ זאָג געטון: אברהמעניו! ער האָט אַ נעם געטון איר האַנט, געוואָלט זיך צובייגן, אַ קוש טון, זיך צוריקגעהאַלטן, דערפילט אַז זיינע אויגן גייען איבער, האָט ער אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ צו איר האַנט. ער האָט געפילט אירע פינגער אין זיינע האָר, דאַן איר פולע האַנטפלאַך, ווי זי איז געבליבן רוען אויף זיין קאָפּ. ניט זען זי, ניט... וויינען. ער האָט איינגעהאַלטן די טרערן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך איינגעקוקט אין רחלען. ווי בלאַס זי איז, שיר ניט דורכזיכטיק, און די אויגן אַזוי שאַרף, שפּיציק. די בלאַסקייט פון פּנים האָט געשראָקן, דער בליאַסק פון די אויגן געשטאָכן, מער ניט, דער מילדער שמייכל האָט באַלויכטן דעם פּנים אָט ווי אַ ליכט הינטער אַ דינעם פאָרצעלייענעם וואַזעלע. דער שמייכל האָט אויך געמילדערט דעם קוק. — וואָס מאַכסטו? — האָט זי אַ פרעג געטון מיט אַ הייזעריקער שטים. די זאַמדיקייט אין איר קול האָט אַ זעג געטון אין די אויערן. ניט איר שטים. דאָך האָט זי עס געפרעגט, זי האט אים געפרעגט וואָס ער מאַכט.

— איך? זעסטאָך, וואָס מאַכסטו? — זעסטאָך...

דער שמייכל ביים „זעסטאָך" איז שוין ניט דער פריערדיקער מילדער שמייכל, איראָניש קלינגט „זעסטאָך", רחמנותדיק איז דער שמייכל און דער שוואַכער מאַך מיט דער האַנט איז שוין גאָר הילפלאָז — זיץ! — זאָגט זי און גיט אַ קער דעם קאָפּ ווי זוכנדיק אַ בענקל.

— אברהמעניו וועט גיין עסן. ביסט מסתמא גוט הונגעריק. אברהם כאַפּט דער מאַמעס טאָן, איר קוק, שטימט צו, אַז ער איז הונגעריק און הויבט זיך אָן צוריקציען פון בעט הינטערוויילעכס. ער זעט די מאַמע ווישט רחלס שטערן, זעט ווי רחלע פאָלגט אים נאָך מיט די אויגן. אַזעלכע שאַרפע אויגן, און דאָך אַזוי בעטנדיק. ער וואָלט געוואָלט בלייבן דאָ מיט איר, זיצן, קוקן אויף איר, רעדן מיט איר, און... ער וואָלט שוין געוואָלט אַרויס פון אַלקיר.

זיידל איז ניט געוועזן אין פאַדערצימער ווען אברהם און די מאַמע זענען אַרויס פון אלקיר און ווי נאָר דער מאַמעס אויגן האָבן זיך געטראָפן מיט זיינע, האָט זי אין אַ פליסטערנדיקן טאָן אָנגעהויבן: אַזאַ גזר! אַזאַ גזר! ווער האָט עס זיך געקענט ריכטן? דוכט זיך געווען אַ געזונט קינד, זאָלסט עס זאָגן זי זאָל ווען עס איז אַ הוסט טון, אָבער אַז ס׳איז באַשערט אַן אומגליק...

אברהם האָט פרעגעריש אַ קוק געטון — וואָס האָט פּאַסירט?

— האָט זיך פאַרקילט, אַסיען איז דאָס געווען. ניט לאַנג נאָכדעם ווי דו ביסט אַוועקגעפאָרן. גענומען ניסן, הוסטן. זי אַריינגעלייגט אין בעט, געגעבן מאַלינעס צו שוויצן, ריצנאייל, געלעגן אַ פּאָר טעג. געוואָרן בעסער איז זי אַוועקגעגאַנגען צוריק אַרבעטן, אָבער אַ הוסט איז איר פאַרבליבן, אַ טרוקענער הוסט. געגאַנגען צום דאָקטאָר, האָט ער געגעבן אַביסל זשמיגע, כלומרשט בעסער געוואָרן, אָבער וואָס עפּעס אַ רעגן, אַ שניי, האָט זי ווידער גענומען הוסטן, און איך האָב געזען דאָס קינד גייט איין, געוואָרן פון איר אַ תל. בין איך מיט איר אַוועקגעגאַנגען צו טאַרגאַוועצן. ער האָט זי גוט אויסגעהערט, אָנגעהויבן פרעגן וואָס זי טוט, וואָס איך טו, וואָס דער טאַטע האָט געטון, פון וואָס איז ער גע־

שטאָרבן? — פון וואָס ער איז געשטאָרבן! אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. אַרומגעגאַנגען ביז דער לעצטער מינוט...

עפּעס סודותדיקס איז געווען אין דער מאַמעס רייד, אין אירע שטילע טרערן. ער האָט אָפּטמאָל געהערט די מאַמע האָט דערציילט וועגן זיינע קינדער־קראַנקהייטן, ווי זי האָט זיך מיט אים געמוטשעט ביי די מאָזלן, פּאָקן, קיינמאָל האָט זי אָבער ניט דערמאָנט וועגן טאַטנס קראַנקהייט, טויט, בלויז דאַן ווען זי פלעגט אים שלאָגן, שרייען אויף אים האָט זי די קלעפּ און געשרייען באַגלייט מיט אַ „דער טאַטעניו מיט די ביינער". אין אַלע אירע רייד האָט ער געשפּירט אַ האָס צו דעם „טאַטעניו", און ער האָט פון דעם טאַטן, וועלכן ער האָט קיינמאָל ניט געזען, אפילו קיין אַנונג ניט געהאַט, ווי ער האָט אויסגעזען, אַט דעם טאַטעניו האָט ער ליב געהאַט, און זי פיינט געהאַט. איצט הערט ער ווי די מאַמע רעדט וועגן טאַטן, און אַזאַ ווייכקייט אין די רייד, אַזאַ טרויער, אַז זיין האַרץ ווערט ווייכער. ער האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, ער וואָלט אויך שטיל געוויינט, מיט איר אינאיינעם.

— קען זיין זי האָט געירשנט, — מאַכט טאָרגאָוועץ צו מיר. — זיכער איז ער ניט. צי איך בין געזונט? הלוואי אויף איר געזאָגט געוואָרן. ווי ס'ניט איז, דאָס שניידעריי מוז זי אויפגעבן, און זיך ארויסקלייבן פון שטאָט. דערצייל איך אים, אַלע יאָרן געוואוינט אין דאָרף, ניט לאַנג זיך אַריינגעקליבן אין שטאָט, איז ער אַזש אויפגעשפּרונגען. פון דאָרף געקומען אַהער! גיי דערצייל אים וואָס מיך האָט געטריבן אין שטאָט. — פאָרט גלייך צוריק אין דאָרף! — געהייסן געבן גוט עסן, טרינקען מילך און רוען אַ סך. דו ביסט אַוועקגעפאָרן, זיידל איז געקומען, אים דערציילט. נו. האָב איך זיך איבערגעקליבן אַהער, געדענקט דאָ, אויף דער פרישער לופט, מילך כאָטש באָד זיך דאַריין, אייער, פּוטער, און טאַקע די ערשטע פּאָר חדשים איז דאָס קינד געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש. די באַקן האָבן זיך אויסגעפילט, דער קאָליר געוואָרן אַ געזונטער, אַ מענטש מיט אַלע מעבטשן גלייך, געמיינט — פּטור. מאַלע וואָס אַ דאָקטאָר שרעקט אַמאָל אָן. אָבער אַז ס'איז באַשערט אַן אומגליק. פּאַר פּסח האָט זי זיך ווידער פאַרקילט. האָב איך געטון אַלץ וואָס, מאַלינעס צום מאָגן געגעבן, געמיינט אַז ס'וועט איבערגיין. אַ טאָג, צוויי, איך זע דאָס קינד ברענט. געראָפן דעם פעלדשער. נו, וואָס ווייסט אַ גוי אַ פעלדשער? האָט זיידל איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן, אַוועקגעלאָפן צו טאָרגאָוועצן. געקומען, אַ קוק געטון, גלייך געזאָגט אַז דאָס איז אַ לונגען־אַנטצינדונג, און גענומען פאַדען אַרום איר אַזוי ווי אַרום אַן אייגענער טאָכטער. דו הערסט, דאָס איז אַ דימענטענער מענטש, אַ מלאך, ניט קיין דאָקטאָר. פון אָנהויב האָט ער געדענקט פאָרן גלייך צוריק, נאָכדעם האָט ער זיך מישב געווען און געזאָגט ער'ט בלייבן נעכטיקן. — איכל איבערשלאָפן אַט־דאָ, לעבן איר בעט, — האָט ער אָנגעוויזן, ניט געלאָזט מאַכן קיין געלעגער פאַר אים, ער וויל אַכטונג געבן, ער איז אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט. אינדערפרי האָט ער געראָפן דעם פעלדשער, אים אָנגעזאָגט וואָס ער זאָל טון, און מיר אָנגעזאָגט איך זאָל זי אָפּהיטן, זי איז זייער קראַנק, און טאָמער, חלילה, ווערט ווידער שלעכט זאָל מען גלייך שיקן נאָך אים א פור וועט ער קומען. און מיינסטו ער האָט גענומען געלט? אַ גראָשן ניט געוואָלט נעמען. אים געשטופּט אין האַנט אַריין, האָט ער ניט געוואָלט נעמען. אין כעס געוואָרן: — איר קענט ניט באַצאָלן. באַהאַלט, וועט צוניץ קומען. איר גיט אַכטונג אויף איר. — אַוועקגעפאָרן, דער פעלדשער איז געגאַנגען יעדן טאָג, די היץ איז אָפּגעטראָטן, זי האָט זיך גענומען בעסערן, שוין גענומען צוביסלעך אַרונטערגיין, געמיינט, איבערגעקומען! ערשט מיט אַ

דריי וואָכן צור־ע, דריי? — יאָ, נעכטן געוואָרן דריי וואָכן, פאַר דריי וואָכן דאָנערשטאָג איז זי פּלוצלונג איינגעפאַלן, האָט זיך אַ לאָז געטון בלוט. הערסט, מיין זון, דעם ערגסטן שונא ווינטש איך ניט עס צו זען. איך האָב געמיינט זי ווערט דערטרונקען. און דאָ איז זיידל אויפן דאָרף, קיינער איז ניטאָ אין שטוב, זי לאָזן אַליין האָב איך מורא. מילא, איך בין אַריינגעלאָפן צו יאַוודאָכאַן, זי אַוועקגעשיקט נאָכן פעלדשער. ער האָט זי גלייך אַוועקגעשיקט צום פּריץ אין הויף נאָך אייז פון דער ליאַדאָווניע, איך האָב דערווייל געלייגט נאַסע האַנטוכער. ביז יאַוודאָכע איז צוריקגעקומען מיטן אייז, ביז זיידל איז געקומען פון דאָרף האָב איך געמיינט איכ׳ל אויסגיין מיט איר אינאיינעם. זיידל איז געקומען, ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן נאָך טאַרגאָווענן. געבראַכט אים. ביינאַכט געבראַכט און ער איז אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט, ביז אַ שטיק אויף טאָג. פאַרן אַוועקפאָרן מאַכט ער צו מיר: גיט אויף איר גוט אַכטונג, זי איז זייער אַ קראַנקער מענטש! — האָב איך שוין פאַרשטאַנען. פונדעסטוועגן פרעג איך אים: — ווי האַלט עס מיט איר? וואָס קען מען טון? — מאַכט ער: טון קען מען גאָר ניט מ׳קען נאָר האָפן. זעט זי צו, פּילנעווועט איר, און דער עיקר, גיט איר נאָך אַלץ וואָס זי וויל...

— אָט אַזוי ליגט זי שוין היינט די פערטע וואָך. האָט זי גענומען בעטן מ׳זאָל שרייבן נאָך דיר. ניט געוואָלט דיר שרייבן, דיר אָנזאָגן די גוטע בשורה? אָבער זי האָט געהאַלטן אין איין פרעגן: געשריבן? פאַרוואָס ביסטו נאָך ניטאָ? שרייב נאָכאַמאָל! האָב איך געזאָגט זיידלען: שרייב שוין אָן. אַ ברירה האָב איך געהאַט? איר פאַרשאַפן נאָך מער ערגערניש? אוי, מיין זון, וואָס איך בין זיך אויסגעשטאַנען, וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן! נאָר גרניסט, ווען זי זאָל כאָטש... אָבער... אָט איז זיידל. גיין גרייטן צום טיש. מירן אַלע גיין עסן. קענסט אַריינגיין צו איר אויף אַ מינוט. וואַרט, איך וועל אַ קוק טון, אַמאָל דרעמלט זי איין אויף אַ רגע. — די מאַמע איז אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום אַלקיר, פאַרקוקט און אַ פליסטער געטון: מיר דוכט זי האָט איינגעדרעמלט — און זיך געלאָזט אין קיך אַריין. אברהם האָט זיך ניט געקענט צוריקהאַלטן. מיט קעצישע טריט אַריינגעגאַנגען צו דער שוועסטער אין אַלקיר. דערזען זי אַ שלאָפענדיקע, די איבערגעצויגענע לעדלעך, די לאַנגע וויעס, האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ שרעק — זי איז טויט! ער האָט זיך אַ לאָז געטון, זי אָנכאַפּן, אַ טרייסל טון, אַ געשריי טון! האָט זי דערהערט זיין אינערלעכן געשריי? זי האָט אַן עפן געטון די אויגן, פאַרווירט אַ קוק געטון, און ווי זי וואָלט אים אָקאָרשט דערקענט, מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטון: האָסט שוין אָפּגעגעסן? —

— די מאַמע גרייט צום טיש. — גיי עסן, — האָט זי מעשה עלטערע שוועסטער אים געראָטן, דאָך אַ צי געטון זיין האַנט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט ביי איר.

— און דו? — איך? — וועסט דאָך אויך עסן.

— האַ, עסן? די מאַמע וועט דערלאַנגען. ווי איז עס דיר געגאַנגען דאָרט? געלערנט?

— ער האָט איר געוואָלט ענטפערן, דערציילן, די אויגן האָבן אָבער ניט געקענט זיך אָפּרייסן פון איר פּנים, דער געדאַנק איז נאָכגעגאַנגען די אויגן, דאָס מויל איז געבליבן הינטערשטעליק. אָנשטאָט צו דערציילן וועגן זיך, וועגן לערנען, האָט ער גענומען אָפּגעבן גרוסן פון דער מומען, די קינדער. ביי די קינדער איז אסתר דערשינען, ער האָט זיך שוין גאָר פאַרפּלאָנטערט, אַנטשוויגן געוואָרן.

— איך האָב דיר געשטערט אין לערנען? — האָט זי שולדיק אַ פרעג געטון.

— דו? מיר געשטערט? — דאָס האָב איך געבעטן דער מאַמען זי זאָל שרייבן דו זאָלסט קומען. געוואָלט דיר זען.

אַ פייכקייט האָט פאַרנעפּלט דעם גלאַנץ פון אירע אויגן, איר האַנט האָט אַ שוואַכן דריק געטון זיינע. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין צווייטע האַנט אויף אירער. האָסט מיך ניט געשטערט, רחלע. — ער האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן, אַנטשוויגן געוואָרן. ער׳ט דאָך איר ניט דערציילן וועגן זיין דורכפאַל ביים עקזאַמען. איר זאָגן עפּעס גוטס, פריילעכס, יאָ, עפּעס פריילעכס. — איך האָב דיר אויך געוואָלט זען. נאָך געזאָלט קומען אויף פסח. געדענקסט ווי מיר זענען ערב־פסח געגאַנגען ווייקן, וואַשן די מולטערס, איך בין אַריינגעפאַלן, אַנגענומען פולע שטיוועלעך מיט וואַסער, דו האָסט זיי אויסגעטון, געלייגט טריקענען אַנטקעגן דער זון, די שטיוועלעך מיט די זאָקן? געדענקסט?

רחלעס שמייכל, אירע אויגן האָבן געזאָגט — אַודאי געדענק איך.

— און ווי מ׳האָט געבאַקן מצות. איך האָב געקיצלט די מיירע, דו האָסט מיר אויסגעקאַטשעט אַ קליין מצהלע, אַ פּיצענקעלע. — רחלעס שמייכל ווערט פריילעכער, מונטערט אים אויף.

— און געדענקסטו, ווען די ליסע האָט זיך אָפּגעקעלבט, ווינטער, געווען אַזאַ קליין קעלבעלע, ניט געקענט שטיין אויף די פיסלעך, מיר האָבן עס אַריינגענומען אין שטוב, געדענקסטו?

אויך דאָס געדענקט רחלע, דאָס זעט ער אין אירע אויגן, איר שמייכל. ניט נאָר זי געדענקט, זי האָט אויך הנאה. אָט זענען זיי צוויי קינדער, שפּילן זיך אין טאַטע־מאַמע. זי שאַפּט זיך מיט אים: גיב דאָס קינד אַביסעלע מאַניע! איר געפעלט ניט ווי ער טוט עס, שטופּט אים אַוועק, ער ווערט אין כעס, צעוואַרפט דאָס קינד, טוט זי אַ ריס ביי די האָר.

דער מאַמעס טריט האָבן זיך דערהערט. זי האָט אריינגעבראַכט עסן פאר רחלען, און צו אים אַ זאָג געטון: גיי, מיין קינד, דאָס עסן איז אויפן טיש, אַ געריירטער איז ער אַרויס פון דער שוועסטערס אַלקיר.

## 9. גאַ—טע—ניו

— גאַטעניו! פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט? פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפּט? — אָט די וויינענדיקע פראַגע האָט די מאַמע איבערגעחזרט צום וויפלטן מאָל שוין נאָכדעם ווי מ׳האָט ארויסגעטראָגן איר טאָכטער פון שטוב, ווען זי האָט שוין מער קיין כוח ניט געהאַט צו וויינען.

פאַרטאָג האָט אברהמען אויפגעוועקט דער מאַמעס קוויטשעדיקער געשריי. ער איז אַרונטערגעשפּרונגען פון געלעגער, אַריינגעלאָפן צו רחלען אין אַלקיר, דערזען דער מאַמעס רוקן אויף רחלעס בעט און רחל׳ן.. אַ טויטע. דער וואַקס־קאָליר פון פנים, די פאַר־שפּיצטע נאָז, די פאַרשטאַרטקייט פון פנים האָט אַריינגעשריען אים אין פנים אַריין: טויט! ביי אים אין קאָפּ האָט עס פונדעסטוועגן ניט פּאַטאַפּעוועט. איז דאָס דער טויט? אַזאַ רואיקייט, אַזאַ טיפע רואיקייט אויף איר פנים. און ער האָט דאָך ערשט גערעדט מיט איר! דעם גאַנצן אָוונט איז ער געזעסן ביי איר בעט. ער האָט אויסגעשניטן אַ פּאַפּיר, געמאַכט אַ מין אַבאַזשור אויפן גלעזל פונעם קליינעם לעמפּל, און ביי דער טונקעלער שיין געזעסן און גערעדט, דערציילט פון זיין לעבן, לערנען, פון דער שטאָט. קליינינקייטן, נאַרישקייטן, ער

האָט אָבער געזען, געפילט אין דעם באַריר פון איר האַנט, אַז זי וויל ער זאָל רעדן, זי וויל אים הערן, און ער האָט גערעדט, גערעדט ביז ער האָט דערפילט זי איז אַנדרימלט געוואָרן. ער איז געזעסן נאָך אַ ווײַלע, געקוקט אויף איר, געזען זי איז טאַקע אײַנגעשלאָפן, איז ער שטיל אַרויסגעגאַנגען פון אַלקיר. איז זי דאַן אײַנגעשלאָפן?... — אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט, — האָט אָפּגעקלונגען בײַ אים אין קאָפּ דער מאַמעס דערציילן וועגן זײַן פאָטערס טויט. אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט. וואָס האָט דאָ אָפּגעברענט? אָט ליגט זי דאָך, זײַן שוועסטער. ערשט ווען מען האָט זי אַרונטערגענומען פון בעט האָט ער דערזען ווי ווינציק עס איז געבליבן פון זײַן שוועסטער, איר קערפּער — אַ קינדערשער, כאָטש נעם אויף די הענט און טראָג אַוועק.

געקומען צום אַרויסטראָגן, אַרויפֿלייגן אויפֿן וואָגן, פֿירן אין שטאָט צום באַערדיקן, האָט די מאַמע זיך אײַנגעקלאַמערט אין טיר: — כ׳על ניט לאָזן! כ׳על ניט לאָזן זי צונעמען! מײַן קינד! מײַן קינד! — איז זי צוגעפאַלן צו טויטן קערפּער, די פֿריערדיקע באַנומענע קולות זענען פאַרשטיקט געוואָרן אין א טעמפּן ברומען: מײַן קינד, מײַן קינד... דער גאַנצער קערפּער אירער האָט מיטגעברומט, זיך קאָנוואולסיוו געצאַפּלט.

זיידל האָט אָפּגעריסן דער מאַמען פונעם טויטן קערפּער, זי אָנגענומען בײַ די אַקסל, אָפּגעפֿירט אַ פּאָר טריט, און א זאָג געטון אברהמען: גיב אַכטונג אויף דער מאַמען, האָט ער זיך שנעל אַרויפֿגעכאַפּט אויף דער פֿור. דער וואָגן האָט זיך אַ ריס געטון. אָפּגעפֿאָרן. שמחה מרדכי, נאָך אַ פּאָר אידן, ווײַבער האָבן וויינענדיק זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון הויז, די שטוב איז געבליבן ליידיק, פּוסט, און אין דער פּוסטקייט האָט זיך געטראָגן דער מאַמעס יאָמערן. ער האָט זי צוגעפֿירט צום בעט, אַוועקגעזעצט, אַרײַנגענומען דעם קאָפּ אין בײדע הענט, האָט זיך איר אויבערשטער העלבער קערפּער געוויגט פון איין זײַט צו דער צווייטער, אַ געוויין אָן טרערן, אָן אַ קלאַנג, דאָס האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. די הענט האָבן זיך אָפּגעטיילט, דער קאָפּ האָט געטון אַ פאַל צו דער פאַרענטשע פון בעט און דאָס פּאַלן האָט זיך גענומען איבערחזרן. שנעל, שנעל האָט איר קאָפּ זיך אָפּגעטיילט פון פאַרענטש און צוגעפאַלן, אָפּגעטיילט און צוגעפאַלן.

אברהם האָט געטון אַ רוק אַרײַן די האַנט צווישן דער פאַרענטש און דער מאַמעס קאָפּ. דער קאָפּ האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן זײַן האַנט, מיט דער צווייטער האָט ער צוגעדריקט דעם קאָפּ, ניט געלאָזט אים מער זיך אָפּטיילן, דער קאָפּ איז געבליבן אויף זײַן ברוסט, זײַן אויער האָט פאַרנומען: מײַן קינד! מײַן קינד! — זי רופט דאָס רחלען? רעדט זי דאָס צו אים? קיינמאָל איז ער נאָך ניט געזעסן אַזוי נאָענט צו דער מאַמען, ניט געהאַלטן איר קאָפּ אויף זײַן ברוסט, ניט געפילט אַזאַ נאָענטקייט צו איר. זײַן האַנט האָט גענומען גלעטן דער מאַמעס האָר, ער האָט געפילט ווי דאָס צוקן פון אירע אַקסלען שטילט זיך איין. פּאַמעלעך האָט ער איבערגעפֿירט איר קאָפּ פון זײַן ברוסט צו דער קישן. געדענקט זי האָט אײַנגעדרעמלט און איז אָפּגעגאַנגען פון בעט.

די מאַמע האָט ניט אײַנגעדרעמלט. אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן האָט זי אַלץ געזיפצט און אַ פאַרשטיקטער: „גאָטעניו! פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט”? האָט זיך געלאָזט הערן.

גאָטעניו! גאָט!. ער האָט שוין דאַן ניט געגלויבט אין גאָט. ניט געוואָלט זאָגן קדיש נאָכן זיידן, דעם זיידנס תפילין האָט ער בלויז אָנגעמאָסטן. ניין, ער האָט שוין ניט גע־

גלויבט אין גאָט, ניט אין אַ גאָט וואָס שטראָפט פאַר גליטשן זיך, באָדן זיך אום שבת, פאַר ניט דאַוונען. ער האָט געפרעגט בערמאַנען, דעם האַראָדאָקער, צי איז דאָ אַ גאָט, האָט ער זיך תחילה אויסגעלאַכט, נאָכדעם אים געגומען דערקלערן, ניטאָ קיין גאָט, די ערד, די זון, שטערן, אַלץ דרייט זיך מיט אַ שכל, אַ סדר. ער האָט זיך צוגעהערט צו בערמאַנס רייד, געהערט און געשטוינט. נאָכדעם האָט ער שוין געלייענט ביכער, שוין געוואוסט ווי די ערד, די שטערן זיינען געשאַפן געוואָרן, זיך מער ניט געחידושט אויף דעם שכל, וואָס הערשט אין די הימלען, אין די שטערן, אַלץ גייט ווי אַ זייגער. און ווער האָט דעם זייגער אָנגעדרייט? דאָס האָט ער ניט געוואוסט, אָבער ער האָט שוין יאָ געוואוסט, אַז ניט קיין גאָט. אַ פאָר יאָר שפּעטער, ווען לוריע האָט אים אַ פרעג געטון: איר האָלט ניט פון קיין געטער? האָט ער מיט זיכערקייט געענטפערט — ניטאָ קיין גאָט. — אָבער אין דער שוואַרצער קאַץ גלויבט איר יאָ? אָט־די פראַגע האָט אים פאַרדראָסן און אויך אַ שאָקל געטון זיין זיכערקייט. אויך לוריע האָט אים געגעבן ביכער צום לייענען, ביכער וועגן גלויבנס, אַבערגלובנס. ער האָט זיך דערוואוסט ניט נאָר וועגן יידישן גאָט, נאָר אויך וועגן אַנדערע געטער, פעלקער, דערוואוסט זיך אויף אַן אַנדער שטייגער ווי ער האָט געלערנט אין תנ״ך, גמרא. ער האָט אַ סך געלערנט, זיך אַ סך דערוואוסט, אָבער וואָס ווייסט ער היינט מער ווי פריער?

— גאָטעניו, פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט?

ווי קען אַ גאָט וואָס נעמט צו ביי אַ מאַמען אַן אַכצן יאָריקע טאָכטער, נאָך גערופען ווערן גאָטעניו? ווען דער זיידע איז געשטאָרבן האָט אברהם געפרעגט זיך וואָס איז טויט: הערענדיק דער מאַמעס טענה צו גאָט: פאַרוואָס? — האָט ער אויך געפרעגט: — פאַרוואָס? וואו איז דער שכל אין אַט־דעם טויט? — ניטאָ קיין שכל, ניטאָ! גאָטעניו!

אפשר איז ער גאָר שולדיק אין רחלעס טויט? ניט דער זיידע, נאָר טאַקע ער, אברהם. צוליב אים האָט דאָך דער זיידע געטריבן אין שטאָט, אפשר ווען ניט ער וואָלט רחלע געבליבן אין דאָרף, האָט דאָך דער דאָקטאָר געזאָגט... ער האָט אויך געזאָגט אפשר איז דאָס איבערגעגאַנגען בירושה. וואָס איז דאָס פאַר אַ קראַנקהייט וואָס גייט איבער בירושה? וואָס פאַר אַ מענטש איז ער געווען? אַ מענטש זאָל ניט קענען זיין טאַטן, אפילו קיין בילד פון אים! ער האָט קיינמאָל ניט געבענקט נאָך אים, אָבער פאַרדראָסיק איז עס. אמר רבי יוחנן אשרי למי שלא חמאן, וואויל איז צודעם וואָס האָט ניט געקענט די עלטערן. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען אָט־די מימרא. וואָס איז די וואוילקייט דערפון? די מאַמע. איז די מאַמע וואָס ליגט איצט אויפן בעט, וויינט און טענהט צו גאָט, איז דאָס די זעלבע מאַמע וואָס ער האָט געקענט ביז אַהער, ביז צוויי וואָכן צוריק? פריער האָט די מאַמע אויך געוויינט. כמעט יעדע קריגעריי מיטן זיידן איז באַגלייט געוואָרן מיט טרערן, יענע טרערן, ניט נאָר זיי האָבן אים ניט געאַרט, זיי האָבן אים פאַרדראָסן. די מאַמע — אין די פריע קינדער־יאָרן — אַ שרייענדיקע, שלאָגנדיקע און וויינענדיקע. נאָכדעם איז די מאַמע געוואָרן — די היים. די מאַמע אין ווענעמס שטוב ער איז געשלאָפן, געגעסן. ווען ער איז אַוועקגעפאָרן אין דער ישיבה האָט געפעלט די היים, די מאַמע, די עסן־געבערין. איצט, זינט ער איז געקומען אַהער, ביי רחלעס בעט, היינט, ווען רחלע איז געשטאָרבן איז די מאַמע גאָר אַן אַנדער מאַמע. עס איז איין ווייטיק, איין ליבע צווישן אים, איר און רחלען.

זיידל איז צוריקגעקומען שפּעט פאַרנאַכט, פונדעסטוועגן האָט ער נאָך באַוויזן צו

לויפן צו אַ פּאָר אידן, זיי ברענגען צום מנין. שלמה מרדכי, נאָך אַ פּאָר שכנים זענען אַלע געקומען. און אין דער האַלב טונקלקייט האָט זיך אשליאך געטון אַן אומעטיקער אשרי יושבי ביתך... די מאַמע איז געזעסן, זיך שטיל געשאָקלט ווי זי וואָלט מיטגעדאַוונט. אברהם האָט געהערט דאָס דאַוונען, שאטנהאפט געזען די דאַוונער. אים האָט עס אויסגעזען ווי ער וואָלט דאָס אַלץ געזען פונווייטן. וואָס פּאַר אַ שייכות האָט עס צו אים, צו רחלען? ווען עס איז געקומען צום זאָגן קדיש, און עטלעכע אויגן האָבן אים אַ רוף געטון: נו, זאָג קדיש! האָט ער דערפילט ווי אָט־די מענטשן ווילן אים צווינגען צו טון עפּעס וואָס ער וויל ניט. ער — קדיש? זיין צייגערן האט געדויערט אַן אויגנבליק, אָבער אין דער אויגנבליק איז די שטוב אָנגעלאָדן געוואָרן מיט שוויגן, וואַרט. ער האָט דער־זען דער מאַמעס אויגן געוועגדעס צו אים, און ער האָט אַ טראָט געטון צום עמוד, צום בענקל אויף דער קאַנאַפּע, און ער האָט דערהערט זיך זאָגן: יתגדל ויתקדש... די מאַמע האָט אויסגעבראָכן מיט אַ פּריש געוויין, דער מאַמעס געוויין האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שטילקייט אויף דעם מנין אידן. די שטילקייט האָט געדריקט אברהמען אין די אויערן. דער מאַמעס געוויין האָט זיך געוומען גאָרגלען אויך ביי אים אין האַלז. גיכער, גיכער אָפּ־זאָגן דעם קדיש, זיך ניט צעווייינען. ער האָט געענדיקט דעם קדיש, און אָפּגייענדיק פון עמוד האָט אים אַ קלאַפּ געטון דער געדאַנק — אָועקפאָרן! ווידער קדיש, ווידער... אָועקפאָרן! אַוועק פון דאָבען!!!

מנדל מאַן
תל־אביב

## י. י. סיגאל *

דער דיכטער פון עמק וואָלין

איך קען נישט נאָך אַ יידישן שרייבער וואָס זיין וועלט פון יצירה זאָל האָבן אַזעלכע טיפע און לעבעדיקע שרשים אין וואָלין.

אַזאַ ליבשאַפט צו זיין היימשטאָט, ווי י. י. סיגאל רופט איר אין זיין ליד „ביינק־שאַפט" — „דאָס צפת אין דעם עמק וואָלין" — איז נישט נאָר אַ זעלטענהייט ביי אונדז, נאָר, עס איז אויך שווער צו געפונען אַ שרייבער ביי אַנדערע פעלקער וואָס זיינע וואָרצ־לען זאָלן זיין אַזוי טיף און אַזוי מעכטיק אין דער שוואַרצערד און גרייכן צו די ערדישע קוואַלן.

און נאָך אַ וווּנדער: נישט געקוקט וואָס י. י. סיגאל איז אַוועק פון דער היים אין זיינע יוגנט־יאָרן האָט ער אַ גאַנץ לעבן אויסגעטראָגן די וווּנדערליך־פּאָעטישע וואָלין־וויזיע.

ער איז דער יידישסטער דיכטער, דער דיכטער פון די אָרימע ראטעס, די האַלב פאַרשנייטע פון וואַנען מען הערט דאָס שטילע יידיש־לשון.

ער איז דער דיכטער פון די דאָרפס־יידן וואָס זענען אַזוי לויטער און אַזוי ריין ווי גייסט הימלען. שוין ערב זיין אַוועקגיין האָט י. י. סיגאל געזונגען וועגן זיין היים:

„פאַראַן דאָרט נאָך טיפע און לעבעדיקע שרשים
פון אונדזער אַלט לעבן פון דורות".

ער האָט אַריינגעבריינגט אין דער יידישער ליטעראַטור דעם פּשוטן גרויען אינדערוואָכן, דעם פאַרנאַכט פון וואָלינער שטעטלעך, דעם אָפּשיין פון די ערשטע שטערן וואָס צינדן זיך פאַר די באַלעגאָלעס, פאַר די וואַסער־טרעגער, פאַר די וואַנדערדיקע הענדלער און דאָרפס־יידן.

זיין דיכטונג איז קלאָר, פּשוט, אַזוי יידיש ווי עס איז געווען דאָס לעבן פון די וואָלינער יידישע שטעטלעך „דער עמק פון צפת".

בלויז ביים לייענען די נעמען פון די לידער גייט פאַר אונדז אויף די יידישע עדה:

„ברוך אדושם" איז דער נאָמען פון זיינס לעצט ליד, געשריבן ערב זיין פטירה:

„ברוך אדושם" יום יום"
„לויב דו גאָט פאַר יעדן טאָג".

אָדער דאָס ליד: „אשרי תמימי דרך" וי עס תהילימט דער משורר:

„מיט בלייכן פּיין איבער די ברעמען:
מאין יבוא עזרי ?"

*

טיף רירנדיק איז זיין רוף צו די פּשוטע פאַראָרוועטע יידן וואָס טראָגן דעם עול אויף זייערע רוקנס.

וואָס שטייט איר יידן, נאָך פאַרמעליקט ?
זאָגט די גויים אַרום אייך,
אַז ס'האָט שוין אויסגעקלונגען די שעה פון גרויסן שבת,
איר מעזשיבעשער, איר בראַצלאַווער, איר זוהילער, קאַריצער יידן. —
יא — די שעה פון גרויסן שבת איז געקומען.

---

* צו זיין ליד „צליל" אין העברעאישן טייל — 172 ז.

דער דיכטער האָט דעם שבת אויפגענומען אין זיין היים אויף יענער זייט ים און דאָס ליכט פון שבת גייט אויף אין זיינע געזאַנגען.

*

דאָס יידישע וואָלין האָט אונדז געגעבן ח. נ. ביאַליק, דער באַנייער פון דער העברעאישער שירה. זי האָט אונדז געגעבן דעם ניסתר — דעם עפּקיר פון דעם אוקראַיִנישן יידנטום. ש. מילער — דער פּראָזאיקער פון זוויהילער קערן און י. י. סיגאַל — וואָס אַנטפּלעקט די שיינקייט און לויטערקייט פון גרויען טרויעריקן אינדערוואָכן פון דעם וואָלינער ייד.

**ש. לערנער**
לאָס אַנדזשעלעס

## שמואל מילער

ביאָגראַפישע שטריכן

ש. מילער איז געבוירן דעם 25 אָקטאָבער 1895 אין דאַבראַוואָקע — ביי זוויהיל. געלערנט ביי אַ מלמד אין חדר ביז זיין 8—9 יאָר, ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין דער אָרטיקער ישיבה און געלערנט דאָרט אַפּאָר יאָר ביז די גראַמאַטיק פון קירפּיטשניקאָוו איז געקומען און ער האָט אָנגעהויבן לערנען רוסיש אַלס עקסטערן, געגעבן אוראָקן אויף זיך צו דערנערן.

אין 1912 איז ער אָנגעקומען צו זיינעם אַ פעטער קיין אַמעריקע, ערגעץ ווו נאָענט צו דאַקאָטע שטאַט.

דער אַמעריקאַנער פעטער, אַ דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן האָט געוואָלט מאַכן זיין פלימעניק אויף פּאָר אַ „לייט״, ד. ה. אַלס געשעפטסמאַן. אָבער דער פלימעניק האָט אים באַדאַנקט און אים געזאָגט: מוחל, די טובה! — און איז אַוועקגעפאָרן קיין פּיטסבורג און ווי אַלע אימיגראַנטן אין יענער צייט האָט ער געאַרבעט ביי וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, אָבער מערסטנס ביי סיגאַרעס. (טאַקע דערפאַר איז ער געוואָרן אַ ליידנשאַפטליכער רויכערער ביז זיין לעצטן טאָג) ביז ס׳איז אים נמאס געוואָרן די אַרבעט און טאַקע אויף געשאַדט צום געזונט, האָט ער פאַרלאָזט פּיטסבורג און איז אַוועקגעפאָרן קיין איסט־ליווערפּול, אָהיה, וווּ ער האָט געאַרבעט אַ קורצע צייט.

אין 1914 איז ער אָנגעקומען קיין קליוולאַנד, און צווישן אויך געלערנט די ענגלישע שפּראַך, אָנפאַנגענדיק מיט שעקספּירן און אויך געלערנט אַנדערע לימודים. זייענדיק אין קליוולאַנד האָט ער זיך באַקאַנט מיטן רעדאַקטאָר פון דער „אידישער וועלט״ (אַ טעגליכע צייטונג וואָס איז אין יענער צייט דאָרט דערשינען). מילער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער צייטונג אויף עטליכע יאָר. געווען אויך טעטיק אין געזעלשאַפטליכן לעבן, ווי אין „פּיפל רעליעף״, פאָלקס־שולן א. אַ.

אין 1922 פאַרלאָזט מילער קליוולאַנד, צוליב זיין שוואַכן געזונט און איז אָנגעקומען קיין לאָס־אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע. ווו ס׳איז געוואָרן זיין שטענדיקע היים ביזן סוף 1958.

זייענדיק אין לאָס אַנדזשעלעס, האָט ער זיך אָפּגעגעבן צו זיין ליטעראַרישער אַרבעט און האָט אין דער תקופה אַרויסגעגעבן 13 גרויסע אינהאַלטסרייכע ביכער אין יידיש און ווערט געשעצט אַלס איינער פון די גרויסע, אָנערקענטע שריפטשטעלער אויף יידיש אין אַמעריקע.

* זיין בילד אין העברעאישן טייל.

די ביכער וואָס זענען ערשינען:

1. דערציילונגען — פערלאַג „פריינד" — קליוולאַנד — 1921. 312 זייטן.
2. בלעטער פאַלן, לאָס אַנדזשעלעס, 1926 — 289 זייטן.
3. די שמאָלץ־גרוב — ווילנער פערלאַג — ב. קלעצקין 1933, 415 זייטן.
4. אַ בליאַסק אויף אַ טאָג, ווילנער פערלאַג — ב. קלעצקין 1935, 274 זייטן.
5. מאַטיוון — לאָס אנדזשעלעס — 1940, 284 זייטן.
6. רויט און שוואַרץ, לאָס אַנדזשעלעס, 1945, 319 זייטן.
7. דור הפלגה, לאָס אַנדזשעלעס, 1946 — 335 זייטן.
8. שטויב, לאָס אַנדזשעלעס — 1948, 349 זייטן.
9. דור המדבר** לאָס אַנדזשעלעס, 1951, 535 זייטן.
10. אין די שוואַרצע פינטעלעך — לאָס אַנדזשעלעס 1953, 383 זייטן.
11. נעכטן, לאָס אַנדזשעלעס 1956, 384 זייטן.
12. חי געלעבט, לאָס אַנדזשעלעס 1959, 346 זייטן.
13. סקעפּטישע מחשבות, לאָס אַנדזשעלעס 1959 — 331 זייטן.

אויסער די דערמאָנטע ביכער האָט ער אויך אַנטייל גענומען אין די מערהייט, מאַנאַטליכע און וועכנטליכע אויסגאַבן וועלכע האָבן ערשינען אין דער תקופה אין אַמעריקע, קאַנאַדע און אַרגענטינע און אויך אין דער „גאָלדענער־קייט" אין ישראל.

מער פון 200 אַרטיקלען, וויכטיקע אָפּשאַצונגען פון זיינע ביכער זענען ערשינען ביז איצט אין יידיש און ענגליש — לויט דער ביבליאָגראַפישער נאָטיץ פון ישורון אין סוף פון בוך „סקעפּטישע מחשבות". צווישן זיי פון חשובע ליטעראַטור קריטיקער: ש. ביקל, יעקב בוטשאַנסקי, יעקב גלאַטשטיין, א. גאַלאַמב, וואַלענטין, יעפים ישורון, מרדכי יפה, ש. לעשצינסקי, ד"ר א. מוקדוני, נ. ב. מינקוב, נחמן מייזל, ש. ניגער, מלך ראַוויטש, א. שרייער א. אַ.

**א. שרייער**

## דור המדבר פון ש. מילער*

(שטריכן פון זוהילער לעבן)

„דור המדבר" איז אַ ביאָגראַפישע דערציילונג וואָס נעמט אַרום אַ גאַנצע תקופה פון דריי דורות יידישן שטייגער־לעבן, אַלע דראַמאַטישע גלגולים אין דעם טראַגיזום פון דער פאָלקס צושפּרייטקייט.

איין צענטראַלער העלד אַרום וועלכן ס'דרייט זיך די אַקציע איז אברהם עפּראַס — אַ קינד פון דער דאָרפישער יידישער אָרימקייט, אויסגעהאָדעוועט און דערצויגן ביי זיין מוטער עטיל די אלמנה און זיידן יענקל פון בערעזאַוקע (דובראַווקע) ניט ווייט פון זוהיל.

די דינע פאָדים שטריכן פון אברהמ'ן. ווייטעריקער גורל, גייען אויף די ענגע ד' אמות פון שווערן לעבנס־יאָך, וואָס ס'טראָגט אויף זיך די משפחה עפּראַס.

רייך און קאָלירפול צייכענט מילער מיט צאַרטע פּענזיל שטריכן די דאָרפישע פּאַנאָראַמע אין זוהילער געגנט. די מעלאַדישקייט פון די שטילע פּאַרנאַכטן, קלויסטער און גלאָקן־קלאַנג. ער שילדערט די יידן און גויים, ס'פאַנגט אונז ווידער שטימונגען, אַסאָציאַציעס וואָס דרימלען אין אונז, דער ניגון פון קינדהייט און היימישקייט.

** אַ גרויסער פראַגמענט פין אים אונטערן קעפּל „זוהיל און אומגעגנט" האָבן מיר איבערגעדרוקט אין אונדזער בוך. זע זייטן 174—136.

אברהם אין זווהילער ישיבה, פאַר זיין זיידן אַ נחת, איז פאַר אים אַ פיינדליכער אַנהויב; ווייט פון מוטער צערטליכקייט, שוועסטער רחל, גוייעשע חברים. ביינאַכט אויף אַ האַרטער באַנק אין דער ישיבה, צו מיטאָג ביי פרעמדע טישן, פון צייט צו צייט אַ בריוועלע פון דער מאַמען, אַ פעקל, דער נשמה אונרוה שניידט זיך אַלץ טיפער איין אין זיין נשמה. הייליקע ספרים, גאָטהייט, ספיקות און גריבלענישן פילן אויס זיין ענגע גייסטיקע וועלט, דעם רייץ פון זיין ערשטן נייגער פאַרשווינדט אין אים. די שפורן פון די ספרים פאַרלירן אויך פאַר אים זייער טיפן ווערט. ער דערפילט זיך פרעמד אין דער ישיבה — אַטמאָספער. יסורים פאַרטיפן נאָך אין אים דעם באַגער צו אַנטלויפן פון דערווירקליכקייט און זוכן עפּעס וואָס איז נאָך פאַר אים פרעמד און האָט נאָך ניט קיין נאָמען. אומקלאָרע רעיונות, שלאָפלאָזע נעכט, באַשטימען זיין נייעם וועג.

לערנען, בילדן זיך, טוישן די גמרא אויף סאקראטעסן — איז געוואָרן זיין נייער אידעאַל. ער פאַרלאָזט די ישיבה און קומט אין דער נאָענטער זשיטאָמיר, ער באַקענט זיך דאָרט מיט נייע מענטשן, סטודענטן, אַרבעטער און אינטעלעגענץ. דער ברויזענדער, סאָציאַלער און פאָליטישער אומרו פון יענער צייט באַהערשט אים. די בעסטע יוגנט־יאָרן ווערט אַריינגעצויגן אינם געווירבל פון זוכן נייע וועגן. ער באַקענט זיך מיטן בונדיסט לוריע. אין אַלקיר ביי לאה דער בעקערן זאַפּט ער איין אין זיך נייע חלומות, זעצט איבער אַ רעוואָלוציאָנערע בראָשור פון רוסיש און שרייבט אַ פּראָקלאַמאַציע צום שטרייק פון די שניידער־מיידלעך. חבר לוריע איז אים פון צופרידן, אסתר׳ס בליקן צערטלען זיין געמיט, ער דערפילט איר נאָענטקייט. דער אַלקיר אירער איז אברהם׳ס ערשטער אוניווערסיטעט. אין לאַבירינט פון ספיקות און קאָנפליקטן ווערט אברהם פעסימיסטיש.

פאַמעליך און אָפּגעהיט הייבט ער זיך אָן פונאַנדערקלייבן אין באַגריפן: וועלט, לאַנד, ייד און מענטש, ציוניזם, סאָציאַליזם, פּאָליטישער קאַמף א. אַ. וו. ספיקות און וואַקלענישן נעמען אין אים גאָר שאַרפערער פאָרמאַלן.

פאַגראָמען ווערן אַ טעגליכע ערשיינונג. פאַרוואָס פאַגראָמירט מען נאָר יידן — און אין אים פאַרטיפן זיך נאָך מער די אינווייניגסטע סתירות. אַמאָל דערזעט ער ווי אַנגעזויפענע נפשות הרגענען גאָר אַ ריינעם רוס ווייל ער העלפט די יידן און אומפאַר־שטענדליך איז פאַר אים זיין לעצטער רוף: איך בין דאָך ניט קיין ייד!! —

אברהם ווערט מיטגעריסן מיטן שטרום. טיילט דעם גורל פון זיינע חברים אין תפיסה. די דאָרטיקע יסורים איידלען נאָך מער אויס זיין געפיל. ער באַקומט נאָך ליבער דעם מענטש, פלט זך פאַראַנטוואָרטליכער ווי ביז איצט פאַרן גורל פון אַלעמען.

ווי ביטער ענטוישט ער זיך אָבער ווען נאָך צוויי יאָר טורמע קומט ער צוריק אין זשיטאָמיר און טרעפט דאָרט זיינע נאָענטע, אויך דעם לערער לוריע, אַמאָליקער אָפּגאָט, צובראָכן און ענטוישט, און ער פילט זיך טיף באַליידיקט. ער זעט אַרום זיך חורבות. די פאַמיליע איז צושטערט. זיין שוועסטער רחל׳ע איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט — אַ ירושה פון זייער פאָטער. ס׳נעמט אים אָן אַ בענקעניש נאָך זיין היים, מוטער און קינדער יאָרן. ער איז געקומען אין דאָרף דאָס לעצטע מאָל און געזוכט די שפורן פון נעכטיקע טעג וועלכע זענען, שוין פאַרניכטעט. און ער רייזט אָפּ קיין אַמעריקע צו זיינע קרובים. ס׳הייבט זיך גלייך אָן דער קאָנפליקט מיט דעם אַרום. ער פאַרטראָגט ניט זייער אָלריי־טיזם, ער וויל ניט ווערן אַ פעדלער, ער ווערט אַ אַרבעטער און וויל ווייטער זיין ווייט פון זיין משפחה קרייז.

---

*געווידמעט די ערציילונג „זווהיל און אומגעגענט” אין אונדזער בוך ז. 174—136. אַ אויסצוג פון זיין בוך „דור המדבר”.

# געפאלענע אין באפרייאונגס־קריג
# פון מדינת־ישראל אין יאר תש״ח

**יעקב רייצמאן**

## מנחם רייצמאן

מנחם רייצמאן איז געבאָרן געוואָרן צו זיינע עלטערן לאה און אליהו אין ה׳ ניסן תרפ״ה (30.3.25) אין ראָוונע. די מוטער לאה (א טאָכטער פון דוד מעזיריצסקי) שטאמט פון זוויהיל. ער איז געקומען מיט די עלטערן קיין ארץ־ישראל אין 1935, האָט געלערנט אין דער פאָלקס־שול אויפן נאָמען פון „אחד־העם" אין תל־אביב. האָט זי געענדיקט אין 1939 און געלערנט ווייטער אין קאָמערציע־מיטל־שול און זי געענדיקט אין 1942. און האָט באלד אָנטייל גענומען אין די וואָפן־גרופן פון דער „הגנה" (1939־43). אין 1945 איז ער אריין אין לערער־סעמינאַר אין תל־אביב. זייענדיק דאָרט אַ יאָר האָט מען פון אים געפאָדערט ער זאָל אריבער ארבעטן אלס לערער אין דער פאָלקס־שול אין כנרת. ער האָט שפעטער איגעהויבן לערנען אין דער ירושלימער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט געלערנט ביז זיין לעצטן טאָג. ער האָט זיך אויך אין דער זעלבער צייט פארפאָלקאָמט אין מיליטערישע קורסן. אין 1942 האָט ער געענדיקט א הויך מילי־טערישן קורס אין חולדה. און איז באשטימט געוואָרן אלס קאָמאנדיר פון דער „גדנ״ע" (יוגנטלעכע מיליטערישע טיילן) אין תל־אביב. געדינט אויך אין די טיילן פון „משמר המולדת" ביז 1945. געענדיקט א קורס פון מ״מ אין 1947 און מיטן אויסברוך פון די אראַ־בישע עקסצעסן אין 1947 איז ער באשטימט געוואָרן אלס קאָמאנדיר פון א מיליטערישער אָפטיילונג אין ירושלים. האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אידעלער, צארטלעכער באַ־ציאונג אלס חבר און קאָמאנדיר, האָט שטענדיק געזוכט צו העלפן יעדן און געווען זייער באשיידן און האָט פריער גוט באטראכט אלע זיינע ארבעטן, אָבער אויך געווען שטייף און שטאַרק אין זיינע באַשטימונגען און ניט איינמאָל אויך געקעמפט פאַר זיינע איבערצייגונגען. ער האָט אויך פארמאָגט א שטרענגע אנאליטישע זעלבסט־קריטיק אויף אלע זיינע טריט און זיך באמיט תמיד צו דערלערנען און דערקענען גוט פריער אלע ארומיקע אומ־שטענדן, איידער ער האָט באשטימט זיין האנדלונג, ווייטערע מעשים. זיין וויכטיקער לעבנס־ציל איז געווען צו זיין א „מחנך" — גוטער דערציער, און האָט באקעמפט אלע שוועריקייטן, וועלכע האָבן אים געשטערט צו דערגרייכן זיינע באשטימונגען, פיל געלערנט און איז ווירקלעך געווען זייער באליבט אויף אלע זיינע תלמידים. ער האָט זיך באזונדערס

באמיט צו דערציען און פארגרינגערן דאָס לעבן פון די „גאַסן־קינדער״ און איז געווען זייער טעטיק אין אָרגאַניזירן זיי אין דער ראַם פון דער „הגנה״. פלעגט זיך אָפט אליין לאָזן אין די עקן פון תל־אביבער פאַרשטעט און געזאמלט די פארלאָזענע איינזאמע קינדער, כדי פון זיי צו שאפן א יוגנט־קערן. ער האָט געחלומט אויפצושטעלן א באזונדער פעדאגאָגישן אנשטאלט פאר די פארלאָזענע קינדער און זיין דער פארוואַלטער און פארזאָר־גער פון דער שול. ער האָט גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין דעם אויפשטעל פון נייע ישובים און האָט אויף זיך גענומען יעדער מסוכנע אויפגאבע, וועלכע מ׳האָט אויף אים ארויפ־געלייגט אין דער באפרייאונג־מלחמה. ער האָט שטענדיק פיינט געהאט פשרות מיט זיין געוויסן און געזוכט אויסצופילן זיין געוויסן־פליכט, וואָס ער האָט אינערלעך פאר זיך באשטימט. די אינערלעכע אינטימע נשמה־שטריכן האָבן זיך באזונדערס ארויסגעוויזן ווען ער איז געווען קאָמאַנדיר. ער האָט תמיד געפירט פאָראויס די חברים פון זיין אָפּ־טיילונג, געווען שטענדיק מיט זיי און געווען מיט זיין פערזענלעכער באציאונג א מוסטער פאר זיי, און זיי געלערנט ווי אזוי צו באקעמפן זייערע אינערלעכע שוואכקייטן און זיך צופאַסן צו די שווערע באַדינגונגען אין קריג. דער „קליינער ראצו״, ווי מ׳האָט אים גערופן, איז געווען געשעצט און אויך באליבט פון אלע מענטשן אין זיין אָפּטיילונג.

אין אָנהויב פון דער באפרייאונגס־מלחמה האָט מען אים געשיקט אין באוואוסטן כפר־עציון אין דער שפּיץ פון זיין אָפּטיילונג, און ער האָט אָפּגעשטויסן די ערשטע אראבישע אינוואזיע, זיך אומגעקערט קיין ירושלים און זיך באטייליקט אין די קאמפן אויף די מערב־שכונות אין ירושלים, ביים קאסטעל, מוצא, ארזא, אלטע־שטאָט ביי דעם הר־ציון, און איז געפאַלן אין קאַמף, ווען ער האָט באַשיצט רמת־רחל אין י״ג אייר תש״ח (22.3.48).

אין זיינע לעצטע לעבנס־מינוטן האָט ער געזאָגט צו זיין חבר, וועלכער האָט זיך געאיילט אים צו העלפן: „פארלאָז מיך איצט, קעמף ווייטער, האָסט איצט פאר זיך וויכ־טיקערע אויפגאבן״.

מ׳האָט אים מקבר געווען אויפן בית־הקברות אין שיך באדר א׳ און ער איז נאכהער איבערגעפירט געוואָרן אויף דעם הר־הרצל אין ירושלים.

דוד וויסמאַן

## יהושע וויסמאן

(דער זון פון אסתר און אברהם ווייסמאן — געבוירן אין זוויהיל)

אין כ״ג תשרי תש״ח, אין זיין איינאונצוואנציקסטן געבורטס־טאָג, איז יהושע געפאלן אין שטרייט ביי ראמאלע, מיט נאָך פופצן קעמפער, וועלכע זיינען ארומגערינגלט גע־וואָרן דורך הונדערטער אראבער.

ער איז געווען דער מוזיניק ביי זיינע עלטערן וועלכע האָבן ניט פארמאָגט אים צו צערטלען אין זיין קינדהייט. און ער האָט פון זיין קינדהייט אָן ארייגעזאפט אין זיך דעם טעם פון אָרימקייט. טראָץ דעם האָבן זיינע עלטערן געזאָרגט אים צו געבן א גוטע דער־

ציאונג. ער האָט פריער געלערנט אין דעם באַוואוסטן אין ירושלים בית־הספר „תחכמוני״ און נאכהער פאַרגעזעצט זיין לערנען אין א מיטל־שול. אָבער די לימודים האָבן אים ניט געצויגן און ער האָט געגאַרט צו גוטע באַציאונגען מיט זיינע חברים, מיט וועלכע ער האָט פיל פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע ספּאָרט־איבונגען. ער האָט פאַרלאָזט די מיטל־שול און האָט נאָך געוויסע וואַקלענישן באַשטימט זיך איינצושליסן אין דער הכשרה־גרופּע אין קיבוץ „מעוז חיים״ אין עמק בית־ שאָן. שווער איז געווען פאַר אים און אויך פאַר זיינע עלטערן זיך צו צעשיידן. נאָר זיינע האָפענונגען צו געפינען דאָרט א באַזיס פאַר זיין זעלבסטשטענדיקן לעבן, האָבן אים באַוועגט דאָס צו טאָן. אָבער אויך דאָרט האָט ער ניט געפונען פאַר זיך קיין רו פאַר זיינע נשמה־רייצונגען. ער האָט זיך ניט גע־קענט אָפּרייסן פון זיין עלטערנס הויז, זיינע חברים און זיין ספּאָרט־אַרבעט אין „הפועל״, און ער האָט באַשטימט זיך אומצוקערן קיין ירושלים.

ס׳זענען געקומען די טעג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די שרעק פון רומעל׳ס אַנגריף־מחנה האָט געשוועבט איבער ארץ־ישראל. און ער האָט געגלוסט זיך איינצו־שליסן אין דער יידישער בריגאַדע — אין זיין 16־יאָריקן עלטער. מיר האָבן זיך באַמיט אים ניט דערלאָזן צו דעם, אָבער מיר האָבן דאָס ניט געקענט פאַרמיידן זיך אָנצו־שליסן אין די רייען פון דער פעלד־מיליציע. ס׳האָט זיך אים גיך איינגעגעבן צו דער־ווערבן, דורך זיינע האַרציקע באַציאונגען, גוטע פריינט אויך צווישן די ענגלענדער, און ער האָט דערוועקט ביי זיי כבוד צו זיך. זיי האָבן אים ליב געהאַט פאַר זיינע פעאיקייטן און שטאַרקן כאַראַקטער. ווען ער איז אביסל עלטער געוואָרן, איז ער דורך זיי געשיקט געוואָרן אין לערן־קורס פאַר אָנפירער. ער האָט אָבער ניט געוואָלט בלייבן ביי א מילי־טערישער קאַריערע און ער האָט זיך אינגיכן אָפּגעזאָגט.

ער האָט זיך דאַן אָפּגעגעבן צו ספּאָרט. ניט איינמאָל האָב איך פאַרגאַפט נאָכגע־שפּירט זיין באַוועגונג, קאַלטע האַנדלונג אין זיינע ספּאָרט־קאָנקורסן, זייענדיק דערביי דער איינגסטער כון די אָנטיילנעמער. ער האָט אָבער ניט געזוכט אין דעם זיין וואויל־שטאַנד און ניט געוואָלט פאַרבייטן זיין ספּאָרט־גרופּע „הפועל־ירושלים״ מיט אַנדערע, כאָטש זיי האָבן אים פאַרגעלייגט פיל בעסערע תנאים.

אין 1947, ווען די ספּאָרט־דעלעגאַציע פון ישראל האָט באַזוכט דעם ערשטן פעסטי־וואַל פון דער „דעמאָקראַטיש־יוגנט״ אין פּראַג — איז יהושע אויסגעוויילט געוואָרן אָנטיילצונעמען אין איר. דאָרט האָט ער זיך אויסגעצייכנט ניט נאָר מיט זיינע איבונגען, נאָר אויך מיט אײדעלער האַנדלונג מיט די איבעריקע אָנטיילנעמער פון פאַרשיידענע פעלקער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין פעסטיוואַל. אויך דאָרט האָט ער ניט אויפ־געהערט בענקען אַהיים, קיין ישראל. די טראַגישע באַגעגענישן זיינע מיט די רעשט איבערגעבליבענע פּליטים אין אייראָפּע, האָט זיך טיף איינגעקריצט אין זיין נשמה און האָט פאַרביטערט זיינע האַריזאָנטן. אין זיינע בריוו פון יענער צייט האָב איך געפילט זיין שטאַרק צאַרטלעכע בענקעניש און ציטערן פאַר דאָס ווייטער־פאַרשטייענדיקע, אויך זיין גרויסע פאַרענדערונג אין זיין גייסט, זיין שאַרפן, טיפן אַנאַליז פון ארומיקן לעבן.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין ישראל, האָט ער מיט פיל ענערגיע באַפעסטיקט זיין זעלבסטשטענדיקן באַזיס. ער האָט זיך אין קורצן ספּעציאַליזירט אין א בוי־פאַך (טפּסנות) און האָט באַפעסטיקט זיין מאַטעריעלע לאַגע. ער האָט זיך דאַן געפילט גליק־לעך, וואָס ער וועט איצטער קענען אָפּצאָלן זיינע עלטערן פאַר זייערע באַמיאונגען פאַר

אים, און איז געווען פול מיט האָפענונגען אין זיינע אייגענע קרעפטן. ער האָט זיך דאַן אויך אָפּגעגעבן צו זיין ארבעט אין „הפועל", אָנגעפירט פארשיידענע גרופּן. נאָך דאָ האָט זיך געשטארקט די מלחמה־געפאר און ער איז גערופן געוואָרן זיך צו מאָביליזירן.

אין זיינע בריוו פון יענער צייט וועגן דעם באשלוס פון „אונאָ"־פארבאנד אין 29 נאָוועמבער האָט ער אויסגעדריקט זיין גרויסע פרייד, וואָס האָט דאַן באהערשט גאַנץ ירושלים, און האָט איבערגעגעבן וועגן זיין ווילן זיך צו מאָביליזירן. פון דאַן האָב איך טעגלעך געוואָרט מיט ציטערניש אויף די צייטונגען. נאָך איינצלנע קורצע בריוו האָב איך פון אים דאַן באקומען. פון זיי האָב איך דערקענט די גרויסע סכנות, אין וועלכע ער געפינט זיך. און פון די בריוו פון די עלטערן האָב איך געפילט זייערע גרויסע אָנשטרענגונגען און זאָרגן פאר אים. און ווירקלעך, אין עטלעכע חדשים ארום האָט ער באוויזן אָנטייל צו נעמען אין פיל שטרייטן: אין דער אלטער־שטאָט, אין שיך־גיראַח, הרטוב, רוממה, עטרות — ביז ער איז געפאלן.

איין און צוואַנציק יאָר איז ער דאַן אַלט געווען — ווען מ'האָט אים באַהאַלטן אין די בערג פון ירושלים, פאר וועלכער ער האָט פארגאָסן זיין בלוט, און ער האָט דאָך נאָך אזוי פיל־געהאָפט און געטרוימט.

דוד כספי

## אלעזר ליפא כספי־זילבערמאַן

(געפאַלן אין פּרוזדור ירושלים, כ״ז סיון תש״ב)

אליעזר איז געבוירן געוואָרן אין י״א שבט תרפ״ד (פעברואַר 1924). זיין ערשטע דערציאונג האָט ער באַקומען אין דער „תרבות־שול" אין קאָרעץ, ביי זוויהיל. אין עלטער פון 9 יאָר האָט ער געלערנט אין דער „תרבות־שול" אין ראָוונע. נאָך אין זיינע קינדערשע יאָרן האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שטורמישן־פעסטן כאַראַקטער, ענערגישע באַוועגונגען. אַלע זיינע חברים זענען באַאיינפלוסט געוואָרן צו גוטן און ווען ביאַליק האָט באַזוכט די „תרבות־שול" אין ראָוונע, האָט ער געצויגן זיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט און דער משורר האָט זיך פאַראינטערעסירט אים צו דערקענען.

אין עלטער פון 11 יאָר איז ער דורך זיין פאמיליע געקומען קיין ארץ־ישראל און האָט באזוכט די שול פון פיק״א אין פתח־תקוה. ער האָט זיך אויך ווייטער אויסגעצייכנט מיט זיינע לימודים, פיל געלערנט און האָט זיך פאַרנומען מיט ספּאָרט־איבונגען און באַקומען פיל אויסצייכענונגען. נאָך זייענדיק אין דער פאָלקס־שול האָט ער אָנטיילגענומען אין דער „הגנה" ביי די בלוטיקע אָנפאַלן, וואָס האָבן אויסגעבראָכן אין די יאָרן תרצ״ו־תרצ״ז (37־1936) אין דער געגנט פון פתח־תקוה. נאכהער האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין דער מיטל־שול „אחד־העם" אין פתח־תקוה, באזונדערס אין הומאַניטאַרישע לימודים און געשיכטע. ער האָט אויך פיל געווירקט אין די אָרגאַניזאַציעס „הפועל" און „הנוער העובד".

ענדיקנדיק די מיטל־שול האָט ער באַשטימט זיך ווענדן צו פיזישער אַרבעט,

כדי מיטצוהעלפן זיינע עלטערן, וועלכע זענען דאן געווען אין א געדריקטער מאטע־ריעלער לאגע. נאָר די עלטערן, וועלכע האָבן אָפּגעשאַצט זיינע אינטעלעק־טועלע פעאיקייטן, האָבן אים באַוועגט פאָרצוזעצן זיינע לימודים און ער איז אריין אין לערער סעמינאר אין ירושלים, וואו ער האָט געלערנט ביי זייער שווערע לעבנס־תנאים, כמעט אָן שום מאטעריעלער שטיצע. ער האָט דאָך געענדיקט אויסגעצייכנט דעם סעמי־נאר און האָט דאָרט באקומען פאר זיין ליטעראַרישער ארבעט דעם „פרס יעלין".

אין תש"ה (1945) האָט ער אָנגעהויבן זיין פעדאַגאָגישע אַרבעט אַלס לערער אין א פאָלקס־שול אין תל־אביב און האָט דאָרט באַלד באַוויזן זיינע פעאיקייטן און באוואונדערט זיינע מנהלים און חברים. ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַנוגנט מיט זיינע דערגרייכונגען און זיך שטענדיק פארפאָלקאָמט, פיל געלעזן פסיכאָלאָגישע און פעדאַגאָגישע ווערק אין צוויי יאָר אַרום איז ער געפאָרן קיין לאָנדאָן, באַזוכט דאָרט די אוניווערזיטעט אַ יאָר צייט. זיין פאָטער איז דאן געשטאָרבן און ער האָט, באקומענדיק די ידיעה, פארלאָזט אלע זיינע ווייטערע פלענער און חלומות, און געאיילט אהיים צו זיין מיט דער מוטער.

ער האָט זיך דאן אומגעקערט צו זיין ארבעט אין דער פאָלקס־שול. מיטן אויסברוך פון דער באפרייאונג־מלחמה, האָט ער זיך מאָביליזירט אלס אָפיצער־אינסטרוקטאָר אין דער אוויאציע־אָפּטיילונג. ער האָט זיך אויך דאָרט באלד אויסגעצייכנט. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין פריערדיקער ארבעט, איינגע־אָרדנט א פאמיליע־לעבן. ס'האָט זיך גערעכט, אז ער האָט זיך שוין בארואיקט. אָבער זיין שטורמדיקער כאראקטער האָט אים ניט געלאָזט זיך בארואיקן און ער באשטימט ווייטער זיך איינצושליסן אין „צבא־קבע".

פון דעמאָלט אָן האָט ער געארבעט נעכט ווי טעג מיט זיין באנייטן אונטערנעמונגס־גייסט אלס לייטער פון דער אינפאָרמאטיווער אָפּטיילונג. און ער איז געשטיגן אין זיינע אויפגאבן, באלד געוואָרן רב־סרן (מאיאָר־לייטער) אין צה"ל. ער האָט פיל געארבעט אויף זיך, צוגרייטנדיק זיך צו אלע שווערע, קומענדיקע אויפגאבן אין זיין לעבן. קיין מידקייט האָט אים ניט אָפּגעהאלטן פון זיינע אַנשטרענגונגען. זיין ביסל ליידיק צייט האָט ער פאַרבראַכט מיט זיין קליינעם זון אביעד, וועלכען ער האָט זייער ליב געהאַט

פרילינג תשי"ב איז ער אַוועק לערנען אויף א באַזונדערן קורס און איז געווען גליקלעך מיט דעם, וואס מ'האָט אים איינגעשלאָסן צווישן די אויסגעקליבענע אין דעם קורס. רייזנ־דיק צווישן די ירושלימער בערג, אין מיטן זיין ארבעט אין דעם קורס — איז ער ארויף אויף אנ'אויפרייס־מינע און איז צעשמעטערט געוואָרן.

* * *

## יוסף דובנא

**געבוירן אין 25 דעצעמבער 1926 אין הרצליה ביי זיין פאָטער. האָט געארבעט אין א פרדס און אויך אין זיין אייגענער לאַנדווירטשאפט. די אַרומיקע סביבה אין וועלכער ער איז פון זיין פריער קינדהייט אויסגעוואָקסן האָט אויף אים איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן אָיינדרוק. ער האָט נאָך פון קינדהייט געהאָלפן ארבעטן ביי דער שטוביקער ווירטשאַפט.**

פעאיקייטן. פלעגט בויען לופט־מאָדעלן און ערפינדן פארשיידענע לאנדווירטשאַפטליכע אינסטעלאַציע־אינסטרומענטן. ער האָט נאָכדעם געלערנט און זיך פארפאלקאמט אין דער פאַך־שולע א.ג. פון מאַקס פיין אין תל־אביב און זיך נאָכדעם באַשעפטיקט אין הרצליה ביי מאַשינען און אויך עלעקטרישע מעכאַנישע אַרבעטן, ביי וועלכע ער האָט זיך זעהער אויסגעצייכנט. איז געווען אויך אַ טיכטיקער חבר אין דער „הגנה״. האָט אנטייל גענומען אין אלע אירע אונטערערדישע ארבעטן.

מיט דער פראָקלאַמירונג דורך דעם אונ״א פון דער אידישער מדינה — האָט ער זיך פרייוויליק מאָביליזירט צוזאַמען מיט דער אַרומיקער יוגנט פון די השרון־קאָלאָניען און האָבן געגרינדעט אַ באַזונדער געגנט־אָפּטיילונג. זייענדיק אין דער מחנה, ניט ווייט פון זיין קאָלאָניע — האָט ער זיך שטענדיק באַמיט זיין פאַרבונדן מיט זיינע עלטערן און פלעגט זיי אָפט באַזוכן.

ער האָט אָנטייל גענומען אין עטליכע קאמפן — אין דעם צענטראלן־פראָנט. ווען די שטרייטן האָבן זיך געשטאַרקט ביי ירושלים׳ער וועגן — האָט מען אים און זיין אָבטיילונג אַריבער געפירט אַהין און ער האָט דאָרט בייגעמאַכט פיל שלאַכטן. צולעצט האָט ער אנטייל גענומען אין דער שלאַכט „בן־נון״ ביי וועלכן ער איז געפאַלן אין 25 מאי 1948, ביי דעם „לאטרון־שטרייט״.

זיין קערפער איז אריבער געפירט געוואָרן אינאיינעם מיט זיינע געפאַלענע חברים אין דעם קאמפף אין 17 נאָוועמבער 1949, אין דער מיליטערישער אָבטיילונג פון בית הקברות אויפן הערצעל־בארג.

# די געשעענישן אין תרע"ט 1919

מרדכי בונה (ביבער)

## די פאגראמען אין זוויהיל אין תרע"ט – 1919

זונאג, ח' תמוז, תרע"ט.

צוליב זייערע חגאות, אום זונטאג, איז ניטא קיין באוועגונג אין שטאָט. ווירקלעך זענען די קלייטן פאַרמאַכט איצט, און פון דער צייט ווען די ראטנמאכט האָט באַהערשט די שטאָט, אויך אין די וואכיקע טעג. דאָך איז פאַראַן אויך אין די טעג א גרויסער טומל און באוועגונג. די נייע הערשער, פארשיידענע בעאמטע, שפאצירן זיך, לויפן ארום גאנצע טעג איבער די גאסן, יעדער מיט זיין פארטפעל, איילן זיך ווי די מלאכים אין „ונתנה תוקף" צו זייערע „רעווקאם", „זאווקאם", „פראדקאם". אָבער היינט איז שטיל און רואיק. די פאר־שיידענע „קאָמ'ס" רוען היינט, און אַ שטילקייט באַהערשט די שטאָט.



שול גאס נאָך דער שריפה אין 1919

רחוב בתי הכנסת לאחר השריפה בעיר ב־1919

און פלוצלינג, הויבט זיך אָן א באַוועגונג. ניט ווייט פון אונזער הויז, אויף דעם פלאַץ נעבן קלויסטער. פריער באמערק איך זי קוים. זיינען דאך די פויערים פון ארום, געוואוינט אלע זונטאג זיך דאָ צופאַרזאַמלען. אבער ווען איך באמערק אז די באוועגונג שטארקט זיך, די מאסן ווערן גרעסער ווער איך אומרואיק; האָב איך דאָך שוין געהערט וועגן דעם אָנהויב פון די פויערים־אויפשטאנדן און די ארומיקע ערטער. ווער ווייסט, וואָס דאָס באדייט?

און נאָך א רגע רופט מען מיך ארייס צום טעלאפאָן און ס'רעדט צו מיר מיינער א באקאנטער גוי, אן אוקראינער און בעט מיך: קומען באלד צו אים, ווייל ער האט א זייער וויכטיקן ענין וועלכן ער קען ניט טעלאפאָניש איבערגעבן.

קומענדיק צו אים האב איך געפונען ביי אים אין הויז אחוץ אים נאָך עטליכע באַקאנטע. דער הויזווירט איז אונז מודיע, אז די נייע מעלדונג פון דער ראטנמאכט צו אָפּטיילן רעליגיעזע־דינסט פון דער רעפובליקע האָט זייער באצארנט די קריסטלעכע באפעלקערונג, ווייל ס׳איז פאַר זיי קלאָר, אַז דער באפעהל ברייננגט צו דער הערשונג פון די אידן אויף דעם רעליגעזן־דינסט. זיי טענה׳ן, אַז די ווייטערע רעגיסטראציע פון די געבוי־רענע און געשטאָרבענע, וועלכע האָט זיך ביז איצט געפירט דורך די רבנים און גלחים — וועט איבערגעגעבן ווערן פון איצט אָן צו דעם „רעווקאם״ ד. ה. צו „מאשקען״ און „יאסקען״. ער מעלדעט אונז אויך, אז ס׳איז ביי זיי, די קריסטלעכע איינוואוינער, געווען א פארזאמלונג אין וועלכער ער האָט זיך אויך באטייליקט און ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרגיסן אידיש בלוט אויב דער „רעווקאם״ וועט ניט ענדערן זיין באפעל. ער האָט דערנאָך פארגעלייגט: די יידן דאַרפן איצט ווירקן אויף „איצקע׳ן״, אַז ער זאָל איצט מבטל זיין דעם דערמאָנטן באפעל.

„איצקע״, וועלכן ער האָט דערמאָנט, איז געווען אַ אידישער בחור, וועלכער איז „עולה לגדולה״ געווען צו זיין דער סעקרעטאר פון רעווקאס. און די זוהילער אידן פלעגן מיט האס און צאָרן דערמאָנען זיין נאָמען פאר זיי׳נע „רעוואָלוציאנערע מעשים״. מיר האָבן גוט געוואוסט, אז ער וועט אפילו ניט וועלן אויסהערן אונזער ווענדונג — פונדעסט־וועגן האָבן מיר אויסגעוויילט א דעלעגאציע פון 3 פערזאָן, וועלכע האָט זיך געאיילט זען מיט אים. ער האָט זיי באגעגנט מיט שפאט און געענטפערט אויף רוסיש: אַז ער וועט אַרויסשיקן עטלעכע פולעמיאָטן, זיי פאַרטרייבן און באַהערשן אַלע באַנדעס.

מיר האָבן גוט געוואוסט די גרויסע געפאר, וועלכע דראט אונז און מיר האָבן זיך באמיט צו פאַרהאַנדלען מיט די קריסטלעכע נכבדים אָבער אומעטום האָבן מיר זיך אָנגע־שטויסן מיט א גיפטיקער אַטמאָספערע, און זיי האָבן ניט געוואָלט אויס הערן אונזערע טענות.

פיר נאָכמיטאָג. אויף דעם פלאץ פון דער פראוואסלאַוונער צערקווע און קאטוילישע קירכע זאמלן זיך מאסן גויים און צווישן זיי פיל פון דער קריסטלעכער אינטעליגענץ, וועלכע העצן די מאסן און שרייען אז די יידן זיינען שולדיק אין אַלץ...

פון ווייטענס זעט זיך „איציקל״ מיט זיין קאמפאניע אין דער באגלייטונג פון דער וואַך־מיליטער אָבטיילונג רייטנדיק אויף פערד. אין איין מינוט פאַלן זיי אָן אויף די געזאַמלטע מאסן און ס׳הויבט זיך אָן אַ שיסעריי... „איציק׳ל״ האָט מקיים געווען זיין הבטחה...

דינסטאג, י׳ תמוז. שטאַרקע שיסערייען פון דער מערב זייט פון שטאָט. די מאַכט ענטפערט. און א קעגנזייטיקע שיסעריי שטארקט זיך אַלץ מער. די מאסע וועלכע „איציק״ מיט זיין קאָמפאַניע האָט פאנאדערגעטריבן, ווי ער האָט צו געזאָגט, האָבן אויפגעפלאַמט די פֿייערים פון דער ארומיקער סביבה און זיי זיינען אנגעפאלן אויף דער שטאָט.

פיל פון דער אידישער באפעלקערונג ווילן גלויבן, אז ס׳וועט אונז אידן קיין שלעכטס ניט טרעפן; קענען דאָך די גויים די שטאָטישע אידן און ווייסן גאַנץ גוט, אַז בלויז ווייניק אידן זיינען פארמישט מיט די באלשעוויקעס, און וועלכע זיינען שוין לאנג אנטלאָפן פון דער שטאָט. פאר וואס־זשע זאָלן די איבעריקע אידן זיך שרעקן?...

פונדעסטוועגן שטארקט זיך די מרה שחורה; ס׳דערגרייכן ידיעות, אז די מיליטערישע וואַך פון דער מאַכט זיינען אריבער אויף דער זייט פון די בונטאָווטשיקעס. קעמפעריש געשטימט זיינען נאָך די אידישע קאָמוניסטן און די כינעזער, וועלכע ווערן איינצלווייז

געממית׳ט אויף די גאַסן. אַט ליגט אין מיטן גאַס דער זון פון ר׳ נחום טווערסקי — דעם מאקאַרעווער רבינס אַנ׳אייניקל — אַ באוואוסטער קאָמוניסט.

די שיסערייַען הערן אויף אַ ווײַלע. איינער פון די שכנים לאַדט מיך אײַן צו אַ מנין. איך קום אַהין צו גיין. קיינער פון אונז ווייסט ניט, פאַרוואָס האָבן די שיסערייַען אויפגעהערט. דורכן פענצטער זע איך פיר מענטשן אנגעקניפּט בײַ די אַרבל ווייסע בענדער גייען איבער דער גאַס. ווײַזט אויס אַז די שטאָט געפינט זיך אין די האַנט פון די אויפשטייער. איך גיב דאָס איבער די מתפללים און יעדער איילט זיך ענדיקן די תפילה און גיין אַ היים. איך פאַרזאַם זיך אַ ביסל און בלייַב בײַ דעם שכן. ווײַסנדיק, אַז איך האָב אויף זיך אַ ביסל „חטאים", האָב איך מורא זיך ווײַזן אויף דער גאַס, טאָמער וועלן מיך די גויים איבערגעבן די בונטאַוושיקעס. אין אַ האַלבער שעה אַרום זע איך דורכן פענצטער, אַז מײַן פאָטערס הויז איז אַרומגערינגלט דורך די „ווייסע" זעלנער, וועלכע קלאַפּן אין דער טיר. דער טאַטע און איבעריקע שטוב מענטשן עפענען אויף די טיר און איך זע אין אַמינוט אַרום אַז מײַן ברודער ווערט געשלאָגן. מײַן שוועסטער וועלכע באַשיצט אים ווערט אָפּגעשטופּט, אַ ביקס ווערט אָנגעצילט קעגן טאַטן, די מאַמע חלש׳ט און פאַלט אַנידער.די קליינע קינדער קייקלען זיך אויף דער ערד און שרייַען שרעקלעך. איך פּרוּוו אַרויסשפּרינגען דורכן פענצטער, נאָר די פיס זייַנען שווער און רירן זיך ניט. איין שטאַרקע האַנט, און איך ווייס ניט וועמענס, האַלט מיך פעסט און שלעפּט מיך צוריק, מער געדענק איך ניט...



דער מאַסן־מאָרד־פּלאַץ בײַ דער חרוב׳ער זשיטאָמירער בריק
גיא ההריגה ליד הגשר ההרוס ברחוב ז׳יטומיר

איך הער מײַן שוועסטערס קול רעדט צו מיר, אַז די עלטערן און די קינדער האָט גאָר ניט געטראָפן. נאָר פיר בחורים פון אונזער הויז זייַנען געכאַפּט געוואָרן... ס׳איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו אַרעסטירן אַלע יונגעלייט און זיי אויספאָרשן וועלכע געהערן צו די קאָמוניסטן... ס׳איז דאָ אַ באַזונדערע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע אין וועלכער ס׳זייַנען אַרייַן גוטע גויים... מערער האָב איך פון דער שוועסטער ניט געקענט דערגיין. פאַרנאַכט האָב איך זיך אויפגעמונטערט, אויפגעשטאַנען און געגאַנגען אַ היים, אַגאַנצן טאָג האָבן מײַנע

שוועסטער ארומגעזוכט אלע טורמעס זיך צודערוויסן פון אונזערע ארעסטירטע און האבן גאָרניט אויס געפונען.

אויף אלע גאסן האט זיך געגאסן אידיש בלוט, די געהרגעטע האט מען צוזאמענ־געבראַכט אין די אספיטאלן, קיין סתם מענשן האָט מען ניט צוגעלאָזן. אידישע מחנות ווערן געפירט. וווהין? — — — ווייסט קיינער ניט. די פייניקער לאַכן אַ ווילד געלעכטער און איזדעקעווען זיך איבער זיי. די באנדעס שטויסן זיך אין אלע הייזער ראבעווען און רואינירן אַלץ. אונזער הויז רוט ניט. אַלעמאָל שפארן זיך אַריין נייע באנדעס און פאר יעדער מחנה דארף איך זיך רייניקן: אז איך האָב ניט געשאסן אין קלויסטער און ניט אַראָפגעוואָרפן ניקאלאי׳ן פון זיין צאַריש׳ן שטול, האָב ניט קיין אנטייל אין דער „קאָמונע״ און ניט אויפגעהאנגען אין זייערע צערקוועס די בילדער פון די זשידעס לעווין (לעבין) און ליבא טראצקי. און אויף יעדער אויספארשונג שטעלן זיי אָן קעגן מיך א רעוואָלווער.

סוף סוף פירט מען מיך אויך. און דוקא אַליין. און אויך אויף מיר איזדעקעווען זיי זיך אויפן אוקראַינישן נוסח, אָט אָט פארענדיקן זיי מיט מיר... נאָר אין דער מינוט קומט אָן א באַקאַנטער גוי און נאָך זיין פאָרשלאָג פירט מען מיך אָפּ אין טורמע אריין, וועלכע איז פול מיט געשלאָגענע און פאַרוואונדעטע אידן. אין א ווײַלע אַרום קומט אָן א אויספאָרשונגס קאָמיסיע און באַפרייט מיך מיט נאָך עטליכע. איך קער זיך אום אַ היים. טרערן פון פרייד און טיף אינערלעכן טרויער באגעגענען מיך: אַ וואו איז מ׳ און וואו איז י׳? און מיר האָבן ניט געוואוסט, אַז נאָך גאַנץ פרי האָט שוין זייער בלוט פאַרדעקט די ערד...

אומגליקלעכע פרויען, מאַמעס, קינדער יתומים בלאָנזשען איבער די גאַסן און מיט שרעקלעכע געבעטן פרעגן זיי: צי ווייסט ניט ווער פון אונז, צי האָט מען ניט געהערט, וואָס טוט זיך מיט זייערע טייערע, ווו זענען זיי?...

ג.

ביינאַכט. א טויט שטליקייט אַרום. און פלוצים — שפאַלט א טויט געשריי די אַרומיקע שטילקייט. ווייטער שטיל און ווייטער אַ געשריי. מיין אַלטער טאַטע פאַרטיפט זיינע שווערע געדאַנקען אין „זוהר״. ס׳דוכט זיך, אַז ס׳איז אויסגעגאָסן אויף זיין פנים די שרעקלעכע יסורים פון חבלי משיח. די מאַמע זיפצט. ווי א שווערער שטיין דריקט איר דער געדאַנק: אַ וואו איז מ׳?... און אין אַ ווײַלע אַרום באלויכט ווידער איר פנים אַ האָפנונג און גלויבן, אַז זי וועט אים נאָכאַמאָל זען... מיין קליין ברידערל, אַ אינגל פון 11 יאָר, זאָגט מיט א וויינענדיקן קול תהילים. די קליינע קינדערלאך ליגן אין אַ פינצטער ווינקל ארומגענומען ווי די קעצלאך...

ס׳הערט זיך פון דרויסן א קלאַפּ אין טיר. דאָס איז ניט דער קלאָפּ פון עשיו׳ן. ס׳עפענט זיך די טיר און ס׳שפארן זיך דער רב און צווי חשובע בעלי בתים, בלאַסע פנימ׳ער און דער פאַרציטערטער רב דערציילט: דער אטאמאַן האָט אים גערופן און האָט געפאָדערט, פול מיט צאַרן אויף די זשידעס־קאָמוניסטן, אז די אידן זאָלן אָפּגעבן דאָס געווער, וואָס איז באַ זיי. אין דעם שוחט׳ס הויז איז באַהאַלטן א פּאָלעמיאָט. אַ גויה האָט באַשטעטיקט, אַז זי האָט אַליין געזען, אַז מיר האָבן אָנגעשטעלט א פולעמיאָט און געשאָסן אין די אויפשטייער. מאָרגן וועט מען מאַכן באַ אונז אַן אונטערזוכונג. דער רב האָט געענדיקט זיין דערציילונג און אוועקגעגאַנגען. וואָס וועט זיין מאָרגן מיט אונז? — — —

גאַנץ פרי. די שחיטה ענדיקט זיך ניט. יידישע בחורים ווערן ארויסגענומען פון זייערע

הייזער און געהרגעט פאר יעדנס אויגן אָן אויפהער. באַנדעס פון פּאָגראָמשטשיקעס באַפאַלן אונזער הויז און כאַפּן מיך הרגענען. אין דער צייט גייען דורך צופעליק באַקאַנטע רוסישע בחורים און באשטעטיקן, אז איך בין ניט געווען צווישן די קאָמוניסטן און איך ווער צום צווייטן מאָל ניצול פון טויט. אין דער מינוט הערט זיך א שאָס און פאר מיינע אויגן חערט אָן אנדער איד געהרגעט...

## ד.

נאָך דער באַמיאונג פון די רבנים, האָבן די קריסטלעכע גלחים ארויסגעלאָזט אן אויפרוף צום פאָלק „אין נאָמען פון דער הייליקער קירכע״: אויפהערן די שחיטות און זיך פאר־זאַמלען אין די צערקוועס, זיך מתודה זיין אויפן פארגאָסענעם ריינעם בלוט. דער אויפרוף האָט אַביסל בארואיקט די אידן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן א האנדלונג מיט די נייע שליטים. פריער האָבן די שליטים ניט געוואָלט אפילו אויסהערן די רייד פון די אידישע פארשטייער, וועלכע האָבן זיי באגעגענט און געבראַכט פאר זיי ברויט און זאלץ, אָבער צום סוף, האָבן זיי מסכים געווען, אז די אידן זאָלן עפענטלעך פאר זיי אין שול שווערן, אז זיי האָבן ניט קיין געווער און וועלן זיין אונטערטעניק זייער מאַכט.

פיר אזייגער באַ טאָג. אונטער שטורעמדיקע דונערן פון הימל און פליסיקן רעגן, וועלכער האָט זיך אויסגעמישט אין די גאַסן מיט אידיש בלוט, גייט ארויס דער שול שמש מיט א ווייסער פאַן אין דער האַנט, אין דער באגלייטונג פון די רבנים, צדיקים און חשובע אידן. דער שמש שפרייזט פאָראויס און רופט אויס: אידן, אין שול אריין. און די אידן איילן זיך פון זייערע הייזער און באהעפטן זיך צו דער דעלעגאַציע און מארשירן אין שול אריין.

אָבער וואו וועגדעט זיך די דלעגאַציע? — ווי איז די אויגן וועלכע זען דאָס. די גאַנץ גרויסע עדה פון אידן שטעלט זיך אָפּ ביי דער צערקווע. א דעלעגאַציע פון רבנים און צדיקים גייען אריין אין הויז פון גלח. אין א ווײַלע אַרום גייען זיי אַרויס מיטן גלח אין דער שפּיץ און ער דער גלח פון עשיו, אנגעטאָן אין זיינע גלח׳ישע קליידער, שטייט און זאָגט מוסר דער אידישער עדה!...

אין דער גרויסער שול. די גאַנצע עדה וואַרט מיט אומגעדולד אויפן אטאמאן, כדי צו שווערן פאר אים זייער אונטערטעניקייט און אויסהערן פון אים רחמנות׳דיקע טרייסט רייד. און אָט איז ער געקומען, דער מעכטיקר אטאמאן פון דער קליינער רעפּובליק. און ער הויבט אָן מיט זיין דיקער באַס־שטימע צו רעדן וועגן דעם גרויסן צעשטערונגס־גייסט, וועלכער איז איינגעוואָרצלט אין דאָס אידיש פאָלק נאָך פון אברהם אבינו׳ס, משה׳ס און דוד׳ס צייטן. נאָר ער איז זיכער אין זיין שטארקן כוח און אויך אין אונזער אידישן, איצטיקן, ווילן צו ארויסטרייבן פון אונז דעם בייזן גייסט. דער רעדנער באטאנט זיינע רייד מיט א פראגע — און וואַרט אויף א תשובה — און די גאנצע עדה ענטפערט פאר אים: יאָ, ווירקלעך אזוי!! ס׳הויבט זיך אָן די שבועה צערעמאָניע. קרעכצן, געשרייען און געוויינען באגלייטן די שבועה. דער אטאמאן פילט זיך גערירט פון דעם זשידאָווסקי געוואַלד געשריי און הייסט בארואיקן אָט דעם געשריי. און זי ווייסן ווי אַזוי צו בארואיקן...

## ה.

צען טעג געדויערט די שחיטה. דערנאָך באקומט מען די דערלויבעניש צונויפזאמלען די געהרגטע ארויסציען פון די גריבער און זיי ברענגען צו קבר ישראל.

פרייטאָג כ׳ תמוז. — די באַצווינגער נויטן אונז אַליין צו פאַרענדיקן די אַרבעט און לאָזן ניט אַריינקוקן אין די פּנימער פון די טויטע אום זיי צו דערקענען. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיך באַגעגנט וועגענער אָנגעפּילטע מיט הרוגים געפּירטע צום בית הקברות קעגן וועגענער פאַרפּלייצטע פון מאַרך און בלוט, וועלכע פאָרן פון בית הקברות צו די שחיטה־פּלעצער צוזאַמענענעמען די איבעריקע הרוגים. פון פינף פרי פאַרנעמען מיר זיך מיט גראָבן די קברים און מיר איילן זיך צו ענדיקן ביז שבת. מאַסן מענער און פרויען שטייען בײַ די טויטע און זוכן זייערע. דער טאַטע רופט מיך צו און ווינקט מיר מיט זיין האַנט אויף אַ טויטן. איך שטעל זיך אָפּ און קוק אים אָן אָן שוויג. איז מיין האַרץ פאַרשטיינערט געוואָרן? איז אָט דער שטיק גולם, וועלכער זעהט אויס ווי אַ בערגל צוגראָבענע ערד אָדער שוואַרצער אויסגעלאָשענעם קאַלך, געווען פריער מיט עטליכע טעג, אַ גוף פון אַלעבעדיקן מענטשן? — איך בויג זיך איין און קוק. עס איז ניט קיין גוף, אפילו ניט קיין אויסזען פון אַ גוף. צושניטן פלייש...

אָבער, זאָגט צו מיר מיין טאַטע מיט אַ ציטעריקן קול, קוק זיך נאָר איין צו דער שמאַטקע בײַ אים, דערקען, איז דאָס ניט זיין העמד? און אַ ציטער גרוילט איבער מיין גוף און איך בייג זיך ווידער טיפער איין, מיין האַנט רירט אָן די שטיקלעך פלייש, און אַ שמאַרצענדער ברען באַהערשט מיך. איך ציטער אויף אינגאַנצן און אַ שרעקלעכער געשריי ברעכט אויס פון מיין האַרץ — מיין ברודער...

ו.

תשעה באב האָבן די רויטע ווידער די שטאָט פאַרנומען, אָבער ס׳איז קלאָר אַז ניט אויף צו בלייבן אין איר זענען זיי געקומען. דאָס פּוילישע מיליטער האָט זיי באַכגעיאָגט. די גאַנצע כונה זייערע איז געווען — זיי אָפּצוהאַלטן ביז זייערע אָפּטיילונגען וועלן אָפּטרעטן פון זשיטאָמיר. און דאַן וועלן זיי אויך אַרויס פון זוהיל.

אין דעם זעלבן טאָג האָבן זיך אַריינגעריסן באַנדעס אין שטאָט און האָבן אין עטלעכע שעה געשאָכטן 50 אידן. פאַרנאַכט האָבן די פּעטליורישע אָפּטיילונגען זיי אַרויס געטריבן און אויף מאָרגן איז די שטאָט פאַרבערענט געוואָרן פון די אָנצינדנדיקע שראַפּנעלן, וועלכע דאָס רויטע מיליטער האָט אין איר אַריינגעשאָסן. אין משך פון דריי שעה האָבן געפּלאַקערט די צענטראַלע גאַסן, דער מאַרק, אַלע קראָמען, שולן און בתי מדרשים.

אין פינף טעג אַרום האָבן די פּעטליורישע אָפּטיילונגען אָנגעהויבן אָפּטרעטן פון דער שטאָט. און די איבעריקע אידן האָבן מורא געהאַט ווידער צו פאַרבלייבן מיט די אַרומיקע באַנדעס און זענען אַנטלאָפן פון דער שטאָט כמעט נאַקעטערהייט אין דעם נאָענטן שטעטל יאַרון.

אין דעם סך־הכל זיינען אין דער שטאָט אַליין געהרגעט געוואָרן בײַ 1200 נפשות, און אין די אַרומיקע ישובים בא 600 נפשות.

חשון תר״פ (1919) האָבן די פּאָליאַקן ווידער פאַרנומען די שטאָט. אַסך פון די פּליטים האָבן זיך אומגעקערט אין זייערע פאַרלאָזענע הייזער. אָבער אין יענער צייט האָט אויס־געבראָכן אַ שרעקלעכע טיפוס־עפּידעמיע און אויך לונגן־אָנצינדונגען, און אין דער מגיפה זיינען אומגעקומען אין משך פון דריי חדשים בא אַ טויזנט נפשות.

מנשה סגל

# די פאגראמען אין זוויהל אין 1919*)

די שטאָט ליגטביים טייך סלוטש. אין יאָר 1917 האָט די שטאָט געציילט באַ 20 ביז 23 טויזנט יידן און בערך 15 טויזנט קריסטן.

די נאָענסטע אייזנבאַן־סטאַנציע איז געווען פאלאנע, 60 ווערסט פון זוויהל. די אייזנבאַן איז דורכגעפירט געוואָרן אין 1914.

ביז 1917 האָט די שטאָט נישט געליטן פון קיינע אקופּאַציעס און איבערקערענישן. די באַפעלקרונג האָט געלעבט פארהעלטניסמעסיק גוט. די גרעסטע טייל יידן האָט זיך פארנומען מיט האנדל פון תבואה און פוטער, וועלכע מ׳האָט עקספּאָרטירט נאָך אויס־לאַנד. עס זיינען געווען אַן ערך פון 1500 אַרבעטער באַשעפטיקט אין די מעטאל־פאַבריק־לעך און אין גארבערייען. עס איז אויך געווען א געוויסע צאָל שניידער און שוסטער־ווערק־שטאַטן, פון וועלכע יעדער האָט באשעפטיקט צו 15—20 אַרבעטער.



די וואַרשאַווער און אַרומיקע גאַסן נאָך דער שריפה אין 1919
הרחוב הוורשאי והרחובות סביבו לאחר השריפה ב־1919

אין שטאָט ראט אויף 40 ראטמענער זיינען געווען 21 יידן, די יידישע קהלה—פאר־וואלטונג איז באשטאנען פון 26 מיטגלידער, פון אלע פּאָליטישע ריכטונגען.

באלד נאָך דער רעוואָלוציע, אין 1917 יאָר, איז דער אנפירער פון דער שטאָטישער מיליציע געווען א געוויסער יא. סוויטקאָווסקי (ס.ד. מענשעוויק). זייענדיק פון דער נאַטור א זייער איידעלער מענטש, איז ער נישט געווען בכח ווי געהעריק אנצופירן מיט דער מילי־ציע און האָט זיך פון דעם אָפּגעזאָגט. אויף זיין אָרט האָט זיך געגוויטיקט א מענטש מיט א שטארקער האנט. אזעלכער איז געווען דער געוועזענער צארישער מיליטער נאטשאלניק באקאוו וואָס האָט א נישט קליינע שולד אין ערשטן פּאָגראָם, וועלכער איז פּאָרגעקומען אין זוויהל אין 1918 און געדויערט 2 טעג.

*) אויסצוג פון ארכיוו־מאטעריאלן אין „י״וואָ אינסטיטוט״ אין ניו־יורק.

## די לאַגע אין זוועהיל, פאַרשאַרפטע באַציאונגען

יולי 1917, פרייטאָג בייטאָג, איז דורכגעגאַנגען די שטאָט דער 27־סטער פּאָלק וועלכער איז אין שטאָט פאַרבליבן אויף שטענדיגער קוואַרטיר, מיט זיי האָט זיך דאָן אָנגעהויבן די נאָכער טראַגישע געשעהנישן. א טייל פון זיי, ווי אויך די קאַוואַלערע איז צושטעלט געוואָרן אין די דערפער. די שטאַטישע אוקראַיניש־נאַציאָנאַליסטישע עלעמענטן האָבן גלייך אָנגעהויבן פירן א אַנטי יידישע אַגיטאַציע.

נאָכן אויסברוך פון אָקטאָבער־איבערקערעניש (באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע) האָט זיך אנגעהויבן וואָס א מאָל מעהר פילן דער אנטאַגאַניזם צווישן דער יידישער און אוקראַי־נישער באַפעלקערונג.

סוף 1917 יאָר האָט זיך זוועהיל געפונען ניט מער ווי 120 ווערסט פון פראָנט. די רוסישע אַרמיי, וועלכע האָט אָנגעהויבן פילן זיך שוואַך נאָך פאַרן שליסען דעם שלום, איז איצט מאַסנווייז געלאָפן פון פראָנט. די פינסטערע הונגעריקע זעלנער, ניט פילנדיג קיין שום מאַכט, האָבן זיך א לאָז געטון איבער שטעט און שטעטלעך און האָבן ראַבירט וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט. דערביי זיינען אויך געווען איינצעלנע פאַלן פון הריגות. צו די זעלנער זיינען אויך צוגעקומען צו הילף די אַרומיקע פויערים, וועלכע האָבן אַליין גענאָסן פון די גנבות און רויבערייען.

## דער ערשטער פּאָגראָם

דעם 19 און 20 יאַנואַר 1918 האָט זוועהיל איבערגעלעבט דעם ערשטן פּאָגראָם. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן פרייטאָג, דעם 19־טן פאַרנאַכט, א גרויסע מענגע זעלנער פאַראויס, אונטער זיי נאָך א גרעסערע מחנה פויערים מיט זעק און קוישן אין די הענט, גייען פון געשעפט צו געשעפט. די זעלנער רייסן אויף די געשעפטן, און פאַרטיילן די אַרומיקע פויערים סחורות פון די געשעפטען. ביי א געשעפט פאַרטיילט א זעלנער די סחורות די פויערים לויט דער רייע.

נאָך מער כאַראַקטעריסטיש איז, אז דער פּאָגראָם האָט ניט געטראָגן קיין בולט אַנטי יידישן כאַראַקטער (ער האָט אויך ניט געהאַט קיין בלוטיגע טענדענץ, ד.ה. קיין הרוגים מצד דער יידישער באַפעלקערונג איז ניט געווען), הגם מען האָט ראַבירט אויסשליסליך יידישע קראָמען. ראַבירענדיק האָבן די זעלנער געטענעט: „מיר נעמען אַלץ אָפּ ביי זיי. די שטאַטישע, האָבן זיך גענוג אָנגעראַבירט".

דער מיליץ־קאָמענדאַנט באַקאַוו האָט זיך אַבסאָלוט ניט באַמיט דעם פּאָגראָם אָפּהאַלטן. ער האָט כלומר׳שט באַפוילן די מיליצינערן זיי זאָלן שיסן, אָבער געהיים האָט ער געהייסן שיסן אין דער לופט. דאָס האָט די פּאָגראָמשטשיקעס געגעבן מוט, און דער פּאָג־ראָם איז אוועק אין פולן גאַנג.

דער סך הכל פון פּאָגראָם איז, פאָלגענדער: 700 יידישע קראָמען זיינען צוראַבירט געוואָרן (די סחורות זיינען אויף הונדערטער וויגעלעך אוועקגעפירט געוואָרן אין די דער־פער). 2 זעלנער פון די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען געהרגעט געוואָרן אויף טויט צופעליג צוליב דעם וואָס פאַרבייגייענדיק האָבן זייערע חברים אַריינגעשאָסן אין א געשעפט, מיי־נענדיק, אז דאָרט איז שוין ניטאָ גאָרנישט און קיינער פאַראַן. עס איז אויך ווערט צו באַ־מערקן, אז אין דעם פּאָגראָם גופא האָבן אַנטייל גענומען שטאַטישע און מלוכה בעאַמטע.

## פּאָגראָמען אין װאָלין. די לאַגע אין זוויהיל

אין די חדשים יאַנואַר, פעברואַר, מערץ, אַפּריל פון יאָר 1919 זיינען אין זוויהיל און אין אומגעגענד פאָרגעקומען אַגאַנץ רייה קלענערע פּאָגראָמען. איצט זיינען שוין געגאַנגען באַנדעס פּעטליוראַווצעס איבער די וואוינונגען און ראָבירט יידיש האָב און גוטס און ס׳איז אויך געווען איינצעלנע קרבנות. באַזונדערס איז די לאַגע געוואָרן אונערטרעגליך אין די דערפער אַרום זוויהיל.

אין משך פון דער לעצטער צייט זיינען פאָרגעקומען שוידערליכע פּאָגראָמען אין די שטעט: זשיטאָמיר, בערדיטשעוו א.א.וו. נאָר זוויהיל האָט פונדעסטוועגן גאַנץ ווייניג געליטן. דאָס איז געווען טיילווייז א דאַנק דעם שטאָט־קאָמענדאַנט פּאַדאַלקאַ, וועלכער האָט יעדעס מאָל, ווען ס׳האָט געדראָט א געפאַהר פון א פּאָגראָם, גענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג גוואַלידקע סומען געלט און גרויסע קוואַנטומס זאַכן און עסנוואַרג און צוטיילט עס די צעווילדעוועטע מחנות פּעטליוראַוויצעס און אַ דאַנק דעם אָפּגעראַטעוועט די יידן פון קרבנות. אָבער אַזאַ לאַגע האָט געבראַכט צו א סיסטעמאַטישער פאַראָרעמקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג; דער האַנדעל און מלאכה זיינען פאַלשטענדיג אָפּגעשטעלט געוואָרן. אַרויספאָרן פון שטאָט איז געווען אוממעגליך ווייל די הריגות אויף יידן זיינען געווען א נאַטירליכע ערשיינונג.

## די באָלשעוויקעס אין זוויהיל

די פּעטליורעשע באַנדעס דערפילנדיק אַז זיי מוזן די שטאָט אָפּגעבן די באָלשעוויקעס, וועלכע זיינען צו יענער צייט געווען נאָענט פון זוויהיל האָבן ממש אויסגעקוילעט אַלע יידן אין די דערפער אַרום זוויהיל. און אין זוויהיל גופא האָבן זיי ביים ערשטן סדר, פּסח תרע״ט, אויסגעקוילעט די פאַמיליע לוריע מיט 6 אַרבייטער־גאַרבער, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי לוריען אין גאַרבעריי.

דעם 22 אַפּריל האָט זיך די לאַגע גענצלעך געענדערט מיט דעם וואָס די באָלשעוויקעס וועלכע האָבן זיך געפונען אין זשיטאָמיר, האָבן פאַרנומען זוויהיל. זיי האָבן גלייך געגרינדעט א „רעווקאָם" און אַריינגעצויגן אַהין אויך א געוויסע צאָל אָרטיגע יידן. די באָלשעוויסטישע מאַכט איז באַשטאַנען פון גאַנץ ווייניג מענטשן און געהאַט מיט זיך ווייניג מיליטער. דאָס האָט די פאַרשיידענע גענגער געגעבן מוט צו פיינדליכע אַרויסטרעטונגען. דאַגעגען, די אַרויסטרעטונגען האָבן געבראַכט צו פאַרשאַרפטע רעפּרעסיעס מצד די באָלשעוויקעס. ענדליך איז אין אָנהויב יולי דערגאַנגען צו די קלאַנגען אַז ס׳גרייט זיך אַן איבערפאַל אויפן „רעווקאָם". זונטאָג, דעם 6־טן יולי, ווען די קריסטליכע באַפעלקערונג איז געווען פאַרזאַמעלט אין קירכע, האָט מען דעם רעווקאָם געמעלדעט, אַז אין דער קירכע פירט זיך אַן אַגיטאַציע קעגן דער באָלשעוויסטישער מאַכט. כדי זיך צופאַרטיידיגן האָט דאָס באָלשעוויסטישע מיליטער אַרומגערונגעלט די קירכע און אַהין אַריינגעשאָסן, פאַרטרייבענדיק אַזוי־אַרום דעם פאַרזאַמעלטן עולם.

## דער אָנפאַל אויף די באָלשעוויקעס.

אויף איבערמאָרגן, 8 יולי, איז א מחנה פון 3000 אָרגאַניזירטע פויערים פון די אַרומיקע דערפער, באַוואָפנט מיט שטעקענס, איבערגעפאַלן דעם „רעווקאָם"; צוגערויבט דאָרט דאָס געלט און אויסגעקוילעט 115 באָלשעוויקעס און מיליטער לייט. די איבעריקע באָלשעוויקעס זיינען זיך צולאָפן. די שטאָט איז געבליבן אָן וועלכע ס׳איז מאַכט. די זעלבע נאַכט

האָבן די כוליגאנעס אנגעהויבן ארומזוכן אין די הייזער „יידן־באָלשעוויקעס״ און עס איז אויסגעבראָכן דער שרעקליכסטער, שוידערליכער פאָגראָם.

מ׳האָט ארויס געשלעפט א גרויסע צאָל יידן אונטערן שטאָט, ביים טייך סלוטש, באַפוילן זיי אויסצוגראָבן א גרוב פון 15 ביז 20 ארשין, אויסגעטון זיי נאקעט, אפגעשניטן די הענט און לעבעדיגער הייט ארייגעוואָרפן אין גרוב. דערביי זיינען פאָרגעקומען שוידערליכע סצענעס. ביז 500 יידן זיינען אומגעקומען. איך אליין בין געשטאנען א גאנצע נאכט א נאקעטער און געווארט אין רייה צוגעהרגעט ווערן. 2 אזייגער איז אן געקומען א באפעל, אז די יידן וואָס מ׳האט נאך ניט געהרגעט זאל מען לאזן לעבן און נאר זיי ארעסטירן. ניט אלע פאווסטאנצעס האָבן זיך צוגעפאסט צום באפעל, דאך זיינען א סך מענטשן גערעטעוועט געוואָרן פון טויט. דער אנפירער פון דער דאָזיגער באנדע איז געווען פאגארעלאָוו, א געוועזענער צארישער פאדפאלקאווניק. דעם 8 יולי האט ער ארויס געגעבן א באפעהל, אז די יידן זאָלן אפגעבן זייער געווער.

א טרויעריגער פאל איז פארגעקומען צוליב א געוויסן „מענדיל קאטאי־באבא״, אן אויסוואורף וועלכער האט געדינט אין „טשרעזוויטשייקע״. די פאווסטאנצעס האָבן געפאָדערט, אז די יידן אליין זאָלן אים אויסגעפונען און אליין הארגענען. מ׳האָט דעם אויסוואורף געפונען ערגיץ אויף א בוידעם און געמוזט אים אליין הרגענען אויפן שול־הויף.

דעם 11 יולי האָט פאגארעלאוו אפגעשטעלט כלומרשט אפיציעל דעם פאגראם, נאר דערפאר געפאָדערט פון דער יידישער באפעלקערונג: 50 פערד, א גרויסע צאָל זאלץ און צוקער. די יידן האָבן דאָס אלץ צוגעשטעלט. אחוץ די יידן וועלכע מ׳האָט געהרגעט אונטערן שטאָט איז אין פארלויף פון די 3 טעג, 8, 9 און 10 יולי, אויך אומגעקומען א מאסע יידן ביי זיך אין די וואוינונגען. אַ סך פון די אומגעקומענע זיינען אומגעקומען אין די דערפער און ארומיקע שטעטליך.

## די באָלשעוויקעס אין שטאָט. די בלוטיקע געשעהנישען אין קאַמענעבראד

אין גאנצען רוהיג איז געוואָרן אין שטאָט דאָנערשטאָג 11 יולי, ווען ס׳איז אַנגעקומען פון זשיטאָמיר א פאנצער־צוג און האָט ארויסגעלאָזט אויפן שטאָט א 10—12 הארמאטן־קוילען, וועלכע האָבן געוואָרפן א שטארקע מורא אויף די פאווסטאנצעס. דעם טאָג האָט פאגארעלאוו פארכאפט 10—12 מיליאן סאוועטישע רובל און איז אנטלאָפן פון שטאָט אָבער אויף דער סטאַנציע טשודנאוו האָבן די באָלשעוויסטישע חיילות אים דערקענט און געהרגעט. דער פאקט האָט פונדעסטוועגן ניט געשטערט די פאווסטאנצעס פון די היימישע פויערים און ארביטער צו פארטזעצן זייער כוליגאַנישע ארבייט. אזוי האָבן זיי דעם 10 יולי, דאָנערשטאג, י״ב תמוז, אויסגעהרגעט בוכשטעבליך די גאנצע יידישע מענליכע באפעלקערונג, אין דער צאָל פון 127 מענטשן, אין שטעטיל קאָמענבראד, וואו ס׳געפינט זיך א פאיאנס — פאבריק.

## פאָגראם אגיטאציע

דעם 16 יולי איז אנגעקומען קיין זוואהיל פון זשיטאָמיר אן אבטיילונג פון א 2—3 הונדערט באָלשעוויקעס. די איבערגעבליבענע יידישע באפעלקערונג, וויסענדיק אז די באָלשעוויקעס קענען, צוליב זייער קליינער צאָל, אַוועקגיין אין גיכן און ווילענדיק אויסמיידן הריגות מצד די פאווסטאנצעס, האָבן געגרינדעט א געמיינזאמען, געהיימען געמישטען קאָמיטעט מיט דער קריסטלעכער באפעלקערונג פון זוואהיל. דער ציל פון קאָמיטעט אי

געווען צו באמיהען אז עס זאל מער ניט פאָרקומען קיין בלוטפארגיסונגען. די יידן האָבן זיך פיל מאָל באמיהט ביי דער באלשעוויסטישער מאכט וועגן נישט הרגענען די פאָגראָמ־שטשיקעס. פונדעסטוועגן איז אין שטאָט געפירט געוואָרן א גוואלדיגע אגיטאציע געגן יידן. די אגיטאציע האָט געבראכט צו אן ערך 100 קרבנות. די לאגע איז געוואָרן וואָס ווייטער אלץ אונזיכערער. אויפן ארט פונעם געהרגעטן פאגארעלאוו האט די אנפירונג איבערגענומען אן אויסוואורף סטאיאנאווסקי. די ווייטערע הריגות קומען פאר נאָך זיינע באפעלן.

דעם 26טן יולי זענען צוריק ארייגעקומען די באָלשעוויקעס, די באַנדע פאווסטאנצעס, וועלכע האָט זיך ביז איצט אויפגעהאלטן אויף דער צווייטער זייט פון שטאָט זיינען איבערן טייך אַוועק אין טשיזשאווקע, א 12 ווערסט פון שטאָט. דעם טאָג איז אנגעקומען א גרעסערע צאָל רויטע ארמייצעס. די שטאָט האָט זיך ביסלעכווייז גענומען בארוהיגן, אָבער גאר גיך איז באשערט געווען איבערלעבן א גרויזאמע געשעהניש, דאָס שרעקליכסטע פון אלע פריהעריגע.

### די דעלעגאציע צו די פאווסטאנצעס.

דעם 17 אוגוסט האָט דאָס באלשעוויסטישע מיליטער פארלאָזט זוהיל. די שטאָט איז פאַרבליבן אָן א מאַכט. דער בירגלעכער קאָמיטעט האָט דאן געשיקט א דעלעגאַציע צו (די פאווסטאנצעס), סטאיאנאווסקיס באנדעס. די דעלעגאציע איז באשטאנען פון: ד״ר וואלסקי, גלח קוסטשינסקי און אפטייקער לודוויג מאכען. די דעלעגאציע האָט געבעטן די מאַכט ניט מאַכן קיין פאָגראָם. סטאיאנאווסקי האָט דערויף געענטפערט, אַז ער וועט קיין איינציגן יידן ניט לאָזן קיין לעבעדיקן. גלייכצייטיג ווי די דעלעגאַציע איז אַרויס און אויך די באלשעוויקעס האָבן פארלאָזט די שטאָט, האָט א באנדע כוליגאנעס אריבערגע־שיפט זיך דעם טייך און אין די נאָענסטע צום טייך גאסן, דער נידער, גערויבט, געהרגעט מענער, געשענדעט פרויען. אין מיטן שטאָט זיינען זיי פונדעסטוועגן ניט אריין.

### פעטליוראווצעס פון מזרח־גאַליציע. קאָנטריבוציע

דעם 17 אוגוסט איז אין שטאָט אריין א גרעסערע אפטיילונג פעטליוראווצעס פון שעפעטאווקע (געקומען פון מזרח גאַליציע). זיי האָבן אויף א פרידליכן אופן געפאָדערט צושטעלן זיי אין משך פון 3 — 2 שעה: 100 טויזענט רובל, 25 פוד זאלץ, אזוי פיל צוקער און 100 פוד ברויט. די יידן האָבן אנגעהויבן פירן אונטערהאנדלונגען. זיי האָבן אנגעוויזן, אז די שטאָט איז שוין אריבער א חודש אָפגעריסן פון דאָרף און זיי פארמאָגן זאגאר ניט אויף זיך אליין צו דערנערן, מאָסן קינדער שטאַרבן פון הונגער, דערוואָקסענע געבן אַוועק זייערע טייערסטע מלבושים פאַר א שטיקל ברויט. נאָך לאַנגע אונטערהאנדלונגען איז גע־לונגען אויסצוקויפן זיך מיט א געוויסער סומע געלט, א 15 פוד זאלץ, א ביסל צוקער וועלכעס מ׳האָט צווישן זיך צונויפגעקליבן.

### די פשרה

דעם 18 אוגוסט איז קיין זוהיל אנגעקומען סטאיאנאווסקי מיט זיין באנדע. די יידן האָבן די מחנה באגריסט מיט מוזיק, וועלענדיק שטילן דעם כעס פון דער באַנדע. אויף דער צווייטער זייט טייך, אונטערן שטאָט, האָבן זיך נאָך געפונען די באלשעוויקעס דעהערענדיק, וואָס ס׳טוט זיך אין יידישן קווארטאל, האָבן זיי פון הארמאטן אריינגעוואָרפן עטליכע גאז־אויפרייס־קוילען, וועלכע האָבן ארויסגערופן א גוואלדיקע שרפה, וואָס האָט געבושע־וועט, ביי א שרעקליכן שטורם ווינד אויף בערך אין 6 שעה איז אוועק דריי פערטל יידיש־

הייזער (אן ערך פון 3000), איבער 1000 געשעפטען, עטליכע אַפטייקן 36 שולן און בתי מדרשים. די גרעסטע טייל יידישע באפעלקערונג איז געבליבן נאקעט באָרוועס און אן א דאך. ס׳האָט זיך אנגעהויבן א פאנישעס לויפן.



אַ צימער נאָכן פּאָגראָם
חדר לאחר הפרעות

עטלעכע טעג נאָכדעם איז אין שטאָט געווען פארעלטנמעסיק רוהיג.

דעם 23 אוגוסט זיינען די פעטליוראווצעס מיט סטאיאנאווסקיס באנדע אוועק פון שטאָט. און די שטאָט איז ווייטער געבליבן אָן א מאכט פון דער צווייטער זייט טייך פון לובשיצע און זשאקיוועק פלעגן זיך אריבערקומען מחנות פויערים און בארויבן און הר־געגען די איבערגעבליבענע. יעדן טאָג פלעגן זיין 6—5 הרוגים און ס׳איז ניט געווען ווער ס׳זאָל זיי באגראָבן. א סך יידן זיינען אנטלאָפן דורכן דאָרף יארין קיין קארעץ. אויפן וועג האָט מען א סך פון זיי בארויבט און דערהרגעט.

דעם 26 אוגוסט איז אין שטאָט אריין א באַנדע פויערים, אָנגעפירט דורך א געוועז־נעם בעאמטען קאטשערגין, און אונגעשטערט גערויבאוועט. זיי האָבן באפאלן די איבער־געבליבענע, סאמע ארימסטע נשרפים, וועלכע האָבן ניט געהאט די מעגליכקייט צו אנט־לויפן. ארויסגעשלעפט 47 מענטשן פון די איינגעפאלענע הייזער און געהרגעט. אויך פון מושב זקנים, וואו ס׳האָבן זיך געפונען 40 זקנים האָט מען אויסגעהרגעט 23. ווי ס׳דערציילט אַ האַלב משוגענע פרוי פון מושב זקנים עטעלע, האָבן זיי דערשטיקט מיט א עץ חיים א אלטן וואָס איז געזעסן ביי דער גמרא. דער ייד איז דערנאָך געפונען געוואָרן מיט דעם עץ חיים אין מויל מיט א האַלב צורעסענעם רייניקייט ספר־תורה.

### מורא׳דיקער הונגער און פלעק־טיפוס

די אַלע אנלאָפענע פון זוויהיל זענען אָנגעקומען אין די שטעטלעך: בערעזדיוו, טושין,

קראסנאסטאוו א.א. וועלכע זיינען איבערפילט געוואָרן מיט אנטלאָפענע. עס האָט געהערשט א שרעקליכער הונגער און פלעק־טיפוס. ס'פלעגן טעגליך שטארבן 25 — 30 מאן.

איך בין דעם 26 אוגוסט אנטלאָפן פון זוויהיל. אויפן וועג האָט מען מיך בארויבעוועט און בין נאקעטער איינגאַנצן אָנגעקומען קיין ראטשעוו. דאָ האָט מיר א ארטיגער ייד געגעבן א פאלטא און אזוי האָב איך זיך געלאָזט ווייטער אויפן וועג קיין פאלאנעע.

**אמעריקאנער הילף**

דעם 27 אוגוסט איז קיין קארעץ אנגעקומען דאָס פוילישע מיליטער. באלד נאָכדעם איז אויך געקומען דער פארשטייער פון דזשוינט. ער האָט באלד געגעבן 25.000 מארק פאר די זוויהילער היימלאָזע און צוגעזאָגט שיקן קליידער.

**פנחס מעדוועדיק**

# זוויהיל אין 18–1919*)

אונזער שטאָט האָט געהאט א גרויסע אידישע באפעלקערונג — הענדלער, בעלי מלאכות. די קריסטליכע באפעלקערונג זיינען געווען טשינאווניקעס, הענדלער, אויך בעלי מלאכות. ביז יאנואר 1918 איז בא אונז געווען רוהיג. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער דעמאָביליזאציע פון דער רוסישער ארמיי און דער אוקראינישער נאציאנאלער באַוועגונג, איר גרופירונג. ס'איז דאן ביי אונז געשטאַנען דער 27־ער אוקראינישער פאָלק.

דעם 19 יאנואר 1918 פרייטאָג אין דער פרי, האָבן זיך גענומען צונויפקומען די פאַר־שטעטישע פויערים אונטער דער שטיצונג פונם 27־טן פאלק. זיי האָבן אנגעהויבן ראבירן די קראָמען; 800 קראָמען האָבן זיי ראבירט, אויך א טייל הייזער. דער פאָגראָם איז פאָר־געקומען אומגעריכט, זיינען די אַלע קרעמער אינגאַנצן רואינירט געוואָרן. דעם 19־20־21 ביז זונטאָג האָט געדויערט דאָס ראבירן. א רוסישער אָפיציער האָט געשטערט דאָס ראַ־בירן האָבן זיי אים דערשאָסן; דאָס האט געטון א זעלנער פון פאלק. דער שטאטישער ראט האָט געפרובט אָננעמען מיטלען געגן פאגראם האט נישט געהאָלפן. דאָס ראבירן האט אויפ־געהערט א דאנק די פאנצער־אַטאַמאַבילן זענען אנגעקומען וועלכע האָבן איינגעשטילט דאָס ראַבעווען*).

***

נאָכדעם איז געווען רוהיג. דאַן זיינען אָנגעקומען די דייטשען. זיי זיינען געווען פון פעברואר ביז נאָוועמבער, דריי פערטל יאָר.

בעת דער דייטשער אקופאציע האָט די שטאָט אויפגעלעבט עקאנאמיש און קולטורעל,

---

*) אויסצוג פון די ארכיוו מאטריאלן ביי דער „ייווא איסטיטוט״ אין ניו־יארק.

*) ע. א. (דאַן מאליאר) האָט זיך נאָך אבאשטימונג, ארויסגעריסן קיין זשיטאָמיר און ס'איס געלונגען קומען שבת צו נאכטס מיט אַ אַטריאד יידישע זעלבסטשיץ וועלכער האָט באשאָסן די פאָגראָמטשיקעס און זיי פארטריבן.

דעצעמבער 1918 האָט פארטראטן די דייטשן די אוקראינישע מאַכט מיט פעטליורען. זיי זיינען געווען ביז 20 אפריל 1919. אין דער צייט האָט די שטאָט פיל איבערגעלעבט מאראלישע שרעק פארן לעבן און פארמעגן. אין משך פון 3 חדשים זיינען מיר ניט געשלאָפן פאר מורא. קיין פאָגראָם איז דאַן ניט געווען אַ דאַנק דעם ענערגישן קאָמאַנדאַנט פאדאלקא. ער האָט די יידן געגעבן א ערלויבעניש צו טראָגן געווער און מאכן א זעלבסטשוץ פון 80 מאן. פאר דער צייט זיינען פארגעקומען איינצעלנע פאלן פון רציחות, רויבערייען.



די געהרגעטע פאמיליע לוריע ביים סדר תו ע״ט (1919)
הרוגי משפחת לוריא בסדר פסח תרע״ט

די גרעסטע רציחה פון יענער צייט איז פארגעקומען צום ערשטן סדר 1919. צו דער פאמיליע לוריע זיינען אריין, בשעת זיי זיינען געזעסן ביים סדר, עטליכע כוליגאנעס און אויסגעהרגעטע די גאַנצע פאַמיליע מיט נאָך 4 אַרבעטער, 2 ישובניקעס, און 3 קריסטלעכע וועכטערס, צוזאמען 14 פערזאָן. די רציחה האבן אויסגעפירט זעלנער.

דעם 20 אפריל איז אריין די ראטן־מאכט, דאן איז געווען פאלשטענדיג רוהיג ביז יולי 1919. אין די ערשטע טעג פון יולי האָבן זיך אנגעהויבן אויפשטאנדען פון פויערים געגן דער ראטן־מאכט אין וואלינער געגענד. די אומרוהען האָבן זיך אנגעהויבן פון זשיטאמי־רער אויעזד: האראשקי, פולין. דארטן זיינען געווען די נעסטן פון די פאווסטאנצעס דינס־טאָג, דעם 8 יולי, האָבן זיך די פוערים פון אַרום זוויהיל געלאָזט אין שטאָט אַריין ארויס־טרייבן די ראטן־מאכט. די ראטן מיליטערישע מאכט איז באשטאנען פון א קאראאולגעם פאטרול פון 500 מאן, פון וועלכע ס׳זיינען געווען 300 קריסטען, וואס זיינען אריבער צו די פאווסטאנצעס און די איבעריקע 200 זיינען געווען יידן, כינעזער און א 50 רויטע קריס־טען, וועלכע האָבן נישט געקענט ערוואַרטן קיין מיטלייד בא די פויערים. זיי האָבן געפירט א קאמפף מיט 10 טויזענט פוי־ערים פון 3 פאַרטאָג ביז 10 אין דער פרי און די פויערים האָבן מנצח געווען. א 160 פון די רויטע ארמיי האָבן זיך דורכגעריסן און אנטלאָפן פון שטאָט.

די איבעריגע זיינען געהרגעט געוואָרן. נאָכדעם ווי די פויערים זיינען געבליבן די הערשער האָבן זיי ארויסגעפירט הונדערטער יידן, יונגע און אלטע לייט און קינדער — בלויז מענער פון 12 ביז 80 יאר — הינטערן שטאָט און זיי אויסגעהרגעט. א טייל פון זיי האָט מען באַגראָבן לעבעדיגערהייט. מ׳האָט א סך יידן אויסגעטון נאַקעט און געלערנט זיך אויף זיי שיסן אין ציל. דעם טאָג איז געהרגעט געוואָרן מיין פאטער, חיים מעדוועדיק, אברהם אבּרוצקי און זאב ווייצענהויז.

דעם זעלבן טאָג איז געשאפן געוואָרן א פויערים־מאכט און אין דער שפיץ איז געשטאנען דער פאלקאווניק סעליוואנאוו, גראד א סימפאטישער מענטש. די איבעריגע יידן האָט מען ארעסטירט, א ערך פון 2000 מאן. אין דעם טאָג זיינען געהרגעט געוואָרן פון 7 ביז 8 הונדערט יידן. וועלכע מ׳האָט באגראָבן אויף אומבעוואוסטע ערטער און א סך פון זיי האָבן די חזרים און הינט געפרעסן.

8—7 טעג נאָכן פאָגראָם האָט מען צוזאַמען געלומען די צוריסענע טיילן פון די מתים און זיי מקבר געווען אויפן בית הקברות. פון זשיטאמירער גאס האָט מען געלאָזט אראָפּנעמען די הרוגים, עטליכע הונדערט, און זיי באגראָבן אין ברודער־קבר. מ׳האָט אויך געמאָכט עטליכע הונדערט איינצעלנע קברים. די הרוגים פון ראגאטשעווער שאסיי האָבן די פויערים ניט געלאָזט אראָפּנעמען. נאר נאָך א גרויסער פראטעקציע פון שטאָט־ראט און דאָרפס־ראָט איז געלונגען צו שאַפן א סאַניטאַרע קאָמיסיע וועלכע האָט צונויפגעקליבן די איבעריגע מתים און זיי מקבר געווען. דאָס איז געלונגען ערשט אויפן 4־טן מאָל (3 מאָל האָבן די פויערים ניט געלאָזט רירן די מתים).

דער צווייטער פאגראם איז פארגעקומען דעם 20 אוגוסט 1919. ער איז געמאכט געוואָרן דורך די באלשעוויקעס ביים פארלאָזן די שטאָט. ביז דאן האָט זיך געביטן די מאכט צווישן די רויטע און די ארטיגע פאווסטאנצעס. ביי דעם פאגראם זיינען געהרגעט געוואָרן 42 יידן. זיי האָבן גערויבט און געהרגעט. דעם 18 אוגוסט האָבן די באָלשעוויקעס פארברענט 800 יידישע הייזער. בשעת זייער אָפּטרעטן האָבן זיי געהרט ווי פעטליורעס באנדעס גייען אריין און מ׳האָט זיי באַגעגענט מיט מוזיק — האָבן זיי באשאָסן די שטאָט מיט ברענענדיגע קוילען.

מאנטאג, 25 אוגוסט, ביזן 1 סעפטעמבער איז געווען ווייטער א פאגראם. דאס האָבן געמאכט טיילן פון די באלשעוויקעס מיט די פויערים וועלכע זיינען אריבער דעם טייך און געהרגעט, ראבירט. די יידן זיינען דאן אנטלאָפן צו דער פוילישער מאכט. דער פאגראם האָט זיך דאן געצויגן 8 טעג. די איבערגעבליבענע 100 יידן זיינען אלע געהרגעט געוואָרן. אַלע הייזער זיינען ראבירט געוואָרן.

אין די ערשטע טעג פון סעפטעמבער איז רוהיג געווען. די מאכט האָט געגעבן א ידיעה די יידן אז זיי זאָלן קומען באגראָבן זייערע מתים. א קלענערע טייל יידן איז צוריק אריין און די איבעריגע האָבן מורא געהאט קומען. 2 וואכן האט געדויערט די מאכט פון פעטליורען, נאכהער זיינען ווידער אריין די ראטן־מאכט און די יידישע באפעלקערונג איז ווידער אנטלאָפן. ראש השנה ביינאכט איז די שטאָט ווידער בארויבט געוואָרן דורך די באלשעוויקעס. ס׳זיינען געווען עטליכע פאלן פון שענדען פרויען. דעם חודש איז געווען א מאביליזאציע און די יוגנט איז אינגאנצן אוועק צו די פוילישע. דעם 1 אָקטאָבער 1919 זיינען אריין די פאָליאקן. די שטאָט האָט אָפּגעלעבט. 60% זיינען געקומען צוריק אין שטאָט. די איבעריגע זענען זיך צופאָרן.

וואַרשע, 10 אוגוסט, 1921.

**זלמן בן אשר סאפיאן**

# די געשעענישן אין זוויהיל*)

דער ערשטער פאָגראָם אין דער צייט פון דער צענטראַלער ראַדע איז פאָרגעקומען אין 23—20 יאַנואַר 1918. מ׳האָט צעראַבירט אַלע יידישע קלייטן.

בשעת דעם העטמאַן איז אין שטאָט גאָרניט פאָרגעקומען. דעם 12 דעצעמבער 1918 איז די שטאָט אריבער צו דער דירעקטאָריע רואיג, הגם סהאָט זיך געפירט אַן אַנטיסעמיטישע אגיטאַציע. די גאַנצע צייט, וואָס די דירעקטאָריע איז געווען אין קיעוו, איז אין זוויהיל פּאַרעלטניסמעסיק געווען רואיק, ניט קוקנדיק דערויף וואָס די קריסטלעכע „מעשצאַנעס״ און די פּעטליורע אָפיצערן האָבן געפירט אַן אַנטיסעמיטישע אגיטאַציע, בשעת די אַרטיקע באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען אין אָנהויב יאַנואַר 1919, זשיטאָמיר, האָט דער זוויהילער בעהילפס־קאָמענדאַנט פּאַליי אַרויסגעלאָזן אַ מודעה, אין וועלכער ס׳איז ערקלערט געוואָרן אַלס אַ „אידישער אויפשטאַנד״. ס׳איז גלייך אַוועק צו אים אַ אידישע דעפּוטאַציע פון כלל־טוער מיט אַ השתדלות ער זאָל אַרויסגעבן אַ מודעה, אַז די יידן זיינען דאָ אומשולדיג. פּאַליי האָט אָבער געשפּעט פון זיי, געזאָגט אַז אים אַרט ניט אויב ס׳וועט פאָרקומען אַ פּאָגראָם אויף אידן און האָט אַרעסטירט צוויי אידן, ביי וועלכע מ׳האָט כלומר׳שט געפונען באָלשעוויסטישע פּראָקלאַמאַציעס. די דעפּוטאַציע איז אַוועק צו דער העכערער אויעזד מאַכט און אין צוויי טעג אַרום איז פונאַדערגעקלעפּט געוואָרן אַ מודעה אַז די ערשטע מודעה וועגן זשיטאָמיר פּאָגראָם איז אַרויסגעלאָזן געוואָרן אָן אַ שום יסוד. די צווייטע מודעה איז געווען גע׳חתמ׳עט פון קאָמענדאַנט פּאַדאַלקאַ (אָדער, דאַכט זיך, פון — קאָמיסאַר וויגאַדסקי).

ווען די דירעקטאָריע איז אָפּגעטראָטן פון קיעוו, האָט זיך אין זוויהיל אָנגעהויבן די אמת׳ע צרה. די מיליטער עשאַלאָנען האָבן ראַבירט, געהר׳געט און געשלאָגן אַלע יידן וואָס זיי פלעגן נאָר טרעפן. מ׳פלעגט אָפּט אַרויפלייגן קאָנטרעבוציעס אין אַלגעמיינעם סכום פון אַריבער אַ האַלבן מיליאָן, וועלכע די אויסגעמאַטערטע אידישע באַפעלקערונג האָט געמוזט אַריינטראָגן. מ׳פלעגט אַרומגיין איבער די קלייטן און פשוט צונעמען אָן געלט פאַרשיידענע סחורות. מ׳פלעגט זיך אַריינרייסן אין די הייזער און הרגענען אידן, נאָר אַז מ׳האָט זיי געגעבן אויסקויף געלט — פלעגן זיי אַוועקגיין. דער טאָג־טעגליכער טעראָר און די אומזיכערהייט אין לעבן און אין גוטס האָבן שרעקלעך געווירקט אויף דער אידישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט זיך איינגאַנצן באַהאַלטן אין די הייזער און געוואַרט יעדע מינוט אויפן טויט. ווי נאָר ס׳איז געוואָרן נאַכט פלעגט מען פאַרהאַקן טיר און פענסטער און ניט רירן זיך פון אָרט, צוהערענדיק זיך מיט פחד צו די אָפּטע נאַכטשאָסען איבער די פוסטע, ליידיקע גאַסן.

ענדע פעברואַר ווען די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען קאָראָסטין איז אין זוויהיל גע־וואָרן אַ פּאַניק: די פּעטליוראָווצעס האָבן זיך איילִיק געלאָזט לויפן, דער קאָמענדאַנט פּאַ־דאַלקאַ איז אויך אַנטלאָפן און מ׳האָט זיך געריכט אויף אַלעס שלעכטס. ס׳איז באַלד געגר־רינדעט געוואָרן אַ געמישטע (פון אידן און קריסטן) אַרבעטער אָפּטיילונג, וועלכע האָט אָפּגעהיט די אָרדנונג. אין צוויי טעג אַרום האָט זיך אָבער פּאַדאַלקאַ אומגעקערט און

*) אויסצוג פון אַרכיוו־מאַטעריאַל ביי „יוו״א אינסטיטוט״, ניו־יאָרק.

הגם אַלע האָבן ווירקלעך געוואוּסט, אַז ער איז אַנטלאָפן, האָט ער ארויסגעלאָזט אן אויפרוף „נידער מיט די פּראוואָקאַטאָרן״. אין וועלכע ער האט ערקלערט, אז די קלאנגען וועגן זיין אנטלויפן זיינען פּראוואקאטאָרישע און האָט געשטעלט די פראגע פאר דער זוויהילער אינטעליגענץ (ד.ה. די יידן) מיט וועמען זיינען זיי, צו מיט דער דירעקטאריע צו מיט אירע קעגנער? ער האט געפאדערט פון זיי ארייגטרעטן אין דער ארמיי פון דער דירעקטאריע דראָענדיק מיט די „אכזריות׳דיקע שטראָפן״ פון די סיטשעוויקעס, וועלכע זיינען בא דער שטאָט. די גאנצע אינטעליגענץ, איבערהויפּט די אידישע סאציאליסטישע טוער זיינען זיך צעלאפן פון שטאט אין וועלכער ס׳איז דאן אריינגעטראטן א פאלק פעטליורעוועס מיט רויטע קאלפאקן. דער אטאמאן פון פאלק האט דעם 3 מארץ 1919 ארויפגעלייגט א קאָנטריבוציע אויף דער אידישער באפעלקערונג, (דעם סכום געדענק איך ניט, דוכט זיך 100.000 רובל), דראָענדיק שמייסן אלע יידן מיט שאמפאלן, אויב די קאָנטריבוציע וועט ניט אריינגעטראָגן ווערן אין צייט. ער האט אויך איינגעארדנט א „געריכט״ איבער די אנטלאפענע אידישע סאציאליסטן שלא בפניהם און ארויסגעטראָגן אויף זיי אלע א טויט־אורטייל.

מ׳האט געכאפּט איינעם כ״ץ, א מענטשן וועלכער האט קיין שייכות ניט צו פּאליטיק און מ׳האט אים געוואלט הרגענען, באשר ער טראגט די זעלבע פאמיליע ווי איינער א אידישער סאציאליסט (א פאראייניגטער). קוים, קוים, האט זיך איינגעגעבן אפּבעטען זיין לעבן בא די מערדער.

דעם 9 מערץ אין אוונט איז אראָפּ א שיכור׳ער עשאלאָן פּעטליורצעס און האט זיך געלאזט גיין, קליינע גרופּנווייז, אין שטאט אריין. די זעלבסט שמירה (רעשטן פון דער געמישטער ארבעטער אפּטיילונג, וואס האט זיך געבילדעט צוריק מיט א פאר וואכן בעת פּאדאלקעס אנטלויפן — האט אנטוואפנט א גרופּע סאלדאטן. דעריבער איז אויף מארגן באשטימט געווארן אן אונטערזוכונג פון געווער. אויף דער גאַס וואו ס׳איז פאָרגעקומען די אנטוואפענונג (זשיטאָמירער גאַס) און מ׳האָט ארעסטירט ביי 30 אידן, און אוועקגעפירט זיי צום וואָך־זאל. דארט האט מען זיי אויסגעטאָן, געשלאגן, געפייניגט און לסוף אָפּגעלאָזט, אויסער עטלעכע ארעסטירטע.

אָנהויב אפריל זיינען צו דער שטאָט צוגעגאַנגען סיטשעוויקעס, און געוואָלט מאָכן א פּאָגראָם. די יידן האָבן זיך צונויפגעקומען אויף אן אספה אין בית המדרש אויף צו באטראכטן די לאַגע. אין בית המדרש איז געקומען דער קאָמענדאנט פאדאלקא און האָט פייערלעך ערקלערט, אז ער וועט צו קיין פּאגראם ניט דערלאזן און אז ער האט אנגענומען דערצו אלע מיטלען. ער איז אוועק צו די סיטשעוויקעס און האט זיי ערקלערט אז נאר איבער זיין קערפער וועלן זיי קענען אריבערטרעטן די שטאט און אז ער וועט מיט דער גאנצער קראפט וואס ער באזיצט זארגן ניט אריינלאזן זיי אין שטאָט. פאר פסח איז פאנאנדערגעשפּרייט געווארן אין שטאט און ארומגעגענד אן אויפרוף אין נאמען פון דער פּראוואסלאוונער קירכע קעגן אידן. אין זוויהיל איז דאן פארגעקומען אפּאוויטסאוועך ארבעטס קאנגרעס, אין וועלכן ס׳האָבן אויך אנטיילגענומען צוויי אידישע דעלעגאטן — בונדיסטן ראָזענבלאָט און קאפערשמיד. ראזענבלאט האט אויפמערקזאם געמאכט דעם ארבעטס קאנגרעס אויף דעם פּאָגראָם בלעטל און פאָרגעלייגט ארויסטראָגן אַ פּראָטעסט רעזאָלוציע קעגן די פּאגראמען אויף יידן, איינשטימיק האָט דער קאָנגרעס אַזאַ רעוואלוציע אָנגענומען דעם 15 אפריל און באַשלאסן זי צו פונאַנדערקלעפּן איבערן שטאט און אויעזד.

דער ארטיקער רב האט באקומען א טעלעגראמע פון אידישן מיניסטער קראסני פון ראוונע, אז די רעגירונג איז קעגן פּאגראמען וועלכע קומען פאר קעגן איר ווילן. און אז די

גאנצע אחריות פאר די פאגראמען וועט פאלן אויף די ארטיקע קאמיסארען. די טעלעגראמע איז גלייך פונאנדערגעשפרייט געווארן איבערן שטאט. די אידן האבן ביטער געלאכט: „געשיקט א טעלעגראמע דעם רב, אז ער זאל ניט מאכן קיין פאגראמען, זאל מען בעסער שיקן זי פעטליורען אליין״. און ווירקלעך, וואס פאר א ממשות האט די אידישע באפעלקע־רונג געקענט געבן צו דער טעלעגראמע פון קראסני׳ן? ווען אין דעם אפיציעלן ארגאן פון דער דירעקטאריע „ווילנע אוקראינע״, וואס איז ארויס אין ראוונע, פון 15 אפריל 1919, איז צוגלייך מיט דער דעקלעראציע פון ראדע, פון ארבעטס־קאָנגרעס קעגן פאָגראָ־מען, געווען אָפּגעדרוקט א קאָראָספאָנדענץ פון קיעוו, אין וועלכער ס׳ווערט דערציילט, אז אידן האבן פארכאפט די גאנצע מאכט, און אז די „רויטע ארמיי״ באשטייט נאר פון אידן, און כינעזער — געדונגענע פון אידן, א.אז.וו.

פאר פסחא (ערב חגא) האָבן זיך צווישן דער קריסטעלכער באפעלקערונג פארשפרייט קלאנגען, אז אידן האָבן באַשטימט אופצורייסן אין דער פסחא־נאכט דעם קלויסטער מיט אלע קריסטן וואס וועלן זיך געפינען צו דער נאכט־דינסט. א דאנק דעם קלאנג וועלכע האט זיך שטאַרק פארשפרייט, זיינען פיל קריסטן גאָר ניט געגאנגען אין קלויסטער, און די וועלכע זיינען געגאנגען — זיינען זיך ביסלעכווייז פונאנדערגעגאנגען. דעם ערשטן טאָג פסחא, דעם 20 אפריל 1919, איז די שטאט אריבער צו די באלשעוויקעס.

**דער פּאָגראָם אין זוויהיל אין יולי 1919**

דעם 20 אפריל 1919 זיינען די באלשעוויקעס אריין אין זוויהיל. מ׳האט גלייך באַש־טימט א׳רעווקאם און אנגעהויבן דורכצופירן די באלשעוויסטישע פאליטיק. ס׳איז געשאפן געווארן אן אויסערארדענטלעכע קאמיסיע, מ׳האט אנגעהויבן מאכן קאמונעס קעגן דעם ווילן פון די פויערים, ארויפלייגן שטייערן א.ד.ג. קיין באזונדער פאראָרדנונגען וועלכע זאלן זיין ספעציעל וועגן אידן איז ניט געווען, אויך האבן זיך די אידן ניט איבעריקס גע־וואָרפן אין די אויגן און אין די ראטן אנשטאַלטן. דאָך האָט די אנטיסימיטישע אגיטאציע ניט אויפגעהערט די גאנצע צייט. ס׳האָט, ווייזט אויס עקזיסטירט אן אָרגאניזאַציע, אמ־מערסטן פון די ארטיקע פאליאקן, וועלכע האט די גאנצע צייט געפירט אן אגיטאציע קעגן דער ראטן־מאכט.

אין אָנהויב יולי האָבן זיך אין אויעזר באוויזן סאָקאָלאָווסקיס באַנדעס, וועלכע זיינען אין 6 יולי צוגעטראָטן צו דער שטאט. ס׳איז זיי ארויס אנטקעגן א געמישטע אפטיילונג פון די ארטיקע קאמוניסטן, מיטגלידער פון אידישן קאמוניסטישן פארבאנד, פון דער אויס־עראָרדענטלעכער קאָמיסיע און די אידישע סאָלדאַטן פון דער וואַך־ראַט. די מיליציע איז, שוין ביי דעם ערשטן קלאַנג וועגן די באנדעס, זיך פארנאנדערגעלאָפן. נאָך אַ קורצער שלאכט ביי דער שטאט זיינען די קאמוניסטן צעקלאפט געווארן און האבן געמוזט אפ־טרעטן. אפטרעטנדיק דורך דער שטאָט זיינען זיי באשאסן געווארן פון די הייזער, איבער־הויפּט פון די פוילישע. אויפן וועג האָבן זיי באַגעגנט מחנות פויערים פון דער אומגעגענט, וועלכע זיינען געגאנגען אויפן שטאט מיטן צוועק „צו הענגען די קאמוניסטן און צו שיסן די זשידעס״. דעם 7 יולי האט זיך אנגעהויבן דער פאגראם, וועלכער האט געדויערט 4 טעג, ביזן 11 יולי. צו די באנדיטן זיינען אויך צוגעשטאנען ארטיקע באנדיטן, בעאמטע, גימנאַ־זיסטן, בארוועהערציקע שוועסטער און דער שטאָט דאָקטאָר פעטדוליוועץ (א פּאָלאַק), וועל־כער איז ארומגעגאנגען מיט די באנדיטן און אָנגעוויזן זיי אויף די וועלכע האָבן נאָך זיין

**מיינונג א שייכות צו דער ראטן־מאכט. די באנדיטן האבן ארויסגעלאזט אן אויפרוף, אז זיי זיינען ניט קעגן אידן, נאר קעגן קאמוניסטן, וועלכע זיי האבן ענערגיש געזוכט. ס׳איז גענוג געווען די קלענסטע אנווייזונג פון א קריסטן אויף א יידן כדי מ׳זאל אים כאפן און אפפירן אין טורמע. מ׳האט געשלעפט אין טורמע נאר מענער, יונגע און אלטע. אויפן וועג האט מען א סך געהרגעט און דערטרונקען אין טייך. כמעט אלעמען האט מען געשלאגן.** קיין רויבערייען זענען ספעציעל ניט פאָרגעקומען.

# חורבן און אומקום



א תליה אין נייעם קוואַרטאַל ביי דער באַן־סטאַנציע אין זוויהיל. באַקומען פון אַרכיוו ביי דעם אַנשטאַלט „יד ושם" אין ירושלים. דאָס בילד איז געפונען געוואָרן ביי די דייטשן

תליה ברובע החדש של זוויהיל, ליד תחנת הרכבת. מגנזי המוסד „יד ושם". התמונה נמצאה אצל הגרמנים

**משה גילדענמאַן**

## זוויהיל אין די יאָרן 1941–1920

**אין יאָר 1920 זיינען באַשטימט געוואָרן די גרענעצן צווישן פּוילן און ראַטן־פאַרבאַנד און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זענען אָפּגעשניטן געוואָרן די אידן פון דער אַזוי גערופענער, מזרח־אוקראַינע, פון דער אַרומיקער וועלט. די וואָלינער אידן זענען געווען שטאַרק דערשעפּט פיזיש און מאַטעריעל נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה. דאָס אָפּטע טוישן זיך פון דער מאַכט, די פּאָגראָמען פון פּעטליורעס באַנדעס, האָבן דערפירט די אידן צו אַזאַ מצב, אַז מיט אייגענע כוחות זענען זיי נישט אימשטאַנד געווען צו שטעלן זיך אויף די פיס און זיי האָבן זיך געווענדעט צו זייערע קרובים און פריינט אין די אַמעריקאַנער לענדער נאָך הילף. די אַמעריקאַנער אידן האָבן זיך גערן אָפּגערופן אויף דער דאָזיקער ווענדונג און האָבן דורך דער פאַרמיטלונג פון „דזשוינט" און „העיאַס", מיט אַ פולער האַנט געטראָגן הילף זייערע געליטענע ברידער אין אוקראַינע. די דאָזיקע אַנשטאַלטן האָבן געמאַכט באַמיאונגען ביי זייערע רעגירונגען אום אַרויסצובאַקומען אַריינרייזע (אַפּידייוויט) דערלויבענישן, בכדי צו דערמעגלעכן די וואָלינער אידן עמיגרירן קיין אַמעריקע. ווי באַוואוסט האָט עקסיסטירט פאַר יעדן לאַנד אַ קוואָטע אויף אַריינפאָרן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. אין דער צייט פון קריג איז די רוסישע קוואָטע נישט אויסגענוצט געוואָרן און איצט האָט מען געקענט אָן גרויסע שוועריקייטן אַרויסבאַקומען אַ סערטיפיקאַט. די דאָזיקע געלעגנהייט האָבן אויסגענוצט טויזנטער אידישע משפחות און עמיגרירט צו זייערע קרובים און פריינט מיט וועלכע זיי האָבן זיך שוין פיל יאָרן ניט געזען. גרויס איז געווען**

די פארצווייפלונג פון די אמעריקאנער אידן, וועמענס קרובים עס זענען פארבליבן אויף דער איצטיקער סאוועטישער טעריטאָריע און מיט וועלכע זיי האבן נישט געהאט די מעגלעכקייט ניט נאר צו פאראייניקן זיך נאר אפילו זיך פארבונדן מיט זיי דורך בריוו. די אמעריקאנער אידן האבן געשריבן צו זייערע באקאנטע, וועלכע האבן געוואוינט אין איצטיקן פוילן, אַז זיי זאָלן זוכן מיטלען אריבערצופירן זייערע קרובים פון יענער זייט גרענעץ און צוגעזאָגט גרויסע סומען געלט פאר דורכפירן די דאָזיקע ריזיקאלישע אפעראציע.

אין יענער צייט האָבן זיך איינגעשטעלט האנדלס־באציאונגען צווישן פוילן און־ראטן־פארבאנד אויף א גאנץ אריגינאלן אייגנארטיקן אופן. — די פוילישע מאכט האט ארויסגעגעבן קאנצעסיעס אויף „דאמי־האנדליאווי״ (האנדלס־הייזער) וועלכע האבן אין די דערפער וואָס געפינען זיך לענגאויס דער גרענעץ געעפענט זייערע מאַגאַזינען מיט סחורה. דער סאָוויעטישער קונה האָט זיך געמאָלדן צו דער פוילישער גרענעץ־וואך, וועלכע האָט אים אונטער א שמירה צוגעשטעלט אין דעם מאגאזין פון דער „דאמי־האנדליאווי . ווען ער האט איינגעקויפט די נויטיקע ארטיקלען האט מען אים אונטער דער זעלבער שמירה אפגעפירט צום גרענעץ. די סאָוועטישע גרענעץ וואַך האָט געוויינטלעך געוואוסט וועגן דער דאָזיקער קאנטראבאנדע און האט זי טאלערירט, ווייל א גרויסער חלק פון די, גאנץ פעטע, פארדינסטן פלעגן אריינפאלן אין די הענט פון די „פאָגראַניטשניקעס״. די קאנצעסיאָנערן, וועלכע זיינען געווען פאָליאַקן, געוועזענע אָפיציערן פון פילסודסקעס און האליערס ארמייען, אָדער רייכע ערד באזיצער וועמענס מאיאָנטקעס זענען פארבליבן אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, זענען געזסן אין ווארשע, קראקאוו און אנדערע גרויסע שטעט און געפירט א פארשווענדריש לעבן פאַר די געלטער וואָס ס'האָבן זיי צוגעשטעלט די אידישע סוחרים, די פאקיטשע בעלי בתים פון די האנדלס־הייזער אויף דער גרענעץ. די דאזיקע סוחרים זענען געווען אידן פון די נאָענסטע צום גרענעץ־שטאט קארעץ, אסטראג, ראוונע. נאר דער גרעסטער פראצענט סוחרים זענען געווען זוויהילער אידן, וועלכע זענען אנטלאפן פון זוויהיל נאָך דער שריפה פון יאָר 1919. דאָס איז צוליב פאלגענדער סיבה: בכדי צו אנטוויקלען דעם האנדל אין א גרעסערן מאסשטאב, האט מען געמוזט האבן אַגענטן אויף דער פאָוועטישער טעריטאָריע צו וועלכע מען קען האָבן א פולן צוטרוי, אויף דערויף האָבן זיך אַמבעסטן איינגעגעבן די קרובים פון די זוויהילער אידן וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט אין די „ראמי האנדליאָווע״.

ווען די דאזיקע סוחרים האבן זיך דערוואוסט, אז אין דער צענטראלע פון „האיאס״ אין ווארשע געפינען זיך סערטיפיקאַטן און גרויסע סומען געלט פאר אידן וואָס געפינען זיך אויף דער סאָוועטישער טעריטאָריע, האָבן זיי זיך אונטערגענומען אָפזוכן די דאָזיקע אידן און זיי ברענגען קיין פוילן. דאס איז געווען ניט פון די לייכטע אויפגאבעס, ווייל צווישן די געפונענע אידן זענען געווען אלטע פרויען און מענער און קליינע קינדער. און מ'האָט זיי באדארפט אזוי פירן אז מ'זאל אויסמיידן סיי די סאוועטישע, סיי די פוילישע גרענעץ־וואַך. די ארבעט האָבן אויסגעפירט קאָנטראבאנדיסטן — פויערים פון די קאריצע' כוטארס, וועמענס ווירטשאפטן זענען געווען אויף דער פוילישער זייט נאענט צום גרענעץ. ס'זיינען געווען פאלן ווען אַזאַ גרופע איז אריינגעפאלן און מ'האָט זיי ארעסטירט אָן געשטעלט צו א משפט. בכדי אויסצומיידן די גרענעץ־וואך האבן די קאנטראבאנדיסטן געפירט די אידן דורך זומפן און טייכלעך. ס'זענען געווען פאלן ווען מ'האט באדארפט אין מיטן הארבסט איבערגיין דורך האלב־פארפרוירענע טייכלעך און מ'איז קראנק געוואָרן.

ווי צ. ב. דער זוההילער איינוואוינער קופערשמיד וואָס איז אלענגערע צייט געלעגן אין קארעצער שפיטאל און צום סוף האט מען געמוזט אים אמפוטירןביידע פיס. ווען די דאזיקע אידן זענען בשלום איבערגעגאנגען די גרענעץ האט זיי געדראט די געפאר פון דריי חדשים טורמע פאר איבערשטרייכן אומלעגאל די גרענעץ. אבער די קאריצער אידן האבן ארויסגעוויזן פיל מיטלייד צו די „בעזשענצעס": זיי האבן זיי אויסבאהאלטן פון דער פאליציי און געשאפן פאר זיי די מעגלעכקייט ארויסצופארן קיין ווארשע. צווישן די גע־ראטעוועטע אידן זענען געווען אויך איינוואוינער פון זוההיל און פון די ארומיקע שטעט־לעך.

בערך אין 1927 זענען ליקווידירט געווארן די „דאמי האנדליאוווע" און צוזאמענהאנג דערמיט איז איבערגעריסן געוואָרן יעדע פארבינדונג מיט די אידן וואָס זענען געבליבן אין זוההיל. א צווייטע געלעגנהייט אויף זיך טרעפן מיט די אידן פון דער סאוועטישער טערי־טאריע איז געווען אין די יארן 1931 — 1935 ביי פאלגענדיקע אומשטענדן: דאס טייכל וואס שטראמט אויף דער ראנד פון דארף סטאראזשעוו איז געווען דער גרענעץ צווישן פוילן און סאוועט־רוסלאנד. יעדן 6 יאנואר, אין טאג פון קריסטלעכער „קרעסטשעניע" פלעגן אפגעריכט־ווערן תפילות אויף דעם אייז פון טייכל, לויט דעם קריסטלעכן מנהג, און ס'איז דערלויבט געווארן די פויערים פון די ארומיקע דערפער פון דער פוילישער און סאָווע־טישער טעריטאָריע ביי זיין ביי דעם באָדן. דורך פארשיידענע וועגן, מיט דער הילף פון בריוו אָדער באַצאָלטע שליחים האָבן די יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין פוילן געגעבן צו וויסן זייערע קרובים אין רוסלאַנד, אז דעם 6 יאנואר זאָלן זיי קומען קיין סטראזשעוו. נאָך גרויסע באַמיאונגען איז זיי געלונגען ארויסבאַקומען „פראפוסקעס" און אויך קומען אויף דעם טייך וואו אונטער דעם אויג פון די פיל נ.ק.וו.־דיסטן, וועלכע זענען בייגעווען דערביי, האבן זיך געטראפן קרובים און פריינט וועלכע האבן זיך שוין א לאנגע צייט ניט געזען. הארצרייסנדיקע סצענעס האָבן זיך אָפגעשפילט בשעת די צוזאַמענטרעפן. איבערהויפט בעת דעם צעשיידן זיך, ווען יעדער פון די קרובים האט ניט געוואוסט צו זיי וועלן זיך נאָך אמאל טרעפן אין לעבן.

***

וואס איז אונז באוואוסט וועגן דעם לעבן פון די זוההילער אידן אין דער צייט־אפּ־שניט 1920—1939 ?

נאָך דער שריפה פון 1919 האט א גרויסער טייל יידן פארלאזט זוההיל. אין דער עפּי־דעמיע פון בויך־טיפוס, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין ווינטער פון 1919—1920 זענען אומ־געקומען אריבער 1000 אידן, אזוי ארום זענען געבליבן בערך 8000 אידישע איינוואוינער. אין די צוואַנציקער יאָרן האָט די סאָוועטישע מאַכט אויסגעבויט אין צפון און אין מזרח זייט פון דעם וואקזאל דעם אזוי גערופענעם: „וואיענע־גאראדאק". דאס איז געווען הונדערטער צוויי שטאָקיקע געביידעס אין וועלכע ס'זענען געווען איינגעקווארטירט סאלדאטן פון די צוויי פאָלקן פעכאטע און די אָפיצערן מיט זייערע משפחות, צווישן וועלכע ס'זענען געווען פיל אידן. צוליב דעם איז אויפגעלעבט געוואָרן די שטאָט־טייל. אויך פריוואטע בעלי מלא־כות און פארשיידענע צושטעלער האבן אפגעקויפט בא די ארומיקע פויערים שטחים ערד און זיך דארט אויסגעבויט הייזער.

אין יענער תקופה האָט מען געקענט איינטיילן די זוההילער אידן אין 3 קאטעגאריעס: איינע, די יוגנט, האָט זיך גאנץ גיך צוגעפאסט צום סאוועטישן רעזשים און געגאָסן פון די פריוועלעגיעס וואס די געזעצגעבונג האָט צוגעטיילט די סאָוועטישע בירגער, באזונדעס

אומזיסטע בילדונג. אַלע האָבן אָנגעהויבן שטודירן און ענדיקנדיק די מיטל־שולן אין זוויהיל זיך צעפאָרן אין די גרויסע שטעט, בכדי אַריינצוטרעטן אין די הויך־שולן. זייער ווייניק פון זיי האָט זיך אומגעקערט נאָכן ענדיקן די שטודיעס — אין זייער געבורטסשטאָט, זוויהיל.

די צווייטע, מיטעלי̇אַריקע אידן, געוועזענע סוחרים, זענען מערסטנטייל געוואָרן אָנגעשטעלטע אין די קאָאָפּעראַטיוון און אין די מלוכה אונטערנעמונגען. די האַנטווערקער האָבן געשאַפן „אַרטעלן" און מיט גרויס מי פאַרדינט אויף אַ באַשיידן לעבן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע און אידיש־קולטורעלע לעבן איז אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן. זיי האָבן זיך געטראָפן בלויז אויף משפּחה שמחות אָדער לוויות. די עטלעכע שולן וועלכע זענען געווען אין זוויהיל האָט די מאַכט פאַרוואַנדלט אין קלובן אָדער אין ביבליאָטעקן.

די דריטע — די „איזשדעווענצעס". אַזוי האָט מען גערופן די אַלטע פאָטערס און מוטערס, וועלכע צוליב זייער אומפייאיקייט צו אַרבעטן זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך זייערע קינדער. די דאָזיקע לייט זענען געווען די איינציקע וועלכע האָבן ניט געלאָזט אויסלעשן דעם פונק פון אידישקייט אין זוויהיל. עס זענען געווען פאַלן ווען אָט די אַלטע און שוואַכע אידן האָבן זיך רעוואָלטירט און קעגנגעשטעלט זיך דער פאַראָרדנונג פון דער מאַכט. איינער פון די דאָזיקע „מאַהיקאַנער" מיט וועלכן איך האָב זיך געטראָפן אין פרילינג 1946 האָט מיר געשילדערט פאָלגענדן עפּיזאָד: די סאָוויעטישע מאַכט האָט געוואָלט פאַרנעמען אויף אַ קלוב פאַר די קאָמסאָמאָלצעס די איינציקע פאַרבליבענע שול אויף קאַריצער גאַס אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען אַמאָל די ישיבה „אור תורה". ס'האָט ניט געהאָלפן די אינטערווענצן ביי די פאַרשיידענע אינסטאַנצן און איינמאָל אַ פרימאָרגן איז צוגעקומען צום שול אַ גרופּע קאָמסאָמאָלצעס, בכדי אַרויסצווואַרפן אויפן גאַס דעם אינווענטאַר פון דער שול צוזאַמען מיט די ספרי תורות. די פּאָר מנינים אַלטע יידן אָנגעטון אין טליתים און תפילין האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר דעם ארון קודש און דערקלערט אַז נאָר איבער זייערע טויטע קערפּערס וועלן די קאָמסאָמאָלצעס זיך קענען דערלאַנגען צו די הייליקע ספרים. די יונגנטלעכע צווישן וועלכע ס'זענען געווען אַגרויסע צאָל אידישע אינגלעך, מעגלעך די אייניקלעך פון די דאָזיקע אַלטע אידן, וועלכע האָבן אַזוי ווירדיק פאַרטיידיקט זייער הייליגטום, זענען געווען דאָ אין אַ פאַרלעגנהייט, ניט וויסנדיק וואָס צוטאָן. ווען אייניקע פון זיי זענען אַוועק צום ראַיספּאָלקאָם און אים געשילדערט די לאַגע, האָט ער זיי געראַטן פאַרלויפיק לאָזן צורו די אַלטע „פאַנאַטיקער". עטלעכע וואָכן נאָך דעם אפּיזאָד האָבן די יידן געטאַגט און גענעכטיקט אין שול און ערשט ווען זיי האָבן זיך איבערצייגט אַז ס'דראָט שוין ניט קיין געפאַר דעם מקום קדוש האָבן זיי איבערגעריסן די בלאָקאַדע.

---

דעם 1 סעפּטעמבער 1939 האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן און דייטשלאַנד און אין 2 וואָכן אַרום איז שוין די גרעסטע טייל פּוילן געווען פאַרנומען דורך די אַרמייען פון היטלער. מיט שרעק האָבן די יידן פון מערב אוקראַינע געוואַרט אויף דער דייטשער אַרמיי אָקופּאַציע. אָבער ווי גרויס איז געווען אונזער פאַרוואונדערונג, ווען אין דער נאַכט פון 17 סעפּטעמבער זענען אַנשטאָט די דייטשן אַריינגעמאַרשירט קיין קאָרעץ די רויטע אַרמייער. לויט אַן אָפּמאַך צווישן סטאַלין און היטלער, האָבן די סאָוועטן אָקופּירט מערב אוקראַינע ביז דעם טייך בוג. ניט געקוקט דערויף וואָס די פאַרנומענע דורך די סאַוועטן טעריטאָריע, איז איצט געוואָרן אַן אינטעגראַלער טייל פון ראַטן־פאַרבאַנד, האָט מען דאָך ניט אָפּגעשוואַכט די גרענעץ־וואַך אויף דעם געוועזענעם פּויליש—סאָוועטישן גרעניץ און

אויף אריבערגיין פון איין זייט אויף דער צווייטער האָט זיך געפּאָדערט א ספּעציעלע דערלויבעניש. אָבער די פּראָפּוסקעס איז שוין ניט געווען אזוי שווער צו באקומען און פון צייט צו צייט האָבן די זוואהילער יידן באזוכט זייערע קרובים און פריינט וואָס האָבן געוואוינט אויף דער געוועזענער פּוילישער טעריטאָריע.

באלד נאָכן פאַרנעמען אוקראינע זענען די סאָוועטן צוגעטראָטן צום בויען אן אוטאָ סטראַדע וואָס האָט פאַרבונדן לעמבערג מיט קיעוו. אין אלע שטעט און שטעטלעך וואָס האָבן זיך געפונען לענגאויס דעם דאָזיקן שאסיי האָבן זיי געעפנט טעכנישע אָפּטיילונגען און אין זוואהיל איז געווען דער הויפּט־סקלאַד פון פאַרשיידענע מאַטעריאַלן, וועלכע זענען נויטיק געווען פאַר די בריקן וואָס מ׳האָט געבויט אויף דעם וועג־אָפּשניט קאָרעץ—זוואהיל. די סאָוועטן האָבן מיך מאָביליזירט אלס בריק־בוי־אינזשענער און צוזאַמענהאַנג דערמיט איז מיר אָפּטמאָל אויסגעקומען צו זיין אין זוואהיל. א שווערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט מיין ערשטער באזוך אין זוואהיל אין סוף אָקטאָבער 1939. אין משך פון די 20 יאָר, וואָס איך האָב ניט געזען די שטאָט האָט זי זיך פאַרענדערט אויף ניט צו דערקענען. די גאסן זענען געווען שמוציק, די פליטעס אויף די טראָטואַרן מערסטן טייל צעבראָכן, די הייזער, וועלכע מ׳האָט שוין א לענגערע צייט ניט רעמאָנטירט האָבן אויסגעזען פאַרנאַכלעסיקט. איר האָט געקענט זען אויף דער הויפּט־גאַס הייזער מיט דיקטן־שויבן. באזונדערס אומעטיק האָט אויסגעזען די שטאָט אין אוונט. זעלטן וואו האָט געברענט אַ גאַסן לאָמפּ. בלויז די אַריינגענג אין די קינאָס זענען געווען באַלויכטן און דאָרט האָט איר געטראָפן פיל יוגנטלעכע, וועלכע זענען געשטאַנען אין דער רייע אויף צו באקומען א בילעט. אין די איבעריקע גאסן האָט מען זעלטן ווען געזען א דורכגייער. דער זעלבער אומעט ווי אין די גאסן איז געווען אויך אין די הייזער וואָס איך האָב באזוכט. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער און די איינציקע זאָרג פון די זוואהילער יידן איז געווען, וואו נעמט מען האָלץ אדער קוילן אויף דערוואַרימען די קאַלטע שטיבער. דאָס איינפאַכע לעבן פון די אָרימסטע שיכטן אין געוועזענעם פוילן, האָט אויסגעזען אין פאַרגלייך מיט דער אָרעמקייט, וואָס האָט געהערשט ביי די זוואהילער יידן ווי א לוקסוס. די זוואהילער יידן האָבן זיך שטאַרק אינטערסירט מיט דעם לעבן פון די אידן אין די מערב לענדער און זענען שטאַרק מקנא געווען די זוואהילער אידן וועלכע האָבן באוויזן באצייטנס עמיגרירט קיין מערב.

## היטלער צייט

דעם 22־טן יוני האָט זיך אנגעפאַנגען די סאָוועטיש־דייטשע מלחמה. פאַרנעמענדיק איין שטאָט נאָך דער צווייטער האָבן זיך היטלערס ארמייען מיט א בליץ־שנעלקייט גערוקט פאָראויס. און דעם 28 יוני זענען זיי שוין געווען אין ראָוונע. גרויס איז געווען די פּאַניק ביי די קאָרעצער יידן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דערנענטערן זיך פון די דייטשן, איבערהויפּט ווען אין דער נאַכט פון 28־טן אויף 29ען יוני האָבן אלע סאָוועטישע מאַכט ארגאַנען פאַרלאָזן די שטאָט, איבערלאָזנדיק עטלעכע נ.ק.וו.־דיסטען אויף האַלטן די אָרדענונג. די קאָרעצער אידן האָבן געזוכט פאַרשיידענע טראַנספּאָרט־מיטלען אויף פאַרלאָזן די שטאָט און זיך דערשלאָגן קיין זוואהיל וואו זיי האָבן געהאָפט זיך עוואַקואירן מיט דער באַן ווייטער. דעם 28 יוני בין איך געווען אין זוואהיל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער עוואַקואַציע פון דעם לאַגער פוילישע קריגס געפאַנגענע וועלכע האָבן געאַרבעט ביי די בריק וועלכע איך האָב געבויט. ביי די זוואהילער אידן איז די פּאַניק ניט געווען אזוי גרויס ווי ביי די

קאַרעצער. געווירקט אויף זייער רואיק פאַרהאַלטן זיך האָבן פאָלגענדע סיבות: ערשטנס האָט די מאַכט געגעבן אין זייער פאַרפיגונג א גענוגנדע צאָל לאַסט וואַגאָנען און אַלע מלוכה־אונטערנעמונגען האָבן צוזאַמען מיט די אנגעשטעלטע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען פיל זוויהילער אידן, זיך עוואַקואירט אויף זייערע אייגענע לאַסט־אויטאָס מיט דער שאָסיי קיין זשיטאָמיר. צווייטנס, האָבן די זוויהילער אידן געהאָפט אז דער דייטש וועט אויף א לענגערע צייט זיך פאַרהאַלטן ביי דער „סטאַלין־ליניע" — אַזוי האָט מען גערופען די פאָרטיפאַקציע פון אייזן־בעטאָן וועלכע האָבן זיך געצויגן לענג־אויס דעם טייך סלוטש. די פאָרטיפאַקציעס האָט די סאָוועטן־מאַכט אויסגעבויט באַלד נאָך דעם פעסטשטעלן פון דער פויליש־סאָוועטיש גרענעץ אין 1920. אַזוי אַז די זוויהילער יידן האָבן זיך ניט געאיילט צו פאַרלאָזן די שטאָט. דעם 29־טן יוני איז געווען א שטאַרקער אנגריף פון דער דייטשער אוויאַציע אויף דער זוויהילער באַן־סטאַציע, בעת וועלכער ס'זענען אומגעקומען עטלעכע צענדליק קאָרעצער און זוויהילער אידן. בשעת דעם אנגריף וועלכער האָט געדויערט א האַלבע שעה זענען פאַרניכטעט געוואָרן פיר צוגן וועלכע האָבן זיך געפונען אויף אַרויספירן דאָס מלוכה פאַרמעגן און עוואַקואירן די ציווילע באַפעלקערונג. דאָס איז געווען די הויפּט סיבה פאַרוואָס, בערך 2000 אידן, האָבן ניט באַוויזן צו פאַרלאָזן די שטאָט און זענען געבליבן ביים דייטש. די „סטאַלין־ליניע" האָט ניט געקענט אויסהאַלטן לאַנג דעם שטורם פון דער דייטשער אַרטילעריע און אוויאַציע און דעם 10 יוני איז זי שוין געווען באַהערשט דורך די היטלער אַרמייען. בערך דעם זעלבן טאָג האָבן די דייטשן אַריינמאַרשירט קיין זוויהיל און פון דעם טאָג קען מען רעכענען די אנהויב דאַטע פון פאַרניכטן די זוויהילער אידן.

---

די דייטשן האָבן אין זייער גוט דורכגעטראַכטן פּלאַן פון פאַרניכטן דאָס אידנטום ניט אנגעווענדעט אין אַלע אָקופּירטע געביטן איינע און די זעלבע מעטאָדן. די אידן אין קאָנגרעס־פּוילן האָבן זיי זיך ניט געאיילט צו פאַרניכטן און דעם לעצטן טראַנספּאָרט אידן פון לאָדזשער געטאָ האָבן זיי אַרויסגעפירט קיין מיידאַניק און טרעבלינקע ערשט אין אַפּריל 1944. די יידן פון מערב אוקראַינע ביז דעם געוועזענעם פויליש־סאָוועטישן גרענעץ מיט קאָרעץ איינשליסלעך האָט דער דייטש פאַרניכטעט אין צוויי דאַטעס. די ערשטע גרויסע אַקציע איז פאָרגעקומען ערב שבועות 1942, דאָס הייסט א קנאַפּ יאָר נאָכן אָקופּירן די דאָזיקע געביטן און די צווייטע אַקציע, וועלכע איז פאַקטיש געווען די ענדגילטיקע ליקווידאַציע האָט זיך אנגעפאַנגען דעם ערשטן טאָג סוכות 1942.

דאַקעגן די אידן וועלכע האָבן געוואוינט אויף דער געוועזענער סאָוועטישער טעריטאָ־ריע, האָט דער דייטש באַלד נאָך דעם פאַרנעמען די דאָזיקע געביטן צוגעטראָטן צום פאַרניכטן. אַן אויסנאַם זענען געווען די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערס ווי צוליב מאַנגל אין אַרבעטער האָט ער אויסגענוצט די אידן אַלס אומזיסטע אַרבעטסקראַפט. למשל די שטאָט כאַרקאָוו און די אומגעגנט האָט דער דייטש פאַרנומען אין נאָוועמבער 1941 און האָט באַלד געשאַפן 2 לאַגערן, איינער פון רוסישע קריגס־געפאַנגענע און דער צווייטער פון פיזיש שטאַרקע אידן. די אידן האָבן געאַרבעט אין דעם באַרימטן טראַקטאָר־פאַבריק. ערשט דעם 15־טן סעפּטעמבער 1943 האָט ער ליקווידירט די לעצטע 15 טויזנט כאַרקאָווער אידן. דאָס זעלבע איז געווען אין קיסלאָוואָדסק אין קראַסנאָדאַר, ווי דער דייטש האָט געשאַפן אימפּראָוויזירטע געטאָס פון וואַנען די אידן זענען געגאַנגען אויף צוואַנגס־אַרבעט אין די אַרומיקע פאַבריקן און קוילן־גרובן און ערשט דעם 5 יולי 1943 האָט מען ליקווידירט די לעצטע 5000 אידן.

אין זוועהיל איז ניט געווען קיין גרויסע פאבריקן און דער דייטש האָט זיך ניט גענויטיקט אין די אידן און דערפאַר איז ער צוגעטראָטן צו פארניכטן די אידן אין דעם מאָמענט ווען ער האָט פארנומען די שטאָט. אנגעהויבן די שחיטה האבן די ערשטע פראָנט זעלנער, וועלכע האָבן זיך אריינגעריסן אין די אידישע הייזער און געראָבירט און געמאָרדעט.



אַ בילד פון ארכיוו ביים אנשטאַלט „יד ושם" — ירושלים אונטערן שריפט: „געפירטע צום גירוש ביי נאוואגראדוואלינסק"
צילום לקוח מגנזי המוסד „יד ושם" בירושלים. מסומן בשם: מובלים לגירוש בנובוגרדוהלינסק"

גיך האָט זיך פארשפרייט דער קלאנג צווישן די אוקראינער אז דער דייטש מאָרדעט אידן און עס האָט אנגעהויבן שטראָמען אין שטאָט גוי'אישע באַנדעס פון זוועהיל און פון דער אומגעגענט באוואפנטע מיט העק און מיט וואָלגער־אייזנס. זיי האָבן אויך ניט פארגעסן מיטצונעמען זעק און אייניקע זענען געקומען מיט וואָגנס און נאכן דערמאָרדן האָבן זיי פארנומען דאָס גאנצע פארמעגן, אפילו דאָס מעבל פון קרבן.

די אור־אייניקלעך פון כמעלינצקין, גאנטא און זשעליעזניאק, פון די אוקראינישע באַנדיטן וועלכע האָבן אין די יאָרן ת"ח און ת"ט פארטרינקען וואָלין און פאדאל אין טייכן אומשולדיק אידיש בלוט האָבן איצט געהאַט ווידער די געלעגנהייט צו שטילן זייער שנאה צום יידישן פאלק. און דאָס האָט זיך אויסגעדרוקט אין בעסטיאלישע מעשים, וועלכע זיי האָבן דורכגעפירט איבער די אומגליקלעכע זוועהילער אידן און איבער די אידן פון די שטעטלעך ארום זוועהיל. די דאָזיקע ווילדע ארגיעס האָבן געדויערט 3 טעג, ביז ס'איז בעשטימט געוואָרן א דייטשער „ארטס־קאָמענדאנט", אנשטאט דעם מיליטערישן קאָמענדאנט. דאַן איז אָרגאַניזירט געוואָרן אן אוקראינישע ראַיאָן־פארוואלטונג און אן אוקראינישע „שוץ־פאָליציי". דער אָרט קאָמענדאנט האָט ארויסגעשיקט איבער דער שטאָט מיליטערישע פאַטרולן, וועלכע האָבן צעטריבן די אוקראינישע מערדער און רויב באנדעס און פאר־זאַמעלט די איבערגעבליבענע אידן אין די הילצערנע קאזארמעס ביי דעם ארויספאָר פון

פאַלאַנעער גאַס. עטלעכע טעג האָט געדויערט דאָס אויסגעפּונען די באַהאַלטענע אידן; אין דער אַרבעט זענען געקומען צוהילף די היגע אוקראַינישע באַנדעס. די פאַרזאַמלטע אידן האָט מען גרופּנווייז אַוועקגעפירט צו מעזניצאַווס־פּאַלאַץ, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ טראַדיציע פון אַ פאַרניכטונגס־פּלאַץ נאָך פון 1919, בשעת די פּאָגראָמען פון פּעטליורען. דאָרט האָט מען געצוואונגען די אידן אויסגראָבן גריבער און אויף דעם ראַנד פון די גריבער האָט מען זיי דערשאָסן. אַ טייל אידן האָט מען דערשאָסן אין דעם טאַל, צווישן די סטרומע ברעגעס פון טייכל צמאַלקע און די איבעריקע האָט מען דערמאָרדעט אין פּאַליפּאָוויטשער וועלדל צוזאַמען מיט אַ טייל אידן פון די שטעטלאַך יאַרון און עמילטשין. אַזוי אַרום זענען דערמאָרדעט געוואָרן די בערך 2000 יידן וועלכע זענען פאַרבליבן אין זוויהיל. עטלעכע צענדליק אידן האָבן די דייטשן איבערגעלאָזט בכדי אויספירן פאַרשיידנע שוואַרצע אַרבעט, צו וועלכע די „אידעלע" הענט פון די דייטשן און אוקראַינעשע מערדער האָבן ניט געוואָלט זיך צורירן. די איבערגעבליבענע אידן האָבן זיך געפונען ביי דער אָרטס־קאָמאַנדאַטור אונטער דער אויפזיכט פון אַ גרופּע דייטשן מיט וועלכע ס'האָט אָנגעפירט דער טרויעריק־באַרימטער דייטש מיט דעם נאָמען בול, וועגן וועלכן איך דערצייל אין מיינע ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

---

אַ קאַרעצער איד מיטן נאָמען בונעק גילדענמאַן, אַ שאַפער פון באַרוף, איז אין סוף יולי 1941, געפאָרן קיין זוויהיל מיט אַ גרופּע דייטשן אויף זיין לאַסט־אויטאָ, וואָס די מאַכט האָט רעקווירט. ווען ער איז אַריינגעפאָרן דורך דער קאָרעצער גאַס אין שטאָט, האָט אים פאַרגרייזט דעם וועג אַ גרויסער המון מענטשן, ציווילע און מיליטער וועלכע האָבן פאַרפּלייצט ביידע טראָטואַרן אין דער גאַס, אַזוי אַז ער איז געווען געצוואונגען אָפּשטעלן דעם אויטאָ. בונעק גילדענמאַן האָט דערזען דאָס פאָלגענדע שוידערלעך בילד: פון גוטינס־קער גאַס נעבן געוועזענעם מויער פון מאַרמורן איז אַרויסגעפאָרן אַוואָגן אויף 2 רעדער, אויף וועלכן ס'איז געלעגן אַ פּאַס און אַ דייטש איז געזעסן אויף דער פּאַס. דעם וואָגן האָט געשלעפּט אַ יונגע פרוי. איר קערפּער האָט פאַרדעקט בלויז אַ צעריסן, פאַרבלוטיקט העמד. דער דייטש האָט מיט דער לאַנגער בייטש, וואָס ער האָט געהאַלטן אין זיין האַנט, אָן אויפהער געבלאַסטעט איבער די אַנטבלויזטע אַקסלען און איבער דעם קאָפּ פון דער אומגליקלעכער פרוי. די פאַרזאַמעלטע אוקראַינער האָבן באַגלייט דעם וואָגן מיט הילכעקע געלעכטער און מיט אָבשפּאָטערישע באַמערקונגען. בונעק האָט זיך נאָכער דערוואוסט אַז דער נאָמען פון דער פרוי איז דאָקטאָרמאַן, אָבער מיט וואָס זי האָט זיך פאַרזינדיקט האָט ער זיך ניט געקענט דערוויסן. מ'קען זיך פאָרשטעלן אַז זי האָט זיך מיט עפּעס קעגנגעשטעלט דער מאַכט און דערפאַר פאַרדינט אַזאַ שטרענגע שטראָף.

## די ליקווידאַציע פון די לעצטע 18 זוויהילער אידן

דעם פאַקט האָט מיר איבערגעגעבן אין יאַנואַר 1946 דער זוויהילער איינוואוינער יוסף גוראַלניק, וועלכער האָט זיך עוואַקואירט אין אָנפאַנג פון דער מלחמה און נאָכן באַפרייען זוויהיל זיך אומגעקערט צוריק. וועגן פאַרלויף פון דעם ווייטער־באַשריבענעם שוידערלעכן בילד, האָט אים געשילדערט אַ קריסטלעכער שכן, וועלכער איז דערביי געווען. ווי איך האָב פריער דערמאַנט האָט די אויפזיכט איבער די עטלעכע איבערגעלאָזטע אידן געהאַט דער דייטש בול. ער איז געווען זייער שטרענג צו די אידן און פאַר דער

מינדסטער ניט־פינקטלעכקייט זיי מערדערלעך געשלאָגן אָדער אנגערייצט אויף זיי זיין שטענדיקן באגלייטער — דעם גרויסן הונט פון וואלפישער ראסע. ס׳זענען אויך געווען פאַלן, ווען בול האָט דערהרגעט אייניקע אידן בשעת דער ארבעט.

אין אוגוסט 1941 האָט זיך באוויזן אין שטאָט און אין אומגעגנט מודעות מיט פאלגנדיקן אינהאלט: דעם נאָענסטן זונטאג, 12 אזייגער בייטאָג, וועט פארקומען אין גאראדסקאי־סאד (שטאָט־גארטן) א פאָלקס פארוויילונג מיט דעם אנטייל פון דעם פייערלעשער ארקעסטער. די גאנצע באפעלקערונג ווערט דערמיט איינגעלאדן. דער ארייננגאנג איז פריי״.

נאָך פאר דער באשטימטער צייט איז שוין דער גאראדסקאי סאד געווען פול געפאקט מיט יומטובדיקע געקליידעטע אוקראינער און אוקראינערינס, פונקט 12 א זייגער האָט ארייגעמארשירט דורך דעם הויפט טויער דער פייערלעשער ארקעסטער און נאָך אים, מיט די הענט געבונדן אויפהינטן, האָט מען ארייגעפירט אונטער א שטאַרקן שמירה 18 אידן. געשלאָסן די פראצעסיע האָט דער דייטש בול מיט זיין גרויסן הונט. בול האָט באפוילן די אידן זאָלן זיך אויסשטעלן אין א האלבן קרייז און דער ארקעסטער זאל שפילן א מארש. דאן האָט ער אפגעבונדן דעם הונט פון דעם רימען און ווייזנדיק אויף איין אידן אויסגע־שריגן: „ברענג מיר די נאָז פון דעם דאָזיקן שמוציקן אידן!״ דער הונט האָט זיך געוואָרפן אויף דעם יידן און אים אפגעבעסן א שטיק פנים. דערנאָך האָט בול באפוילן זיין הונט ער זאָל אים ברענגען די האנט פון א צווייטן אידן, פון א דריטן אידן אן אנדער אבר און דער הונט האָט געהארכזאם אויסגעפירט די באפעלן פון דייטשן מערדער, צו דער גרויס צופרידנקייט פון די פארזאמעלטע אוקראינער. די הארצרייסנדיקע געשרייען פון די אומגליקלעכע אידן האָבן פארהילכט די קלאנגען פון דעם ארקעסטער און די געלעכטערס פון די צושויער. פון די 18 אידן איז אין וויניקער פון א האלבער שעה געבליבן א מאסע מיט פארבלוטיקטע קערפער. דאן איז פארפאָרן א וואָגן אויף וועלכן מען האָט ארויפגעלייגט די טויטע אידן און זיי ארויסגעפירט אויף דעם פעלד, הינטער דער שטאָט, און זיי באגראָבן.

## זוהיל נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה

זוהיל איז באפרייט געוואָרן דורך דער רויטער ארמיי אין יאנואר 1945. ווי נאָר די דאָזיקע ידיעה האָט דערגרייכט צו די זוהליער יידן, וועלכע זענען געווען אין דער עוואַ־קאציע אין אלע עקן פון ראטנפארבאנד, האָבן זיי זיך באלד אנגעהויבן קלייבן אין וועג, בכדי זיך אומקערן צוריק אין זייער היימשטאט. ווען איך האָב אין הארבסט 1945 צום ערשטן מאָל באזוכט זוהיל נאך דער מלחמה, האָב איך שוין דארט געטראָפן בערך 3000 יידן. די דאָזיקע יידן האָבן זיך באזעצט מערסטן טייל אין צענטער פון שטאָט, איבערהויפט אין זשיטאָמירער, קארעצער און אין דער לינקער זייט פון גוטינסקא גאַס. אויף דער פעריפעריע פון שטאט און אין די זייטיקע געסלאך האָבן די יידן מורא געהאט צו וואוינען צוליב פאָל־גנדע סיבות: ערשטנס האָבן אין דער אומגעגנט פון זוהיל „געארבעט״ אוקראינישע באנדעס, „באנדארעווצעס״, וועלכע האָבן געפירט א פארטיזאנישע מלחמה קעגן די סאָוועטן. די דאָזיקע באנדעס האָבן אין א גלייכער מאס פיינט געהאט די יידן ווי די באלשעוויקעס און האָבן זיך אויסגעבאהאלטן ביי די פויערים וואָס האָבן געוואוינט אויפן ראנד פון שטאָט. די צווייטע סיבה איז, געווען די, וואָס אין פול יידישע הייזער האָבן נאָך געוואוינט די באנ־דיטן פון סוסלע און פון אנדערע גוישע געסער און אפילו ניט געטראכט וועגן פארלאָזן די דאָזיקע הייזער אין דער צייט ווען פון די צענטראלע געסער האָבן זיי זיך ארויסגעצויגן אויס מורא פאר דער מאכט. איך דערמאָן מיך פאלגנדן פאַל: די ברידער קורליאנדטשיק,

ביידע דעמאָביליזירטע אָפּיצערן פון דער רויטע ארמיי, האָבן זיך נאָך דער מלחמה אומגעקערט קיין זוועהיל און געטראָפן וואוינען א פויער אין זייער הויז וואָס האָט זיך געפונען אין דעם שמאַלן געסל, לעבן געוועזענעם פאַגעלס בעטאָנע זאַוואָד. אויף די פּילמאָליקע ווענדונגען צום פויער ער זאָל באַפרייען זייער הויז — האָט ער זיך ענטזאָגט. ערשט נאָך א ענערגישער אינטערווענץ ביי דער מאכט איז געלונגען די ברידער קורליאנדטשיק באַקומען זייער הויז. אַלס נקמה־אקט האָט דער פויער פאַר דעם פאַרלאָזן דאָס הויז, אויסגעבראָכן אלע ראַמען אין די פענצטער און צעוואַלגערט דעם אויוון, דאָס איז געווען ווינטער. קיין בוי מאַטעריאַלן איז דאַן ניט געווען צו באַקומען און די ברידער האָבן זיך ניט געקענט אריינקלייבן אין זייער הויז ביז פרילינג.

די יידן האָבן זיך געפילט איינזאַם און פרעמד אין זייער היימאַט. אין די הייזער פון זייערע קרובים און פריינט האָבן געוואוינט אוקראַינעשע מערדער, וועלכע האָבן א גרויסן אנטייל גענומען אין דעם פאַרניכטן די אמתע אייגענטימער פון די דאָזיקע הייזער. די רוצחים האָבן מיט א ריינעם געוויסן און אָן מורא געגאַסן פון דעם אפגראַבירטן פאַרמעגן און מיט האַס געקוקט אויף די „ניעדאָביטקי״ (ניט־דערשלאָגענע). ווי זיי האָבן גערופן די איבערגעבליבענע יידן. די מאַכט האָט זייער שוואַך רעאַגירט אויף די ביטעס פון די יידן צו באַפרייען זייערע הייזער, אדער בכלל אויף דער ברוטאַלער באַנעמונג פון די גויים. די דאָזיקע נעגאַטיווע באַציאונג פון דער מאכט און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט די חוצפה״דיקע האַלטונג פון אוקראַינישע מערדער האָט אינגאַנצן צוגענומען דעם קוראַזש ביי די זוועהילער יידן און זיי האָבן באַדויערט זייער צוריקקומען. נאָך ערגער איז געווען די לאַגע אין די ארומיקע קליינע שטעטלאַך. דאָרט זענען די גויים געוואָרן פיל אגרעסיווער און עס זענען געווען אפילו פאַלן פון דערמאָרדן גאַנצע יידישע משפחות. דאָס איז געווען די סיבה פון פאַרלאָזן מאַסנווייז די קליינע שטעטלך און זיך איבערקלייבן קיין זוועהיל. ווען איך בין צום לעצטן מאָל געווען אין זוועהיל אין אפּריל 1946, האָב איך דאָרט געטראָפן פיל יידישע משפחות פון יאַרון, ראַטשעוו, האַראַדניצע און אנדערע שטעטלאַך.

שווער איז געווען די מאַטעריעלע לאַגע פון די זוועהילער יידן נאָך דער מלחמה. זיי האָבן באַדאַרפט אויפשטעלן זייער באַלעבאַטישקייט פונדאַס ניי, ווייל דאָס וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט, האָבן די אוקראַינער צעראַבירט אָדער פאַרניכטעט און וואו צו פאַרדינען איז ניט געווען, ווייל דער מלוכה־אַפּאַראַט האָט נאָך ניט פונקציאָנירט ווי געהעריק און די אלע געוועזענע מלוכה־אָנגעשטעלטע זענען געווען ארבעטסלאָז. די האַנטווערקער האָבן זיך נאָך ווי ניט אַ עצה געגעבן. זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין „ארטעלן״ און געאַרבעט. די איבעריקע יידן האָבן ממש געהונגערט. זיי האָבן אָנגעהויבן ארויסטראָגן אין גאַס צו פאַרקויפן שטובזאַכן און אייגענע מלבושים. די קונים זענען געווען די פויערים פון דער אומגעגנט וועלכע האָבן געבראַכט אין שטאָט מעל, פּוטער, און דאָס אויסגעטוישט אויף אנצוגער און שיך. דער דאָזיקער אויס־טויש־האַנדל איז צוביסלעך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ סטאַבילע באַשעפטיגונג פון דעם גרעסטן טייל יידן.

די טעריטאָריע פון דער געוועזענער „וואַרשאַוואַניא״ וועלכע איז געווען איצט ריין פון הייזער, איז געווען דער אַזוי גערופענער „טאָלטשאַק״, וווהין די יידן האָבן ארויסגעטראָגן זייער „סחורה״ צום פאַרקויפן. אנפאַנג האָט די מאַכט געקוקט צווישן די פינגער אויף דעם דאָזיקן „שוואַרצן מאַרק״, אָבער ווען דער מאַרק האָט זיך פאַרגרעסערט, האָט די שטאָט פאַרוואַלטונג באַשטימט אַ געוויסן אָפּצאָל פאַר דער רעכט צו האַנדלען מיט אַלטע זאַכן. שפּעטער האָט זי צעטיילט דעם גאַנצן שטח אויף נאָמערירטע פּלעצער

און פאַר א געוויסן אָפּצאָל האָט יעדער איינוואוינער געקענט קויפן אַשטענדיקן פּלאַץ, אויף וועלכן עס איז אים דערלויבט געווען אוועקצושטעלן אַ טישל אָדער אפילו אויסבויען אַ בודקע. די גויים האָבן ניט פאַרגינט די יידן זייער „גרינגע פּרנסה" און האָבן אויך אָפּגעקויפט פלעצער און אַוועקגעשטעלט בודקעס. זיי האָבן דאָך געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, ווייל יעדער גוי האָט פאַרמאָגט פיל אָפּגעראַבירטע יידישע זאכן וועלכע זיי האָבן ארויסגעשטעלט אָן מורא און אָן חרפּה. איר האָט געקענט געפינען ביי די גויים אויף די טישלאַך זיידענע טליתים, זילבערנע לייכטער און חנוכה לעמפּלעך. אויף דער פראַגע וואו האָבן זיי גענומען די דאָזיקע יידישע געגנשטאנדן, האָבן זיי געענטפערט אז דאָס האָבן זיי אויסגעטויטש ביי די דייטשן אויף פּוטער און אייער. אויף דעם „סאַלטשאק" האָט שטענדיק געהערשט אַן אנגעשטרענגטע שטימונג. די גוישע סוחרים האָבן טעראָריזירט די יידישע. זיי האָבן ארויסגערופן אינצידענטן און פאַרשאַפט פיל צרות די יידן. די אוקראַינישע סוחרים האָבן זייער אָפט פּראָוואָצירט געשלעגן, בעת וועלכע מ'האָט צעראַבירט די יידישע שטעלן. אויף פאַרשיידענע אופנים האָבן די גויים זיך באַמיט צו פאַרביטערן דאָס, אַזוי אויך ניט קיין לייכט לעבן, פון די יידן. זיי האָבן דערצו אויסגענוצט די דורכרייזענדע טיילן פון דער רויטער ארמיי, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פון די געוועזענע פראָנטן קיין רוסלאנד. די אוקראַינער האָבן אָנגעשיכרט די סאָלדאַטן און זיי אָנגערייצט אויף די יידן ווי דאָס איז געווען ווינטער פון יאָר 1945, ווען א שיכורער אפיצער האָט זיך ארייַנגעריסן אויף אַ אידישער חתונה און אָנגעהויבן שיסן און פאַרוואונדעט דעם חתן און פיל געסט.

גאָר אַנדערש האָבן זיך פאָרגעשטעלט די איבערגעבליבענע יידן דאָס לעבן אין זייער היימשטאָט. נאָך 4 יאָר וואַנדערן איבער די פאַרוואָפּענסטע געגנטן פון דעם גרויסן ראַטנפאַרבאַנד אין פרעמדע הייזער, צווישן פרעמדע פעלקער וואו זיי האָבן געטרוימט וועגן דעם מאָמענט ווען זיי וועלן זיך אומקערן אין זייער שטאָט וואו זיי זענען געבאָרן און א גרויסן טייל פון זייער לעבן פאַרבראַכט. זיי וועלן זיך אומקערן אין זייערע הייזער און וועלן אנפאַנגען א רואיק לעבן. אָבער די ווירקלעכקייט האָט גאָר אַנדערש אויסגעזען. אומעטום האָבן זיי באַגעגנט די פיינטלעכע בליקן פון די אוק־ראַינישע רוצחים וועלכע זענען איצט געוואָרן נאָך מער בלוט־דאָרשטיקער מיט מערער האַס צום יודנטום. די מאַכט האָט ניט גענומען אונטער דער שוץ די יידן און נאָר זייער שוואַך רעאַגירט אויף עוולות וואָס די אוקראַינער זענען קעגן זיי באַגאַנגען. אין די אָפּציעלע קרייזן האָט מען אַזאַ האַנדלונג פון דער מאַכט דערקלערט דערמיט, וואָס זיי האָבן געהאַט פיל צרות אויסצושטיין פון די „באַנדעראָווצעס" און מיט זייער פאַר־טיידיקן די יידן האָבן זיי געקענט נאָך מערער אויפרייצן די אוקראַינער, וועלכע האָבן סימפּאַטיזירט מיט די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן. מעגלעך אַז דער סם וואָס היטלער האָט איבערגעלאָזט אין די אַקופּירטע דורך אים געביטן, האָט זיך אויך דערלאַנגט צו דער מאַכט אין וועלכער שפּיץ עס זענען געשטאַנען בעאַמטע פון רוסישער און אוקראַי־נישער אָפּשטאַמונג.

אויף וויפל די לאגע פון די זוהילער יידן איז געווען אַ שלעכטע און נידערגעשלאָגענע קען דינען דער פאַקט, אז אין אפּריל 1946, דאָס הייסט אַ יאָר און פיר חדשים נאָכן באַפרייען זוהיל, האָבן די זוהילער יידן ניט אונטערגענומען קיינע שריט אויף פאַראייביקן דעם זכר פון די בערך 2000 יידן וואָס דער דייטש האָט ערמאָרדעט, דורך אַוועקשטעלן אַ וועלכע ס'איז מצבה, אָדער לכל הפחות אַפּצאַמען דעם ברידער קברים מיט אַ צייטווייליקן

פלויט. איך בין מער ווי זיכער, אז ביז היינטיקן טאָג האָט מען דאָס ניט געטון. ס׳וועט אַוועקגיין נאָך עטלעכע יאָר און די דאָזיקע קברים וועלן אויסגעגלייכט ווערן מיט דער ערד, און דער אוקראַינעשער אַקער־אייזן וועט איבער זיי דורכגיין און עס וועט ניט בלייבן קיין זכר פון דעם לעצטן דור זוועהילער יידן וועלכע זענען אין שרעקלעכע ליידן אומגעקומען על קידוש השם.

ד׳ ינקום את דמם — תנצב״ה.

חיה רויזנשטין־פּירקים. און איר טאָכטער מרים

# די נאצי׳ס אין זוועהיל

אונזער פאמיליע האט ביז אנהויב פון היטלער־מלחמה געוואוינט אין קארעץ, ניט ווייט פון זוועהיל. דעם 1 סעפטעמבער אין אָנהויב פון דער דייטשער אינוואזיע אויף פוילן זענען מיר אנטלאָפן מיט פיל אנדערע, וועלכע זענען אַנגעיאָגט געוואָרן פון די פלוצלעכע־שרעקלאכע עראָפּלאַן־אָנפאַלן אין דער רוסישער זאָנע — קיין זוועהיל וואו ס׳איז נאָך דאמאָלט געווען שטיל. מיר זענען דאָרט געבליבן ביזן אנהויב פון דעם אנפאל אויף רוסלאנד — דעם 22 יוני 1940.

און אנהויב פון דער לעצטער אינוואַזיע האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לויפן אויך פון זוועהיל קיין קיעוו. פון דער ארומיקער סביבה, אויך פון ווייטע ערטער אין פוילן איז מען דאמאָלט געלאָפן קיין זוועהיל וואו מ׳האָט געהאָפט זיך פון דאָרט ווייטער רעטן און דערגרייכן מיט די עוואקואירנדע אנשטאַלטן קיין קיעוו און ווייטערע ערטער אין טיף רוס־לאַנד. צוערשט האָבן די אנשטאַלטן צוגעזאָגט עוואקואירן די לויפנדע באַפעלקערונג און האָבן קאָנצענטרירט די פאַמיליען פון זייערע בעאַמטע, אַרבעטער. נאָר אין עטלעכע טעג ארום האָבן די דייטשע עראָפּלאַנען חרוב געמאַכט די באַן־סטאַנציע, אלע וואַגאָנען, לאַסט־אויטאָס וועל־כע זענען דאָרט געווען און די מאכט האָט מער ניט אויפגענומען קיין בירגער און אפילו ניט אלע משפחות פון זייערע בעאמטע, וועלכע האָבן מיט זיי עוואקואירט. ס׳איז געוואָרן א בהלה, אלע האָבן זיך געלאָזט לויפן צופוס דורך די ארומיקע שטעטלעך: באַראַנאָווקע, פולנאע, סאקאלאוו מיט דעם צוועק זיך דערשלאָגן קיין קיעוו. מיר האבן דאך נאָך פילע באַמיאונגען זיך אריינגעשטופּט, דעם 27 יולי, אַדאַנק דעם וואָס מיינע 2 טעכטער האָבן גע־ארבעט ביי דער רעגירונג — אין דעם לעצטן מיליטערישן עשאלאָן. די באַן קאמוניקאציע איז געווען זייער אַ שווערע, אלעמאָל האָט מען זיך אפגעשטעלט זיך רעטען ערגעץ פון די אָנפאַלנדע עראָפּלאַנען. צום גליק איז דער וועג נאָך ניט רואינירט געוואָרן און מיר האָבן זיך דערשלאָגן, שלעפּענדיק זיך 2 מעת־לעת, אין אנאָענטע סטאנציע ביי קיעוו. אין עטלעכע טעג ארום האָט מען אונז עוואָקואירט ווייטער אויף א צופעליקע לאסט־בארזע אויפן דניעפּער. אין א טאָג ארום האָבן מיר דערגרייכט דניפּרו־פּעטראָווסק (יעקאטירי־נאסלאוו) וועלכע איז שוין געווען צעשמעטערט און מ׳האָט אונז ניט ערלויבט דאָרט אָפּצו־שטייגן. מ׳האָט אונז באלד געשיקט אין דאָן־געגענט און פון דאָרטן אין אוזבעקיסטן. דאָרטן האָבן זיך געוואָלגערט הונדערטער און טויזענטער אנגעלאָפענע פּליטים אין דער גאַנצער צייט פון קריג, פשוט געהונגערט און אויסגעליטן אלערליי שלאפקייטן. באזונדערס האָבן מיר געליטן פון די איינגעזעסענע אוזבעקישע בירגער, וועלכע האָבן

זיך איבער אונז איזדיעקעוועט. מענשען זענען געפאַלן פאר זייערע אויגן ווי פליגן און ניט באקומען פון זיי קיין שום הילף און אפילו אויך קיין מיטלייד...

אגרויסער טייל פון די, וועלכע האָבן זיך געלאָזט לויפן דורך די ארומיקע שטעטלעך, מיט וועגענער און צופוס האבן דערגרייכט ניט ווייט פון קיעוו און דאָרט האָט זיי פלוצלינג ארומגערינגלט א דייטשער אטריאד, וועלכער האָט זיך אהין דורכגעריסן און האָבן זיי געטריבן צוריק קיין זוהיל און זיי קאָנצענטרירט אין דער נידער אין רואינירטע געביידן ביי דער אַלטער באָד און נאָכדעם זיי געטריבן אויפן פלאַץ ביי דעם זשיטאמירער בריק, אָנטקעגן מעזניצאַווס אימעניע און זיי געצווונגען גראָבן פאר זיך אַ גרוב, געשאָסן אין זיי און אריינגעוואָרפן אהין לעבעדיקערהייט. די מאסן הריגה פון דער מחנה־אנטלאָפענע אין פארגעקומען די לעצטע טעג פון יולי 1941. אומגעפער א חודש נאָכן אנהויב פון דער אינוואזיע אויף רוסלאנד.

בשעת דער הריגה איז פאָרגעקומען פאַלגנדער אינצידענט. מ׳האָט געכאפט אין שטאָט די טאָכטער פון בנציון סעגאל — דער קרופניק. זי איז שוין געווען לאַנג פערלאָבט מיט א גוי און געהאט גרויסע קינדער. די ארומיקע גויישע שכנים האָבן איבערגעגעבן די דייטשע רוצחים אז זי איז א אידישקע און ס׳האָבן ניט געהאלפן די עדות פון מאן און קינדער און אנדערע און מ׳האט זי געווארפן גלייך מיט אלע אידן לעבעדיקערהייט אין קברים־גרוב. דאַן האָט זי זיך ארויסגעריסן פון גרוב און אויסגעשריען: הערט ווילדע חיות, איר וועט זיך קיינמאָל ניט אויסרייניקן פון אייער שולד. איך בין שטאָלץ צו בלייבן אַ אידישקע און לאַך פון אייער בעסטיע. גאָטס קללה וועט אויף אייך פאלן און איר וועט קיין רו ניט געפונען אין דער גארער וועלט. אונזער אומשולדיק בלוט וועט אייך אויפרייסן און איר וועט קיין אויסלייז פון זיי ניט געפינען"... דער אויסגעשריי האָט געמאכט א דערציטערנדען רושם און זי איז באלד דערשאָסן געוואָרן. אין די טעג, איז אין זוהיל קיין איד ניט געבליבן.

א טייל פון די אנטלאָפענע, וועלכע ס׳איז געלונגען דאן אויסמיידן דעם אנגריף פון דייטשן אטריאד זענען געכאַפט געוואָרן ביי קיעוו און די דייטשן האבן זיי געגויט צוגראָבן דאָרטן, אויפן אפענעם פעלד — פאר זיך א קבר. צווישן די פליטים, איז אויך געווען מיין שוואגערינס א שוועסטערל, יצחק קיליקיעווסקיס א טאָכטער וואָס איז אנטלאָפן צופוס מיט אירע 2 טעכטערלאך. איינע א — 16 יעריקע און די צווייטע ביי — 10 יאָר אַלט מיט דעם נאָמען שיינע. ווען מ׳האָט באשאסן די געזאַמלטע ביי דעם גרוב האט זי ארונטער געכאַפט איר קליינע טאכטער און ארונטערגעשטעלט אונטער זיך און זי איז געפאלן אדערשאסענע אין אפענעם קבר. דאָס קינד איז ניט בארירט געוואָרן און געפאלן א לעבעדיקע אונטער דער מאמעס ארעם. ווען די שיסערייען האָבן זיך געענדיקט האבן די רוצחים באשאטן א דינע פלאכע ערד און איבערגעלאָזט די גרוב האַלב אָפן כדי צומאָרגנס פרי זי דערפילן מיט פרישע קרבנות. ביינאַכט ווען די רוצחים זענען זיך צעגאנגען האט זיך דאָס מיידעלע ארויסגעקראָטשקעט שטילערהייט פון דער גרוב. זי איז געווען גאַנץ נאַקעט און האָט געפונען נאָך זוכענישן א קליין מאנטעלע פון א קינד, זי האָט דאָס ארויפגעוואָרפן אויף זיך און געלאָזט זיך לויפן אויפן פרייען פעלד, ניט וויסנדיק וווהין און איז באַלד א נידערגעפאלן א פערחלשטע. אין א ווײַלע ארום הערט זי אין דער פינסטערניש אַ גערויש פון נאָענטע טריט. און ס׳איז צו איר צוגעטראטן א פויער, וועלכער איז געגאנגען א היים פון דער ארבעט און האט זי באמערקט. זי האט אים מיט געוויין דערציילט אלס וואָס האָט מיט איר פאסירט און עד האָט זיך אויף איר דערבארמט און זי גענומען מיט זיך צו אים אַ היים.

ווען זיי זענען אריין אין שטוב און אויסהערנדיק וואס ס׳האָט מיט איר פּאַסירט — האבן זיי באשטימט, ניט האָבענדיק אליין קיין קינדער, זי אויסהאַלטן אלס זייער אייגן־קינד און זאָרגן פאר איר. די משפּחה האָט מקיים געווען דעם צוזאג און זי געשיקט נאָכער לערנען אין א שולע אין קיעוו. אזוי האָט געדויערט ביז אנהויב פון נצחון אויף היטלער׳ן אין 1944. דאַן האָבן זיך אנגעהויבן זאמלען אין קיעוו די אנטלאָפענע פּליטים כדי צו דערגרייכן א היים. דאָס יונגע מיידל האָט אנגעהויבן שטאַרק בענקען צו דער אלטער־היים און אנגעהויבן בעטן די פּויערשע משפּחה איר ערלויבן זיך אומקערן קיין זוואהיל זיך דערוויסן פון דער איבערגעבליבענער משפּחה. זיי האבן איר פריער דאָס ניט ערלויבט, באזונדערס די פּויערטע, וועלכע האָט זי ליב געקראָגן און גע׳טענה׳ט אז זי איז איצט זייער קינד און דארף ניט זוכן די אלטע משפּחה. אבער נאכדעם האט זי, נאָך פיל בעטענישן, מסכים געווען אז זי זאָל פאָרן זוכן איר משפּחה אויב זי וועט איר צוזאָגן זיך ווידער אומקערן צו זיי. דאָס מיידל האָט זיך געלאָזט פאָרן צוריק און נאָך פיל פּלאָגענישן דערגרייכט א צעבראָכענע קיין זוואהיל און דאָרטן ניט געפונען קיין אידן. די עטלעכע וואָס זי האָט באמערקט פאר אידן פון דערווייטענס האבן אויסגעמיטן זיך צובאווייזן אויף דער ליכטיקער שיין. די גויים וועלכע האָבן באזעצט די אלטע איבערגעבליבענע אידישע הייזער — האבן זיך איבער איר איזדיעקעוועט און זיך גערייצט מיט איר, ווען זי האט געפרעגט ביי זיי וועגן איר משפּחה. צום סוף האט זיך איר איינגעגעבן באקומען דעם אדרעס פון אירן א פעטער, אַ שטומער, איר פאָטערס א ברודער יצחק דער זון פון חייקיל קיליקעווסקי — דער קירזשנער. ער איז באלד ווי מ׳האָט געהרגעט זיין שוועסטער מיט אירע קינדער און זעענדיק אלע שחיטות — איז ער אנטלאָפן אין די ארומיקע וועלדער צו די געמישטע פּארטיזאנער אטריאדן ביי זוואהיל, צווישן וועלכע ס׳איז געווען א סך אידן. דער העלדישער פעטער האָט זיך ביי די אטריאדן פיל אויסגעצייכנט מיט זיינע העראישע ארבעטן, צעשמעטערט בריקן, באַן און אויטאָ־קאמיניקאציע און צום ענדע פון קריג געקראָגן פארשיידענע אויסצייכנונגען, מעדאַלן פון העכסטן מיליטערישן שטאב אין מאָסקווע. דער פּארטיזאן האָט געוואוינט אין א חורבה אויף זשיטאמירער גאס. ביי דעם פּלוצלאכן צוזאמענטרעף מיטן קליינעם קינד איז דער פּארטיזאן געווען שטארק איבערראַשט און זי גלייך אריבערגעפירט צו אונז (מיר האבן זיך מיט עטלאכע טעג פריער אומגעקערט אין זוואהיל). מיר האָבן אויך דאַמאָלט באקומען ידיעות פון אונזערע א שוועסטער וועלכע האָט זיך שוין אומקערענדיק דערגרייכט קיעוו. דאָס מיידל האָט שוין ניט געוואָלט אונז פארלאָזן אָבער זי איז באַשטאַנען אויף צו ערפילן איר צוזאָג זיך אומקערן צו די פּויערים און זיי איבערגעבן וועגן איר באשלוס. און זי האָט זיך מיטן פעטער צוריקגעקערט מיטן ווילן צו ווירקען אויף זיי, אז זיי זאָלן איר ערלויבן בלייבן אין דער אלטער היים אין זוואהיל. די פּויערים פאמיליע איז סוף סוף בעאיינפלוסט געוואָרן פון זייערע בקשות און מסכים געוואָרן אויף איר אפּ׳פאר און איר נאָך צוגעגעבן אין וועג אַ פּאָר זעק מיט תבואה און גרינס. און זי איז איבערגעבליבן אין זוואהיל.

ווען מיר האָבן זיך צוריקגעקערט איז אין זוואהיל געווען ניט מער ווי עטלעכע פאמיליעס. די ערשטע עטלעכע משפּחות וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט זענען געווען לייבל באלאנורוב (פון יעקב הערשענהורנס, דער שניידער, פאַמיליע) דאָקטאָר זוניק און זיין פרוי, אוירבויך און מיר רוזענשטיין — פון זיידל דעם גלעזערס פאמיליע און אויך איינער פון דער פאמיליע סראָליס וועלכע האָבן געוואוינט אויף קאריצער גאַס. מיר האבן א שטיק צייט ניט געהאט

וואו צו וואוינען, ווייל די גויים האבן באזעצט אלע איבערגעבליבענע אידישע הייזער און ניט געוואָלט זיי פארלאָזן. זיי האָבן באגעגענט די געקומענע אידן מיט גרויס צאָרן און כעס אויף זייער חוצפה זיך אומקערן. זיי האָבן געמיינט אז זיי האָבן שוין געמאכט א סוף מיט אַלע אידן און זיך בכלל געוואונדערט זעענדיק פאַר זיך אידן. די מאַכט וועלכע האָט זיך ניט לאַנג צוריקגעקערט האָט זיך נאָך ניט געננוג באפעסטיקט און ניט געוואָלט זיי אויפרייצן און האָט ניט געזאָרגט צו ערפילן די אידישע בקשות. טראָץ דעם האָבן זיך ביז ענדע יאָר 1944 זיך צונויפגעזאַמעלט א פאָר הונדערט אידישע פאמיליעס און האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנט אַלס פריוואַטע ארבעטער, אין די רעגירונגס און קאָאפעראטיווע ווערקשטאַטן און אויך אַלס רעגירונגס באַאַמטע.

אז מיר זענען געקומען איז אין שטאָט געווען ניט מער ווי 4 שולן. די גרויסע שול — אין וועלכער ס'איז געווען אגרויסער ווערקשטאט; די קליינע שולן אויף זשיטאמירער גאַס ביים בריק און אויף קארעצער שאסיי און אויך די טשערנאָבילער שול אויף גוטינסקי־גאַס אין וועלכער ס'איז געווען דער קאמסאמאל־קלוב. אלע איבעריקע שולן ווי אויך די גאַנצע שולגאַס זענען געווען חרוב, אויסער דאָס הויז פון צדיק ר' מרדכי'לה וועלכע איז ווידער אויפגעבויט געוואָרן דורך זיין אייניקל יאָסעלע.

ס'איז דאמאָלט אויך געבליבן עטלאכע גרויסע מויערן פון שמואל דוד מארמער; לייזער צימעל'ס־שטיינדל, בנציון הופמאנ'ס, דער שטאָט־גארטן און די גרויסע געביידע אַנטקעגן וואו ס'איז געווען דער פאָליציי־אַמט. און אויך אקליינער טייל איין זייט, פון גוטינסקע.

די געבליבענע ספרי־תורות האט מען צונויפגעזאמעלט און שטרענג פארבאהאלטן, ווייל מ'האָט מורא געהאט זיך צונויפקומען דאווענען. די עלטערע, געבליבענע אידן, פלעגן זיך פונדעסטוועגן געהיים צונויפזאמלען אין עטלעכע געהיימע הייזער און אָפכאַפּן פרי־מאָרגן די תפילות פארן גיין צו דער ארבעט. און ווינציק האָבן פונדעם געוואוסט.

ווען מיר האָבן באשטימט זיך אריבערכאפּן די גרעניץ קיין קארעץ כדי צו פאָרן קיין ארץ־ישראל — האבן מיר אויסגעמיטן עמיצען צודערציילן אפילו היימישע פריינד און קרובים. אויפגעמונטערט צו פאָרן האָט אונז נאָר דער אלטער טאטע וועלכער האָט געוואָלט אז כאָטש איינער פון זיינע קינדער זאָל זיין אין ארץ־ישראל. די איבעריקע פון דער משפחה האָבן זיך געשראקן אנהויבן ווייטער צו וואנדערן.

ס'איז כדאי צודערציילן פאָלגענדען פאקט. פאַרן אָפּפאָר האָט זיך מיין מאַן באַגעגענט מיט א באקאנטן, א הויכער באאמטער אין נ.ק.וו.ד. (א ייד). און ער האָט זיך פריער שטאַרק געבייזערט איבערגעבענדיק אז ער האָט געהערט אז אונזער משפחה וויל ארויסוואַנדערן פון רוסלאַנד: אויף וואָס, וווהין, פעלט אייך דאָ עפּעס? — האָט ער זיך געבייזערט. נאָר פלוצלינג האָט ער אַראָפּגעלאָזט פון זיין הויכער, שטרענגער שטימע און זיך שטילערהייט געווענדעט צו אים: איך ווייס מיין פריינד, אז איר ווילט פאָרן קיין פאַ־לע־סטינאַ — טאָ־פאָרט וואָס גיכער איידער מ'וועט זיך דערוויסן פון דעם און זייט מצליח און אויפשטעלן דאָרט אן אמת'ע אידישע גליקלעכע משפחה, און לעבן מיט אייערע שטאָלצע קינדער פאר אייער אַלט־נייע היימאַט... הלואי וואָלט איך אויך געקענט עס טאָן — האט ער גע'ענדיקט. אין עטלעכע יאָר ארום און דאָרטן מיט אייך זיך באַגעגענען". און ער האָט אים דערלאנגט די האַנט און איז אַנטלאָפן. די פלוצלעכע ווענדונג זיינע האָט אים איבערראשט און האָט אונז נאָך מער באוועגט זיך צו איילען ארויס פון דאָרט כדי צו דערגרייכן קומען קיין ארץ־ישראל ווי מיר האָבן זיך גוט איינגעאָרדענט און פילן זיך איצט גאָר גליקלעך.

**מענדל מאַן**

# ז ו ו ה י ל

פון געבוירן־אָרט בין איך ניט קיין ווילנער. דאָס ערשטע מאָל האָב איך באַטריטן די ווילנער ערד ווי א פליט. דאָס איז געווען אין יאָר 1940. אָבער די ווילנער לאַנדשאַפט, דער ווילנער איד, זיין באזונדער חנעוודיקער, זאַפטיקער יידיש האָט געפאַנגען מיין האַרץ.

דער גורל האָט ווייזט אזוי געוואָלט אז איך זאָל זען דעם ערב חורבן און נאָכן חורבן פון ווילנער יידענטום. אבער דער טיפער איינדרוק און די השפעה וואָס די שווערע יאָרן האָבן געהאַט אויף מיר זענען געווען אומגעהייערע. וויפל איך זאָל זיך ניט באַמיען צו באַנייען מיין „פוילישקייט", מיין פלאַנסקער אפשטאַם, גלייבט מען מיר גאָר ווייניק. קריטיקער זאָגן מיר אז כ׳בין א ווילנער. מען פילט אין מיין יידישן לשון דעם ווילנער טעם. און אזוי בין איך געוואָרן איינער פן די ווילנער.

ווי שוין געזאָגט האָב איך ס׳ערשטע מאָל דערפילט דעם ווילנער אראָמאַט אין יאָר 1940. איך בין ניט אנגעקומען קיין ווילן אזוי ווי אלע פליטים פון פולין. איך בין געקומען דורך זשיטאָמיר און זוויהיל, דורך סארנער־באַן־קנופּ ביז ראָוונע. די מעשה איז אזא. פון ביאַליסטאָק בין איך געפאָרן קיין האמעל. אפּגעלעבט א קנאַפּ יאָר אין האמעל האָב איך באזוכט קיעוו און פון קיעוו האָב איך באשלאָסן צוצוכאַפּן זיך קיין ראָוונע. פארשטייט זיך ס׳איז געווען א ריזיקאַלישע רייזע אלס אן אומלעגאַלער. נאָר וועגן דעם קאַפּיטל וועט אויסקומען אפשר אן אנדערש מאָל צו שרייבן. אין זשיטאָמיר און זוויהיל האָב איך זיך ניט אפּגעשטעלט. געוואָרפן נאָר אויבן־אויפיקע בליקן אויף די שטעט און געבליבן אויף א טאָג צוויי אין דער גרעניץ־סטאַנציע אליעווסק. אין די יידישע שטעטלעך, כאָטש אָרעמע, האָבן פארכאַפּט מיין אויג די יידישע יוגנט, א געזונטע, א פערטרויערטע פון יענע אומרואיקע טעג, האָט געמאַכט אויף מיר אן אומגעוויינטלעכן איינדרוק.

ביים אויסברוך פון דער סאָוויעטיש־דייטשישער מלחמה בין איך גראַד געווען אין סאַרנע אויף לערער־קורסן. איך האָב דורכגעמאַכט א וועג צופוס ביז ראָוונע, פון ראָוונע קיין טוטשין וואו עס האָט זיך געפונען מיין משפחה. אין די ערשטע טעג איז ווילן געווען ווי א הפקר געוואָרענער בינשטאָק. די פארשלאָפענע, איינגעשרומפענע אוקראַינער מיט מאַטע אייגעלעך זענען דורך איין נאַכט געוואָרן אנדערע. עס האָט זיך געצונדן אין זיי א שטעכיק פלעמל. איך האָב אין זיי דערקענט דעם קינפטיקן רוצח.

— אַנטלויפט יידן! אַנטלויפט וואָהין די אויגן טראָגן! לויפט פון אייערע שכנים, פון די דייטשן. אזוי האָב איך אין יענע טעג גערעדט צו די יידן.

דער חלום פון ראָוונער, קאָסטאָפּאָלער, טוטשינער, לודוויפּאָלער יידן איז געווען זוויהיל. ראָוונע איז שוין געוואָרן שטאַרק באָמבאַדירט. אָט אזוי האָבן מיר זיך אלאָז געטאָן צו דער אמאָליקער גרענעץ־שטאָט, צו דער שטאָט וואָס איז עטלעכע און צוואַנציק יאָר געלעגן ווי אין א הינער־פלעט, אן אפּגעשטאַנענע מחמת דער גרעניץ וואָס איז דורך דאַנען א דורך אין די סאָוויעטן האָבן ניט אנטוויקלט די שטאָט. פאַרקערט, פון זוויהיל האָט מען נאָך מעהר פארשיקט אין די ווייטע מקומות. וואָס ווינציקער מענשען אלץ זיכערער וועט דאָ זיין — אזוי, האָבן זיי געטראַכט. דערפאַר ווען מיר זענען אנגעקומען איז די שטאָט געווען האַלב־ליידיק. קיינער האָט אונז ניט געלאָזט איבער דער שוועל. דער צוואַנג וואָס מען האָט געקריגן צו זען אין יעדערן א „שפּיאָן" האָט געווירקט. מיר האָבן זיך ארומגעדרייט ביז אין אָוונט. ערשט אז ס׳איז פינצטער געוואָרן, האָט אונז אריינגענומען אין שטוב א

אידישע משפחה. כ׳געדענק אז דאָס איז געווען נאָך די באַן־רעלסן וואָס האָבן א דורכגעשניטן דאָס געסעלע. די פרוי איז געווען אין די דרייסיקער, געווען קינדער, זי האָט זיך געפרייט מיט אונז און געטאָן וואָס זי האָט נאָר געקענט אונז צו העלפן.

איך האָב פארבראכט דאָ צוויי טעג. שווייגנדיקע יידן מיט וואַרימע גוטע אויגן. מענטשן מיט שלעסער אויף די מיילער. מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט מיטן בליק. איך האָב פון צייט צו צייט דערהערט א אידישן קרעכץ. דער יידישער אומרו האָט זיך איבערגעטראָגן אויף אונז.

אויסערלעך איז אלץ דאָ געווען ווי אַמאָל, די זעלבע שטיבער, די זעלביקע הילצערנע שטיבלעך. קיין יידישע יוגנט ווי אין ראַוונע. אָדער אנדערע יידישע שטעט, האָב איך ניט געזען.

אזוי איז פאַר מיר געווען זוועהיל אין יאָר 1941 אין די יוני חדשים.

---

זוועהיל פון יאָר 1944 אפריל איז שוין געווען גאָר עפעס אנדערש. נישטאָ קיין יידן. גאנצע געסער פארברענט. אוקראַינער שיין געקליידעט, כ׳דערקען אויף זיי יידישע מלבושים. א סך רוסיש מיליטער אָבער ווייניק יידן. כ׳זע זיי כמעט ניט. קיינער וויל זיך ניט אַנטפּלעקן מיטן יידישן פנים. הייסט דאָס, אז מען שרעקט זיך מיטן יידישקייט. אויפן אויער שעפטשעט מען וועגן צעמאָרדעטע, וואָס ווערן דורך באנדארעווצעס געמאָרדעט אין שטאָט, הינטער דער שטאָט, אויף די וועגן און באַנען.

לעבן וואקזאל קומט עמיצער צו מיר צו און זאָגט אין רוסיש: דרייט אייך ניט צופיל. אייער פנים איז ניט פאסיק צו פאראדירן איבער זוועהיל! פאלגט אַן עצה! איך קוק אַן דעם מענטש און שוויג. וואָס קען איך אים זאָגן?

אין א מיליטערישער פארוקמאַכעריי (פריזעריי) זיצן מענטשן און וואַרטן, נעבן מיר א רוסישער קאפיטאַן. אַ פלינק פריזירל, חצי פּאָליאַק, חצי אוקראַינער טאַנצט ארום אונז מיט א ראזיר־מעסער. ער דערציילט דעם רוסישן קאפיטאַן, פארוואָס די דייטשן האָבן אויסגע־הרגעט די יידן:

— די דייטשן האָבן ליב אייער און הינדעלעך, די יידן זענען אבער ביי אונז אויך געווען די אייער און הינער עסער. האָבן זיי, די דייטשן מורא געקראָגן אז זיי וועלן בלייבן אָן אייער און אָן הינער. האָבן זיי אויסגעהרגעט די אייער און הינער עסער.

איך שפרינג אויף פון דער שטול און וויל זיך וואַרפן אויפן פריזירער:

— דו נאַציסט, דייטשער אגענט! דו טרייבסט שנאה צווישן פעלקער! דו האָסט א ודאי אליין אויך געמאָרדעט!

דער קאפיטאַן פון דער רוסישער ארמיי שווייגט. ער איז אומרואיק. איך דערקען עס לויטן באַוועגן זיך אויף דער שטול. צום סוף ווענדט ער זיך צו מיר.

— סאָלדאַט, פון וועלכער אָפּטייל ביסטו, וואו האָסטו דיין פראפוסק אויף צו שפאצירן אין די גאסן...

זעט אויס, אז ער האָט ניט דערזען מיינע מיליטערישע שליפעס, וואָס זענען דאַמאָלס צוריק אריין אין דער מאָדע. ער האָט דאָס ניט געזען מחמת זיי זענען געווען פאַרדעקט מיט אָ האַנטעך פון ראזירן.

איך האָב אראפגעריסן פון זיך דעם האנטעך און געזאָגט: קאפיטאַן. איך וועל ניט דולדן קיין נאַציזם אין באפרייטן זוועהיל! איך בין אַ ייד און אָפיצער פון דער ארמיי. ניט

דיר וועל איך אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן מיין זיין אין שטאָט. קומט! לאָמיר גיין אין שטאָב וועט מען זיך אויסשמועסן.

— לאָזט אַרבעטן דעם פריזירער, וואָס שטערסטו? וואָס קאָכסטו זיך? לאָז אַרבעטן! — אַזוי האָבן אונטערגעהאַלטן די איבעריקע סאָלדאַטן. איך האָב דערזען אַז איך בין איינזאַם, איינער אַליין. און איך האָב צוגעקלאַפּט די טיר און אַוועק.

געטראָפן דערנאָך אַ ייִד און ער האָט מיט זיין דערציילן וועגן חורבן אויפגעריסן ס׳האַרץ. ווי אַזוי אַנטלויפט מען פון דאַנען?

נאָך אין דער זעלבער נאַכט בין איך ווייטער אָפּגעפאָרן. און אַז איך טראַכט וועגן יענע טעג, דערמאָנט זיך מיר דאָס פּנים פון יענעם זווהילער ייִדן. וואו איז ער? און ווער איז ער?. די פראַגע בלייבט אָן אַ ענטפער.

תל־אביב. 25 יאַנואַר 1954.

**אריה בלאַושטיין**

# די היטלער־צייט אין באַראַנאַוועקע

ווען די נאַציס זענען אַריין אין באַראַנאַוועקע האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ באַזונדערע געטאָ. מ׳האָט אַלע ייִדן אַרויסגעטריבן פון זייערע הייזער און אַלעמען צונויפגעקוועטשט אין עטלאַכע הייזער, פאַרבאָטן אַרויסגיין פון זיי אָן אַ צווייטער גאַס אָן אַ ספּעציעלע ערלויבעניש. די ניט ייִדישע באַפעלקערונג איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האָבן, וועלכע ס׳איז באַציאונג מיט ייִדן. ייִדן האָבן ניט געטאָרט האַנדלען מיט ניט־ייִדן. אַלע טאָג זענען געווען נייע באַפעלן — מיט שרעק פון טויט־שטראָף פאַר ניט אויספילן. מ׳האָט בא זיי אָפּגענומען זייער טייערע צירונג, גאָלד און קליידער פאַר דער אַרמיי. מ׳האָט זיי פאַרבאָטן צו לערנען און אויך גאָט־בעטען. זיי האָבן געדאַרפט נאָר טאָן דאָס וואָס מ׳הייסט זיי.

אַלע טאָג האָט מען געטריבן ייִדן אויף שווערע און אומריינע אַרבעט. אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די מערדערס צונויפגענומען אַ טייל מענער און זיי אַריינגעשטופּט אין אַן ענגע געביידע וואו ס׳איז געווען אָנגעשאָטן צעבראָכן גלאָז און פלעשער און זיי געצוואונגען טאַנצן אויף זיי מיט באָרוועסע פיס. דערנאָך האָט מען גע׳זען אַ מחנה צעבלוטיקטע געטריבענע אונטער דער וואַכוואַרע. בא איייניגע אויסגעקלאַפּטע אויגן און ציין און דערמוטשעטע ביז צום טויט האָבן זיי פאַר זיך גריבער געגראָבן און אַליין אין זיי געקראָכן.

נאָך יעדער שחיטה האָבן די מערדער צוגעזאָגט די איבעריקע זיי שענקען דאָס לעבן אויב מ׳וועט זיך פירן ווי געהעריק און אויספילן אַקוראַט אַלע באַפעלן. און באַפעלן זיינען געווען אַסך און אויך שחיטות אַסך. זיי האָבן ניט געוואָלט מיט איינמאָל אַלע אויסהרגענען. זיי האָבן פריער גוט אויסגעמוטשעט זייערע קרבנות. אָפּגענומען בא זיי צו ביסלעך זייער מענטשן־ווערד, געשלאָגן, געממית׳ט און דערנידערט. אונזערע בעסטע און שענסטע מענטשן האָבן זיי פאַרוואַנדלט אין שאַטנס, זיי פאַרוואַנדלט אין שוואַכע שאַטנס־אָטאָמאַטן. און די לעצטע באַפעלן זיינען געווען שרעקלאַך, מפלעגט צונעמען בא דער מוטער איר קינד און עס דערמאָרדן פאַר אירע אויגן, עס צערייסן אויף צווייען, אָדער עס באַגראָבן לעבעדיקערהייט. האַרצרייסנדע געשרייען פון די קינדער, היסטעריע געשרייען

פון די מוטערס — האָבן געבראַכט דערצו, אז אייניגע מאַמעס האָבן זיך מיט גוואלד געוואָרפן לעבעדיקערהייט אין די גרובן צו די קינדער. און אזוי זענען דאמאלס פיל גע־לאָפן אליין אין די גריבער, דערפילנדיק די באפוילן פון די מערדער.

געבליבן זענען ווינציק, וועלכע זענען עוואקואירט געוואָרן דורך דער ראטן־מאַכט, וואָס האט פארנומען דאס שטעטל און זענען איצט צעזייט איבער גאנץ רוסלאנד. צוריק צוקומען איז ניטאָ וואו. בלויז געציילטע הייזער זענען געבליבן וועלכע מאכן אן איינדרוק פון אן אלטן פארגעסענעם בית הקברות.

# אין זשיטאמיר געגנד*)

אידישער אָפיצער פון דער רויטער ארמיי שילדערט ווי די נאציס האָבן ערמארדעט אלע אידן אין באראנאווקע און ליובאר. קינדער באגראָבן לעבעדיקערהייט. דער טייך איז רויט געווען פון בלוט צוויי וואכן נאך דער שחיטה.

„...קיין איין איד איז ניט געבליבן לעבן אין די שטעטלאך באראנאווקע און ליובאר, וועלכע האָבן געהאט א באדייטנדע אידישע באפעלקערונג איידער די נאציס זענען אהין געקומען — האָט היינט דערציילט דער אידישער אָפיצער־מאיאר זיאמע אסטראווסקי, וואָס האט זיך די טעג אומגעקערט פון פראנט — גיט איבער דער פארשטייער פון יט״א אין מאסקווע דעם 9 מאי — וואו ער האט באזוכט די צוויי אידישע שטעטלאך און האט גערעדט מיט עדות וואס זיינען בייגעווען די נאצישע שחיטה אויף אידן.

די שחיטה אין באראנאווקע האט זיך אנגעהויבן דעם 19 יולי 1941 — ווען די שטורם־טרופער האבן ארויסגעטריבן אויסער דער שטאט עטלאכע הונדערט אידן און זיי דער־שאָסן אויף טויט. צווישן די קרבנות אין יענעם טאָג זענען געווען דער 68 יאָריקער מילצין, דער קאסיר פון דער באראנאווקער שפּארקאסע, דער 72 יאריקער גארפינקל און דער 74 יאריקער משה ריבאלאוו. די איינוואוינער פון שטעטל האבן מיר איבערגעגעבן — האָט מאיאר אסטראווסקי באריכטעט, אז צוויי וואכן נאכדעם וואו די אידן זענען דערשאסן געווארן, איז נאך דער טייך לעבן דעם איינריכטונגס־פלאץ געווען רויט פון אידיש בלוט.

די צווייטע שחיטה אויף אידן אין באראנאווקע איז פארגעקומען מיט צוויי וואכן שפעטער. די קרבנות זענען ארייננגעפאקט געווארן אין טראקס און ארויסגעפירט געווארן אויסער דער שטאָט. עדות האָבן געזען ווי א שטורם־טרופער האט ארייננגעשטופט דעם באיאנעט אין דער אלטער אידישער פרוי שרה צימאשאנסקאיא, זי אויפגעהויבן און אריינ־געשליידערט אין איינעם פון די טראקס.

דעם 19 אוגוסט 1941 האבן די נאציס ארויסגעפירט איבער 200 אידן 7 קילאמעטער אויסער באראנאווקע צו א פלאץ לינקס פון דעם דובראווקער־שאסיי. די אומגליקלאכע קרבנות זענען אויסגעשטעלט געווארן אין רייען און האבן געקראגן דעם באפעל צו גראבן אייגענע קברים און דערנאך זיי דערשאסן און אהין ארייננגעווארפן. דערנאך האבן זיי דורכגעפירט אבלאוועס אין די ארומיקע דערפער, זוכנדיק אידן וואס האבן זיך אויסבא־האלטן בא די פויערים. דעם 6 יאנואר האבן זיי געכאפט 594 אידן. די געכאפטע קרבנות זענען ארויסגעפירט געוואָרן פון דער שטאָט צו אַ פלאַץ ניט ווייט פון זווהילער שאָסיי. נאַ־

*) אויסצוג פון „פארווערטס", ניו־יורק, פון 10.5.44.

קעטע קינדער ביז עלטער פון 12 יאר זענען געבראכט געוואָרן אין וועגענער און זיי נאַקעטערהייט דערשאָסן. אן ארבעטער מיטן נאָמען קאוואלטשוק האָט דערציילט אסטראָוסקען, אַז פיל אידישע קינדער זענען באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט מיט זייערע ערמאָרדעטע עלטערן אין די מאַסן־קברים.



י. כהנוביץ

# די פארטיזאנען אפטיילונג פון „דיאדיא מישא"

אין די וועלדער ביי זשיטאמיר, ניט ווייט פון זוויהיל און איר נאענטער געגענט צו זשיטאָמיר — איז געווען באוואוסט דער אינזשענער מישא גילדענמאן (ביים נאָמען „דיאדיא מישאַ") — אלס קאָמאַנדיר פון געמישטן רוסיש־אידישן פארטיזאנער אָפטיילונג.

ער איז געבוירן אין קארעץ. נאָך דער שחיטה פון קאָרעצער יידן אין דער „גרויסער אקציע" וואָס איז פארגעקומען ערב שבועות תש"ב (1942) — אין וועלכער ער האָט פארלאָזן זיין פרוי און איינציקע טאָכטער — איז ער צופעליק געבליבן מיט זיין איינציקן זון, אקליין קינד שמחה (ער האָט זיך גערופן — לונקע) — און ער האָט דאָן באַשלאָסן אנטלויפן אין די וועלדער — זיך באַהעפטן מיט די פארטיזאנער־גרופן און האָט געווארט אויף אפאסענדן מאָמענט.

אין 23 סעפטעמבער, 1942 האָט מען באַמערקט, אז ס׳נעענטערן זיך צום פאָליציי־אמט עטלעכע לויער־אויטאָס פול מיט פאָליציי, וועלכע שטעלן אָפּ וועכטער אין די געטאָ־מויערן און זעענדיק אז מ׳קען מער ניט וואַרטן האָט ער באַשלאָסן צו אַנטלויפן און ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן מיט זיין קינד און נאָך 10 אידן, צווישן זיי 2 פרויען, ארויסטרעטן אונבאמערקט פון דער געטאָ און איבערפאָרן ביי אושטשע דעם טייך סלוטש. ביי זיי איז דאמאָלט געווען נאָר איין רעוואָלווער מיט 4 קוילן. זיי האָבן זיך אויסבאהאַלטן אין די טיפע וועלדער ביים דאָרף אושאַקאָוו. די גרופּע איז נאָכער געווען דער קערן פון דער אזוי גערופענער, „יעוו־גרופּע" — אידישע אָפטיילונג, וועלכע איז געווען די גאנצע צייט אונטער זיין אָנפירונג. אום צו ערווערבען נאָך געווער זענען זיי אָנגעפאַלן צום ערשטן אויף די וואלד וועכטער און האָבן געקראָגן נאָך א רוסישע ביקס און א רעוואָלווער. שפּעטער זייענדיק שוין

באוואפּענט מיט עטליכע ביקסן און רעוואָלווערן האָבן זיי געמאַכט אַן אָנפאַל אויף אַ פּאָליציי אטריאַד וועלכער איז געפאָרן מאָביליזירן אוקראַינער יוגענט צו ארבעטס־דינסט אין דייטשלאַנד. זיי האָבן געהרגעט 6 פּאָליציי־לייט און געקראָגן 6 ביקסן, 2 רעוואָלווערן און 3 האַנט־גראַנאַטן. ווייטערע אָנפאַלן אויף קליינע פּאָליציי־אמטן אין דער געגענט האָבן באַרייכערט זייער געווער־זאַפּאַס. אין עטלאַכע וואָכן ארום האָבן זיי שוין פארמאָגט גענוג געווער אויף צו באַוואָפענען נייע פּארטיזאנער און האָבן צוגענומען אין זייער אָפּטיילונג נאָך יידן, וועלכע האָבן געוואַנדערט אין די ארומיקע וועלדער.

ווייל אין די וועלדער זענען נאָך ניט געווען קיין רוסישע פּארטיזאנער גרופּן און די פּאָגראָם־באַנדעס פון באנדיטן האָבן געווילדעוועט אין דער געגענט האָבן די פּאַרטיזאנער אָפּגעטראָטן אין דער פּאליעסער געגנט און זענען צום סוף ארומגערינגלט געוואָרן, אויפן וועג פון קלאָסאווע — צו ראקיטנע, דורך די דייטשן. א סך פון די פּארטיזאַנער זענען אומגע־קומען און נאר איינצלנע האָבן זיך געראַטעוועט און זיי האָבן געווירקט ווייטער אין דער געגנט פון וויסאָצק, און אריבערגעקומען נאָכער אין דער זשיטאָמירער געגנט. דאָן איז געגרינדעט געוואָרן, (13 יאנואר 1943), די „יעור־גרופּע" — אויף דעם נאָמען פון „דיאדיא מישא". נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך באַגעגנט ביים דאָרף ראוויצין מיט דער פּארטיזאנער־אָפּטיילונג „סאוואראוו" — זענען די מערהייט פון די אידישע פּארטיזאנער איבערגעגאַנגען צו דער „יעוו גרופּע" פון „דיאדיא מישא". אין 1943 האָט דער דיאדיא מישא" בעקומען אַ באפעל פון מאָסקווע צו מאָבאליזירן אין זיין אַפּטיילונג די אוקראַינער יוגנט. און מיט דער צייט זענען די יידן געוואָרן אַ מינדערהייט, ניט מער ווי 30—35% פון דער אפּטיילונג. ניט קוקענדיק אויף דעם איז דער נאָמען און אויך אויף די אָנפירענדע פּאָסטענס געבליבן יידן. דער אטריאַד פון „דיאדיא מישא" האָט אָנגעגרייפט אין א סך ערטער און האָט צעשטרייט די באשטאַנד־מיליטער ביים שטעטל ווזוויאדאוי און די דערפער: אלעקסנדראווקע, מוכאידע, נורינסק, ווילעדניק; האָט צעשטויסן דעם בריק ביים טייך טעטערעוו ביי בראָסילאוו, (פעברואר 1943) און די קינאָ־געביידע אין שטעטל נאַראָווליע (אווריטשער אויעזד — 21.8.43) און אלע דייטשע מיליטער־לייט וואָס האָבן אנגעפילט דעם קינאָ זענען צעשמעטערט געוואָרן. זיי האָבן אויך צעשמעטערט אַ בריק ביי אלעווסק, די באַן־ליניע קאלינקאָוויטש—פינסק (מערץ 1943).

פאר זייער באַפרייאונג האָבן זיי אָנגעגרייפט דאָס שטעטל נאווא־שעפּליצי, נעבן טשערנאָביל. דער שלאַכט האָט געדויערט 6 שעה און האָבן דאָס שטעטל בעפרייט. די באַפרייאונג האָט דאמאָלט געהאַט א גרויסע ווערט, געבענדיק מיט דעם די מעגליכקייט דער רויטער ארמיי איבערשפּרייזן דעם פּריפּיעט און פערזיכערן זיין ווייטערן אנגריף.

---

אין דער פּארטיזאנער גרופּע האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכענט אלס שטאַרקע קעמפערן די יונגע — 17 יאָריקע, שרה ליבע זיגמאַן, ווי מ'האָט איר אין קורצן גערופן „ליובע". באַזונדערס איז זי בעוואוסט געוואָרן נאָכדעם ווי זי האָט מיט איר האנט געשאָסן דעם פּאָליציי ראיאָן־קאָמאַנדיר פון קארעסטין — פּיאטער צוקאנאוו — פריערקער לייטענאנט אין דער רויטער ארמיי, וועלכער איז אריין אין דער דייטשער געפענגעניש און האָט געענדיקט אספּעציעלע „געסטאפּו־שול" געגן די פּארטיזאנער און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל מיטן דייטשן מיליטער.

ליובע האָט דורכגעמאַכט פארשיידענע גלגולים אין די מלחמה־יאָרן. געבוירן אין לעמבערג איז זי געווען פארן אויסברויך פון רוסיש—דייטשען קריג אין 1941 אין מאָסקווע,

אַלס קאַנסערוואַטאָריע שילערן. צוליב דעם מאַנגל אין פעלד ארבעטער איז זי געשיקט געוואָרן אזוי ווי אלע תלמידים פון די הויכשולן צו א קאָלכאָז אין בריאנסקער געגענט. דערווייל זענען די דייטשן אין זייערע אנגרייפן אריין אין דאָרף און זי האָט בעזונדערס געציטערט אלס אידישקע פאר איר לעבן. איר האָט זיך איינגעגעבן ארויסבאקומען אין דאָרפישן וואלאסט א אידענטע־שיין אויפן נאָמען ליובע אנדאראסובה, אָלס טאכטער פון בעל־הבית ביי וועלכן זי האָט געארבעט. זי איז מאבאליזירט געוואָרן, ווי די איבעריקע דאָרפישע יוגנט צו ארבעט דינסט קיין דייטשלאַנד. אין אַ צייט ארום איז זי פון דער ארבעט באפרייט געוואָרן אלס ניט פעאיקע צו שווערער פיזישער ארבייט. אין אירע וואנדערונגען האָט זי זיך צוריקגעקערט אין בריאנסקער געגענט און האָט זיך ווייטער באהעפט מיט דער פריערדיקער מיליטער־אָפּטיילונג. אין איר רייזע איז זי ביי ראָוונע אָפּגעשטיגן פון צוג און אוועק אין די וועלדער כדי זיך פעראייניקן מיט די פארטיזאנער. דאָ האָט זי זיך באַגעגנט מיט דער אָפּטיילונג פון דיאדיא מישא און גענומען אַ אנטייל אין זיין ארבעט.

זי האָט זיך אין אטריאד פארליבט אין א יידישן פארטיזאן יאסעלע, וועלכער איז געוועזן באַוואוסט מיט זיין פארטיזאנישן־צונאָמען „דער מאנאך". ווען איר געליבטער איז געפאַלן דורך טשוקאנאוו־פּאָליציי גרופע, בשעת ער איז געגאַנגען אויספירן אַן אָנפאַל אויף דער באַן־ליניע, האָט זי געגעבען וויסן דער לייטונג פון פארטיזאַן־אטריאד אז זי איז גרייט אריבער קיין קארעסטין צו הרגענען טשוקאנאוון, וועלכער האָט דעמאָלט געבראַכט צו גרויסע אבידות צווישן די פארטיזאנער.

איר האָט זיך, צום ענדע, איינגעגעבן אריינדרינגען אלס דינסט אין הויז פון טשוקאנאוו׳ן אלס רוסיש מיידל, וועלכע קערט זיך אום פון דייטשלאנד אין איר דאָרף קיין בריאנסק. איר האָט זיך איינגעגעבן צו געווינען זיין צוטרוי און ער האט דערפילט אלע אירע ביטעס. אין דער צייט איז זי געווען אין א שטאַרקער פארבינדונג מיט די פּאָליציי אטריאדן געגן די פארטיזאנער און זיי פארהיט פון א סך זאכן. אין איינער פון אירע מעלד׳ונגען צום „דיאדיא מישא" האָט זי געמאָלדן, אז טשוקאנאוו פאָרט מאָרגן 10 א זייגער פון קארעסטין קיין עמילצינא זיך באגעגענען מיט דער לייטונג פון אַ אוקראינער פאשיסטישען אָטריאד. די פארטיזאנער האָבן אים אויפן וועג אפגעוואַרט, ביי אפ־פארן האָט ליובע געבעטן ביי טשוקאנאוו׳ן ער זאָל זי מיטנעמען אין דער רייזע. טשוקאָנאָוו וואָס האָט געוואָרט מאָכן אַ לוסט רייזע מיט איר האָט גערן דערפילט איר בקשה. נאָך די ערשטע שאָסן פון די פאר־טיזאנער האָט זיך דער אויטא פארהאַלטן און טשוקאנאוו האָט זיך געלאָזט לויפן מיט ליובען אין נאָענטן וועלדל און ווען טשוקאנאוו האָט איר געריסן אַ הין האָט ליובע ארויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער וועלכן ס׳האָט זיך איר פריער איינגעגעבן גנב׳נען ביי אים און אים אויף טויט דערשאָסן.

---

דער אטריאד פון „דיאדיא מישא" האָט באפרייט 40 אידן, (איבערגעבליבענע פון 220 פריערע ארבעטער), וואָס האָבן געארבעט אין א האָלץ־זעגעריי ווערקשטאַט ביי דעם שטעטל ווילענדיק. די מערהייט יידן זענען אומגעקומען פון שווערער ארבעט און שלעכטע שפייזן, אָדער דערשאָסן געוואָרן דורכן פארוואלטר פון ווערקשטאט, דער סאדיסט פרידריך קריפאל. וועגן דעם פיין פון די אידן האָט איבערגעגעבן די פארטיזאן פערבינדערן גאליע, וועלכע האָט געארבעט אלס קעכן אין ווערקשטאַט־וואַך.

צוליב דער געמיינער בעוואפונג פון דעם אטריאד איז כמעט געווען אוממעגלעך צו

אנפאלן אויפן ווערקשטאַט, וועלכער איז בעהיט געוואָרן דורך אגרויסער צאל פּאָליציאַנטן. ס'האָט אויך געדראָט אז די אָרט־אפטיילונג פונעם דייטשעשן מיליטער ביי ווילעדניק וועט באַלד העלפן די אנגעגריפענע. אָבער ווען גאליע האָט צו וויסן געגעבן אז די דייטשן גרייטן זיך צו פארענדיקן אין די נאָענטע טעג מיט די 40 אידן האָט דער קאָמאַנדיר „דיאדיא מישא" באשלאָסן מער ניט וואַרטן און מיט אלע זיינע כוחות צו באפרייען די אידן, ווען ס'דראָט דער טויט. מיט דער פערמיטלונג פון דער גאליע האָבן זיי זיך צונויפגערעדט מיטן בריגאדיר פון די אידישע ארבעטער — און ס'איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער פּלאַן צו דעם אנגריף אין יענער נאַכט.

ארום א האלבע נאכט האָט דער „דיאדיאַ מישא" מיט א גרופּע פּארטיזאנער דער־גרייכט אין טיפען שניי צו אַ נאָענטן פונקט ניט ווייט פון טויער אין ווערקשטאַט. און האָבן זיך אפגעשטעלט וואַרטן באהאלטענערהייט אויף דער הפסקה פון דער ארבעט. פּינקטלעך 12 האָט זיך דערהערט דער גלאָק־קלאַנג צו דער הפסקה. און 2 שאָסן פון דער „בעזשומקע" (שיסט אָן שום רעש) האָבן אוועקגעלייגט די 2 פּאָליציאַנטן־וועכטער און פערנומען זייער אָרט אַנטועענדיק זיך אין זייערע וואַרימע פּאלטעס. אין 20 מינוט אַרום האָט זיך ווייטער דערהערט פון ווערקשטאט דער רעש פון זעגן און מאשינען. די ערשטע 4 אידן וועלכער זענען געקומען פון טויער האָבן דערציילט אז דער דייטש פּארוואלטער פרידריך האָט בעשטראָפט די אידן ווייל זיי האָבן ניט דערגרייכט זייער ארבעטס־קוואָטע און האָט ביי זיי אָפּגענומען די הפסקה־רו. דערפאר האָבן זיך געקענט ארויסרייסן פון ווערקשטאַט נאָר 24 אידן, שטופּענדיק די וואגאנעטקע וועלכע ברענגט צו דאָס האָלץ דער מאשינע און 16 זענען דאָרט געבליבן. אָבער דער פּארטיזאן־אנפירער האָט ניט געוואָלט מוותר זיין אויף די איבערגעבליבענע אידן און האָט דורכגעגנבט צווישן די 3 אידן וועלכע האָבן געשטופּט די וואגאנעטקע אַ פּארטיזאן מיט א גראנאט פארן פּארוואלטער פרידריך און אים טויטן אויפן אָרט. אָבער זיי האָבן שוין פארשפּעטיקט. פרידריך איז געהרגט געוואָרן דורך שמואל דעם גלעזער וועלכער האָט שוין לאַנג געדורשט נקמה צו נעמען פון אים — דער רוצח פון זיין איינציקן זון.

שמואל דער גלעזער איז געבראכט געוואָרן אין ווערקשטאַט פון שטעטל באראנאוויטש ביי זווהיל מיט זיין איינציקן זון, נאָכדעם ווען זיין פערצווייגטע משפחה איז געהרגט געוואָרן דורך די דייטשן, ווען ער האָט ארויפגעלייגט אינאיינעם מיטן זון א שטיק־האָלץ, אויף דער וואגאנעטקע האָט זיך דער האָלץ אויסגעגליטשט און צעבראכן זיין זונ'ס רעכטע פוס. דער סאַדיסט פרידריך וועלכער איז בייגעווען ביי דעם פאַל האָט ארויסגעצויגן זיין רעוואָלווער און געשאָסן דעם אומגליקלעכן, וואָס איז שוין מער ניט געווען פּעאיק צו ארבעטן. פון דאמאָלט אָן האָט באהערשט שמואלן א שרעקלעכע מרה־שחורה און ווען ער האָט בעגעגנט פרידריכן האָט ער שטענדיק געשעפּטשעט: „שווער וועסטו רוצח באַצאָלן פאַר מיין אומגליקלעך קינד". ווען מ„האָט אים פריער איבערגעגעבן וועגן דעם אנטלויפן — האָט ער צו זיי געזאָגט: איך האָב שוין סיי ווי קיין אינטערעס ניט צום ווייטערן לעבן — איך וועל דארום איבערבלייבן כדי צונעמען נקמה פון אים, גייט זיך מיינע ליבע בשלום און גאָט זאָל אייך העלפן.

אין דער נאַכט, ווען אַ יאוש האָט ארום געכאַפּט די 16 איבערגעבליבענע אידן ווען זיי האָבן געזען אז זיי בלייבן — האָט שמואל דער גלעזער געזאָגט זיין נאָענטן שכן: שרעקט אייך ניט, איך וועל אייך באפרייען.

ער האָט באַלד אוועקגערוקט דעם שטיק האָלץ אין אַ זייט פון זיין נויטיקן אָרט ווען

פרידריך האָט דאָס געזען האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ געשריי: „פערפלוכטע יודן" און איז צוגעלאָפן מיט אשטעקן שלאָגן שמואלן און שמואל האָט אים פלוצלינג אנגעכאַפּט און מיט א נקמה געשריי געוואָרפן זיך באנאנדער אויי׳ן האלץ אונטערן מעסער און א סעקונדע ארום זענען זיי ביידע געבליבן. געשניטענע פון ביידע זייטן פון דער שנייד מאשיז.[39] איבערגעבליבענע אידן זענען אנטלאָפן דורכן טויער אין דער נאַכט פינסטערניש מיט די פארטיזאַנער אין די וועלדער.

דער „דיאדיא מישא" וועלכער האָט נאָך זיין אנטלויפן אין די וועלדער געווירקט 2־יאָר אלס לייטער פון די פארטיזאנער אין וואלינער געגענט דערציילט אונז אויך וועגן דער קליינער צאָל אידן. וועלכע זענען ניצל געוואָרן דורך די אוקראַינער — דער מערסטנטייל פון די אוקראינער האָבן אליין גענומען אַן אקטיווען אנטייל אין דער אידן פאַרניכטונג. נאָך יעדער „דייטשע אקציע" — פלעגן זיי מיט זייער אייגענער איניציאטיוו זיך כאַפּן זוכן אידן, וועלכע ס׳האָט זיך איינגעגעבן אויסצובאהאלטן, זיי ראבירן און פערניכטן. ניט איינמאָל פלעגן זיי איבערגעבן פארבאהאלטענע אידן צו דער געסטאַפּו פאר דער באלוינונג פון 2 קילו זאַלץ א. ד. ג.

נאָך דער בעפרייאונג האָט דער „דיאדיא מישא" בעקומען א אודיענץ ביי מאַרשאל וואָראָשילאָוו, וועלכער האָט אים פארגעלייגט אינזשינער־אמט אין „טיל", ווייט פון פראנט. און ער האָט אים געענטפערט אז ער וויל אין זיין נקמה־אַקט דערגרייכן בערלין און דאָרטן באצאָלן היטלער׳ן זיין חוב צו אים.

ער איז נאָכהער איבערגעגאַנגען אין פאוולאוו־פאסאד א אָפיצערן־קורס, זיך מאָביליזירט אין אינזשענערן־טייל און האָט געענדיקט אין בערלין די מלחמה אלס קאפיטאן, מיט זיין זון שמחה, וועלכער האָט בייגעמאַכט מיט אים אַלע פאלן צווישן די פארטיזאנער און האָט אויך ארויסגעוויזן אַ שטאַרקן געפיל און קאמפס־איניציאטיוו. דער פאָטער און דער זון זענען באהערט געוואָרן מיט פיל מעדאלען און צייכענונגען פאר זייער געוואגטער ארבעט אין די וועלדער און אין דער רויטער־ארמיי.

איצט זענען זיי ביידע אין ישראל.

(יידיש: ע. א.)

משה גילדענמאן (דיאדיא מישא)

# דער אנפאל אויף דעם דייטשן באטאליאן

דער שניי איז שוין צעגאַנגען, נאָר פון עטלעכע צווייגן וואָס צו זיי האָט דערגרייכט זונען־שטראַלן — פון פרילינג האָבן געטריפט טראָפּן וואַסער פון שניי. די פארטיזאנען האָבן פארביטן די ווינטער קליידער אויף זומערדיקע, וועלכע האָבן בעפרייט זייער אויסזען. מ׳איז שוין ניט געזעסן ווי ווינטער ביי די פייער־הויפן און מ׳האָט פריי ארומגעשפּצירט אדער געלעגן אויסגעשפרייט אויף די בערגלעך, הנאה געהאט פון דער זון־ווארימקייט און זיך פארוויילט מיט אַ פרייען שמועס. די אוקראינער האָבן דערציילט פון דער נאענטער פעלד־ארבעט, וועגן זייערע משפחות וועלכע זענען איצט ווייט פון יענער זייט פראָנט, זייערע פרויען, וועלכע ארבייטען איצט אויף געוויס שווער ביי דער פערזייאונגס ארבעט.

און אין אַלע שמועסן זענען געווען דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקער בענקשאַפט צו דער היימישער פאַמיליע.

ארום מיר זענען געזעסן עטלעכע אידן פּאַרטיזאַנער. באַריס גאָלדפּארב אויסגשפּרייט אויפן נאַקן און זיינע גרויסע פארשטענדיקע אויגן זענען געקערט צום הימל. מאַטעלע פון בערעזניץ האָט זיך צעלאָזן אין א לאנגן ויכוח מיט סאשא דעם אדעסער וועגן, צי וועלען די גרויסע מעכטער געבן נאָך דער מלחמה פאלעסטינא פאר אידן. סאשא וועלכער איז געווען אין זיין אטלעטן־גוף אויך א ביסל פלעגמאַטיש האָט געמיינט, אז די איבער־געבליבענע אידן נאָך דער מלחמה וועלן קענען אויך וואוינען מיט א גרויסער זיכערהייט אין זייערע אלטע היימען. נאָר מאַטעלע האָט אויף דעם ניט איינגעשטימט און האָט פּייערלאַך אויסגערופן, אַז אַ פאָלק אָן אַ לאַנד, אַן אייגענער היים איז בכלל ניט קיין פאָלק. אין יעדן ויכוח און שמועס פלעגט ער אויסדריקן זיין באדויירן וואָס ער איז ניט אפגעפאָרן פאר דער מלחמה מיט זיין קבוצה קיין ארץ־ישראל און אז ער קען ניט מוחל זיין זיינע עלטערן פאר דעם, וואָס זיי האָבן אים ניט געלאָזן אהין פאָרן. איצט זיינען זיי באגראָבן אין דער צענטראלער גרוב אין די געטאָס ארום זוויהיל, סארנע א. ז. וו. נאָר ער איז פונדעסטוועגן בײַ זיך שטאַלץ וואָס ער איז צווישן די פארטיזאַנער און נעמט נקמה פון די דייטשן און האָפט נאָך, אז ער וועט זוכה זיין דערגרייכן קיין ארץ־ישראל.



דער וועג קיין אלעקסאנדראווקע
בדרך לכפר אלקסנדרובקה

דער געפּילדער פון די ארומיקע וואלד־עופות, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דערגרייכן פון די ווארימע לענדער האָט אפגעשטעלט דעם ויכוח און האָט געווענדעט זייער אויפמערק־זאמקייט צו די פויגלען וועלכע שוועבן איבער די וועלדער.

— זיי וועלן גיך קומען צו זייער ברעג און נעסטן. זיי האָבן א היים — האָט ער געזאָגט צו זיך אליין און האָט טיף געזיפצט. אלע האָבן געשוויגן.

מנחם פינק זיצט פון דער ווייטנס און שווענקט אַן אלומיניום קעסל.

— דו כשר׳סט די כלים אויף פסח? פרעגט אים באריס מיט אַ שמייכל, און מצה האסטו שוין?

ס׳האָט זיך דערנענטערט זיינוול גרין. אויף זיין אקסל איז געהאַנגען א טאָמיגאַן און האָט געהאלטן אין דער האנד אַ שטיק ברויט פון וועלכן ער האָט מיט לוסט געעסן. ער

האָט זיך ערשט צוריקגעקערט פון דער פּארטיזאַנער אפּטיילונג אין וועלכן ער איז געווען א פערבינדער מיט אנדערע קרייזן.

דיאדיא מישא — ווענדעט זיך צו מיר זיידל, איך וועל דיר דערציילן אַ אינטער־סאנטע נייעס. צו די „סיטשעוויקעס" זענען געקומען 2 פּאליאקן פון קראקאוו, וועלכע זענען מאָביליזירט געוואָרן דורך די דייטשן אַלס פּאַך־ארבעטער אין טראקטאָרן־זאוואד אין כארקאוו און אויפן וועג קיין כארקאוו זענען זיי אנטלאָפן אין די וועלדער. זיי דערציילן, אז פאר 10 טעג זענען זיי געווען אין ווארשא, אין וועלכער ס׳האָט זיך דאַמאָלס אָנגעהויבן גרויסע שלאכטן אין דער אידישער געטאָ. די יוגענט האָט זיך ארגאניזירט און שטאַרק געקעמפט. די דייטשן בענוצן זיך מיט אלע טיילן געווער. די געטאָ פלאַקערט פון אלע זייטן און די אונטער־ערדישע פּוילישע קרייזן העלפען די געטאָ־קעמפער. דורך די אידן זענען שוין געפאַלן אַ סך דייטשן: אוקראאינער און ליטווער. די אידן ווייסן, אז ס׳איז ביי זיי ניטאָ קיין האָפנונג צו מנצח זיין און הערן ניט אויף צו קעמפען. די ארומיקע פּארטיזאַנער האָבן מיט א איינגעהאלטענעם אטעם זיך צוגעהערט צו זיידל׳ס ווערטער.

— דער מכבי גייסט האָט אויפגעלעבט — האָט אויסגערופן באָריס גאָלדפאַרב, נאָר ניט וועגן נצחון קעמפען זיי נאָר אויף זייער פאָלקס כבוד.

— ס׳טוט מיר לייד וואָס וואַרשע איז אזוי ווייט און מיר קענען איר ניט העלפן כאָטש מיר פארמאגן איצט פיל געווער — רופט זיך אָפּ בעני. — אין יענער צייט האָבן מיר פאַרמאָגט געווער וועלכע מיר האָבן פארבאַהאַלטן אין דער ערד.

— צו אונזער ווייטיק קענען מיר דירעקט ניט העלפן—האָב איך זיי געענטפערט נאָר מיר דארפן אנהויבן א שטארקע אָפענסיווע, וועלכע זיי די דייטשן זאָלן אים פילן און אויסדריקן מיט דעם אונזער סאלידאריטעט מיט די געטאָ־קעמפער אין ווארשאָ און נעמען נקמה פאר די געפאַלענע אין די מלחמות.

מיר האָבן דערפאר בעשטימט אנגרייפן דעם דייטשן וואַך־באטאליאָן ביי אלעק־סאַנדראָווקע. דער באַטאַליאָן אין באשטאנען אומגעפער פון 200 מענער, גוט באַוואָפנטע וועלכע האָבן פערנומען דעם צענטער פון דאָרף. די הייזער וועלכע זיי האָבן באזעסן זענען געווען ארומגערינגלט מיט אַ פעסטן, דיקן מויער און צווישן זיי איז געווען פעסטע, דיקע באלקנס אָנגעפילט מיט ערד. אין די 4 עקן פון דאָרף זענען געשטאַנען הילצערנע טורעמס און ס׳האָט אויף זיי געוואַכט, טאָג און נאַכט, באוואפענטע זעלנער מיט שווערע שיס־געווער און גרייט שטענדיק צו באַווארפן מיט פייער אלע, וועלכע ווען זיך צו זיי דערנעענטערן.

צו דער צייטווייליקער פעסטונג איז געווען אַ טויער און ביי אים א דייטשע מיליטער־וואַך מיט האַנט־געווער. מיר האָבן דאָך בעשטימט עפענען די אָפענסיווע דעם 30 אפּריל.

פינף נאָך מיטאָג זענען מיר ארויס, 70 באוואפענטע פּארטיזאַנער מיט א פּאלעמיאָט, 2 קליינע הארמאטן און גענוג האנט גראנאטן. מיר האבן פאר זיך געמאכט אַ באהאלטעניש צווישן די בוימער און גראָזן, ווייל דער גאנצער דאָרף איז געווען ארומגערינגעלט מיט פיל סאָסנע בוימער, און מיר האָבן ניט דערוועקט קיין חשד.

אין וועג איז דורכגעפאָרן אַ פויערשער וואָגן איינגעשפּאנט צו אַ דארער קליאַטשע און אנגעפילט מיט זעק. דער פּארטיזאן משה מילער, וועלכן מ׳האָט גערופן „פּאָפּאָוו" צוליב זיין לאַנגער באָרד, וועלכע האָט אים ענלעך געמאַכט צו אַן אוקראאינישן־פּאָפּ. דאָס פערד האָט פּאַמעלאַך געצויגן דעם פולן וואָגן, וועלכער האָט זיך לאנגווייליק דערנע־ענטערט צו דער וואַך. פּאָפּאָוו האָט גוט געקענט אוקראאיניש און איז געווען בקי אין אלע

אוקראַינישע מנהגים און האָט אויסגעזען ווי א גוטער אוקראַינער. נאָענט צום דאָרף האָט ער באהאלטן זיין היטל צווישן די זעק, ארומגעוויקעלט די ווישקעס ארום דער האנט און זיך אויסגעשפרייט ווי א שיכור׳ער פויער וועלכן האָט פערכאפּט א דרימל. דערווייל האָט זיך דער וואָגן דערנעענטערט עטלאכע מעטער ווייט פון מיליטערישן טויער. פּאָפּאָוו מאַכט זיך תמ׳עוואַטע, ווייזט אויף זיין געגאָלטן קאָפּ און שרייט אויף אוקראַיניש, אַז ער האָט פארלאָרן דאָס היטל, שטעלט זיך אָפּ און כאַפּט דערווייל זוכן צווישן די זעק. פון אויבערשטן זאק נעמט ער ארויס א גרינעם קנויט וואָס אויף זיין עק איז אַן אייזענער האטשיק, פון צווייטן עק איז דער דעטאָנאַטער באהעפט צו אַ אנגעלאָדענער מינע אונטערן וואַגן. אויף דער מינע איז געלעגן א זאַק מיט אויפרייס־מאַטריאַל. פּאָפּאָוו מאַכט זיך זוכענדיק די פאָדערשטע ראד און אין אמינוט קניפּט ער אָן דעם האטשיק צו דער ראד. און לאָזט זיך רואיק אראָפּ די ווישקעס אויף דעם פערד און קערט זיך אום צוריק אויף דעם וועג אין וועלכן ער איז געקומען, וואַרפט זיך כלומרשט אויף דער ערד און זוכט דאָס פארלאָרענע היטל. פּאָפּאָוו דערווייטערט זיך ניט קוקענדיק צוריק.

דער אויפרייס וועט אויסברעכן ווען די ראָד צו וועלכן ס׳איז צוגעבונדען דער אויפרייס מאַטעריאַל וועט זיך א רוק טון און דער קנויט וועט זיך אויסציען און ארויסטאָן דעם אייזן, וועלכער איז אריינגעזעצט אין דער מינע.

עטלאכע סעקונדן נאָך פּאָפּאָווס אומקערן האָט זיך דערהערט אַ שרעקלאכער אויפרייס. אונזער ווערכטער, וועלכער איז געשטאַנען אויף א הויכער סאסנע האָט צו וויסן געגעבן, אז פון די מיליטערישע פּאָזיציעס שטייגן גרויסע פלאמען און געדיכטער רויך. נאָכדעם האָבן מיר דערהערט קלאָנגען פון געווער אויפרייסען פון די מיליטערישע סקלאדן וואָס ארום און נאכהער אויך לאנגע שיסערייען פון ביקסען.

איך האָב צעטיילט די פארטיזאנער אויף 2 גרופּען. אין שפּיץ פון איינעם איז געווען מיין זון און אין 2־טען — איך. דעם זון האב איך באפוילן אריינגיין אין דאָרף פון דער אַנדערער זייט און איבער׳רייסן די טעלעפאָנען און טעלעגראַף דראָטן. ביידע גרופּן זענען איינצייטיק געקומען צום מיליטערישן באשטאנד. די אפענסיווע איז געווען אזוי אומער־וואַרטעט אז די דייטשן, וועלכע זענען געווען פארנומען אין לעשן דאָס פייער האָבן נישט באוויזן זיך נעמען צום געווער, פריער האָבן מיר זיך געהיט ביים שיסן, כדי ניט צו טרעפן אין די אוקראַינער, וועלכע האָבן דערלאַנגט וואַסער צום לעשן די שריפה. נאָך די ערשטע שיסערייען האָבן די אוקראַינער פערלאָזן די עמער און זיך צעלאָפען.

מיר האָבן אנגעהויבן צו ליקווידירן דעם באטאַליאָן. מיין זון לונקע — ווי די פארטיזאַנער האבן אים גערופען. איז אריין אין דער שפּיץ פון זיין אטריאד דורכן טויער, וועלכע זיי האָבן מיט דינאמיט אויפגעריסן און די דייטשן זענען אין שרעק אנטלאָפן, פאלענדיק אין זייער לויפעריי. עטלעכע פון זיי, וועלכע האָבן מורא געהאט אריינפאלן אין די הענט פון די פארטיזאַנער האָבן זיך אין פייער געוואָרפן. ס׳האָט ניט לאנג געדויערט און דער גאנצער הויף איז פול געוואָרן מיט געטויטע און שטארק פארוואונדעטע היט־לעריסטן. אלע בנינים ארום האבן געברענט אויסער דער אָפיצערן־קלוב און לעזע זאַל אין 2־טען עק פון הויף און די דייטשן האָבן זיך דאָרטן באפעסטיקט און געשאָסן פון די פענסטער.

לונקע יאָגט זיך נאָך די אַנטלאָפענע דייטשן און איך האָב מיט מיין אטריאד אָנגעגריפן דעם קלוב, נאָר מיר האָבן געמוזט אָפּטרעטן פאר די גרויסע שיסערייען. איך האָב געפּראָוווט נאָכאַמאָל אנגרייפן און דאָסמאָל אויך ניט באגליקט. אין דעם צווייטן אנגרייף זענען

פּרעוואונדעט געוואָרן 3 חברים. מיר האָבן אָפּגעטראָטן אין הויף אריין אין וועלכן זיינען געשטאנען 2־לאַסט אויטאָס מיר האָבן זיך אונטער זיי פארבעהאַלטן און געמאַכט א קליינע באראטונג.

— איך וועל צולויפן און אריינוואָרפן דורך די פענסטער עטלעכע גראַנאַטען — האָט געזאָגט סאשא.

אין דער מינוט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אונז אַ מאַסע שיסערייען און סאַשאַ איז אנידערגעפאַלן אין מיטן הויף. נאַכער האָבן אויפגעריסן האַנט גראַנאַטן, איינער נאָכן צווייטן. די געשרייען פון די דייטשן האָט געריסן די לופט. מיר זענען געלאָפן אין קלוב און מיר האָבן זיך געפונען צווישן די דייטשן וועלכע האבן געציטערט פון שרעק. ביז דאמאָלט האָב איך ניט געזען מיינע פארטיזאנער אזוי בעגייסטערט. ווי דארשטיקע וועלף האָבן זיי זיך געוואָרפן אויף די דייטשן, מיט האַס געשרייען: נקמה, נקמה! מיר האָבן צעשמעטערט דעם אָפיצערן קלוב, פארברענט אלע ביכער און צייטונגען אין לעזע־זאַל. די גאנצע געביידע האָט ארומגעכאפּט פלאַמען פון אלע זייטן. ווען מיר זענען ארויס פון קלוב האבן מיר געזען ווי די פארטיזאנען לייגן זעק מיט צוקער און מעל אויף אגרויסן דייטשן־וואָגן, אין וועלכע זיי האָבן איינגעשפאנט 2 בעלגישע פערד.

מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך 2 געהרגעטע חברים, און 5 גרינג פערוואונדעטע, צווישן זיי סאשע וועלכער איז געווען פערוואונדעט אין זיינעביידע פוס און זיך אומגע־קערט אין וואלד, מיטנעמענדיק דעם דאָרף סטאַראַסטע, וועלכער איז געווען באוואוסט מיט זיין חנופה צו די דייטשן, איבערלאָזנדיק זיין פרוי א בריוו דעם קאָמאַנדיר פאן העלמאן, אין וועלכע ס׳איז געווען געזאָגט: דאָס גאַנצע אידישע פאָלק האָט היטלער ניט דערגרייכט צו פערטיליקן — אבער מיר האָבן פערטיליקט דיין גאנצן באטאליאָן ביי אלעקסאנדראווקע״. און זיך אונטערגעשריבן: דער קאָמאנדיר פון דער אידישער פארטיזאנער גרופּע — דיאדיא מישא.

(יידיש: ע. א.)



א בית יתומים אין זוויהיל 1920
אחד מבתי היתומים בזוויהיל



אגרופע יתומים און פערסאָנאַל אין ראָוונע, 1920
קבוצת יתומים והפרסונל ברובנה

# דאקומענטן און בילדער

ב. ארשאַווסקי

## זוהיל מיט 100 יאר צוריק

(קאָראַספּאָנדענץ אין דער רוסיש־יידישער צייטונג „ראַזסוויעט".)

נאָוואָגראָדוואָלינסק, אויגוסט 1860

אין וואָלין, ווי אויך אין גרעסטן טייל פון די איבעריקע מערב־גובערניעס, זיינען די הערשנדע נאַציעס ווי באַוווסט, די פּאָליאַקן און די יידישע באַפעלקערונג. זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט אין זייער צוזאַמענלעבן, ווייל טראָץ דעם עקסטרעמן קעגנזאַץ צווישן זיך, האָבן זיי זיך ניט געקענט באַגיין איינער אָן דעם צווייטן.

ס'איז וויכטיק אונטערשטרייכן, אַז די לאַנג הערשיטנדע מיינונג וועגן די יידן אין די מערב גובערניעס, אַז זיי פאַרנעמען זיך מערסטנטייל מיט פאַרמיטלעריי און טוען ניט קיין פּראָדוקטיווע אַרבעט, איז ניט קיין ריכטיקע. וואָס פאַר אַ גרעסערע שאַפונגס־אַרבעט קען מען פאָדערן פון די שיכטן, וועלכע פירן דורך די פילזייטיקע דאָרף־און אינדוסטרי־ווירטשאַפטן אין די דערמאָנטע גובערניעס? זעלטן ווען טוט, אָדער קויפט, אַ באַזיצער אָדער פאַבריק־אייגנטימער עפּעס וויכטיקס אָן דער פארמיטלונג, אָדער אינציאַטיוו, פון זיין יידישן אַגענט; נאָכמער, אַלע הויזליכע און ווירטשאַפטליכע באַדערפענישן פירט ער אויס שטענדיק לויט דעם יידנס אנווייזונגען. ס'איז אלזא צו באַהויפּטן, אז די אַרבעט פון יידן נעמט דאָרט אַרום א זייער ברייטן קרייז פון האַנדל, פאַבריקאַציע און דאָרף־ווירטשאַפטן.

די פראַגע איז אָבער, וועלכער קרייז פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג אין וואָלין פארנעמט זיך נאָר מיט האנדל?

אום ענטפערן אַף דער פראגע דאַרפן מיר ווידער באַטאָנען, אז די הויפּט־טיילן פון דער באַפעלקערונג אין וואָלין זענען פּאָליאַקן און יידן. זעלטן באַגעגנסטו דאָ רוסען, דייטשן, אָדער אַנדערע. זיי זענען דאָ אַ מינדערהייט, אויסער אין דער גובערניע־שטאָט זשיטאָמיר און זיי באַשעפטיקן זיך ניט אין די וויכטיקע שאַפונגס געביטן. אויך די פּאָליאַקן באַשעפטיקן זיך ניט מיט זיי, ווייל זיי זענען ניט פעאיק אָנצופירן מיט גרויסע און אויך קליינע ווירטשאַפטן און האַנדלס־צווייגן.

וואָלין פאַרמאָגט רייכע אוצרות פאַר אינדוסטרי און האַנדלס צווייגן, פרוכטבארע אוצרות פון תבואה, באַזונדערס ווייץ וועלכע ווערט עקספּאָרטירט אין גרויסע מאָסן קיין אויסלאַנד, ס'איז אויך דאָ ביי אַ 500 ספּירט־פאבריקן, וועלכע געברויכן גרויסע קוואַנטומס פון גערשטן און שאַפן אַרבעט און פאַרדינסטן פאַר די וועלכע פאַרנעמן זיך מיט דער בראַנזשע; די ברייט פאנאנדערגעוואָקסענע וועלדער אין דער רייכער וואָלין שאפט א גרויסן האַנדלס־פארקער ניט נאָר אינערליך אין דער גובערניע נאָר אויך, און הויפּטזעכליק, פאַרן

אויסערן האַנדל, צום ביישפּיל דאָס טראַנספּאָרטירן פון בוי מאַטעריאַלן, באַזונדערס פאַר דער שיפס־בויערײַ.

פון די וואלד אינדוסטריעלע צווייגן איז ווערט צו דערמאָנען די אויסארבעטונג פון סמאלע, וועלכע ווערט עקספּאָרטירט קיין אויסלאַנד און דינט אַלס פּרנסה־קוואַל פאַר אַסך בירגער. ס'איז אויך צו באַצייכענען דעם האַנדל מיט זאַלץ, און באַזונדערס דעם גרויסן האַנדל מיט מאַנופאַקטור וואָס נעמט אַרום אַסך הענדלער, וועלכע שטייגן אַריבער אין זייער צאָל אַנדערע שיכטן פון דער באַפעלקערונג.

ס'איז אויך צו צוגעבן די קרייזן וועלכע האַלטן די פּאָסט־סטאַציעס, אַסך קרעטשמעס און נאַכט־לעגער־הייזער; די פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר די צינז־הכנסות פון א רייע געזעל־שאַפטן, גרויסע ערד באַזיצער וועלכע פערפּאַכטן און מאָנען אויף פון די פיל צוקער־און בראָנפן־פאַבריקן, וועלכע זיי האָבן אויפגעבויט און אנגעפירט — און איר וועט אויף געוויס מיט אונז איינשטימען, אז די יידן אין אונזער וואלינער געגנט פילן אויס פילזייטיקע ווירטשאפטליכע פונקציעס — און ווער זענען דאָס די שיכטן, אויסער די יידן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט האַנדל? ווער זענען די הויפט באַוועגער פון אַלע גרויסע אוצרות אין דער רייכער געגנט, מיט אַלע ארומיקע וויכטיקע באַשעפטיקונגן — אויב ניט די יידן?

# היסטארישע באשרייבונג פון יתומים הויז נומער 4 *)

**(געגרינדעט דעם 10 מאי 1920 — אין זוהיל)**

נאך לאנגע איבערלעבונגען פון שרפות און פאגראָמען האָבן אויף די גאסן פון זוהיל ארומגעבלאָנזשעט אַ סך קינדער: יתומים, וועמענס עלטערן זיינען אָדער געשטאָרבן פון טיפוס, אדער געהרגעט געוואָרן. די יתומים האָבן געליטן הונגער, נויט און קעלט. ארומגע־גאנגען אָפּגעריסן און כמעט נאַקעט. זייערע קערפּערס זיינען געווען מיט וואונדן פון אומריינקייט. פון אזא ארט לעבן זיינען א סך אויסגעשטאָרבן. מיט דעם אריינטרעטן פון די פּאָליאקן אין שטאָט, איז דורך דער אמעריקאנער מיסיע אויפגעעפנט געוואָרן עטלעכע יתומים הייזער און די לאגע איז פארבעסערט געוואָרן. דאָך ניט אינגאנצן. די ערשטע הילף האָבן באקומען נאָר די אינגערע קינדער און ווייל אזעלכע זיינען געווען א גרויסע צאָל, האָט מען נישט געהאט די מעגליכקייט אלע צוצונעמען.

דאָס לעבן פון די קינדער אין עלטער פון 10 ביז 15 יאָר איז געבליבן ווי פריער אין גאָר נישט קיין געוואונשטער און אוממעגלאכער לאַגע. די ליידן פון די לעצטע זיינען גע־ווען אזוי שווער, אז גאנצע טעג פלעגן זיי זיין אין קאָמיטעט, בעטענדיק וואָסערע ס'איז הילף. מ'האָט אפילו ניט געקענט ווארטן, ביז מ'וועט באקומען די נויטיקע מיטלען. אזוי איז באַשלאָסען געוואָרן עפענען א בית יתומים אָן וועלכע ס'איז מיטלען. כדי די קינדער זאָלן ניט זיין געצוואונגען זיך וואלגערן אויפן פּאָל אנגעטון אין שמאטעס נישט ריינע. ביי דער מערהייט פון זיי איז געווען דאָס לייב, און קאפ אין וואונדן. ווי פריילאך האָבן מיך די קינדער באגריסט. איך וועל ניט פארלייקענען, אז ניט גרינג איז געווען די ערשטע צייט

*) אויסצוג פון די מאטעריאל־באריכטן צום „דזשאינט” — פון ארכיוו ביי דער „ייווא־אינסטיטוט” אין ניו־יורק.



יתומים הויז נומער 4 תר״פ—1920

בית היתומים מס׳ 4

די ארבעטן ביי אזעלכע באדינגונגען. דאָס יתומים הויז איז דאָך ניט געווען אוועק געשטעלט ווי עס דארף צוזיין. אין אנהויב זענען די קינדער געשלאָפן אויף דער ערד אן מאטראצן און צודעקן. אפט האָבן זיי זיך געקלאָגט, אז ס׳טוען זיי וויי דיביינער. ס׳איז מיר געבליבן נאָר זיי צוטרייסטן, אז ניט לאנג וועלן מיר אזוי ליידן. נאָר צו מיין גרויסן באדויערן איז עס ניט אזוי גיך פארווירקלאכט געוואָרן. נייע מיטלען האָבן מיר שוין ניט באקומען מחמת די פאליטישע איבערקערענישן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אוועקגיין פון די פאָליאקן. די גרעסטע און מער שווערע איבערלעבונגען זיינען געווען אין דער צייט, ווען די שטאָט איז עטלכע מאָל איבערגעגאנגען פון האַנט צו האַנט. אין דעם יתומים הויז זיינען קיין פראָדוקטן ניט געווען און ס׳איז אויסגעקומען צו ליידן הונגער. מער פיזיש־שוואכערע קינדער זיינען אפטמאָל געפאלן אין חלשות. דאָס האָט געדויערט א טאָג 10 ביז די ראטן־מאכט האָט זיך פעסט אוועקגעשטעלט. אין דער צייט האָבן מיר אנגעשטרענגט אלע אונזערע כוחות און אלערליי מיטלען אויסגענוצט, אז די קינדער זאָלן ניט שטארבן. אפטמאל זיינען מיר מיט די קינדער מיטגעגאנגען אין די נאָענטע דערפער קריגן וואָסערע ס׳איז פראָדוקטן, ווי א ביסל קארטאָפל, מעל, גרויפן און אנד. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט א היים האָבן מיר ניט געפונען קיין האלץ אויף אויפצוקאָכן דאָס עסן. זיינען מיר ווידער געגאנגען אין וואלד אריין און צוזאמען געקליבן טרוקענע צווייגלעך, פארוואָס די פויערים האָבן אונז אפט געמאַכט אונאנגענעמלכקייטן. אין דער צייט ווען די ראטן־מאכט האָט זיך אנגעהויבן איינארדענען, האָבן מיר באקומען פון זיי פראָדוקטן אָבער אין אקלענער מאָס. די קינדער האָבן שוין מער ניט געהונגערט, נאָר אָנטאָן זיי איז ניט געלונגען. אין דעם זין איז זייער לאגע ניט פארבעסערט געוואָרן און ווען מ׳האָט געמוזט וואַשן זייערע קליידער זיינען זיי געצוואונגען געוואָרן צו פארבלייבן נאקעט. אזוי האָבן מיר זיך געמוטשעט ביז ס׳האָט זיך אנגעהויבן דער אנגריף פון די פאָליאקן און זיי זיינען אריינגעטראָטן אין שטאָט. מיר האָבן דאַן באַקומען הילף פון ראָוונע. ניט לאנג אָבער האָט דאָס געדויערט. די פאָליאקן האָבן געמוזט אוועקגיין און געדענקענדיק די פריערדיקע לאגע און איבערלעבונגען האָבן מיר באשלאָסן זיך עוואקואירן, ניט רעכנדיק זיך מיט די

איבערלעבונגען וואָס זיינען פארבונדן מיט דעם. ס'איז שוין געווען קאלט און די קינדער האָבן ניט געהאַט קיין קליידער, ניט קיין שיך. דער איבערפּאָר פון זוהיל קיין ראָוונע איז ניט צובאשרייבן. צוליב סבות איז אויסגעקומען די קינדער צו פארבלייבן 2 טעג אונ־טערן פרייען הימל. ווען מיר זיינען שוין אנגעקומען קיין ראָוונע און ניט האָבענדיק קיין קוואַרטיר, האָבן מיר זיך באזעצט אין א בית מדרש און זיך געוואלגערט 10 טעג אויף א בלאָטיקער פּאָל. נאָך לאנגע זוכענישן איז צום סוף געלונגען צו קריגן א לאָקאל כאָטש זייער א קליינעם און ניט באקוועמען. די לאגע פון יתומים הויז איז דערמיט פארבעסערט געוואָרן.

אין איבעריקע פראגן, ווי ערנערונג, קליידער, זיינען די קינדער פארזאָרגט און זיין איצטיקע לאגע צוגלייכענדיק מיט דער פריערדיקער איז אזוי פארבעסערט אז די קינדער פילן זיך גליקלעך. דאָס יתומים־הויז באקומט זיין גאנצע הכנסה פון דעם צענטראַלן קאָ־מיטעט פון דער אמעריקאנער מיסיע. די מערהייט קינדער זיינען שוין דערוואַקסענע און זיי לערנען זיך ארבעטן אין אלערליי ווארשטאטן. גאנץ געוואונטשן און באקוועם וואָלט געווען, אז ס'וואָלט זיך געעפנט ביים יתומים הויז א ווארשטאט דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט סבות וועלכע האָט געצויגן מיך עוואַקואירן דאָס יתומים הויז. די מערהייט פון די קינדער זיינען זייער טאַלאַנטפולע און אויב ס'וועט פאר זיי געטאָן ווערן אויף דעם געביט, וועלן זיי קענען מיט דער צייט אליין זיך איינאָרדענען און זעלבסטשטענדיק לעבן.

2 מערץ 1921. פארוואלטערין פון יתומים הויז נומר 4.



די יתומים וועלכע זענען דורך ה' גערשמאַן געבראַכט געוואָרן אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע — 1923

היתומים שהובאו לטורונטו קנדה, ע"י מר גערשמאַן ב־1923